קאַרל מאַרקס



# אויסגעוועהלטע ווערק

אין פינף בענד,

# היסטאָרישע שריפטען

אונטער דער רעדאקציע און מיט איינלייטונגען
פון י. ב. סאלוצקי.

ארויסגעגעבען פון דער קארל מארקס ליטעראטור געזעלשאפט

נויאָרק, 1919.

## פאָרוואָרט צו דער אידישער אויסגאַבע פון די „היסטאָרישע שריפטען".

אין דעם פאָרליגענדען באַנד „היסטאָרישע שריפטען" — דעם צווייטען פון „די אויסגעוועהלטע ווערק" פון קארל מארקס אין פינף בענד — געהען אריין די פאָלגענדע דריי היסטאָרישע אר־בייטען: „די רעוואָלוציע און קאָנטר־רעוואָלוציע אָדער דייטשלאַנד אין 1848", „דער אכצעהנטער בריומער פון לואי באָנאַפּאַרט", און „דער בירגער־קריעג אין פראַנקרייך (1870—1871)".

די דריי ארבייטען אין דעם באַנד זיינען ווייט ניט אַלץ, וואָס מארקס האָט געשריבען וועגען די גרויסע סאָציאַל־פּאָליטישע געשעע־ענישען פון זיין צייט און וואָס וואָלט אויך איצט האָבען אַ גרויסען אינטערעס און ווערט. מיר האָבען אָבער אויסגעוועהלט די דריי און באַשרענקט זיך אויף זיי מחמת דעם בעזונדער גרויסען ווערט, וואָס די דריי ארבייטען האָבען עד היום, און דעם צייטמע־סיגען אינטערעס וואָס זיי רופען איצט ארויס אין פארבינדונג מיט די גרויסע פּאַסירונגען פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

די געשיכטע און די אויפקלערונג פון די פאַקטען און פון די טרייב־קרעפטען אין דער גרויסער אייראָפּעאישער רעוואָלוציאָנע־רער אויפרודערונג פון די 48ער יאָהרען פון דעם לעצטען יאהרהונ־דערט, און די געשיכטע פון דעם קאַמף פאַר און ארום דער פּאַריזער קאָמונע פון 1871 האָבען היינט פיעל מעהר ווי אַ ריין־אַקאַדעמישען אָדער היסטאָרישען אינטערעס. ס'איז אפשר קיינמאָל ניט געווען אזוי דרינגענד נויטיג צו שטודירען די פארגאַנגענהייט, ווי איצטער. אמת, די געשיכטע ווידערהאָלט זיך ניט, מיינט מארקס, און לאָזט זי זיך אריין אין ווידערהאָלונגען, ענדיגט זי נאָר דערמיט, וואָס זי שאַפט אַ קאַריקאַטורע אויף זיך אליין. „די סאָציאַלע רעוואָלוציע פון דעם 19טען יאהרהונדערט", זאָגט מארקס אין דעם 'אכצעהנ־טען בריומער': „קאָן ניט שעפּען איהר פּאָעזיע פון דער פארגאַנ־גענהייט, נאָר בלויז פון דער צוקונפט. זי קאָן ניט אָנגעהן מיט

איהר אַרבייט כל זמן זי האָט ניט אויסגעשטראָכען אַלע אַבערגלויבענס פון דער פאַרגאַנגענהייט." און די רעוואָלוציאָנערע ענטוויקלונג פון דעם 20טען יאהרהונדערט האָט טאַקי איהרע אויגען דורכאויס געריכטעט צו דער צוקונפט. אָבער זי וויל אויף איין רגע ניט פארגעסען, אז זי מוז שטעהן מיטביידע פיס אויף דעם באָדען פון דער ווירקליכקייט, אויב זי וויל ניט איבערהויפּט פארלירען דעם באָדען. און די ווירקליכקייט איז ניט קיין פרייער ווינט אין פרייען פעלד: זי איז געבונדען פון אומשטענדען פון אָרט און צייט, דער היינט איז איהר מוטער, איהר פאָטער איז—דער נעכטען.

אין „רעוואָלוציע און קאָנטר־רעוואָלוציע", „אכצעהנטער ברומער" און „בירגער־קריעג אין פראַנקרייך" גיט אונז מארקס דעם נויטיגען — טיעף־איינדרינגעדען און אַלץ־דערקלערענדען — איינבליק אין דעם רעוואָלוציאָנערען „אמאָל". ער דער׳הרג׳עט אומברחמנות׳דיג „די אַבערגלויבענס פון דער פאַרגאַנגענהייט" און באַוואפענט דעם לעזער מיט גייסטיגער אמוניציע, ער זאָל קאָנען „באַגרייפען און דערזעהן" דעם גרויסען אמת פאַר דער רעוואָלוציע פון דער צוקונפט, וואָס עס טראָגט פארבאָרגען אין איהרע פאַלבען די נידערלאַגע פון דער רעוואָלוציע אין דער פאַרגאַנגענהייט.

די „היסטאָרישע שריפטען" האָבען, א־חוץ זייער ריין־היסטאָרישען ווערט, אויך דעם ווערט פון אַזוי צו זאָגען אַן ענציקלאָפּעדיע פון מארקסיסטישער טאַקטיק. מארקס איז ניט נאָר געוועזען א געלעהרטער, ער איז אויך געוועזען א פיהרער, און קודם כל דער סטראַטעגיקער פון דער רעוואָלוציע, אין אַלע איהרע פאָרמען און אויסדרוקען. און אין די „היסטאָרישע שריפטען" ערשיינט מארקס אַלס רעוואָלוציאָנערער פיהרער אַזוי קלאָר און אויסגעשפּראָכען, ווי אין קיין אַנדער באַזונדער אַרבייט זיינער. די „שריפטען" גיבען אונז די רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, ווי מארקס האָט זי פארשטאַנען.

מארקס׳עס „היסטאָרישע שריפטען" האָבען א פילאָזאָפיש־היסטאָרישען ווערט. אין זיי האָט מארקס מיט קלאַסישער קלאָרקייט און אויסגעהאַלטענקייט אָנגעווענדט זיין מאַטעריאַליסטיש־דיאַלעקטישען פאָרשונגס־מעטאָד אויף דער אויפקלערונג פון געשיכטליכע פּאַסירונגען פון ערשטער גרויס און העכסט־פּראָוויקעל־

טע. מארקס איז ניט יוצא מיט דערצעהלען די פאקטען און ערקלע־
רען די געשעהענישען אלס רעזולטאט פון צופאל אָדער קאפריז אין
דעם אָדער יענעם גרויסען מענשען'ס טעטיגקייט, ווי דאָס פלעגען
טאָן די פראָפעסיאָנעלע היסטאָריקער פון זיין צייט און ווי פיעלע
טוען עס נאָך עד היום. כדי צו ערקלערען דעם געווינס פון דער
רעוואָלוציע אָדער איהר דורכפאל, געהט מארקס ארונטער אין דעם
הינטערגרונט פון דער לויפענדער ווירקליכקייט, ער קלייבט זיך פאר־
נאנדער אין די סאָציאל־עקאָנאָמישע כחות פון דעם היינט און פון
דעם נעכטען, אין דעם פארוויקעלטען קאמף פון קלאסען און אינ־
טערעסען און אמביציעס, און ערשט דאן פאסט ער זיין אורטייל.
דעם שטאנדפונקט ברייננגט מארקס ארויס אין דעם ערשטען קאפי־
טעל פון זיין „רעוואָלוציע און קאָנטר־רעוואָלוציע":
„עס איז לאנג פארביי די צייט פון דעם אבערגלויבען,
„וואָס האָט ערקלערט רעוואָלוציעס דורך דעם בייזען ווילען
„פון עטליכע אגיטאטאָרען. היינט ווייסען אלע, אז הינטער
„יעדער רעוואָלוציאָנערער ערשיטערונג איז פאראן א געזעל־
„שאפטליכע נויט, און אָפּגעלעבטע אינסטיטוציעס שטערען
„דער באפרידיגונג פון דער נויט."
ניט נאָר אין 1852, נאָר אפילו היינט, מיט 66 יאָהר שפּעטער,
ווייסען נאָך ווייט ניט „אלע" דעם אמת פון מארקס'עס געשיכטס־
אויפפאסונג. און גראָד ווייסען עס ניט, אָדער מאכען זיך ניט ווי־
סענדיג די מענשען, וואָס וואָלטען יע באדארפט וויסען. אויב אָבער
אין מאנכע וויסענשאפטס־קרייזען און צווישען די „סלופּעס פון דער
געזעלשאפט" איז ניט זעלטען צו בעגעגענען דעם „אבערגלויבען,
וואָס ערקלערט רעוואָלוציעס דורך דעם בייזען ווילען פון עטליכע
אגיטאטאָרען", זיינען היינט, מיט 66 יאָהר שפּעטער, פאראן מי־
ליאָנען מענשען אין דעם קלאס, פאר וועמען מארקס האָט אוועק־
געגעבען זיין לעבען, וואָס ווייסען, „אז הינטער יעדער רעוואָלוציאָ־
נערער ערשיטערונג איז פאראן א געזעלשאפטליכע נויט וועמעס
באפרידיגונג די אָפּגעלעבטע אינסטיטוציעס שטערען". און די
מיליאָנען מענשען, וועלכע האָבען אין דער ערשטער שורה פּראָפּי־
טירט פון מארקס'עס געשיכטס־אויפפאסונג, ווייסען, אז
„די נויט, קען זיין, לאָזט זיך ניט פיהלען גענוג שטארק און

„אומעטום צו קריגען אַ זיכערע און באַלדיגע באַפרידיגונג;
„אָבער יעדער פּאַרזוך זי צו אונטערדריקען אויף אַ געוואַלט־
„זאַמען אופן ברענגט אַרויס די שטרעבונג צו באַפרידיגונג
„אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, ביז עס פּלאַצען אַוועק די צאַ־
„מען, וואָס שטעהען איהר אין וועג. און דעריבער, אויב מיר
„זיינען געשלאָגען, בלייבט אונז איבער נאָר איין זאַך צו טאָן:
„צו אָנהויבען ווידער פון דאָס ניי."

אין די „היסטאָרישע שריפטען" איז ענג צונויפגעבונדען מאַרקס דער געשיכטס־פילאָסאָף מיט מאַרקס דעם רעוואָלוציאָנער, ווארום ביי מאַרקס'ן איז די וויסענשאַפט געווען אַ וועלטען־באַוועגענדע, אַ רעוואָלוציאָנערע קראַפט, און די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איז ניט קיין שפּיעל אין דער בלינד, נאָר אַ וויסענשאַפטליך־באַגרינדעטער מאָמענט אין דער געשיכטליכער ענטוויקלונג.

מאַרקס'עס טיעפער איינבליק אין דער צוקונפט, וועלכען ער ווייזט אַרויס אַזוי אָפט אין זיינע היסטאָריש־פּאָליטישע ווערק, איז געווען אַ רעזולטאַט פון זיין גרינדליכער באַקאַנטשאַפט מיט די געזעצען פון דעם היסטאָרישען ענטוויקלונגס־פּראָצעס. אין דעם פּרט איז כאַראַקטעריסטיש דער פאָלגענדער קליינער צופאַל. מאַרקס פאַרענדיגט דעם „אכצעהנטען ברוימער" מיט דער פראַזע: „ווען דער קייזער־מאַנטעל וועט ענדליך פאַלען אויף די פּלייצעס פון לואי באָנאַפּאַרט, וועט די אייזערנע סטאַטוע פון נאַפּאָלעאָן דעם 1טען אַרונטערפאַלען פון דעם הויכען וואַנדאָם־זייל". די נבואה איז ווערטערליך מקוים געוואָרען אין צייט פון דער פּאַריזער קאָמונע אין 1871, און דער קאָנסערוואַטיווער דייטשער שריפט־שטעלער רודאָלף מעיער באַמערקט וועגען דעם צופאַל: „מיין גאָט, עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם, ווען דו לייענסט, וואָס מאַרקס האָט געשריבען אין 1852 און וואָס איז ווערטערליך צושטאַנד געקומען אין 1870-1871! איך בין ניט קיין אנהענגער פון הערן מאַרקס, אָבער איך באַוואונדער אויפריכטיג דעם זשעני, דעם פלייס און זיין טרייהייט צו זיינע איבערצייגונגען, וואָס גיט אַזוי זעלטען. זאָל גאָט געבען דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי אַזעלכע מענער!"

י. ב. ס.

# אינהאלט:


זייט

פאָרוואָרט צו דער אידישער אויסגאַבע פון די „היסטאָרישע שריפטען“ — — — — — — — — — — — — — — — — 3

וועגען דער איבערזעצונג און איינלייטונג — — — — — — — — 6

פאָרוואָרט צו דער „רעוואָלוציע און קאָנטער־רעוואָלוציע“ — — 8

די רעוואָלוציע און קאָנטער־רעוואָלוציע אָדער דייטשלאַנד אין 1848 — — — — — — — — — — — — — — 11—157

פאָרוואָרט צו דעם „אַכצעהנטען ברומער“ — — — — — — — 3

דער אַכצעהנטער ברומער פון לואי באָנאַפּאַרט — — — — — 7—159

פאָרוואָרט צו דעם „בירגער־קריעג אין פראַנקרייך“ — — — — — 3

דע בירגער־קריעג אין פראַנקרייך (1870—1871) — — — — — — 9—76

עקלערונג פון היסטאָרישע נעמען און אויסדרוקען — — — — — 77

## וועגען דער איבערזעצונג און אויסלעגונג.

די איבערזעצונגען אין דעם באנד זיינען געמאכט פון ה' י. קיסין („די רעוואָלוציע און קאָנטר־רעוואָלוציע") און ה' י. לעווין („דער אכצעהנטער בריומער" און „דער בירגער־קריעג אין פראנק־רייך").ביידע איבערזעצער האָבען איבערזעצט פון דער שפּראַך, אין וועלכער מארקס האָט געשריבען: די ערשטע ארבייט פון ענג־ליש, די אנדערע צוויי — פון דייטש. דער גרעסטער טייל פון דעם מאַטעריאַל איז שוין געווען איבערזעצט און אויפגעזעצט בעת עס האָט זיך געגרינדעט די „אידישע אָרטאָגראַפּישע קאָמיסיע" אין נויאָרק און האָט אָנגענומען נייע כללים וועגען אויסלעגען, און די מעהרסטע רעדאַקציעס האָבען די כללים אנערקענט. אין דעם טייל פון דעם באנד, וואָס איז געזעצט געוואָרען שפּעטער, זיינען די כללים אָפּגעהיט געוואָרען, אָבער ווידער־אויפזעצען דאָס פארטיגע איז גע־ווען אוממעגליך. דערמיט ערקלערט זיך, וואָס די אויסלעגונג איז אין דעם באנד ניט אומעטום איינהייטליך.

**די רעדאַקציע.**

# פאָרוואָרט

„די רעוואָלוציע און קאָנטער־רעוואָלוציע אָדער דייטשלאַנד אין 1848“ איז אַ סעריע אַרטיקלען־קאָרעספּאָנדענצען, וואָס מאַרקס האָט געשריבען אין לויף פון 1851־1852 פאַר דער באַקאַנטער נויאָרקער טעגליכער ציי־טונג, די „טריביון“. מאַרקס האָט דאַמאָלס געוואוינט אין לאָנדאָן, ענג־לאַנד, און די קאָרעספּאָנדענטישע טעטיגקייט איז יאָהרען־לאַנג געווען דער איינציגער קוואַל, פון וועלכען ער האָט געצויגען די מעהר ווי באַ־שרייגקטע עקזיסטענץ־מיטלען פאַר איהם און זיין פאַמיליע, נאָכדעם ווי ער איז געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזען זיין פאטערלאַנד און ווע־רען אַן אייביגער עמיגראַנט. זעהר פיעלע פון די קאָרעספּאָנדענצען, וואָס מאַרקס האָט געשריבען פאַר דער „טריביון“, זיינען שפּע־טער ערשינען אין פּאַמפלעט־ אָדער בוך־פאָרמע. אַזוי זיינען געזאַמעלט אין אַ גרויסען באַנד פון ביינאַה 600 זייטען, אונטער דעם נאָמען „דהי איסטערן קוועסטשען“, די מעהרסטע קאָרעספּאָנדענצען און לייט־אַרטיק־לען, וואָס מאַרקס האָט געשריבען וועגען דער מזרח־פראַגע.

די קאָרעספּאָנדענצען, וואָס שטעלען צונויף די „רעוואָלוציע און קאָנטער־רעוואָלוציע“ זיינען פון די ערשטע, וואָס מאַרקס האָט געשריבען פאַר דער „טריביון“. מאַרקס'עס נאָמען איז דאַמאָלס געווען גאַנץ ווע־ניג באַקאַנט אין דער וועלט. בלויז געצעהלטע מענשען האָבען געקענט דעם יונגען רעוואָלוציאָנער און פּובליציסט. זיין „קאָמוניסטישען מאַ־ניפעסט“, וואָס איז ערשינען מיט 4 יאָהר צוריק, האָבען געלייענט אַ פּאָר מנינים מענשען. זיין „אָרעמקייט פון דער פילאָסאָפיע“ איז ניט אַוועק פיעל ווייטער. און די באַקאַנטשאַפט וואָס מאַרקס האָט זיך ערוואָר־בען אין דייטשלאַנד גופא, אַלס רעדאַקטאָר פון דער „רהיינישער (און שפּעטער — „נייער רהיינישער) צייטונג“, איז קוים אַריבער די גרע־ניצען פון דייטשלאַנד. זיינע קאָרעספּאָנדענצען האָבען דעריבער געמוזט זיך דורכשלאָגען זייער אייגענעם וועג, און דאָס האָבען זיי גלענצענד דערוויזען צו טאָן. דעם 12טען מערץ 1852, נאָך די ערשטע 10 בריף האָט טשאַרלז א. דאַנא, דער דאַמאָלסדיגער „פאַרוואַלטענדער רעדאַקטאָר“ פון דער „טריביון“ געשריבען צו מאַרקס'ן, וועמען ער האָט פּערזענליך ניט געקענט: „עס וועט אייך פיליייכט הנאה טאָן צו וויסען, אַז אייערע

בריף (וועגען דייטשלאַנד) ווערען געלעזען פון אַ באַדייטענדער צאָל מענשען מיט צופרידענהייט, און זיי ווערען אויך זעהר אָפט איבערגע־דרוקט." אין אַ רעדאַקציאָנעלער נאָטיץ, אין 1853, שרייבט די „טרי־ביון": „הערר מאַרקס האָט גאַנץ באַשטימטע אייגענע אַנזיכטען, מיט איינינגע פון וועלכע מיר זיינען וויט ניט איינשטימיג; אָבער די, וואָס לייענען ניט זיינע בריף, פאַרפעלען איינעם פון די העכסט־באַלעהרענדע קוואַלען פון אינפאָרמאַציע וועגען די גרויסע פראַגען פון דער איראָ־פעאישער פאָליטיק."

די „טריביון" איז צו יענער צייט געווען פונקט דער היפוך פון דעם, וואָס זי איז געוואָרען די לעצטע יאָהרען. איהר דאַמאלסדיגער „פאַרוואַלטענדער רעדאַקטאָר", טשאַרלס א. דאַנאַ, איז געווען איינער פון יענעם קרייז העכסט־פאָרטגעשריטענע אַמעריקאַנער אין די 60־יגער יאָהרען פונ'ם 19טען יאָהרהונדערט, וואָס האָבען אָנגעפיהרט דעם העלדישען קאַמף פאַר דער אָפּשאַפונג פון דער שקלאַפעריי פון די שוואַרצע, און האָבען געוואוסט אַז „די גרויסע איבלען, פון וועלכע עס ליידט אונזער געזעלשאַפט, זיינען סאָציאַלע און ניט בלויז פאָליטישע". דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער „טריביון" איז דאַמאלס געווען האָראַס גרילי, איינער פון די מערקווירדיגסטע און סימפּאַטישסטע אַמעריקאַנער פובליציסטען און כלל־טוער פון יענער עפּאָכע. מאַרקס פלעגט באַקומען פון דער „טריביון" איין פונט סטערלינג — קנאַפּע פינף דאָלאַר — פאַר יעדען אַרטיקעל אָדער קאָרעספּאָנדענץ.

עס איז אינטערעסאַנט צו וואַרפען אַ בליק אויף די באַדינגונגען פון מאַרקס'עס פּריוואַט־לעבען בעת ער האָט געשריבען די „רעוואָלוציע און קאָנטר־רעוואָלוציע" און אויך זיין „אַכצעהנטען ברומער" און זיין ערשטע גרויסע עקאָנאָמישע אַרבייט: „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטי־שער עקאָנאָמיע". אָט ווי מאַרקס'עס אינגערע טאָכטער עלעאָנאָר שילדערט יענע צייט:

מאַרקס, זיין פרוי, זייערע דריי קינדער (צוויי מיידלעך, איין אינגעל), און זייער לעבען־לאַנגע פריינדין העלען דעמוט, האָבען דאַ־מאלס געוואוינט אין צוויי צימערען אין דיען סטריט, סאָהאָ, געגענ־איבער דעם „ראָיאַל טי טעאַטער"... אין קורצען נאָך זייער באַזעצען זיך אין לאָנדאָן איז ביי דער מאַרקס־פּאָר געבאָרען געוואָרען אַ צווייטער זון, וועל־כער איז געשטאָרבען אין עלטער פון צוויי יאָהר. שפּעטער איז ביי זיי געבאָרען געוואָרען אַ דריטע מיידעלע, אָבער אויך די איז געשטאָרבען ווען אַ יאָהר אַלט. „דריי טאג", שרייבט מיין מוטער, אין איהר ביאָגראַפישען נאָטיץ־ביכעל, „האָט זיך דאָס אָרימע קינד געראַנגעלט מיט'ן טויט. זי האָט אַזוי געליטען... איהר קליין קערפּערל איז געלעגען אין הינ־טער־צימער. מיר אַלע (מיינע עלטערן, העלען דעמוט און די דריי על־טערע קינדער) זיינען אַוועק אין ערשטען צימער. ווען די נאַכט איז

געקומען האָבען מיר זיך געמאַכט אונזער נאַכטלעגער אויף דער פּאָדלאָגע, די דריי לעבעדיגע קינדערלעך זיינען געלעגען לעבען אונז. און מיר האָבען געוויינט איבער דעם קליינעם מלאך'ל, וואָס האָט גערוהט ניט ווייט פון אונז, קאַלט און טויט. דער טויט פון אונזער קליין טייער קינד איז געקומען אין דער צייט, ווען מיר האָבען געליטען די ביטער־סטע אָרעמקייט. אונזערע פריינד אין דייטשלאַנד האָבען גאָרניט געקאָנט טאָן פאַר אונז. ענגעלס, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרזוכט, אָהן ערפאָלג, צו קריגען ליטעראַרישע באַשעפטיגונג אין לאָנדאָן, האָט געמוזט אַוועק אַר־ביימען אַלס קלערק אונטער זעהר אומגינסטיגע באַדינגונגען, אין זיין פאָ־טער'ס געשעפט אין מאַנשעסטער. ערנסט דזשאָנס (דער רעדאַקטאָר פון דעם טשאַרטיסטישען „פּיפּעל'ס פּייפּער") פלעגט אונז דאַמאלס אָפט באַזוכען און האָט צוגעזאָגט צו העלפען, אָבער ער איז ניט געווען בכח וואָס צו טאָן... מיט אַ געבראָכענעם געמיט בין איך אַוועק צו אַ פראַנ־צויזישען פּאָליטישען עמיגראַנט, וואָס האָט געוואוינט ניט ווייט פון אונז און פלעגט אונז פון צייט צו צייט באַזוכען. איך האָב איהם דער־צעהלט וועגען דער מורא'דיגער נויט. ער האָט מיר אויפ'ן שטעל גע־געבען, מיט דער ליעבליכסטער פריינדליכקייט, צוויי פונט. מיט דעם האָבען מיר באַצאָלט פאַר דעם ארון, אין וועלכען דאָס אָרים קינד רוהט איצט אין פרידען. איך האָב פאַר איהר ניט געהאַט קיין וויגעלע, ווען זי איז געבאָרען געוואָרען, און ווען זי איז געשטאָרבען האָט זי געהאַט לאַנג צו וואַרטען אויף איהר לעצטען קליינעם רוה־פּלאַץ"...

אין דעם „זאַל" (פראָנט רום) אויף דיען סטריט, מיט די קינדער שפּיעלענדיג אַרום איהם, פלעגט מאַרקס אַרבייטען. מען פלעגט דערצעה־לען, ווי די קינדער פלעגען אָנשטעלען איינע איבער די אַנדערע די שטו־לען הינטער מאַרקס'ן, מאַכענדיג „אַ קאַרעטע", אין וועלכער זיי פלעגען איהם איינשפּאַנען, מעשה פערד, און טאַקע אויך „אונטערטרייבען מיט שמיץ", בעת ער פלעגט זיצען ביים דעסק און שרייבען.

מאַרקס אַליין האָט דעם 8טען סעפּטעמבער פון דעם זעלבען יאָהר (1852) געשריבען צו ענגעלס'ן:

„מיין פרוי איז קראַנק. ליבכען איז קראַנק: זי האָט פיי־בער. דעם דאָקטאָר רופען קאָן איך ניט; ניטאָ אויף רפואות. פאַר די לעצטע 8—10 טעג קאָרמע איך די פאַמיליע מיט קאַרטאָפעל, אָבער איך צווייפעל, צי עס וועט סטייען אויף ווייטער. און, פאַרשטעהט זיך, דאָס איז ווייט ניט קיין אידעאַלער מאכל ביים איצטיגען קלימאַט. דעם אַרטיקעל פאַר דאַנאַ'ן (אין דער „טריביון") ניט געשריבען. איך האָב ניט געהאַט קיין פעני צו געהן לייענען ציימונגען".

אונטער אַזעלכע באַדינגונגען האָט מאַרקס געאַרבייט אין שאַפען זיינע אומשטערבליכע ווערק.

י. ב. ס.

I

## דייטשלאַנד ערב דער רעוואָלוציאָן.

דער ערשטער אַקט פון דער רעוואָלוציאָנערער דראַמאַ אויף דעם אייראָפּעאישען קאָנטינענט האָט זיך געענדיגט. די מאַכט־האָבער פון פאַר דעם שטורמווינט פון 1848 זיינען צוריק אין מאַכט. און די מעהר אָדער וועניגער פּאָפּולערע הערשער אויף אַ ווײַלע, די צייטווײַליגע רעגיערער, טריאומווירען, דיקטאַטאָרען, מיט זייערע לאַנגע סוויטעס פון רעפּרעזענטאַנטען, ציווילע קאָמיסאַרען, מיליטערישע קאָמיסאַרען, פּאָליצעי־שעפען, ריכטער, גענעראַלען, אָפיצירען, סאָלדאַטען, — זיי אַלע זיינען אריבערגעוואָרפען געוואָרען אויף פרעמדע ברעגען, „טראַנספּאָרטירט איבער ימים“, אין ענגלאַנד אָדער אַמעריקאַ, אום דאָרט צונויפצושטעלען נייע רעגירונגען „אין לאַנד פון אונגלויבינגע“, אייראָפּעאישע קאָמיטעטען, צענטראַלע קאָמיטעטען, נאַציאָנאַלע קאָמיטעטען, און צו אַנאָנסירען זייער אויפקומען מיט פונקט אַזעלכע פייערליכע פּראָקלאַמאַציאָנען, ווי די וואָס מעהר ממשות'דיגע הערשער האָבען פּערעפּענטליכט.

אַ גרעסערע נידערלאַגע, ווי די, וואָס די קאָנטינענטאַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי — ריכטיגער, פּאַרטייען — האָבען געהאַט אויף אַלע פונקטען פון דער שלאַכטליניע איז אונמעגליך זיך פּאָרצושטעלען. און דאָך? האָט דען דער קאַמף פון די ענגלישע מיטעלע קלאַסען פאַר זייער פּאָליטישע און סאָציאַלע הערשאַפט נית גענומען גאַנצע אכט און פערציג יאָהר, און דער קאַמף פון די פראַנצויזישע מיטעלע קלאַסען — גאַנצע פערציג יאָהר? און איז דען זייער טריאומף ווען געווען נאָהנטער, ווי גראַד אין דעם מאָמענט, ווען די צוריק־אויפגעשטעלטע מאָנאַרכיע האָט זיך געפיהלט פעסטער ווי ווען עס איז? די צייטען פון דעם אבערגלויבען, וואָס שרייבט צו אַלע רעוואָלוציאָנען צו דעם בייזען ווילען פון עטליכע

אַגיטאַטאָרען, זיינען שוין לאַנג פאָראיבער. יעדער איינער ווייס איצט, אַז וואו נאָר אַ רעוואָלוציאָנערע אויפטרייסלונג קומט פאָר, מוז דאָרט זיין אַ סאָציאַלע נויט אין הינטערגרונד, און אָבגעלעב־טע אינסטיטוציאָנען, וואָס שטערען דער צופרידענשטעלונג פון דער נויט. עס איז מעגליך, אַז ניט אומעטום און ניט שטאַרק גענוג פיהלט מען די נויט, און דערפאַר איז ניט זיכער איהר באַלדיגע בע־פרידיגונג; אָבער יעדער פערזוך זי צו אונטערדריקען אויף אַ גע־וואַלטזאַמען וועג וועט זי אַרויטברענגען אַלץ שטאַרקער און שטאַר־קער, ביז זי וועט ענדליך צורייסען איהרע קייטען. און, אויב מיר זיינען געשלאָגען, בלייבט אונז איבער נאָר איינס צו טאָן, — ווי־דער אָנצוהויבען פון דאָס ניי. צום גליק, גיט אונז דער וואַהרשיינ־ליך זעהר קורצער אָברוה, וואָס מיר קריגען, צווישען דעם שלוס פון ערשטען אַקט און דעם אָנהויב פון צווייטען אַקט פון דער בע־וועגונג, צייט פאַר אַ זעהר נויטיגער שטיק אַרבייט. דאָס איז נעמ־ליך, צו שטודירען די אורזאַכען, וואָס האָבען מיטגעבראַכט דעם שפּעטען אויסברוך און דעם דורכפאַל פון דער בעוועגונג. די אור־זאַכען דאַרף מען ניט זוכען אין צופעליגע בעמיהונגען, טאַלאַנטען, פעהלערען, טעות׳ען אָדער פערראַט פון אייניגע פיהרער, נאָר אין דער אַלגעמיינער סאָציאַלער לאַגע און אין די לעבענס־בעדינגונגען פון יעדען איינעם פון די אויפגעטרייסעלטע פעלקער.

אַז די פּלוצלונגע בעוועגונגען פון פעברואַר און מערץ 1848 זיינען ניט געווען די אַרבייט פון איינצעלנע פערזאָנען, נאָר ספּאָנ־טאַנע, אונווידערשטעהליכע אויסדרוקען פון נאַציאָנאַלע נויטען און בעדערפנישען, וואָס צאָהלרייכע קלאַסען אין יעדען לאַנד האָבען בעגריפען, מעהר אָדער ווענִיגער קלאָהר, און אַלענפאַלס גאַנץ בע־שטימט געפיהלט, דאָס איז אַ פאַקט וואָס איז אומעטום אנערקענט. אָבער ווען איהר נעמט פאָרשען די אורזאַכען פון די קאָנטער־רעוואָ־לוציאָנערע ערפאָלגען, הערט איהר פון אַלע זייטען דעם פאַרטיגען ענטפער, אַז אָט דער הערר אָדער יענער בירגער האָט „פערראַטען“ דאָס פאָלק. אַזאַ ענטפער מעג זיך זיין ריכטיג צי ניט, לויט די אומשטענדען, אָבער אונטער קיינע אומשטענדען ערקלערט דאָס גאָרניט, ווייזט אַפילו ניט אָן, ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט, אַז „דאָס פאָלק“ האָט דערלאָזען, מען זאָל עס פערראַטען. און וואָס פאַר

קליינע שאַנסען האָט די פּאָליטישע פּאַרטיי, וועמעס גאַנצער פּאָלי־
טישער באַגאַזש בעשטעהט אין דעם איינציגען פּאַקט, וואָס זי וויים,
אַז בירגער דער־און־דער איז ניט פערטרויענסווערט.

די אויספאָרשונג און די אָרויסברענגונג פון די אורזאַכען, סיי
פון דער רעוואָלוציאָנערער אויפטרייסלונג, סיי פון דער אונטערדריי־
קונג פון דער אויפטרייסלונג, איז, חוץ אַלעם, פון העכסטער וויכ־
טיגקייט פון אַ היסטאָרישען שטאַנדפּונקט. אָט די אַלע קליינליכע,
פּערזענליכע שטרייטען און געגענזייטיגע בעשולדיגונגען, אָט די
אַלע ווידערשפּרעכליכע בעהויפּטונגען, אַז מאַראַסט אָדער לעדריו
ראָלען, אָדער לואי בלאַן, אָדער אַן אַנדער מיטגליעד פון דער פּראָ־
וויזאָרישער רעגירונג, אָדער זיי אַלע צוזאַמען האָבען דאָס געפיהרט
די רעוואָלוציאָן צווישען די פעלזען, וואו זי איז פאַרזונקען געוואָ־
רען,—קען עס דען אינטערעסירען, קען עס דען וואָס ערקלערען דעם
אַמעריקאַנער אָדער ענגלענדער, וואָס האָט בעאָבאַכט די אַלע פער־
שידענע בעוועגונגען פון צו וויים, צו קענען בעמערקען וועלכע ניט
איז איינצעלהייטען? קיין מענש, וואָס איז ביי זיין זינען, וועט
קיינמאָל ניט גלויבען, אַז עלף מענשען *), מעהרסטענס מיט גאַנץ
אונבעדייטענדע פעהיגקייטען צו טאָן גוטס אָדער שלעכטס, האָבען
אין דריי מאָנאַטען געקענט רואינירען אַ נאַציאָן פון זעקס און דריי־
סיג מיליאָן, סאַידען אָט די זעקס און דרייסיג מיליאָן האָבען פּונקט
אַזוי ווענינ געזעהן דעם וועג פאַר זיי, ווי די עלף. אָבער ווי אַזוי
עס איז געשעהן, אַז זעקס און דרייסיג מיליאָן זיינען פּלוצלונג גע־
צוואונגען געוואָרען אליין צו ענטשיידען, וועלכען וועג זיי זאָלען
געהן, כאָטש זיי האָבען טיילווייז געטאַפּט אין טונקעלען שיין, און
ווי אַזוי זיי האָבען דעם וועג אינגאַנצען פערלאָרען, און זייערע אַל־
טע פיהרער האָבען פאַר אַ ווילע ווידער געקראָגען זייער פיהרער־
שאַפט, — דאָס איז טאַקי די פראַגע.

ד'עריבער, אויב מיר וועלען דאָ פּרואווען אָנגעבען פאַר די לע־

---

*) די „עלף מענשען" זיינען געוועזן: דיופּאָן דעלעיר, לאַמאַרטין,
קרעמיע, אַראַגאָ, לעדריו ראָלען, גאַרניע־פּאַזשע, מאַראַסט, קלאַקאָן, לואי
בלאַן און אַלבער, — מיטגלידער פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג אין
פראַנקרייך אין דער פעברואַר רעוואָלוציאָן 1848.

זער פון דער „טריביון“ די אורזאַכען, וואָס האָבען געמוזט ארויס־
רופען די דייטשע רעוואָלוציאָן פון 1848, און וואָס האָבען פונקט
אזוי אונפערמיידליך געפיהרט צו דער באַלדיגער אונטערדריקונג
פון דער רעוואָלוציאָן אין 1849 און 1850, וועלען די לעזער פון
אונז ניט ערווארטען, מיר זאָלען געבען אַ פאָלשטענדיגע געשיכטע
פון די פאסירונגען, ווי זיי זיינען געשעהן אין יענעם לאַנד. שפּע־
טערע געשעהענישען און דער אורטייל פון די קומענדע דורות וועל־
לען ענטשיידען, וועלכער טייל פון דער כאַאָטישער מאסע פון די
שיינבאר צופעליגע, אָהן אַ צוזאמענהאַנג און ניט הארמאָנירענדע
פאַקטען, זאָל ווערען אַ טייל פון דער וועלטגעשיכטע. די צייט פאַר
אַזאַ אויפגאַבע איז נאָך ניט אָנגעקומען. מיר מוזען זיך בעשרענקען
אויף די גרענעצען פון דעם, וואָס איז מעגליך, און זיין צופרידען,
ווען מיר קענען אויפדעקען ראַציאָנאַלע אורזאַכען, בעגרינדעט אויף
אונבעשטרייטבאַרע פאַקטען, וואָס ערקלערען די הויפּט פאַסירונגען
און די הויפּט אומענדערונגען אין יענער בעוועגונג, און וואָס גיבען
אונז אַן אָנדייטונג אויף די ריכטונג, וואָס דער נעקסטער, אפשר
ניט זעהר ווייטער אויסברוך, וועט געבען דעם דייטשען פאָלק.

פריהער פון אַלץ, וואָס איז געוועזען דייטשלאַנד׳ס צושטאַנד,
ווען די רעוואָלוציאָן האָט אויסגעבראָכען?

די צוזאמענשטעלונג פון די פערשידענע קלאַסען פון פאָלק,
וואָס בעשאַפען דעם פונדאמענט פון יעדער פאָליטישער קערפּער־
שאַפט, איז אין דייטשלאַנד געוועזען קאָמפּליצירטער ווי אין אירגענד
וועלכען אַנדערען לאַנד. ווערהענד אין ענגלאַנד און פראַנקרייך
יאיז דער פעאָדאַליזם אינגאַנצען געוועזען פערניכטעט, אָדער ווע־
ניגסטענס רעדוצירט, ווי אין ענגלאַנד, צו איינינגע זעהר אונוויכטיגע
פארמען, דורך אַ מעכטיגען און רייכען מיטעלען קלאַס, וואָס איז
קאָנצענטרירט אין די גרויסע שטעדט און בעזונדערס אין דער
הויפּטשטאָדט, האָט דער פעאָדאַלער אַדעלשטאַנד אין דייטשלאַנד
אָנגעהאַלטען אַ גרויסען טייל פון זיינע אוראַלטע פּריווילעגיען.
דאָס פעאָדאַלע סיסטעם פון לאַנדבעזיץ האָט געהערשט כמעט אומע־
טום. די לאַנדבעזיצער האָבען נאָך אפילו אָנגעהאַלטען זייער יורים־
דיקציאָן איבער די בעוואוינער פון זייער לאַנד. ניט האָבענדיג
מעהר זייערע פּאָליטישע פּריווילעגיען, דאָס רעכט צו קאָנטראָלירען

די פּרינצען, האָבען זיי אָבער אָנגעהאַלטען כמעט זייער גאַנצע מיטעלאַלטערליכע הערשאַפט איבער דעם בויערטום פון זייערע ערד־גיטער און זיינען געוועזען פריי פון שטייערען. פעאָדאַליזם האָט גע־בליהט אין איינציגע פּראָווינצען מעהר ווי אין אַנדערע, אָבער אין ערגעץ, אויסער אויף דעם לינקען ברעג פון רהיין, איז ער ניט געווען אינגאַנצען פערניכטעט. אָט דער פעאָדאַלער אַדעלשטאַנד, וואָס איז דאַן געווען זעהר צאָהלרייך און טיילווייז זעהר רייך, איז אָפיציעל בעטראַכט געוואָרען פאַר דעם ערשטען שטאַנד אין לאַנד. ער האָט צוגעשטעלט די רעגירונגס בעאַמטע און כמעט אויסשליס־ליך די אָפיצירען פון דער אַרמיי.

די בורזשואַזיע פון דייטשלאַנד איז געווען ווייט ניט אַזוי רייך און קאָנצענטרירט ווי די בורזשואַזיע פון פראַנקרייך אָדער ענגלאַנד. די אַלטע אינדוסטריען פון דייטשלאַנד זיינען פערניכ־טעט געוואָרען דורך דער איינפיהרונג פון דאַמף און מחמת דער שנעל וואַקסענדער הערשאַפט פון די ענגלישע אינדוסטריען. די מאָ־דערנע אינדוסטריען, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרען אין געוויסע טיילען פון לאַנד אונטער דעם נאַפּאָלעאָנישען קאָנטינענטאַלען סיס־טעם *), האָבען ניט געקענט דעקען דעם פערלוסט פון די אַלטע אינ־דוסטריען און האָבען ניט געסטייעט צו בעשאַפען אַ גענוג שטאַרקען אינדוסטריעלען אינטערעס, וואָס זאָל אַרויסצווינגען זיינע בעדערפ־נישען אויף די רעגירונגען, וואָס קוקען שטענדיג מיט איי־פערזוכט אויף יעדען וואוקס פון מאַכט און רייכטום פון ניט אַדע־ליגע. אויב פראַנקרייך האָט זיעגרייך דורכגעפיהרט איהרע זיידען אינדוסטריען דורך פופציג יאָהר רעוואָלוציאָן און מלחמות, האָט אָבער דייטשלאַנד פאַר דערזעלבער צייט כמעט אינגאַנצען פער־לאָרען איהר אוראַלטע לייוועגד אינדוסטריע.

די אינדוסטריעלע דיסטריקטען זיינען אויסערדעם געווען ווענינ אין צאָהל און ווייט צוואָרפען. זיי זיינען געלעגען טיף אין לאַנד, האָבען זיך מעהרסטענס בענוצט מיט אויסלענדישע פּאָרטען, האָ־לענדישע אָדער בעלגישע, פאַר אימפּאָרט און עקספּאָרט, און האָבען

*) דאָס סיסטעם פון הויכע בעשיצונגס־טאַריפען, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט איינגעפיהרט אויף דעם אייראָפּעאישען קאָנטינענט געגען דער קאָנקורענץ פון ענגלאַנד׳ס האַנדעל און אינדוסטריע.

געהאַט וועניג אָדער גאָר קיין געמיינשאַפטליכע אינטערעסען מיט
די גרויסע פּאָרטען אויף דעם נאָרדזעע און באַלטישען ים. און
אויסער דעם האָבען זיי ניט געקענט בעשאַפען אַזעלכע אינדוסט־
ריעלע צענטרען, ווי פּאַריז און ליאָן, לאָנדאָן און מאַנטשעסטער.
עס זיינען געוועזן פיעל אורזאַכען פאַר אָט דער אָבגעשטאַנענקייט
פון די דייטשע אינדוסטריען. צוויי פון זיי וועלען זיין גענוג פאַר
אונזער ערקלערונג: ערשטענס, די אונגינסטיגע געאָגראַפישע לאַגע
פון לאַנד, דערווייטערט פון אַטלאַנטישען אָקעאַן, וואָס איז געוואָ־
רען דער גרויסער וועג פאַר דער וועלט קאָמערץ; צווייטענס, די
אונאויפהערליכע מלחמות, אין וועלכע דייטשלאַנד איז געוועזן פער־
מישט, די שלאַכטען, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אויף איהר ערד פון
דעם זעכצעהנטען יאָהרהונדערט ביז צום היינטיגען טאָג. די קליי־
נע צאָהל פון דעם מיטעלקלאַס אין דייטשלאַנד, און בעזונדערס
דאָס, וואָס ער איז גאָר ניט געוועזן קאָנצענטרירט, האָט איהם גע־
שטערט צו בעקומען יענע פּאָליטישע הערשאַפט, וואָס די ענגלישע
בורזשואַזיע האָט געהאַט זינט 1688, און די פראַנצויזישע האָט
עראָבערט אין 1789.

און דאָך איז זינט 1815 דאָס רייכטום פון דעם מיטעלקלאַס
אין דייטשלאַנד, און צוזאַמען מיט זיין רייכטום זיין פּאָליטישע
וויכטיגקייט, אונאויפהערליך געוואַקסען. כאָטש זעהר ניט גערן,
זיינען די רעגירונגען געצוואונגען געוועזן זיך צו בויגען, וועניגס־
טענס צו די מעהר דירעקטע מאַטעריעלע אינטערעסען פון דעם
מיטעלקלאַס. מען קען אפילו זאָגען מיט רעכט, אַז וועהרענד
אין די צוויי רעאַקציאָנערע פּעריאָדען פון 1815 ביז 1830 און פון
1832 ביז 1840 האָט מען צוריק אָבגענומען ביים מיטעלקלאַס יעדע
ברעקעל פון פּאָליטישען איינפלוס, וואָס מען האָט זיי געהאַט געגע־
בען אין די קאָנסטיטוציאָנען פון די קלענערע שטאַאַטען, האָט מען
איהם אָבער פאַר יעדען ברעקעל פערלאָרענעם פּאָליטישען איינפלוס
בעלוינט מיט וועלכען עס איז גרעסערען פּראַקטישען פאָרטייל.
יעדער פּאָליטישער דורכפאַל פון דעם מיטעלקלאַס האָט געבראַכט
מיט זיך אַ זיעג אויף דעם געביעט פון קאָמערציעלער געזעצגעבונג.
דער פּרייסישער פּראָטעקציאָנס טאַריף פון 1818 און די בעשאַפונג

פון „צאָלפערייןˮ*) זיינען זיכער מעהר ווערט געווען פאַר דייטש־
לאַנד׳ס הענדלער און פאַבריקאַנטען, איידער דאָס צווייפעלהאַפטע
רעכט אויסצודריקען אין די קאַמערען פון אַ קלײנינקען הערצאָגטום
זייער אונצוטרויען צו מיניסטאָרען, וואָס האָבען געלאַכט פון זייערע
שטימען. און אָט אַזוי זיינען געוואַקסען דער האַנדעל און די אינ־
דוסטריע און דאָס רייכטום פון דער בורזשואַזיע, ביז זי האָט דער־
גרייכט אַ שטופע, וואו די ענטוויקלונג פון איהרע וויכטיגסטע אינ־
טערעסען איז געשטערט און אָבגעשטעלט געוואָרען דורך דער פאָ־
ליטישער קאָנסטיטוציאָן פון לאַנד, דורך דער צופעליגער צוטיילונג
פון לאַנד צווישען זעקס און דרייסיג פרינצען מיט ענטגעגענגעזעצ־
טע טענדענצען און קאַפריזען, דורך די פעאָדאַלע בעשרענקונגען פון
אַגריקולטור און דעם האַנדעל, וואָס איז פערבונדען מיט אַגריקול־
טור, און דורך דער לויערענדער אויפזיכט פון אַן אונוויסענדער און
פרעכער ביוראָקראַטיע איבער אַלע געשעפטען.

צו דערזעלבער צייט האָבען די אויסברייטונג און פערפעסטי־
גונג פון „צאָלפערייןˮ, די אַלגעמיינע איינפיהרונגען פון דאַמף פער־
קער און די וואַקסענדע קאָנקורענץ אין דעם היימישען האַנדעל
ענגער צוזאַמענגעבראַכט די קאָמערציעלע קלאַסען פון די בעזונדערע
שטאַאַטען און פראָווינצען, אויסגעגליכט זייערע אינטערעסען און
צענטראַליזירט זייער מאַכט. דער נאַטירליכער רעזולטאַט איז גע־
ווען, אַז די גאַנצע מאַסע פון דעם מיטעלקלאַס איז אַריבערגעגאַנ־
גען אין לאַגער פון דער ליבעראַלער אָפּאָזיציאָן, און אַז דער ערשטער
ערנסטער קאַמף פון דייטשען מיטעלקלאַס פאַר פּאָליטישע מאַכט
איז געוואונען געוואָרען. אָט די ענדערונג קען מען רעכענען פון
1840, פון דעם מאָמענט, ווען די פרייסישע בורזשואַזיע האָט איבער־
גענומען די פיהרערשאַפט פון דער מיטעלקלאַס בעוועגונג אין דייטש־

---

*) דער „צאָלפערייןˮ איז געווען דער דייטשער טאַריף פערבאַנד. ער איז צוערשט געגרינדעט געוואָרען אין 1827 און איז שטאַרק אויס־געברייט געוואָרען נאָך דעם קריעג פון 1866. זינט דער פעראייניגונג פון דייטשלאַנד אין אַן „אימפּעריעˮ אין 1871, זיינען אַלע שטאַאַטען, וואָס האָבען געהערט צום „צאָלפערייןˮ, איינגעשלאָסען געוואָרען אין דער דייטשער אימפּעריע. דער צוועק פון „צאָלפערייןˮ איז געווען צו שאַפען גלייכע אָבצאָהלונגען איבער גאַנץ דייטשלאַנד.

לאַנד. מיר וועלען זיך שפּעטער אומקערען צו אַט דער ליבעראַל־אָפּאָזיציאָנעלער בעוועגונג פון 1840—1847.

די גרויסע מאַסע פון פאָלק, וואָס האָט ניט געהערט ניט צום אַדעלשטאַנד, ניט צו דער בורזשואַזיע, איז בעשטאַנען אין די שטעדט פון די קליינע האַנדווערקער און קרעמער און די אַרבייטער, און אויפ'ן לאַנד פון די בויערען.

די צאָהל פון קליינע האַנדווערקער און קרעמער אין דייטש־לאַנד איז זעהר גרויס צוליעב די פיעלע בעשרענקונגען, וואָס דער קלאַס גרויסע קאַפּיטאַליסטען און פאַבריקאַנטען האָט בעגעגענט אין זיין ענטוויקלונג אין יענעם לאַנד. אין די גרעסערע שטעדט זיינען די קליינע בעלי מלאכות און קרעמער כמעט אַ מאַיאָריטעט פון דער בעפעלקערונג. אין די קלענערע שטעדט הערשען זיי אינ־גאַנצען, ווייל זיי האָבען דאָרט ניט קיין רייכערע קאָנקורענטען מיט אַ גרעסערען איינפלוס. אַט דער קלאַס, אַ זעהר וויכטיגער אין יעדער מאָדערנער פּאָליטישער קערפּערשאַפט און אין אַלע מאָדערנע רעוואָלוציאָנען, איז נאָך פיעל וויכטיגער אין דייטשלאַנד, וואו ער האָט אין די לעצטע קאַמפען געוועהנליך געשפּיעלט די ענטשיי־דענדע ראָל. זיין מיטעלע לאַגע צווישען דעם קלאַס פון גרויסע קאַפּיטאַליסטען, הענדלער און פאַבריקאַנטען, דער איינענטליכער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַרישען אָדער אינדוסטריעלען קלאַס בעשטימט זיין כאַראַקטער. שטרעבענדיג צו דער לאַגע פון דעם העכערען קלאַס, ווערען די איינצעלנע מיטגלידער פון אַט דעם קלאַס ביי דער ערשטער ענדערונג פון מזל אַרונטערגעשליידערט אין די רייהען פון אונטערשטען קלאַס.

אין מאָנאַרכיען און פעאָדאַלע לענדער איז די קונדשאַפט פון הויף און פון דער אַריסטאָקראַטיע נויטיג פאַר דער עקזיסטענץ פון אַט דעם קלאַס. דער פערלוסט פון דער דאָזיגער קונדשאַפט קען רואינירען אַ גרויסען טייל פון דעם קלאַס. אין די קלענערע שטעדט ווערט אָפטמאָל אַ מיליטערישער גאַרניזאָן, אַ פּראָווינציעלע רעגי־רונג אָדער אַ געריכטסהויז מיט זיינע בעאַמטע און אָנגעשטעלטע דער פונדאַמענט פאַר דעם וואוילזיין פון אַט דעם קלאַס. נעמט דאָס אַלץ צו, און די קרעמער, די שניידער, די שוסטער, די טישלער וועלען רואינירט ווערען. און אַט אַזוי ווערט דער קלאַס שטענדיג

אַרומגעוואָרפען צווישען דער האָפנונג אַריינצוקומען אין די רייהען
פון דעם רייכערען קלאַס און דער מורא אַראָפּצופאַלען ביז צום
שטאַנד פון פּראָלעטאַריער אָדער גאָר בעטלער; צווישען דער האָפ־
נונג צו דערהויבען זיינע אינטערעסען, דורך דער בעטייליגונג אין
דער פיהרונג פון קהל'שע געשעפטען, און דער מורא אַרויסצורופען
דעם צאָרן פון דער רעגירונג דורך אונצייטמעסיגע אָפּאָזיציאָנען,—
ווייל זיין גאַנצע עקזיסטענץ ליגט דאָך אין די הענט פון דער רעגי־
רונג, וואָס האָט צו זאָגען איבער זיינע בעסטע קונדען. האָבענדיג
בעשרענקטע מיטלען און זייענדיג אונזיכער מיט זיין אייגענטום,
ווארום וואָס קלענער זיין פערמעגען, אַלץ אונזיכערער איז דער בע־
זיץ, איז אָט דער קלאַס אויף דעם העכסטען גראַד אונענטשלאָסען
אין זיינע אנזיכטען. ער איז נידריג, חניפה'דיג און געהאָרכ־
זאַם אונטער אַ מעכטיגער פעאָדאַלער אָדער מאָנאַרכיסטי־
שער רעגירונג; ער קערט זיך אָבער אום אין דער ריכטונג פון לי־
בעראַליזם, ווען דער מיטעלקלאַס שטייגט אויף. שטאַרקע דעמאָ־
קראַטישע ספּאַזמען כאַפּען איהם אָן, אַזוי שנעל ווי דער מיטעל־
קלאַס האָט פערזיכערט זיין הערשאַפט, אָבער ער פאַלט אריין
אין אונטערטעניגע האָפנונגסלאָזיגקייט פון שרעק, ווען דער קלאַס,
וואָס שטעהט אונטער איהם, די פּראָלעטאַריער, פרואווט אָנהויבען
אַ זעלבסטשטענדיגע בעוועגונג. מיר וועלען נאָך זעהן, ווי אָט דער
קלאַס געהט איבער אין דייטשלאַנד פון דעם איין צושטאַנד צו דעם
צווייטען און צוריק.

דער אַרבייטער קלאַס אין דייטשלאַנד איז אין זיין סאָציאַלער
און פּאָליטישער ענטוויקלונג פּונקט אַזוי אָבגעשטאַנען פון דעם
אַרבייטער קלאַס אין ענגלאַנד און פראַנקרייך, ווי די דייטשע בור־
זשואַזיע איז אָבגעשטאַנען פון דער ענגלישער און פראַנצויזישער
בורזשואַזיע. וואָס פאַר אַ בעל הבית, אַזעלכע מענשען. די ענט־
וויקלונג פון די עקזיסטענץ בעדינגונגען פאַר אַ צאָהלרייכען,
שטאַרקען, קאָנצענטרירטען און אינטעליגענטען פּראָלעטאַרישען
קלאַס געהט האַנט אין האַנט מיט דער ענטוויקלונג פון די עקזיס־
טענץ בעדינגונגען פאַר אַ צאָהלרייכען, פערמעגליכען, קאָנצענט־
רירטען און מעכטיגען מיטעלקלאַס. די אַרבייטער בעוועגונג גופא
איז קיינמאָל ניט אונאַבהענגיג, האָט קיינמאָל ניט קיין אויסשליס־

ליך פּראָלעטארישען כאראקטער, ביז די אַלע פערשידענע טיילען פון מיטעלקלאַס, בעזונדערס דער פּראָגרעסיווערער טייל, די גרויסע פאבריקאנטען, האָבען ניט ערלאַבערט די פּאָליטישע מאכט און האָבען ניט איינגעאָרדענט דעם שטאאַט לויט זייערע בעדערפנישען. ערשט דאַן קומט ארויס דער אונפערמיידליכער קאָנפליקט צווישען ארבייטסגעבער און ארבייטער, א קאָנפליקט, וואָס קען מעהר ניט אָבגעלעגט ווערען. ערשט דאַן קען דער ארבייטער קלאַס מעהר שוין ניט צופריעדענגעשטעלט ווערען מיט פערפיהרערישע האָפנונגען און צוזאָגען, וואָס וועלען קיינמאָל ניט פערווירקליכט ווערען. ערשט דאַן קען דאָס גרויסע פּראָבלעם פון ניינצעהנטען יאָהרהונדערט, די אָבשאַפונג פון דעם פּראָלעטאריאט, פאָלשטענדיג ארויסגעבראַכט ווערען אין ריכטיגען ליכט.

אָבער אין דייטשלאנד איז די גרויסע מאַסע פון ארבייטער קלאַס בעשעפטיגט געווען ניט פון יענע מאָדערנע אינדוסטריעלע מאַגנאַטען, פון וועלכע גרויס בריטאַניען גיט אונז אַזעלכע גלענצענדע ביישפּיעלען, נאָר פון קליינע האַנדווערקער, וועמעס גאַנצע פאַבריקאַציאָנס סיסטעם איז נאָר א רעשט פון מיטעלאַלטער. און פּונקט ווי עס איז דאָ א גרויסער אונטערשיעד צווישען דעם גרויסען באַוועל מאַגנאַט און דעם קליינעם שוסטער אָדער שניידער בעל־מלאכה, אזוי ווייט איז אויך פון דעם מונטערען פאַבריק־ארבייטער אין די מאָדערנע אינדוסטריעלע בבל'ס ביז צום שעמעוודיגען שניידער־געזעל אָדער סטאָליער פון א קליינער פּראָווינציעלער שטאָדט, וואָס לעבט כמעט אין דיזעלבע בעדינגונגען און ארבייט כמעט נאָך דעמזעלבען פּלאַן, ווי דיזעלבע ארבייטער האָבען געלעבט מיט פינף הונדערט יאָהר צוריק.

אָט די אַלגעמיינע אַבוועזענהייט פון מאָדערנע לעבענסבעדינגונגען, פון מאָדערנע פאָרמען פון אינדוסטריעלער פּראָדוקציאָן נעהמט נאַטירליך צוזאַמען מיט א כמעט גלייכער אַלגעמיינער אַבוועזענהייט פון מאָדערנע אידעען. עס איז דעריבער גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס א גרויסער טייל פון ארבייטער קלאַס האָט, ווען די רעוואָלוציאָן האָט אויסגעבראָכען, געפאָדערט אויך די באַלדיגע ווידעראיינפיהרונג פון צעכען און די מיטעלאַלטערליכע פּריווילעגירטע צעך־אָרגאַניזאַציאָנען. דאָך אין די אינדוסטריעלע

גענענדען, וואו דאָס מאָדערנע פּראָדוקציאָנס סיסטעם האָט גע־הערשט, און אַ דאַנק די בעסערע פערקערסמיטלען און דער אינטע־לעקטועלער ענטוויקלונג, וואָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון די שטענדיגע וואַנדערונגען פון אַ גרויסער צאָהל אַרבייטער, האָט זיך אויסגעבילדעט אַ שטאַרקער קרייז, צווישען וועלכע די אידעען וועגען דער בעפרייאונג פון דעם אַרבייטער קלאַס זיינען געווען פיעל קלאָרער און מעהר אין איינקלאַנג מיט עקזיסטירענדע פאַקטען און היסטאָרישע נויטווענדיגקייטען. אָבער דער קרייז האָט אַרומגע־נומען אַן איינפאַכע מינאָריטעט. אויב די אַקטיווע בעוועגונג פון דעם מיטעלקלאַס קען גערעכענט ווערען פון 1840, הויבט אָן די בע־וועגונג פון אַרבייטער קלאַס אויפצושטייגען מיט די אויפשטאַנדען פון די שלעזישע און בעהמישע פאַבריק אַרבייטער אין 1844, און מיר וועלען באַלד האָבען די געלעגענהייט צו געבען אַן איבערזיכט פון די פערשיעדענע שטופען, דורך וועלכע אָט די בעוועגונג איז דורכגעגאַנגען.

ענדליך איז נאָך געווען דער גרויסער קלאַס פון קליינע פאַר־מער, דאָס בויערטום, וואָס האָט מיט זיין צוגאָב פון לאַנד אַרביי־טער צונויפגעשטעלט אַ בעדייטענדע מאַיאָריטעט פון דעם גאַנצען פאָלק. אָבער אָט דער קלאַס האָט זיך אויך געטיילט אין פער־שידענע שיכטען. צוערשט, די פערמעגליכע פאַרמער, וואָס ווערען אין דייטשלאַנד אָנגערופען גרויסע און מיטעלע בויערען, אייגענ־טימער פון גרעסערע פאַרמס, וואָס בעשעפטיגען יעדערער צו עט־ליכע לאַנדאַרבייטער. אָט דער קלאַט, וואָס שטעהט צווישען די גרויסע אונבעשטייערטע פעאָדאַלע גרונדבעזיצער און דעם קלע־נערען בויערטום און די פאַרם־אַרבייטער, האָט צוליעב פערשטענד־ליכע אורזאַכען געפונען זיין נאַטירליכסטען וועג אין אַ בונד מיט דעם אַנטיפעאָדאַלען מיטעלען קלאַס פון די שטעדט. צוויי־טענס איז געווען דער קלאַס אייגענטימער פון קליינע פרייגיטער, וואָס זיינען געווען די מעהרהייט אין די רהיינישע פּראָ־ווינצען, וואו דער פעאָדאַליזם איז צופאַלען אונטער די מעכטיגע קלעפּ פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. עהנליכע אונאַבהענגיגע קליינע אייגענטימער פון פרייגיטער האָבען אויך עקזיסטירט דאָ און דאָרט אין אַנדערע פּראָווינצען, וואו זיי האָט

זיך איינגעגעבען אויסצוקויפען די פעאָדאַלע שולדען, וואָס זיינען געלעגען אויף זייער לאַנד. אָבער אָט דער קלאַס האָט זיך נאָר גערופען אייגענטימער פון פרייגיטער, דען זייער אייגענטום איז געוועהנליך געווען אזוי פערזעצט און אונטער אזעלכע שווערע בע־דינגונגען, אַז ניט דער בויער, נאָר דער פּראָצענטניק, וואָס האָט געליהען דאָס געלט, איז געווען דער אמת'ער לאַנדאייגענטימער. דריטענס, איז געווען דער קלאַס פעאָדאַלע לאַנד בעוואוינער, וואָס מען האָט ניט געקענט לייכט פערטרייבען פון זייער לאַנד. זיי האָבען אָבער געמוזט צאָהלען שטענדיגע צינזען אָדער טהאָן שטענדיג אַ געוויסע מאָס ארבייט פאַר דעם אייגענטימער פון דעם גוט. ענדליך איז נאָך געווען דער קלאַס אַגריקולטורעלע ארבייטער, וועמעס לאַגע איז אויף פיעלע גרויסע פּארמס געווען פונקט די־זעלבע, ווי די לאַגע פון דעם קלאַס אין ענגלאַנד. זיי האָבען אור־מעטום געלעבט און זיינען ביז צום טויט געבליבען אָרימע, שלעכט גענעהרטע שקלאַפען פון זייערע ארבייטסגעבער.

די לעצטע דריי קלאַסען פון דער לאַנד בעפעלקערונג, די קליינע אייגענטימער פון די פרייגיטער, די פעאָדאַלע לאַנד בעוואוינער און די אַגריקולטורעלע ארבייטער, האָבען זיך קיינמאָל, פאַר דער רעוואָלוציאָן, ניט פיעל געדרעהט דעם קאָפּ וועגען פּאָליטיק, אָבער, אָהן צווייפעל, האָט די רעוואָלוציאָן געעפענט פאַר זיי אַ נייע קאַריערע, פול מיט גלענצענדע אויסזיכטען. די רעוואָלו־ציאָן האָט יעדען איינעם פון זיי צוגעזאָגט געוויסע פּאָרטיילען, און מען האָט געקענט ערוואַרטען, אַז יעדערער פון זיי וועט זיך בע־טייליגען אין דער בעוועגונג, ווען זי וועט זיין אין פולען גאַנג. עס איז אָבער פון דער אנדער זייט פונקט אזוי אונצווייפעלהאפט, און דאָס ווערט אויך בעשטעטיגט פון דער געשיכטע פון אַלע מאָדערנע לענדער, אַז צוליעב זייער צושפּרייטקייט איבער גרויסע שטרעקען לאַנד און צוליעב דער שווערקייט צו ברענגען אַ גרויסען טייל פון זיי צו אַ פערשטענדיגונג, קענען זיי קיינמאָל ניט אונטערנעמען אַן ערפאָלגרייכע אונאבהענגיגע בעוועגונג. זיי דאַרפען שטענדיג האָ־בען דעם ערשטען אָנשטויס פון דער מעהר קאָנצענטרירטער, מעהר אויפגעקלערטער, מעהר בעוועגליכער בעפעלקערונג פון די שטעדט. אָט די קורצע פערצייכנונג פון די וויכטיגסטע קלאַסען, וואָס

האָבען צוזאמענגעשטעלט דאָס דייטשע פאָלק, וועט שוין זיין גענוג צו ערקלערען, פארוואָס עס איז אין דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג געווען אזוי ווייניג צוזאמענהאנג, לאָגישע אויסגעהאלטענקייט און אזוי פיעל שיינבארע ווידערשפּרוכען. ווען אזעלכע פערשיעדענע, אזעלכע ענטגעגענגעזעצטע אינטערעסען קומען אין אזא שטארקען צוזאמענשטויס; ווען אָט די קעמפענדע, אַנטאַגאָניסטישע אינטערעסען זיינען אויסגעמישט אין די בעזונדערע פּראָווינצען אין פערשידענע פּראָפּאָרציען; ווען, אויסערדעם, דאָס לאַנד האָט ניט קיין גרויסען צענטער, קיין לאָנדאָן, קיין פּאריז, וועמעס בעשלוסען קענען, מיט זייער געוויכט, פערשפּאָרען צו ווידערהאָלען דעם קאַמף אין יעדען געגענד בעזונדער, — וואָס דען אַנדערש קען מען ערווארטען, ווי אַז דער קאַמף זאָל זיך אויפלעזען אין זעהר פיעל קליינע אונפעראייניגטע קאמפען, אין וועלכע בלוט, ענערגיע און קאפּיטאל ווערען פערשוועגדט אין אַן אונגעהויערער מאָס, וועלכע ברענגען אָבער נאָך אַלעמען קיין ענטשידענע רעזולטאטען ניט?

די פּאָליטישע צוטיילונג פון דייטשלאַנד אין דריי טוץ בעזונדערע שטאאטען פון פערשיעדענער וויכטיגקייט, קען אויך ערקלערט ווערען מיט אָט דער צומישונג און פיעלפאַכיגקייט פון עלעמענטען, וואָס שטעלען צונויף די נאציאָן און וואָס זיינען אליין פערשידען אין יעדען געגענד. וואו עס זיינען ניטאָ קיין געמיינשאַפטליכע אינטערעסען, דאָרט קען ניט זיין קיין אייניגקייט פון ציעל, נאָך ווייניגער פון אַקציאָן. אמת, די דייטשע קאָנפעדעראציאָן איז ערקלערט געוואָרען אונצוטיילבאר אויף אייביג. דאָך האָט די קאָנפעדעראציאָן און איהר סיים (פּארלאמענט) קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט מיט זיך דייטשע אייניגקייט. דער העכסטער פונקט, צו וועלכען צענטראַליזאציאָן איז ווען דערגאַנגען אין דייטשלאַנד, איז געווען די גרינדונג פון דעם „צאָלפעריין“. דורכדעם זיינען די נאָרדזעע שטאאטען געצוואונגען געוואָרען צו שאַפען זייער אייגענעם טאַריף פערבאנד, וועהרענד עסטרייך איז געבליבען איינגעוויקעלט אין איהר בעזונדערען הויכען טאַריף סיסטעם. דייטשלאנד האָט אָבער דערפון פיעל געוואונען, ווייל אנשטאט צו זיין איינגעטיילט אין זעקס און דרייסיג בעזונדערע שטאאטען, איז זי איצט פאַר אלע

פּראַקטישע צוועקען געוועןען איינגעטיילט נאָר אין דריי טיילען. נאַ־טירליך איז די אויבערהערשאַפט פון דעם רוסישען צאַר, ווי זי איז פעסטגעשטעלט געוואָרען אין 1814, דורכדעם ניט געשטערט און ניט געענדערט געוואָרען.

נאָכדעם ווי מיר האָבען דאָ געצויגען די ערשטע שלוסען, וועל־לען מיר ווייטער זעהן, ווי די אויבענדערמאָנטע פערשידענע קלאַ־סען פון דייטשען פאָלק זיינען געקומען אין בעוועגונג איינער נאָכ'ן צווייטען, און וואָס פאַר א כאַראַקטער אָט די בעוועגונג האָט אָנגענומען, ווען די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן פון 1848 האָט אויס־געבראָכען.

לאָנדאָן, סעפּטעמבער 1851.

## II

## דער פּרייסישער שטאַאַט.

די פּאָליטישע בעוועגונג פון דעם מיטעלקלאַס, אָדער בורזשואַ־זיע, אין דייטשלאַנד קען גערעכענט ווערען פון 1840. פאַר דעם זיינען געקומען סימפּטאָמען, וואָס האָבען געוויזען, אַז דער פינאַנ־ציעלער און אינדוסטריעלער קלאַס פון לאַנד ווערט רייף און קומט צו דעם צושטאַנד, ווען ער קען שוין מעהר ניט בלייבען גלייכגיל־טיג און פּאַסיוו אונטער דעם דרוק פון א האַלב פעאָדאַלען, האַלב ביוראָקראַטישען מאָנאַרכיזם. די קלענערע פּרינצען פון דייטשלאַנד האָבען איינער נאָך דעם אַנדערען געגעבען זייערע לענדער מעהר אָדער ווייניגער ליבעראַלע קאָנסטיטוציאָנען, טיילווייז צו פערזי־כערען זיך א גרעסערע אונאבהענגיגקייט פון דער אויבערהערשאַפט פון עסטרייך און פּרייסען, אָדער קעגען דעם איינפלוס פון דעם אדעלשטאַנד אין זייערע איינענע שטאַאַטען, טיילווייז צו קאָנסאָ־לידירען אין איין גאַנצעם די אונפעראייניגטע פּראָווינצען, וואָס זיינען געוועןען אונטער זייער הערשאַפט זינט דעם ווינער קאָנ־

גרעס *). זיי האָבען דאָס געקענט טהאָן ניט שטעלענדיג זיך אַליין אין געפאהר. ווייל אויב דער סיים פון דער קאָנפעדעראציאָן, וואָס איז נאָר געווען אַ שפּיעלצייג אין די הענט פון עסטרייך און פּרייסען, וואָלט געוואָלט איבערטרעטען די גרענעצען פון זייער אונאַבהענגיגקייט אַלס הערשער, האָבען זיי געוואוסט, אַז זיי וועלען אין זייער ווידערשטאַנד געפינען אַ שטיצע אין דער עפענטליכער מיינונג און אין די רעפּרעזענטאַטיווע קאַמערען. און אויב פערקערט אָט די קאַמערען זאָלען ווערען צו שטאַרק, וואָלטען זיי געקענט גאַנץ לייכט זיך בענוצען מיט דער מאַכט פון דעם סיים צו צוברעכען יעדע אָפּאָזיציאָן.

אונטער אַזעלכע אומשטענדען האָבען די בייערישע, ווירטעמבערגער, באַדענער אָדער האַנאָווערער קאָנסטיטוציאָנעלע איינריכטונגען ניט געקענט פּעראורזאַכען אַן ערנסטען קאַמף פאַר פּאָליטישע מאַכט. די גרויסע מאַסע פון דייטשען מיטעלקלאַס האָט זיך דעריבער געוועהנליך געהאַלטען פון ווייטען פון די אַלע קליינליכע שטרייטען אין די געזעצגעבענדע קאַמערען פון די קליינע שטאַאַטען. זיי האָבען גוט געוואוסט, אַז אָהן אַ גרינדליכער ענדערונג אין דער פּאָליטיק און דער קאָנסטיטוציאָן פון די צוויי גרויסע שטאַאַטען אין דייטשלאַנד, וועט מען מיט אַלע אנשטרענגונגען און קלענערע זיעגען גאָרניט אויפטהאָן. אָבער אין דערזעלבער צייט איז אויפגעקומען אַ ראַסע פון ליבעראַלע אַדוואָקאַטען, פּראָפעסיאָנעלע אָפּאָזיציאָנערען אין די קליינע לעגיסלאַטורען: די ראָטעקס, די וועלקערס, די רעמערס, די יאָרדאַן׳ס, די סטיוועס, די אייזענמאַנס, אָט די אַלע גרויסע „פאָלקסמענער“, וואָס זיינען, נאָך אַ מעהר אָדער וועניגער טומעלדיגער, אָבער שטענדיג אונערפאָלגרייכער, אָפּאָזיציאָן פון צוואַנציג יאָהר, ארויפגעשטיגען ביז צום העכסטען פּונקט פון מאַכט אין דער רעוואָלוציאָנערער פריהלינגס־כוואַליע פון 1848, און וואָס האָבען נאַכהער ארויסגעוויזען זייער גאַנצע אימפּאָטענץ און אונוויכטיגקייט און זיינען אין איין אויגענבליק אַראָבגעשליי־

*) דער וויענער קאָנגרעס פון 1815, נאָך דער נידערלאַגע פון נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט, דעם פראַנצויזישען אימפּעראַטאָר, וואו די דייטשע פּראָווינצען, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט געהאַט איינגענומען, זיינען ווידער אַריבער צו זייערע פריהערדיגע דייטשע בעזיצער.

דערט געוואָרען צוריק. אָט די ערשטע מוסטערען פון די הענדלער אין פּאָליטיק און אָפּאָזיציאָן אויף דער דייטשער ערד האָבען מיט זייערע רעדען און שריפטען צוגעוועהנט דעם דייטשען אויער צו דער שפּראַך פון קאָנסטיטוציאָנאַליזם. שוין מיט זייער עקזיסטענץ אליין האָבען זיי אָנגעזאָגט דאָס אָנקומען פון אַ צייט, ווען דער מיטעלקלאַס וועט אויפכאַפּען זייערע פּאָליטישע פראַזען און וועלען אריינגעבען אין זיי זייער אייגענטליכע בעדייטונג, ווערענד די בערעדעוודיגע אדוואָקאַטען און פּראָפעסאָרען פלעגען זיי בענוצען און וויסען זעהר ווייניג דעם זין, וואָס אָט די פראַזען האָבען צוערשט געהאַט.

די דייטשע ליטעראַטור איז אויך געוועזען אונטער דעם איינ־פלוס פון דער פּאָליטישער אויפרעגונג, אין וועלכע די געשעהענישען פון 1830 האָבען אריינגעוואָרפען גאַנץ אייראָפּאַ. כמעט אַלע שרייבער פון יענער צייט האָבען געפּרעדיגט אַ רויהען קאָנסטיטו־ציאָנאַליזם אָדער אַ נאָך רויהערען רעפּובליקאַניזם. עס איז אַלץ מעהר און מעהר געוואָרען די געוואוינהייט, בעזונדערס ביי דעם נידריגערען קלאַס ליטעראַטען, צו פערדעקען זייער אָרימע פאַנטאַ־זיע מיט פּאָליטישע אָנדייטונגען, וואָס וועלען זיכער צוציהען די אויפמערקזאַמקייט פון לעזער. פּאָעזיע, ראָמאַנען, איבערזיכטען, די דראַמאַ, יעדע ליטעראַרישע ווערק איז געוועזען פול מיט וואָס מען האָט גערופען „טענדענץ“, דאָס הייסט, מיט אַ מעהר אָדער ווייניגער איינגעהאַלטענער בעטאָנונג פון אַן אַנטי־רעגירונגס גייסט. און כדי צו פאַר־פול מאַכען די צומישונג פון אידעען, וואָס האָט געהערשט אין דייטשלאַנד נאָך 1830, זיינען נאָך די עלעמענטען פון פּאָלי־טישער אָפּאָזיציאָן אויסגעמישט געוואָרען מיט שלעכט פערדייהטע אוניווערסיטעטס עראינערונגען פון דייטשער פילאָסאָפיע און שלעכט פערשטאַנענע ברעקלאַך פון פראַנצויזישען סאָציאַליזם, בעזונדערס פון סען־סימאָניזם. און די קליקע שרייבער, וואָס האָט זיך אַזוי צולייגט איבער אָט דעם פערשידענאַרטיגען געמיש פון אידעען, האָט זיך מיט שטאָלץ גערופען „יונג דייטשלאַנד“, אָדער „די מאָדערנע שול“. זיי האָבען שוין זייט דאַן הרטה געהאַט אויף זייערע יוגענדליכע זינד, אָבער דעם סטיל פון זייער שרייבען האָבען זיי נאָך אַלץ ניט פערבעסערט.

און ענדליך האָט די דייטשע פילאָסאָפיע, אָט דער העכסט קאָמפּליצירטער, אָבער צו דערזעלבער צייט זיכערסטער טערמאָ־מעטער פון דער ענטוויקלונג פון דייטשען גערדאַנק, זיך ערקלערט פאַר דעם מיטעלקלאַס, ווען העגעל האָט אין זיין „פילאָסאָפיע פון רעכט" ערקלערט די קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע פאַר די לעצטע און פאָלקאָמסטע רעגירונגספאָרם. אין אַנדערע ווערטער, ער האָט אָנגעזאָגט דאָס קומענדע אויפשטייגען פון דעם מיטעלקלאַס פון לאַנד צו פּאָליטישער מאַכט. זיין שול איז נאָך זיין טויט געגאַנ־גען ווייטער. וועהרענד דער פאָרטגעשריטענער טייל פון זיינע נאָכפאָלגער האָבען פון איין זייט אונטערוואָרפען יעדען רע־ליגיעזען גלויבען צו שטרענגער קריטיק און האָבען אויפגעטרייסעלט ביז צום יסוד דאָס אוראַלטע געוועב פון קריסטענטום, האָבען זיי צו דערזעלבינגער צייט ארויסגעבראַכט מעהר געוואַגטע פּאָליטישע פּרינציפּען, איידער דעם דייטשען אויער איז ביז דאַן בעשערט גע־ווען צו הערען, און זיי האָבען געפּרואווט אומקערען דעם רוהם צום אָנדענק פון די העלדען פון דער ערשטער פראַנצויזישער רעוואָ־לוציאָן. די אונקלאָרע פילאָסאָפישע שפּראַך, אין וועלכער אָט די אידעען זיינען געווען איינגעהילט, האָט, אויב זי האָט פערדונקעלט דעם פערשטאַנד פון דעם שרייבער און דעם לעזער צוגלייך, אויך פערבלענדט דעם צענזאָר, און אויף אַזאַ'ן אופן האָבען די „יונג הע־געליאַנישע" שרייבער געהאַט אַ פרעס פרייהייט, וואָס איז געווען אונבעקאַנט אין יעדען אַנדערען צווייג פון ליטעראַטור.

עס איז דעריבער געווען קלאָר, אַז די עפענטליכע מיינונג אין דייטשלאַנד ווערט שטאַרק געענדערט. שטופּענווייז האָט די גרויסע מאַיאָריטעט פון די קלאַסען, וועמעס בילדונג אָדער שטאַנד אין לע־בען האָט זיי געגעבען, אונטער אַן אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע, די מעג־ליכקייט צו בעקומען פּאָליטישע אינפאָרמאַציאָן און צו זיין אבי־סעל אונאָבהענגיג אין זייערע פּאָליטישע אַנזיכטען, ארויסגעטראָטען אין איין מעכטיגער ארמיי קעגען דעם עקזיסטירענדען סיסטעם. און אורטיילענדיג די לאַנגזאַמקייט פון פּאָליטישער ענטוויקלונג אין דייטשלאַנד, דאַרף קיינער ניט פאַרגעסען, ווי שווער עס איז געווען צו בעקומען אינפאָרמאַציאָן איבער אירגענד וועלכען געגענ־שטאַנד אין אַ לאַנד, וואו אַלע קוועלען פון אינפאָרמאַציאָן זיינען

געוועזן אונטער דער קאָנטראָל פון דער רעגירונג, וואו, אָנהויבענדיג פון די שולען פאַר אָרימע קינדער און די זונטאג שולען און ענדי־גענדיג מיט דער צייטונג און אוניווערסיטעט, האָט מען קיין זאַך ניט געזאָגט, געלערנט, געדרוקט אָדער פערעפענטליכט, וואָס איז ניט פריהער גוטגעהייסען געוואָרען.

נעמט ווייען, צום ביישפיעל. די איינוואוינער פון וויען זיי־נען אין אינדוסטריע און פאבריקאַציאָן אפשר די ערשטע אין דייטש־לאַנד. אין גייסט, מוט און רעוואָלוציאָנערער ענערגיע שטעהען זיי פיעל העכער פון אַלע אַנדערע אין לאַנד. און דאָך זיינען זיי אונוויסענדער וועגען זייערע אמת'ע אינטערעסען און זיינען בע־גאנגען מעהר פעהלערן אין דער רעוואָלוציאָן, ווי אַנדערע. און דאָס האָבען זיי צו פערדאַנקען אין אַ הויכער מאָס יענער כמעט פאַלשטענדיגער אונוויסענהייט אין די געוועהנליכסטע פּאָליטישע אַנגעלעגענהייטען, אין וועלכער מעטערניך'ס רעגירונג האָט זיי מיט אַזוי פיעל ערפאָלג געהאַלטען.

מען דאַרף ניט קיין ווייטערע ערקלערונגען, פאַרוואָס פּאָליטי־שע אינפאָרמאַציאָן איז אונטער אַזאַ סיסטעם געוועזן כמעט די אויס־שליסליכע מאָנאָפּאָל פון אַזעלכע געזעלשאַפטליכע קלאַסען, וואָס האָבען געקענט בעצאָהלען פאַר אריינשמוגלען עס אין לאַנד, און בעזונדערס פון די, וועמעס אינטערעסען זיינען געוועזן ערנסט בע־דראָהט פון דער עקזיסטירענדער אָרדנונג, דאָס הייסט, פון די אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע קלאַסען. זיי זיינען דעריבער גע־ווען די ערשטע צו פעראייניגען זיך אין איין מאַסע קעגען דער פאָרטזעצונג פון אַ מעהר אָדער ווענינער פערשטעלטען אבסאָלו־טיזם, און פון זייער איבערגאַנג אין די רייהען פון דער אָפּאָזיציאָן מוז מען רעכנען דעם אָנהויב פון דער אמת'ער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין דייטשלאַנד.

דער אָפּאָזיציאָנעלער ארויסטריט פון דער דייטשער בורזשוא־זיע קען גערעכענט ווערען פון 1840, פון דעם טויט פון דעם פרי־הערדיגען פרייסישען קעניג, דעם לעצטען פון די גרינדער פון „היי־ליגען בונד“ פון 1815. עס איז געוועזן בעקאַנט, אַז דער נייער קעניג איז ניט קיין אָנהענגער פון זיין פאָטער'ס מאָנארכיע, וואָס איז געוועזן ביוראָקראַטיש און מיליטעריש מעהר פון אַלץ. וואָס דע־

פראַנצויזישער מיטעלקלאַס האָט ערוואַרט ביי דעם אויפקומען פון לואי דעם זעכצעהנטען, האָט די דייטשע בורזשואַזיע געהאָפט ביז אַ געוויסען גראַד צו זעהן פערווירקליכט פון פרידריך ווילהעלם דעם פיערטען. אַלע זיינען געווען איינשטימיג, אַז דאָס אַלטע סיסטעם האָט באַנקראָטירט, האָט אָבגעלעבט און מוז אויפגעגעבען ווערען. און וואָס מען האָט שווייגענדיג געדולדעט אונטער דעם אַלטען קעניג, דאָס האָט מען איצט הויך ערקלערט פאַר אונערטרעגליך.

אָבער לואי דער זעכצעהנטער, „לואי דער געווינשטער", איז געווען אַן איינפאַכער, ניט קיין פּרעטענציעזער נאַר, וואָס האָט האַלב געוואוסט זיין אייגענע נישטיגקייט, אָהן וועלכע עס איז בע־שטימטע מיינונגען און האָט רעגירט מעהרסטענס דורך די געוואוינ־הייטען, וואָס האָבען זיך ביי איהם ענטוויקעלט מיט זיין ערציהונג. „פרידריך ווילהעלם דער געווינשטער" איז שוין געווען גאָר עפּעס אַנדערש. וועהרענד ער האָט אָהן צווייפעל אריבערגעשטייגט זיין פראַנצויזישען אָריגינאַל אין שוואַכקייט פון כאַראַקטער, איז ער אָבער ניט געווען אונפּרעטענציעז, ניט אָהן מיינונגען. ער האָט זיך בעקאַנט געמאַכט, מעשה ליעבהאָבער, מיט די ערשטע ידיעות פון די מעהרסטע וויסענשאַפטען און האָט זיך דעריבער געהאַלטען פאַר גע־נוג געלערנט צו בעטראַכטען זיין אייגענע מיינונג אין יעדער פראַגע פאַר דאָס לעצטע וואָרט. ער איז געווען איבערצייגט, אַז ער איז אַן ערשט־קלאַסיגער רעדנער, און עס איז אָהן צווייפעל ניט געווען קיין רייזענדער האַנדעלס־אַגענט אין בערלין, וואָס זאָל איהם איבער־שטייגען אין לאַנגווייליגקייט אָדער אָנשטעל אויף וויץ, אָדער אין פליסיגער בערעדעוודיגקייט. און אויסערדעם האָט ער נאָך געהאַט מיינונגען. ער האָט געהאַסט און פעראַכט דעם ביוראָקראַטישען עלעמענט אין דער פּרייסישער מאָנאַרכיע, אָבער נאָר ווייל זיינע סימפּאַטיען זיינען געווען אויף דער זייט פון דעם פעאָדאַלען עלע־מענט. אליין איינער פון די גרינדער און הויפּט מיטאַרבייטער פון דעם „בערלינער פּאָליטישען וואָכענבלאַט", פון דער אַזוי גערופענער היסטאָרישער שול (אַ שול וואָס האָט זיך גענעהרט אויף די אידעען פון באָנאַלד, דע מעטר און אַנדערע שרייבער פון ערשטען דור פון די פראַנצויזישע לעגיטימיסטען), איז זיין ציעל געווען אַ רעסטאַוו־ראַציאָן, אַזאַ פאָלשטענדיגע ווי נאָר מעגליך, פון דער סאָציאַלער

אויבער־הערשאַפט פון דעם אַדעלשטאַנד. דער קעניג, דער ערשטער אַדעליגער אין זיין קעניגרייך, אַרומגערינגעלט, ערשטענס, פון דעם גלענצענדען הויף פון מעכטיגע וואַסאַלען, פּרינצען, הערצאָגען און גראַפען; צווייטענס, פון צאָהלרייכע און פערמעגליכע נידריגערע אַדעליגע; ער הערשט לויט זיין אייגענעם פערשטאַנד איבער זיינע טרייע בירגער און בויערען, און איז אויף אַזאַ אופן דער הויפּט פון אַ פולער היעראַרכיע פון סאָציאַלע שטאַנדען אָדער קאַסטען, יעדער פון וועלכע דאַרף האָבען זיינע בעזונדערע פּריווילעגיען און זיין אָב־געזונדערט פון די אַנדערע דורך כמעט אונאיבערגענגליכע באַריערען פון געבורט אָדער בעשטימטער, אונפערענדערליכער סאָציאַלער פּאָ־זיציאָן; און אָט די אַלע קאַסטען, אָדער „שטאַנדען פון קעניגרייך“ בעשאַפען צווישען זיך אַזאַ פיינע גלייכגעוויכט פון מאַכט און איינ־פלוס, אַז דעם קעניג בלייבט איבער אַ פאָלשטענדיגע אונאבהענגיג־קייט אין זיינע האַנדלונגען, — דאָס איז געווען דער „שעהנער אי־דעאַל“, וואָס פרידריך ווילהעלם דער פיערטער האָט זיך אונטער־גענומען צו פערווירקליכען, און וואָס ער פּרואווט ווידער פערווירק־ליכען אין דעם איצטיגען מאָמענט.

עס האָט גענומען אביסעל צייט, ביז די פּרייסישע בורזשואַזיע, וואָס איז ניט זעהר שטאַרק בעהאַוועַנט אין טעאָרעטישע פראַגען, האָט אויסגעפונען דעם אמת׳ען זין פון דעם קעניג׳ס נייגונגען. זיי האָבען אָבער זעהר גיך אויסגעפונען, אַז ער איז געניינט צו זאַכען, וואָס זיינען פּונקט דער היפוך פון זייערע פערלאַנגען. גלייך ווי דער קעניג האָט דערפיהלט, אַז זיין פאָטערס טויט האָט איהם אַראָב־גענומען דעם „שלאָס פון מויל“, האָט ער זיך גענומען ערקלערען זיינע אבזיכטען אין אונצעהליגע רעדען. און יעדע רעדע זיינע, און יעדע האַנדלונג האָט זעהר שטאַרק געהאָלפען אָבפרעמדען פון איהם די סימפּאַטיען פון דעם מיטעלקלאַס. איהם וואָלט דאָס ניט געאַרט פיעל, ווען געוויסע ערנסטע און בעאונרוהיגענדע פאַקטען וואָלטען ניט אונטערבראָכען זיינע פּאָעטישע טרוימען. וואָס פאַר אַ פער־דרוס, וואָס ראָמאַנטיזם איז ניט זעהר פלינק אין חשבונות, און פעאָ־דאַליזם, נאָך פון די צייטען פון דאָן קיכאָט אָן. מאַכט די רעכנונגען אָהן דעם בעל הבית! פרידריך ווילהעלם דער פיערטער האָט גע־פיהלט צופיעל פעראַכטונג צו באַרען געלט, און אָט די פעראַכטונג

איז דאָך געווען די נאָבעלסטע אייגענשאַפט, וואָס די זיהן פון די קרייץ־צוג פיהרער האָבען גע'ירש'ענט פון זייערע אורעלטערען.

ווען ער איז אַרויף אויפ'ן טהראָן, האָט ער געפונען אַ קאַסט־בארע, כאָטש שפּאַרזאַם אַראַנזשירטע רעגירונגס סיסטעם און אַ גאַנץ מעסיג אָנגעפילטע שטאַאַטס קאַסע. אין פערלויף פון צוויי יאָהר איז יעדער שפּור פון אַן איבערפלוס פערשוואונדען געוואָרען אויף הויף ימים־טובים, קעניגליכע צוגען, מתנות און הילף צו נויט־בעדערפטיגע און האבזיכטיגע אַדעליגע, א. אז. וו. די געוועהנליכע שטייערען זיינען שוין מעהר ניט געווען גענוג צו דעקען די אויס־גאַבען פון הויף אָדער פון דער רעגירונג. אויף אַזאַ'ן אַרט האָט זיך זיין מאַיעסטעט אין גיכען געפונען צווישען אַ גרויסען דעפיציט אויף איין זייט און אַ געזעץ פון 1820 אויף דער אַנדערער. דאָס געזעץ האָט ערקלערט פאַר אונגעזעצליך יעדע נייע הלואה אָדער פערגרעסערונג פון די שטייערען, וואָס האָבען דאַן עקזיסטירט, אָהן דער צושטימונג פון „דער צוקינפטיגער פערטרעטערשאַפט פון פאָלק". די דאָזיגע פערטרעטערשאַפט האָט ניט עקזיסטירט. דער נייער קעניג איז געווען נאָך וועניגער גענייגט זי צו בעשאַפען, איי־דער זיין פאָטער, און אפילו ווען ער וואָלט געווען גענייגט דאָס צו טהאָן, האָט ער אויך געוואוסט, אַז די עפענטליכע מיינונג האָט זיך אויף אַ וואונדערליכען אופן געענדערט, זינט ער איז אַרויף אויפ'ן טהראָן.

און פאַקטיש, זיינען די מיטעלקלאַסען, וואָס האָבען טיילוויז ערוואַרט, אַז דער נייער קעניג וועט באַלד געבען אַ קאָנסטיטוציאָן, וועט פּראָקלאַמירען פּרעס פרייהייט, גרינדען דאָס געריכט פון גע־שוואָרענע, א. אז. וו., א. אז. וו. — מיט איין וואָרט, אַז דער קעניג וועט אַליין ווערען דער פיהרער אין יענער פריעדליכער רעוואָלוציאָן, וואָס זיי האָבען פערלאַנגט, אום צו בעקומען די פּאָליטישע הער־שאַפט, — די מיטעלקלאַסען האָבען איינגעזעהן זייער טעות, און זיי האָבען זיך מיט גרויס כעס געשטעלט אַנטקעגען דעם קעניג. אין די רהיינישע פּראָווינצען, און מעהר אָדער וועניגער אומעטום איבער גאַנץ פּרייסען, זיינען זיי געווען אַזוי אויפגעבראַכט, אַז, ניט האָבענדיג אַליין גענוג מענשען צו פערטרעטען זיי אין דער פּרעס, האָבען זיי אפילו געשלאָסען אַ בונד מיט דער עקסטרעמער

פילאָסאָפישער פאַרטיי, וועגען וועלכער מיר האָבען אויבען גערעדט. דער רעזולטאַט פון אָט דעם בונד איז געווען די „רהיינישע צייטונג" פון קעלן *), אַ צייטונג, וואָס איז פערמאַכט געוואָרען נאָך אַן עקזיסטענץ פון פופצעהן מאָנאַטען, אָבער פון וועלכער מען קען רעכענען דעם אָנהויב פון דער צייטונג־פּרעס אין דייטשלאַנד. דאָס איז געווען אין 1842.

דער אָרימער קעניג, וועמעס קאָמערציעלע שוועריגקייטען זיינען געווען די שאַרפסטע סאַטירע אויף זיינע מיטעלאַלטערליכע נייגונגען, האָט זעהר גיך זיך אַרומגעזעהן, אַז ער קען מעהר ניט פאָרטזעצען זיין רעגירונג, ניט נאָכגעבענדיג כאָטש אַביסעל יענער פּאָפּולערער פאָדערונג פון „פאָלקס פערטרעטערשאַפט", וואָס איז געווען דער לעצטער רעשט פון די לאַנג פערגעסענע צוזאָגען פון 1813 און 1815, און וואָס איז געוואָרען אַ טייל פון דעם געזעץ פון 1820. ער האָט בעשלאָסען, אַז דער בעסטער וועג צו ערפילען דאָס אונבעקוועמע געזעץ איז צונויפצורופען די געשעפטסקאָמיטעטען פון די פּראָווינציעלע לאַנדטאַגען, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרען אין 1823.

אָט די לאַנדטאַגען זיינען בעשטאַנען אין יעדערער פון די אַכט פּראָווינצען פון קעניגרייך פון: 1) דעם העכערען אַדעלשטאַנד, די פאַמיליען, וואָס האָבען אַמאָל רעגירט אין דער דייט־

---

*) „די רהיינישע צייטונג" — איז אַרויסגעגאַנגען אין קעלן און איז געווען דער אָרגאַן פון די ליבעראַלע פיהרער האַנזעמאַן און קאַמפּהאַוזען. מאַרקס האָט בייגעטראָגען געוויסע אַרטיקלען איבער דעם לאַנדטאַג, וואָס האָבען פעראורזאַכט אַזאַ גרויסע סענסאַציאָן, אַז מען האָט איהם אין 1842, כאָטש ער איז דאַן נאָר אַלט געווען פיער און צוואַנציג יאָהר, פאָרגעשלאָגען צו רעדאַגירען די צייטונג. ער האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג, און דאַן האָט ער אָנגעהויבען זיין לאַנגען קאַמף מיט דער פּרייסישער רעגירונג. די צייטונג איז נאַטירליך אַרויסגעגאַנגען אונטער דער אויפזיכט פון אַ צענזאָר, אָבער ער איז גראַד געווען אַ גוטער, ווייכער מענש און ער האָט גאָר נישט געקענט טהאָן קעגען דעם יונגען „פייער־פלאַם". דאַן האָט די רעגירונג געשיקט אַ צווייטען „ספּעציעלען" צענזאָר פון בערלין, אָבער די צווייפאַכע צענזור האָט אויך ניט געקענט ערפילען איהר אויפגאַבע, און די צייטונג איז איינפאַך אונטערדריקט געוואָרען אין 1843.

טשער אימפּעריע, און וועמעס הויפּט פאַרשטעהער זיינען אויף דעם רעכט פון געבורט געוועזען מיטגלידער פון לאַנדטאַג; 2) די פּער־טרעטער פון די ריטער, אָדער נידריגערען אדעלשטאַנד; 3) די פּערטרעטער פון די שטעדט, און 4) די דעפּוטאַטען פון דעם בויער־טום, אָדער דעם קלאַס פון קליינע פּאַרמערס. דאָס גאַנצע איז גע־ווען אזוי אראַנזשירט, אַז אין יעדער פּראָווינץ האָבען די צוויי טיילען פון אדעלשטאַנד אַלעמאָל געהאַט אַ זיכערע מאַיאָריטעט אין לאַנדטאַג.

יעדערער פון אַט די אכט פּראָווינציעלע לאַנדטאַגען האָט ער־וועהלט אַ קאָמיטעט, און אַט די אכט קאָמיטעטען זיינען דאָס איצט גערופען געוואָרען אין בערלין, ווי אַ רעפּרעזענטאַטיווע פערזאַמלונג, מיט דעם צוועק אָבצושטימען איבער דער הלואה, אין וועלכער מען האָט זיך אזוי שטאַרק גענויטיגט. מען האָט ערקלערט, אַז די שטאַאַטס קאַסע איז פול, און אַז מען דאַרף די הלואה ניט צו דע־קען די לויפענדע חובות, נאָר צו בויען אַ שטאַאַטבאַהן. אָבער די פעראייניגטע קאָמיטעטען האָבען דעם קעניג באַלד אָבגעזאָגט, ניט אריינגעהענדיג אין איינצעלהייטען. זיי האָבען זיך ערקלערט פאַר אונקאָמפּעטענט צו האַנדלען ווי פערטרעטער פון פאָלק און האָבען אויפגעפאָדערט זיין מאַיעסטעט צו ערפילען דעם צוזאָג פון אַ רע־פּרעזענטאַטיווער קאָנסטיטוציאָן, וואָס זיין פאָטער האָט געגעבען, ווען ער האָט זיך גענויטיגט אין דער הילף פון פאָלק אנטקעגען נאַפּאָלעאָן.

די זיצונג פון די פעראייניגטע קאָמיטעטען האָט בעוויזען, אַז דער גייסט פון אָפּאָזיציאָן איז שוין ניט מעהר בעשרענקט אויף דער בורזשואזיע אליין. אַ טייל פון בויערטום איז צו זיי צוגע־שטאַנען; און פיעלע אדעליגע, זייענדיג אליין גרויסע פּאַרמערס אויף זייערע גיטער און האַנדלענדיג מיט קאָרן, וואָהל, אַלקאָהאָלישע געטראַנקען און פלאַקס, האָבען זיך גענויטיגט אין דיזעלבע גאַראַנ־טיען קעגען אבסאָלוטיזם, ביוראָקראַטיע און פעאָדאַלער רעסטאורא־ציאָן, און זיי האָבען זיך אויך ארויסגעזאָגט קעגען דער רעגירונג און פאַר אַ רעפּרעזענטאַטיווע קאָנסטיטוציאָן.

דעם קעניג'ס פּלאַן איז פּאָלשטענדיג דורכגעפאַלען. ער האָט ניט בעקומען קיין געלט און האָט נאָך פערגרעסערט די מאַכט פון

דער אָפּאָזיציאָן. די שפּעטערע זיצונג פון די פּראָווינציעלע לאַנד־
טאַגען גופא איז געווען נאָך אונגליקליכער פאַר דעם קעניג. זיי
האָבען אַלע געפאָדערט רעפאָרמען, די ערפילונג פון די צוזאָגען פון
1813 און 1815 פון אַ קאָנסטיטוציאָן און אַ פרייער פּרעס. די
רעזאָלוציאָנען פון איינינע פון זיי זיינען אויסגעדריקט געווען אין
ניט גאַנץ רעספּעקטפולע ווערטער, און דער בייזער ענטפער פון דעם
דערצאָרענטען קעניג האָט נאָך פערערגערט די לאַגע.

אין דערזעלבער צייט האָבען זיך די פינאַנציעלע שוועריג־
קייטען פון דער רעגירונג אַלץ פערגרעסערט. פאַר אַ געוויסע צייט
האָט מען פערמינדערט די אויסגאַבען, וואָס זיינען געווען בעשטימט
פאַר פערשידענע געזעלשאַפטליכע נויטווענדיגקייטען, און מען האָט
געמאַכט לינקע געשעפטען מיט דער „זעע־האַנדלונג", אַ קאָמער־
ציעלער איינריכטונג, וואָס האָט ספּעקולירט און געטהאָן געשעפט
אויפ'ן חשבון פון דעם שטאַאַט און איז שוין לאַנג געווען דעם
שטאַאַט'ס מלוה. דאָס איז געווען גענוג ווי עס איז אָנצוגעהן אַ
געוויסע צייט. פערגרעסערטע אויסגאַבען פון שטאַאַטליכען פּאַפּיר
געלט האָט אַריינגעבראַכט אַ בעדייטענדע סומע, און מען האָט
דעם סעקרעט גאַנץ גוט געהאַלטען. אָבער אָט די אַלע פּלענער זיי־
נען באַלד ערשעפּט געוואָרען.

עס איז געווען אָן אַנדער פּלאַן: די גרינדונג פון אַ באַנק,
דעם קאַפּיטאַל זאָלען געבען טיילווייז דער שטאַאַט, טיילווייז פּרי־
וואַטע אַקציאָנערען. די הויפּט אָנפיהרונג זאָל געהערען צום
שטאַאַט, אַזוי אַז די רעגירונג זאָל קענען ציהען גרויסע סומען געלט
פון באַנק און אויף אַזאַ אופן ווידערהאָלען דיזעלבע געשעפטען,
וואָס מען האָט שוין מעהר ניט געקענט טהאָן מיט דער „זעע־האַנד־
לונג". אָבער מען האָט נאַטירליך ניט געקענט געפינען קיין קאַפּי־
טאַליסטען, וואָס זאָלען איבערגעבען זייער געלט אויף אַזעלכע בע־
דינגונגען. מען האָט געמוזט ענדערען די סטאַטוטען פון דעם באַנק,
מיט גאַראַנטיען צו די אַקציאָנערען, אַז די שטאַאַטס קאַסע וועט
ניט נעמען זייער געלט, איידער מען האָט געקענט פערקויפען אַקציען.
און אַזוי ווי אָט דער פּלאַן איז אויך דורכגעפאַלען, איז מעהר
ניט געבליבען קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר פּרואווען מאַכען אַ הלואה,
אויב מען וועט קענען געפינען קאַפּיטאַליסטען, וואָס וואָלטען גע־

ליהען זייער געלט, ניט פאָרערענדיג קיין ערלויבניש און גאַראַנטיע
פון יענער מיסטעריעזער „צוקונפטיגער פאָלקספערטרעטערשאַפט“.
מען האָט זיך געווענדט צו ראָטשילד׳ן. ער האָט אָבער ערקלערט, אז
אויב די הלואה וועט זיין גאַראַנטירט פון דער „פאָלקס פערטרע־
טערשאַפט“, וועט ער די זאך באַלד אונטערנעמען, אויב אָבער ניט,
קען ער גאַרניט האָבען צו טהאָן מיט דעם געשעפט.

אָט אזוי איז פערשוואונדען יעדע האָפנונג צו בעקומען געלט,
און עס איז ניט געווען קיין מעגליכקייט צו פערמיידען די פאַטאַלע
„פאָלקס פערטרעטערשאַפט“. ראָטשילד׳ס ענטפער איז בעקאַנט
געוואָרען אין הערבסט 1846, און אין פעברואַר פון נעקסטען יאָהר
האָט דער קעניג צונויפגערופען אַלע אכט פראָווינציעלע לאַנדטאַגען
און געמאַכט פון זיי איין „פעראייניגטען לאַנדטאַג“. דער דאָזי־
גער לאַנדטאַג האָט געדאַרפט אויספיהרען די געפאָדערטע ארבייט,
ווען נויטיג, לויט דעם געזעץ פון 1820. ער האָט געדאַרפט אָב־
שטימען איבער הלואות און פערגרעסערטע שטייערען, אָבער אויסער
דעם האָט ער קיין רעכט ניט געהאַט. אין פראַגען פון אַלגעמיינער
געזעצגעבונג האָט ער נאָר געזאָלט האָבען א בעראַטונגס־רעכט. ער
האָט זיך געדאַרפט פערזאַמלען ניט פעריאָדיש, נאָר ווען דער קעניג
האָט דאָס געוואָלט. ער האָט געדאַרפט פערהאַנדלען נאָר דאָס, וואָס
די רעגירונג האָט פאַר איהם פאָרגעבראַכט, און מעהר קיין זאך ניט.
נאַטירליך זיינען די מיטגלידער געווען ווייניג צופרידען מיט דער
ראָל, וואָס זיי האָבען געזאָלט שפּיעלען. זיי האָבען ווידערהאָלט
די פערלאַנגען, וואָס זיי האָבען ארויסגעזאָגט אין די פראָווינציעלע
פערזאַמלונגען. די בעציהונגען צווישען זיי און דער רעגירונג זיי־
נען געוואָרען זעהר שאַרף, און ווען מען האָט פערלאַנגט פון זיי די
הלואה, וואָס מען האָט ווידער אָנגעגעבען ווי א נויטיגען מיטעל
צו בויען אַן אייזענבאַהן, האָבען זיי זיך ווידער אָבגעזאָגט זי צו
בעווילינגען.

אָט די אָבשטימונג האָט באַלד געמאַכט א סוף צו דער זיצונג.
דער אַליין מעהר און מעהר דערצאָרענטער קעניג האָט זי פונאַנדער־
געלאָזען מיט א שאַרפען פאָרוואורף; ער איז אָבער אַליין געבליבען
אָהן געלט. און ער האָט טאַקי געהאַט יעדען גרונד זיך צו שרעקען
פאַר זיין לאַגע. ער האָט געזעהן, אז דער ליבעראַלער בונד, וואָס

איז אָנגעפיהרט געוואָרען פון מיטעלקלאס און האָט געהאט אין זיך
א גרויסען טייל פון דעם נידריגערען אדעלשטאנד און אלע פער־
שידענע טיילען פון די נידריגערע שטאנדען, אז אָט דער ליבעראלער
בונד איז ענטשלאָסען צו בעקומען דאָס, וואָס ער פערלאנגט. אומ־
זיסט האָט דער קעניג ערקלערט אין דער ערעפנונגס רעדע, אז קיינ־
מאָל, קיינמאָל וועט ער ניט געבען קיין קאָנסטיטוציאָן אין דעם מאָ־
דערנעם זין פון וואָרט. דער ליבעראלער בונד איז בעשטאנען אָט
אויף אזא מאָדערנע, אנטיפעאָדאלע רעפרעזענטאטיווע קאָנסטיטו־
ציאָן, מיט אלע איהרע צוגאבען, פרעס פרייהייט, געריכט פון גע־
שוואָרענע, א. אז. וו. און איידער דאָס וועט געגעבען ווערען, ווע־
לען זיי ניט געבען דער רעגירונג קיין געלט.

איין זאך איז געווען אויגענשיינליך: אז מעהר האָט דאָס
אזוי ניט געקענט לאנג אָנגעהן, און אז איינער פון די צוויי צדדים
מוז נאָכגעבען, אָדער א קאָנפליקט, א בלוטיגער קאמף וועט מוזען
ענטשטעהן. און די מיטעלקלאסען האָבען געוואוסט, אז זיי שטעהען
אויפ'ן שוועל פון א רעוואָלוציאָן, און האָבען זיך צו דעם צוגעגרייט.
זיי האָבען געזוכט מיט אלע מיטלען צו געווינען די שטיצע פון דעם
ארבייטער קלאס אין די שטעדט און פון דעם בויערטום אין די
אגריקולטורעלע געגענדען. און עס איז גוט בעקאנט, אז אין דער
צווייטער העלפט פון 1847 איז כמעט ניט געווען קיין איינציגער
פאָליטישער טהוער אין דער בורזשואזיע, וואָס האָט זיך ניט ער־
קלערט פאר א „סאָציאליסט“, אום צו פארזיכערען פאר זיך די סימ־
פאטיע פון דעם פראָלעטארישען קלאס. מיר וועלען נאָך זעהן
שפעטער, ווי אָט די „סאָציאליסטען“ האָבען געארבייט.

דאָס וואָס די אָנפיהרענדע בורזשואזיע האָט אזוי שטארק
געוואָלט אָננעמען כאָטש דעם אויסערליכען אויסזעהן פון סאָ־
ציאליזם, ערקלערט זיך מיט דער גרויסער ענדערונג, וואָס איז פאָר־
געקומען אין די ארבייטענדע קלאסען פון דייטשלאנד. פון זינט
1840 איז געווען אין דייטשלאנד א טייל ארבייטער, וואָס האָבען,
ארומרייזענדיג פראנקרייך און די שווייץ, זיך מעהר אָדער ווייניגער
דורכגעדרונגען מיט די רויהע סאָציאליסטישע אָדער קאָמוניסטישע
אידעען פון די פראנצויזישע ארבייטער. די אלץ וואקסענדע אויפ־
מערקזאמקייט צו אזעלכע אידעען אין פראנקרייך פון זינט 1840,

האָט פּעראורזאַכט אַ מאָדע אין דייטשלאַנד אויף סאָציאַליזם און קאָמוניזם, און אַזוי ווייט צוריק, ווי 1843, זיינען די צייטונגען געווען פול מיט דיסקוסיאָנען פון סאָציאַלע פראַגען. אַ שול פון סאָציאַליסטען האָט זיך באַלד געגרינדעט אין דייטשלאַנד, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט מעהר מיט דער אונקלאָרקייט, ווי מיט עפּעס נייעס אין איהרע אידעען. איהר הויפּט טהעטיגקייט איז בעשטאַנען אין איבערזעצען די פראַנצויזישע פוריעריסטישע, סען־סימאָניסטישע און אַנדערע דאָקטרינען אין דער אונקלאָרער שפּראַך פון דער דייטשער פילאָסאָפיע. די דייטשע קאָמוניסטישע שול, וואָס האָט גאָרניט געהאַט צו טהאָן מיט אָט דער סעקטע, האָט זיך געגרינדעט אַרום דערזעלבער צייט.

אין 1844 זיינען פאָרגעקומען די אונרוהען פון די שלעזישע וועבער, און גלייך נאָכדעם דער אויפשטאַנד פון די קאַרטון דרוקער אין פּראַג. אָט די אויסברוכען, וואָס זיינען דערשטיקט געוואָרען אויף אַ גרויזאַמען אופן, אויפשטאַנדען פון אַרבייטער ניט אַנט־קעגען דער רעגירונג, נאָר אַנטקעגען זייערע אַרבייטס־געבער, האָ־בען פעראורזאַכט אַ טיפע סענסאַציאָן און געגעבען אַ נייעם שטויס דער סאָציאַליסטישער און קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען די אַרבייטער. און פונקט אַזאַ ווירקונג האָבען געהאַט די ברויט אונרוהען אין דעם הונגער יאָהר 1847. מיט איין וואָרט, פונקט ווי די קאָנסטיטוציאָנעלע אָפּאָזיציאָן האָט אַרומגעקליבען אַרום זיך די גרויסע מאַסע פון די פערמעגליכע קלאַסען, אויסער די גרויסע פעאָדאַלע לאַנדבעזיצער, אַזוי האָבען די אַרבייטענדע קלאַסען פון די גרעסערע שטעדט ערוואַרט זייער עמאַנציפּאַציאָן פון די סאָציא־ליסטישע און קאָמוניסטישע דאָקטרינען, כאָטש אונטער די עקזיס־טירענדע געזעצען וועגען דער פּרעס האָבען זיי געקענט ווייניג וואָס זיך דערוויסען וועגען דעם. מען האָט ניט געקענט ערוואַרטען פון זיי, אַז זיי זאָלען האָבען זעהר בעשטימטע געדאַנקען וועגען דעם, וואָס זיי האָבען פערלאַנגט. זיי האָבען נאָר געוואוסט, אַז דאָס פּראָגראַם פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער בורזשואַזיע האָט ניט גע־האַט אין זיך דאָס, וואָס זיי האָבען פערלאַנגט, און אַז זייערע נויטען זיינען אויף קיין פאַל ניט געווען איינגעשלאָסען אין דעם קאָנסטי־טוציאָנעלען אידעען קרייז.

עס איז דאמאלס ניט געווען קיין בעזונדערע רעפּובליקאנער פּארטיי אין דייטשלאנד. עס זיינען געווען ענטוועדער קאָנסטי־טוציאָנעלע מאָנארכיסטען, אָדער מעהר אָדער ווענינער קלאָר בע־שטימטע סאָציאַליסטען אָדער קאָמוניסטען.

ביי אזעלכע עלעמענטען האָט דער לייכטסטער צוזאמענשטויס געמוזט ברענגען א גרויסע רעוואָלוציאָן. די לאַגע איז געווען אזא: דער העכערער אדעלשטאנד און די עלטערע ציווילע און מיליטע־רישע בעאמטע זיינען געווען די איינציגע זיכערע שטיצע פון דעם עקזיסטירענדען סיסטעם; דער נידריגערער אדעלשטאנד, דער אינ־דוסטריעלער און קאָמערציעלער מיטעלקלאַס, די אוניווערסיטעטען, די אויפזעהער פון די פערשידענע שולען, און אפילו א טייל פון די נידריגערע ראנגען פון דער ביוראָקראטיע און מיליטער זיינען אלע געווען פעראייניגט קעגען דער רעגירונג. הינטער אָט די אָפּאָ־זיציאָנעלע עלעמענטען זיינען געשטאַנען די אונצופרידענע מאסען פון דעם בויערטום און די פּראָלעטאריער פון די גרעסערע שטעדט, וואָס האָבען דערווייל געשטיצט די ליבעראלע אָפּאָזיציאָן, האָבען שוין אָבער געמורמעלט זאָנדערבארע ווערטער וועגען איבערנעמען אלץ אין זייערע אייגענע הענט. ווערענד די בורזשואזיע איז גע־ווען גרייט אראָבצוּוואַרפען די רעגירונג, האָבען זיך די פּראָלעטאַ־ריער געגרייט אראָבצוּוואַרפען נאָכדעם די בורזשואזיע. און די רעגירונג איז אין דערזעלבער צייט אָנגעגאַנגען מיט איהר איינ־געשפּארטער פּאָליטיק, וואָס האָט געמוזט פיהרען צו א קאָנפליקט. דייטשלאנד איז אין אָנהויב 1848 געווען אויפ'ן שוועל פון א רע־וואָלוציאָן, און אָט די רעוואָלוציאָן וואָלט זיכער געקומען, אפילו ווען די פעברואר רעוואָלוציאָן אין פראנקרייך וואָלט ניט פעראור־זאכט איהר באלדיגען אויסברוך.

ווי די פּאריזער רעוואָלוציאָן האָט געווירקט אויף דייטשלאנד, וועלען מיר באלד זעהן.

לאָנדאָן, סעפּטעמבער 1851.

## III

# די אַנדערע דייטשע שטאַאַטען.

אין לעצטען קאַפּיטעל האָבען מיר גערעדט כמעט אויס־שליסליך וועגען פּרייסען, דעם שטאַאַט, וואָס איז געוועזען גאָר דער וויכטיגסטער אין דער דייטשער בעוועגונג אין פערלויף פון דער צייט פון 1840 ביז 1848. עס איז אָבער צייט צו געבען אַ קורצען איבערבליק פון די אַנדערע שטאַאַטען פון דייטשלאַנד פאַר דערזעלבער צייט.

וואָס אַנבעלאַנגט די קלענערע שטאַאַטען, זיינען זיי, פון זינט די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונגען פון 1830, אינגאַנצען אַרונטער־געפאַלען אונטער די דיקטאַטור פון דעם סיים פון דער קאָנפעדעראַ־ציאָן, דאָס הייסט פון עסטרייך און פּרייסען. די בעזונדערע קאָנ־סטיטוציאָנען, וואָס זיינען איינגעפיהרט געוואָרען פּונקט אַזוי פיעל אַלס פּערטיידיגונגס־מיטעל קעגען דער הערשאַפט פון די גרעסערע שטאַאַטען, ווי צו געווינען פּאָפּולאַריטעט פאַר זייערע קעניגליכע אויטאָרען און פעראייניגען די פערשיעדענאַרטיגע רעפּרעזענטאַטי־ווע קאַמערען פון די פּראָווינצען, וואָס זיינען בעשאַפען געוואָרען אויף דעם וויענער קאָנגרעס אָהן וועלכען עס איז לייטענדען פּרינ־ציפּ, אָט די קאָנסטיטוציאָנען, כאָטש זיי זיינען געוועזען ניט מעהר ווי אַן אילוזיאָן, זיינען דאָך געוואָרען געפעהרליך פאַר דער אויטאָ־ריטעט פון די קליינע פּרינצען גופא אין די שטורמיגע צייטען פון 1830 און 1831. מען האָט זיי אַלע כמעט פערניכטעט. דאָס, וואָס מען האָט פון זיי איבערגעלאָזען, איז געוועזען ווענינער ווי אַ שאָטען, און מען האָט געדאַרפט האָבען די פּלוידערישע זעלבסטצופרידענ־הייט פון אַ וועלקער, אַ ראָטעק, אַ דאַלמאַן, זיך איינצורעדען, אַז וועלכע עס איז רעזולטאַטען קענען אַרויסקומען פון דער בעשיידע־נער אָפּאָזיציאָן, געמישט מיט ערנידריגענדער חניפה, וואָס מען האָט זיי ערלויבט אַרויסצואווייזען אין די מאַכטלאָזע קאַמערען פון יענע קליינע שטאַאַטען.

דער ענערגישערער טייל פון מיטעלקלאַס אין די קלענערע שטאַאַטען האָט באַלד נאָך 1840 אויפגעגעבען אַלע האָפנונגען, וואָס

זיי האָבען פריהער געלעגט אויף די ענטוויקלונג פון פּאַרלאַמענ־טאַרישער רעגירונג אין אָט די קאָלאָניען פון עסטרייך און פּריי־סען. אזוי שנעל ווי די פּרייסישע בורזשואזיע און די קלאַסען, וואָס זיינען מיט איהר געווען פערבונדען, האָבען ארויסגעוויזען אַן ערנסטע ענטשלאָסענהייט צו קעמפען פאַר פּאַרלאַמענטאַרישע רעגי־רונג אין פּרייסען, האָט מען זיי ערלויבט אָנצופיהרען די קאָנסטיטו־ציאָנעלע בעוועגונג איבער דעם גאַנצען ניט־עסטרייכישען דייטש־לאַנד. עס איז אַ פאַקט, וואָס וועט שוין איצט מעהר ניט בעשטרי־טען ווערען, אז דער קערן פון יענע קאָנסטיטוציאָנאַליסטען פון צענ־טראַל דייטשלאַנד, וואָס האָבען זיך שפּעטער אָבגעטיילט פון דער פראַנקפורטער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג, און וואָס האָבען זיך גערו־פען, נאָך דעם אָרט פון זייערע בעזונדערע פערזאַמלונגען, די גאָטאַ פּאַרטיי, האָבען שוין לאַנג פאַר 1848 בעטראַכט אַ פּלאַן, וואָס זיי האָבען אין אַ ווענינ געענדערטער פאָרם פאָרגעשלאָגען צו די פער־טרעטער פון גאַנץ דייטשלאַנד.

זייער אבזיכט איז געווען אינגאַנצען אויסצושליסען עסטרייך פון דער דייטשער קאָנפעדעראַציאָן, גרינדען אַ נייע קאָנפעדעראַ־ציאָן מיט אַ נייעם פונדאַמענטאַלען געזעץ און מיט אַ פעדעראַלען פּאַרלאַמענט פון די קלענערע שטאַאַטען איינגעשלאָסען אין די גרע־סערע. דאָס אַלץ האָט געדאַרפט אויסגעפיהרט ווערען אין דעם אויי־גענבליק, ווען פּרייסען וועט זיך אָנשליסען אין די רייהען פון קאָנ־סטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע, וועט איינפיהרען פּרעס־פרייהייט און וועט אָננעמען אַ פּאָליטיק, וואָס וועט זיין אונאבהענגיג פון דער פּאָ־ליטיק פון רוסלאַנד און עסטרייך, און וועט געבען די קאָנסטיטו־ציאָנאַליסטען פון די קלענערע שטאַאַטען די מעגליכקייט צו בעקומען אַ קאָנטראָל איבער זייערע אייגענע רעגירונגען. דער ערפינדער פון אָט דעם פּלאַן איז געווען פּראָפעסאָר גערווינוס פון הײדעלבערג, אין באַדען. די עמאַנציפּאַציאָן פון דער פּרייסישער בורזשואזיע האָט געזאָלט אויף אזא'ן אַרט זיין דער סימוואָל פאַר דער בעפרייאונג פון דעם מיטעלקלאַס פון גאַנץ דייטשלאַנד און פאַר אַן אָפּענסיווען און פערטדיגונגס בונד קעגען רוסלאַנד און עסטרייך. ווייל עסטרייך, ווי מיר וועלען שפּעטער זעהן, איז בעטראַכט געוואָרען פאַר אַ באַר־באַריש לאַנד, וואָס איז זעהר ווענינ בעקאַנט געווען, און וואָס מען

האָט יע געוואוסט, איז ניט געווען צו איהר גונסטען. עסטרייך איז דעריבער גאָר ניט בעטראַכט געוואָרען פאר א וועזענטליכען טייל פון דייטשלאנד.

וואָס אנבעלאַנגט די אַנדערע געזעלשאפטליכע קלאַסען, זיינען זיי אין די קלענערע שטאַאטען נאָכגעגאַנגען, מיט מעהר אָדער וועניגער שנעלע טריט, נאָך זייער גלייכען אין פּרייסען. דער קרע־מערשער קלאַס איז אַלץ מעהר און מעהר געוואָרען אונצופרידען מיט זיינע בעזונדערע רעגירונגען, מיט די פערגרעסערטע שטייערען, מיט דער בעשרענקונג פון זייערע כלומרשטע פּאָליטישע פּריווילעגיען, מיט וועלכע זיי פלעגען זיך בעריהמען, ווען נאָר זיי האָבען זיך פערגליכען מיט די „שקלאַפען פון דעספּאָטיזם" אין עסטרייך און פּרייסען. אָבער זיי האָבען נאָך ניט געהאַט עפּעס בעשטימטעס אין זייער אָפּאָזיציאָן, וואָס זאָל שטעמפּלען ווי אַן אונאבהענגיגע פּארטיי, פערשידען פון דעם קאָנסטיטוציאָנאַליזם פון דער העכערער בורזשואזיע. די אונצופרידענהייט צווישען דעם בויערטום איז אויך געוואַקסען. אָבער עס איז גוט בעקאַנט, אז אַט דער טייל פון פאָלק וועט אין רוהיגע און פריעדליכע צייטען קיינמאָל ניט פערטיידיגען זיינע אינטערעסען און אָננעמען א שטעלונג פון אַן אונאבהענגיגען קלאַס, אויסער אין די לענדער, וואו אַלגעמיינע וואהלרעכט איז איינגעפיהרט. די ארבייטער קלאַסען אין די פאַכען און אינדוסטריען פון די שטעדט האָבען זיך אַלץ מעהר אננעשטעקט מיט דעם „גיפט" פון סאָציאַליזם און קאָמוניזם, אָבער אַזוי ווי עס זיינען געווען וועניג וויכטיגערע שטעדט אויסערהאַלב פּרייסען, און נאָך וועניגער אינדוסטריעלע געגענדען, איז די בעוועגונג פון אָט דעם קלאַס, צוליעב דער אַבוועזענהייט פון צענטרען פון אקציאָן און פּראָפּאַגאַנדא, געווען זעהר לאַנגזאַם אין די קלענערע שטאַאטען.

סאַי אין פּרייסען, סאַי אין די קלענערע שטאַאטען האָבען די שטערונגען, וואָס זיינען געשטאַנען אין וועג פון פּאָליטישער אָפּאָזיציאָן, בעשאַפען א מין רעליגיעזע אָפּאָזיציאָן אין די פּאראַלעלע בעוועגונגען פון דייטשען קאַטאָליציזם און פרייען קאָנגרע־

גאציאָנאַליזם *). די געשיכטע גיט אונז גענוג ביישפּיעלען פון
לענדער, וואָס זיינען געבענשט מיט אַ שטאאַטליכער קירך, און
אין וועלכע פּאָליטישע דיסקוסיאָן ווערט געשטערט; וואו די וואָ־
כעדיגע און געפעהרליכע אָפּאָזיציאָן קעגען דער וועלטליכער מאַכט
איז בעהאַלטען הינטער דעם מעהר געהייליגטען און שיינבאר מעהר
אונאייגעננוציגען קאַמף קעגען גייסטיגען דעספּאָטיזם. פּיעלע רע־
גירונגען, וואָס וועלען ניט ערלויבען, אַז זייערע האַנדלונגען זאָלען
דיסקוטירט ווערען, וועלען זיך אָבשטעלען פאר בעשאַפען מארטי־
רער און אויפרייצען דעם רעליגיעזען פאַנאַטיזם פון די מאַסען.

אַזוי איז אין דייטשלאַנד אין 1845, אין יעדען שטאאַט בע־
זונדער, ענטוועדער די רוימיש־קאַטוילישע, אָדער די פּראָטעסטאַנ־
טישע קירך, אָדער ביידע, בעטראַכט געוואָרען פאר אַן אייגענט־
ליכען טייל פון דעם געזעץ פון לאַנד. און אין יעדען שטאאַט זיי־
נען די גייסטליכע פון איינער פון די צוויי סעקטען, אָדער פון ביי־
דע, געווען אַ וועזענטליכער טייל פון דער ביוראָקראַטישער איינ־
ריכטונג פון דער רעגירונג. אָנגרייפען די פּראָטעסטאַנטישע אָדער
קאַטוילישע קירך, אָדער די גייסטליכע, האָט דאַן געמיינט אָנגריי־
פען די רעגירונג אַליין. וואָס אַנבעלאַנגט די דייטשע קאַטוילִיקען,
איז שוין זייער עקזיסטענץ אַליין געווען אַן אנגריף אויף די קאַ־
טוילישע רעגירונגען פון דייטשלאַנד, בעזונדערס עסטרייך און
בייערן, און יענע רעגירונגען האָבען טאַקי אַזוי אויף דעם געקוקט.
די פרייע קאָנגרעגאַציאָנאַליסטען, ווידער, פּראָטעסטאַנטישע סעק־
טאַנטען, ביז אַ געוויסער מאָס עהנליך צו די ענגלישע און
אַמעריקאַנער אוניטאַריער, האָבען אָפען ארויסגעוויזען זייער
אָפּאָזיציאָן צו דער קלעריקאַלער און פערגליווערטער אָרטאָדאָקסי־
שער טענדענץ פון דעם קעניג פון פּרייסען און זיין מיניסטער פון
פּאָלקסבילדונג און רעליגיאָן, הערר אייכהאָרן. די צוויי נייע סעק־
טען, וואָס האָבען זיך פאַר אַ ווײַלע שנעל פערשפּרייט, די ערשטע
אין די קאַטוילישע, די צווייטע אין די פּראָטעסטאַנטישע לענדער,

*) פרייער קאָנגרעגאַציאָנאַליזם — איז אַ סעקטע פון קריסטען,
וואָס גלויבט אין אויטאָנאָמע קירכען, אַזעלכע וואָס זיינען פריי פון דער
אַריינמישונג פון דער העכערער קריסטליכער היעראַרכיע.

האָבען קיין אַנדער אונטערשיד ניט געהאט צווישען זיך, אויסער זייער בעזונדערע אָבשטאַמונג. וואָס שייך זייערע פּרינציפּען, זיינען זיי געווען איינשטימיג אין דעם איין וויכטיגסטען פּונקט, אַז אַלע בעשטימטע דאָגמען האָבען קיין ווערט ניט. אָט די אַבוועזענ־הייט פון אירגענד וועלכער בעשטימטקייט איז געווען זייער קווינט־עסענץ. זיי האָבען פּרעטענדירט צו בויען יענעם גרויסען טעמפּעל, אונטער וועמעס דאַך אַלע דייטשען קענען זיך פעראייניגען. זיי האָ־בען אויף אַזאַ׳ן אַרט פערטראָטען, אין אַ רעליגיעזער פאָרם, אַנאַנ־דער פּאָליטישע אידעע פון דער צייט, דעם געדאַנק פון דייטשער איינינקייט, און דאָך האָבען זיי קיינמאָל ניט געקענט זיך איינינגען.

דער געדאַנק פון דייטשער אייניגקייט, וואָס די אויבענדער־מאָנטע סעקטען האָבען געשטרעבט צו פערווירקליכען, ווענינסטענס אויף דעם רעליגיעזען באָדען, דורך אויסגעפינען די געמיינשאפט־ליכע רעליגיאָן פאר אַלע דייטשען, אַ רעליגיאָן, וואָס איז ספּעציעל פאבריצירט פאַר זייער געברויך, געוואוינהייטען און געשמאַק, אָט דער געדאַנק איז ווירקליך געווען שטארק פערשפּרייט, בעזונדערס אין די קלענערע שטאַאַטען. פון זינט נאַפּאָלעאָן האָט אויפגעלעזט די דייטשע אימפּעריע, איז דער געשריי פאַר אַ פעראייניגונג פון די „אָבגעטיילטע גליעדער" פון דעם דייטשען קערפּער געווען דער אַלגעמיינסטער אויסדרוק פון אונצופרידענהייט מיט דער עקזיסטי־רענדער אָרדנונג, בעזונדערס אין די קלענערע שטאַאַטען, וואו די גרויסע אויסגאַבען אויף אַ הויף, אַן אַדמיניסטראַציאָן, אַן אַרמיי, מיט איין וואָרט, די טויטע לאַסט פון שטייערען האָבען זיך פער־גרעסערט אַלץ מעהר, וואָס דער שטאַאַט איז געווען קלענער און שוואַכער.

אָבער וואָס די דייטשע אייניגקייט האָט געזאָלט זיין, ווען זי וואָלט אויסגעפיהרט געוואָרען, איז געווען אַ פראַגע, אין וועלכער די פּאַרטייען זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. די בורזשואַזיע, וואָס האָט ניט געוואָלט קיין ערנסטע רעוואָלוציאָנערע אויפטרייסלונג, וואָלט צופרידען געווען מיט דעם, וואָס, ווי מיר האָבען געזעהן, זי האָט בעטראַכט פאַר „פּראַקטיש", נעמליך אַ פערבאַנד פון גאַנץ דייטשלאַנד, אויסשליסענדיג עסטרייך, אונטער דער אויבערהער־שאַפט פון אַ פּרייסישער קאָנסטיטוציאָנעלער רעגירונג. און זיכער

האָט קיין זאַך מעהר ניט געקענט געטהאָן ווערען, ניט ארויסרו־
פענדיג דערביי קיין געפעהרליכע שטורעמס. דער קרעמערשער
קלאַס און דאָס בויערטום, אויף וויפיעל זיי האָבען זיך איבערהויפּט
געקימערט וועגען אזעלכע זאכען, האָבען קיינמאָל ניט געקענט
דעפינירען די דייטשע איינינקייט, וואָס זיי האָבען אזוי הויך גע־
פאָדערט. איינינע טרוימער, מעהרסטענס פּעדאַלע רעאַקציאָנע־
רען, האָבען געהאָפּט ווידער אויפצושטעלען די דייטשע אימפּעריע.
איינינע אונוויסענדע כלומרש'טע ראדיקאַלען, וואָס האָבען פּער־
עהרט די אינסטיטוציאָנען פון דער שווייץ, מיט וועלכע זיי האָבען
נאָך ניט געהאט יענע פּראקטישע ערפאהרונג, וואָס האָט זיי שפּע־
טער בעפרייט פון זייער טעות אויף אזא קאָמישען אופן, האָבען
זיך ערקלערט פאר א פעדערירטע רעפּובליק. און נאָר די עקס־
טרעמע פּארטיי האָט אין יענער צייט געוואגט זיך ארויסצוזאָגען
פאר א דייטשע רעפּובליק, איינע און אונצוטיילבארע. אזוי איז
די דייטשע איינינקייט געווען אליין א פראגע, וואָס האָט ארויס־
גערופען פערשידענהייטען, אונאיינינקייט און אפילו בירגער קריעג
אין פאל פון געוויסע געשעהענישען.

מיר וועלען רעזומירען. דאָס איז געווען דער צושטאנד פון
פּרייסען און די קלענערע שטאאטען פון דייטשלאנד צום סוף 1847.
דער מיטעלקלאַס האָט געפיהלט זיין מאכט און איז געווען ענטשלאָ־
סען ניט צו דולדען לענגער די קייטען, וואָס א פעאָדאַלער און ביוראָ־
קראַטישער דעספּאָטיזם האָט ארויפגעלעגט אויף זיינע קאָמערציעלע
אונטערנעמונגען, אינדוסטריעלע פּראָדוקטיוויטעט, זיין געמיינ־
שאַפטליכע טעטיגקייט, אלס א קלאַס. א טייל פון דעם אדעלשטאנד
אויף'ן לאנד האָט זיך אויף אזוי פיעל פערוואַנדעלט אין פּראָדוצי־
רער פון איינפאכע סחורות פאר דעם מארק, אז זיי האָבען געהאט
דיזעלבע אינטערעסען און האָבען זיך פעראייניגט מיט דעם מיטעל־
קלאַס. דער קלענערער האנדעלס־קלאַס איז געווען אונצופרידען מיט
די שטייערען, מיט די שטערונגען אויף דעם וועג פון זיינע געשעפ־
טען, ער האָט אָבער ניט געהאט קיין בעשטימטען פּלאַן פאר אזעלכע
רעפאָרמען, וואָס זאָלען פערזיכערען זיין פּאָזיציאָן אין דער סאָ־
ציאַלער און פּאָליטישער קערפּערשאַפט. דאָס בויערטום, געדריקט
דאָ פון פעאָדאַלע ערפּרעסונגען, דאָרט פון פּראָצענטניקעס, איז

אויף געוועזען אונצופרידען. דער ארבייטער קלאַס פון די שטעדט איז געוועזען אָנגעשטעקט מיט דער אַלגעמיינער אונצופרידענהייט. ער האָט גלייך געהאַסט די רעגירונג און די גרויסע אינדוסטריעלע קאַפּיטאַליסטען און האָט זיך אָנגעשטעקט מיט די סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע אידעען.

מיט איין וואָרט, דאָס איז געוועזען אַ פערשידענאַרטיגע מאַסע פון אָפּאָזיציאָן, וואָס איז ארויסגעקומען פון פערשידענע אינטערע־סען, איז אָבער מעהר אָדער וועניגער אָנגעפיהרט געוואָרען פון דער בורזשואַזיע, אין וועמעס ערשטע רייהען איז געשטאַנען די בור־זשואַזיע פון פּרייסען, בעזונדערס פון די רהיינישע פּראָווינצען. פון דער אַנדער זייט זיינען די רעגירונגען זיך פּאַנאַנדערגעגאַנגען אין פיעלע פּונקטען, האָבען ניט געהאַט קיין צוטרוי איינע צו דער אַנדערער, בעזונדערס צו דער פּרייסישער רעגירונג, אויף וועמעס שוץ זיי האָבען זיך נאָך אַלץ געמוזט פערלאָזען.

אין פּרייסען איז די רעגירונג געוועזען פערלאָזען פון דער עפענט־ליכער מיינונג, פערלאָזען אפילו פון אַ טייל פון אדעלשטאַנד, האָט זיך געשטיצט אויף אַן ארמיי און אַ ביוראָקראַטיע, וואָס האָבען זיך מיט יעדען טאָג אַלץ מעהר אָנגעשטעקט מיט די אידעען פון דער אָפּאָזיציאָנעלער בורזשואַזיע און זיינען אַלץ מעהר ארונטער־געפאַלען אונטער דעם איינפלוס פון יענעם קלאַס. אָט די רעגירונג איז אויסערדעם געוועזען אין דעם בוכשטעבליכען זין פון וואָרט אָהן אַ פּרוטה און האָט ניט געקענט בעקומען אפילו איין איינציגען פּעניג צו דעקען איהר אַלץ וואַקסענדען דעפיציט, אויסער דורך אַ בעשלוס זיך אונטערצוגעבען דער אָפּאָזיציאָן פון דער בורזשואַ־זיע. איז דען ווען געוועזען אַ גלענצענדערע פּאָזיציאָן פאַר דעם מיטעלקלאַס פון אירגענד וועלכען לאַנד, ווען ער האָט געקעמפט פאַר מאכט קעגען אַן עקזיסטירענדער רעגירונג?

לאָנדאָן, סעפּטעמבער 1851.

IV

# עסטרייך

איצט בלייבט אונז צו בעטראַכטען די לאַגע אין עסטרייך. יענע לאַנד איז ביז מערץ 1848 געווען פערשלאָסען פאַר די אויגען פון פרעמדע לענדער כמעט ווי כינא איז געווען פאַר איהר לעצטער מלחמה מיט ענגלאַנד.

מיר קענען נאַטירליך דאָ בעטראַכטען נאָר דייטש־עסטרייך. די אַנגעלעגענהייטען פון די פוילישע, אונגאַרישע אָדער איטאַליע־נישע עסטרייכער געהערען ניט צו אונזער געגענשטאַנד, און אויף אַזוי פיעל ווי זיי האָבען בעאיינפלוסט זינט 1848 דעם שיקזאַל פון דייטש־עסטרייך, וועלען זיי מוזען שפּעטער בעטראַכט ווערען בעזונדער.

די רעגירונג פון פירנץ מעטערניך האָט זיך געהאַלטען אויף צוויי הויפּט זאַכען: ערשטענס, איז יעדע איינע פון די פערשידענע נאַציאָנען אונטער עסטרייכישער הערשאַפט געהאַלטען געוואָרען אין צאַם פון אַלע אַנדערע נאַציאָנען, וואָס האָבען זיך געפונען אין דער זעלבער לאַגע; צווייטענס, און דאָס איז אַלע מאָל געווען דער גרונד פּרינציפּ פון אַבסאָלוטע מאָנאַרכיען, האָט זי זיך פערלאָזען אויף די שטיצע פון צוויי קלאַסען, די פעאָדאַלע לאַנדבעזיצער און די גרויסע קאַפּיטאַליסטען. און די רעגיערונג האָט זיך דערביי גע־מיהט צו ברענגען אַ גלייכגעוויכט פון איינפלוס און מאַכט צווישען די צוויי קלאַסען, אום איבערצולאָזען פאַר זיך די פולע זעלבסט־שטענדיגקייט פון האַנדלונג.

דער אַדעלשטאַנד אויף'ן לאַנד, וועמעס גאַנצע איינקונפט איז בעשטאַנען אין די פערשידענסטע פעאָדאַלע שטייערען, האָט געמוזט שטיצען אַ רעגירונג, וואָס איז געווען זיין גאַנצע שטיצע קעגען דעם אונטערדריקטען קלאַס פון שקלאַפען, פון וועמעס אַרבייט ער האָט געלעבט. און ווען זיין וועניגער פערמעגליכער טייל, ווי אין גאַליציען, איז אין 1846 אויפגעשטאַנען אין אָפּאָזיציאָן קעגען דער רעגירונג, האָט מעטערניך אין אַן אויגענבליק אַרויסגע־לאָזען אויף איהם אָט דיזעלבע שקלאַפען, וואָס האָבען ביי דער געלע־גענהייט יעדענפאַלס פּראָפּיטירט אין דעם, וואָס זיי האָבען געגער־

מען שרעקליכע ראכע פון זייערע דירעקטע אונטערדריקער. פון דער אנדער זייט, זיינען די גרויסע קאפיטאליסטען פון דער בערזע גע־ווען צוגעבונדען צו מעטערניך'ס רעגירונג דורך דעם גרויסען טייל, וואס זיי האבען געהאלטען אין די שטאאטליכע הלואות פון לאנד.

עסטרייך, אומגעקערט צו איהר פאלשטענדיגער מאכט אין 1815, האבענדיג אויפגעשטעלט און אויפהאלטענדיג אין איטאליען אן אבסאלוטע מאנארכיע זינט 1820, בעפרייט פון א טייל פון איהרע שולדען דורך איהר באנקראט פון 1810, האט נאך דעם פריעדען זעהר שנעל ווידער בעפעסטיגט איהר קרעדיט אויף די גרויסע אייראפעאישע געלט מערק, און וואס מעהר איהר קרעדיט איז געוואקסען, אלץ מעהר געלט האט זי געצויגען. אויף אזא'ן אופן האבען אלע גרויסע אייראפעאישע באנקירען איינגעלעגט בע־דייטענדע טיילען פון זייער קאפיטאל אין די עסטרייכישע פאנדען. זיי זיינען אלע געווען פעראינטערעסירט אויפצוהאלטען דעם קרע־דיט פון יענעם לאנד. און אזוי ווי עסטרייך'ס קרעדיט, אום אויפ־געהאלטען צו ווערען, האט אלץ געפאדערט נייע הלואות, האבען זיי געמוזט פון צייט צו צייט איינלעגען נייעם קאפיטאל, אום אויפצוהאלטען דעם קרעדיט פון די אבליגאציעס פאר די קאפיטא־לען, וואס זיי האבען שוין פריהער געליהען.

דער לאנגער פריעדען נאך 1815 און די אויגענשיינליכע אונ־מעגליכקייט אומצוואווארפען א טויזענדיאהריגע אימפעריע, ווי עסטרייך, האט אין א וואונדערליכער מאס געהויבען דעם קרעדיט פון מעטערניך'ס רעגירונג און האט אפילו געמאכט אט דעם קרע־דיט אינגאנצען אונאבהענגיג פון דעם גוטען ווילען פון די וויענער באנקירען און אקציען הענדלער. ווייל אזוי לאנג ווי מעטערניך האט געקענט בעקומען גענוג געלט אין פראנקפורט און אמסטערדאם, האט ער נאטירליך געהאט די בעפרידיגונג צו זעהן די עסטרייכער קאפיטאליסטען ביי זיינע פיס. אט די קאפיטאליסטען זיינען נאך אויסערדעם געווען אין זיינע הענט אין יעדער אנדער הינזיכט. פון אן אבסאלוטער מאנארכיע האבען די באנקירען, אקציען הענדלער און רעגירונגס אונטערהענדלער אלעמאל געקענט ציהען זעהר גרויסע פראפיטען; דערפאר אבער איז די מאכט פון דער רעגירונג איבער זייערע פערזאנען און אייגענטום געווען כמעט אונבעשרענקט. מען

האָט דעריבער פון אָט דעם קלאַס ניט געדאַרפט ערוואַרטען דעם קלענסטען סימן פון אָפּאָזיציאָן.

אויף אַזאַ אַרט איז מעטערניך געוועזן זיכער מיט דער שטיצע פון די צוויי מעכטיגסטע און איינפלוסרייכסטע קלאַסען אין דער אימפעריע און האָט נאָך אויסערדעם געהאַט אַן אַרמיי און אַ ביוראָ־קראַטיע, וואָס זיינען געוועזן אַמבעסטען אָרגאַניזירט פאַר אַלע צוועקען פון אַבסאָלוטיזם. די ציווילע און מיליטערישע בע־אַמטע אין עסטרייכישער דיענסט זיינען פאַר זיך אַליין אַ ראַסע: זייערע פאָטערס זיינען געוועזן אין דיענסט פון קייזער, און זייערע זיהן וועלען אויך זיין. זיי געהערען ניט צו קיינער פון די פער־שידענאַרטיגע נאַציאָנאַליטעטען, וואָס זיינען פערזאַמעלט אונטער דעם פליגעל פון דעם צווייקעפּיגען אָדלער. מען פיהרט זיי איבער, און מען האָט זיי אַלעמאָל איבערגעפיהרט פון איין עק פון דער אימפעריע צו דעם אַנדערען, פון פוילען אין איטאַליען, פון דייטש־לאַנד אין טראַנסילוואַניען. אונגאַרען, פּאָליאַקען, דייטשען, רומע־ניער, איטאַליענער, קראָאַטען, אַלע פּערזאָנען, וואָס זיינען ניט גע־שטעמפּעלט מיט „אימפּערישער און קעניגליכער אויטאָריטעט", א. אז. וו., וואָס האָבען אַ בעזונדערען נאַציאָנאַלען כאַראַקטער, רופען ביי זיי אַרויס אַ גלייכע פעראַכטונג. זיי האָבען ניט קיין נאַציאָנאַליטעט, ריכטיגער זיי אַליין זיינען דאָס די אמת'ע עסט־רייכער נאַציאָן. מען קען דעריבער פערשטעהן, וואָס פאַר אַ בויג־זאַמער, און אין דערזעלבער צייט מעכטיגער אינסטרומענט אַזאַ היעראַרכיע דאַרף זיין אין די הענט פון אַ פערשטענדיגען און ענער־גישען פיהרער.

וואָס אַנבעלאַנגט די אַנדערע קלאַסען פון דער בעפעלקערונג, האָט מעטערניך, אין דעם אמת'ען גייסט פון אַ שטאַאַטסמאַן פון דעם „אַלטען רעזשים", וועניג געזאָרגט וועגען זייער דערהאַל־טונג. אין בעצוג צו זיי האָט ער געהאַט נאָר איין טאַקטיק: אַרויס־ציהען פון זיי אַזוי פיעל ווי מעגליך אין דער פאָרם פון שטייערען און אין דערזעלבער צייט זיי צווינגען צו זיין רוהיג. דער מיטעל־קלאַס פון הענדלער און פאַבריקאַנטען איז זעהר לאַנגזאַם געוואַק־סען אין עסטרייך. דער האַנדעל אויף'ן דאָנאַו איז פאַרהעלטנים־

מעסיג געווען גאָר אונוויכטיג. דאָס לאַנד האָט געהאַט נאָר איין פּאָרט, טריעסט, מיט זעהר אַ בעגרענצטער קאָמערץ דורך איהם.

די פאַבריקאַנטען האָבען אפילו בעקומען אַ גאַנץ בעדייטענדע פּראָטעקציאָן, וואָס איז אפילו אין די מעהרסטע פּאַלען געגאַנגען אזוי ווייט, ווי די פּאָלשטענדיגע אויסשליסונג פון יעדער אויסלענדישער קאָנקורענץ. אָבער אָט דער פּאָרטייל איז זיי געגעבען געוואָרען הויפּטזעכליך מיט דער אויסרעכענונג, אַז זיי וועלען צוליעב דעם קענען צאָהלען העכערע שטייערען. דערצו נאָך האָט אָט דער פּאָרטייל געהאַט אין אַ הויכער מאָס זיין געגענגעוויכט אין די אינלענדישע בעשרענקונגען אויף פאַבריקאַציאָן, די פּריווילעגיען פון די צעכען און אנדערע פעאָדאַלע קאָרפּאָראַציאָנען, וואָס די רעגירונג האָט זעהר שטרענג אָבגעהיט, אזוי לאַנג ווי זיי האָבען ניט געשטערט איהרע אבזיכטען און אנזיכטען.

די קליינע האַנדווערקער זיינען געווען איינגעשפּאַרט אין די ענגע גרענעצען פון דיזעלביגע מיטעלאַלטערליכע צעכען. זיי האָבען פעראורזאַכט אייביגע מלחמות איבער פּריווילעגיען צווישען די פּערשיעדענע פאַכען. זיי האָבען אָבער אויך געגעבען אַ מין בירושה'דיגע שטאַנדהאַפטיגקייט און זיכערהייט צו די מיטגלידער פון אָט די אונפּרייוויליגע אַסאָציאַציאָנען, ווייל זיי האָבען כמעט אויסגעשלאָסען פאַר מיטגלידער פון אַרבייטער קלאַס די מעגליכקייט זיך צו דערהויבען אויף דעם סאָציאַלען לייטער. דער בויער און דער אַרבייטער זיינען בעהאַנדעלט געוואָרען ווי איינפאַכער בעשטייערונגס־מאַטעריאַל. אַלץ וואָס מען האָט פאַר זיי געזאָרגט, איז געווען זיי צו האַלטען אויף ווי ווייט מעגליך אין דיזעלביגע לעבענסבעדינגונגען, אין וועלכע זיי האָבען זיך דאַן געפונען און אין וועלכע זייערע פאָטערס האָבען געלעבט, פאַר זיי. פאַר דעם צוועק איז יעדע עקזיסטירענדע ערבליכע אויטאָריטעט אויפגעהאַלטען געוואָרען, פּונקט ווי די אויטאָריטעט פון שטאַאַט. די רעגירונג האָט אומעטום אָבגעהיט די אויטאָריטעט פון דעם לאַנדבעזיצער איבער דעם קליינעם פּאַרמער, פון דעם פאַבריקאַנט איבער דעם אַרבייטער, פון דעם קליינעם מייסטער איבער דעם געזעל און לעהרלינג, פון דעם פאָטער איבער דעם זוהן. און יעדע פאָרם פון אונגעהאָרכזאַמקייט איז בעשטראָפט געוואָרען פּונקט ווי אַ פערברעכען קעגען

געזעץ, דורך יענע אוניווערסאלע ווערקצייג פון עסטרייכישער גע־רעכטיגקייט — דעם שטעקען.

און ענדליך, אום איינצושליסען אט די אלע פערזוכען צו בעשאפען א געקינסטעלטע שטאנדהאפטיגקייט אין איין גאנצע סיסטעם, האט מען אבגעקליבען די גייסטיגע שפייז פאר'ן פאלק מיט דער גרעסטער פארזיכטיגקייט און פערטיילט אזוי שפארזאם ווי מעגליך. די בילדונגס ארבייט איז אומעטום געלעגען אין די הענט פון די קאטוילישע גייסטליכע, וועמעס פיהרער זיינען געווען טיף פעראינטערעסירט אין דער אויפהאלטונג פון דעם עקזיסטירענ־דען סיסטעם, אויף דערזעלבער ארט ווי די גרויסע פעאדאלע לאנד־בעזיצער. די אוניווערסיטעטען זיינען געווען אזוי ארגאניזירט, אז זיי האבען געמעגט ארויסגעבען גוטע ספעציאליסטען אין די בע־זונדערע צווייגען פון וויסענשאפט אדער ניט, אבער זיי האבען פאר קיין פאל ניט געקענט געבען יענע פרייע בילדונג, וואס מען ערווארט פון אנדערע אוניווערסיטעטען.

עס איז אינגאנצען ניט געווען קיין צייטונגס פרעס אין לאנד, אויסער אין אונגארן, און די אונגארישע צייטונגען זיינען געווען פערבאטען אין אלע אנדערע טיילען פון דער מאנארכיע. און די אלגעמיינע ליטעראטור איז אין פערלויף פון א יאהרהונדערט ניט געווארען ברייטער; זי איז נאך מעהר בעגרענעצט געווארען נאך דעם טויט פון יאזעף דעם צווייטען. און אומעטום ארום די גרע־נעצען, וואו נאר די עסטרייכישע שטאאטען האבען בעריהרט א ציוויליזירט לאנד, איז איינגעפיהרט געווארען א קארדאן פון ליטע־ראַרישע צענזארען, אין פערבינדונג מיט די אנגעשטעלטע פון צאל־אמט, וואס האבען אכטונג געגעבען, אז אן אויסלענדיש בוך זאל ניט אריינקומען אין עסטרייך, איידער דער אינהאלט איז צוויי אדער דריי מאל דורכגעזיפט געווארען, און מען האט בעשלאסען אז דאס בוך איז פריי פון דער מינדסטער אנשטעקונג מיט דעם בייזען גייסט פון דער צייט.

אין פערלויף פון ארום דרייסיג יאהר נאך 1815 האט דאס דאזיגע סיסטעם געארבייט מיט וואונדערליכען ערפאלג. עסטרייך איז געבליבען כמעט אונבעקאנט פאר אייראפא, און אייראפא איז געווען פונקט אזוי ווייניג בעקאנט אין עסטרייך. עס האט אויסגע־

וויזען, ווי דער סאָציאַלער שטאַנד פון יעדען בעזונדערען קלאַס פון דער בעפעלקערונג, און פון דער גאַנצער בעפעלקערונג צוזאַמען, וואָלט זיך אויף דאָס מינדסטע ניט געענדערט. אויב עס האָט עקזיסטירט אַ האַס פון איין קלאַס צום צווייטען, איז פאַר מעטערניך'ען די עקזיסטענץ פון אַזאַ האַס געווען די הויפּט בעדינגונג פון רעגירונג, און ער האָט אפילו זיך בעמיהט אויפצובלאָזען אָט דעם האַס, מאַכענדיג פאַר אינסטרומענטען פון רעגיערונגס ערפּרעסונגען די העכערע קלאַסען און אַרויפוואַרפענדיג אויף זיי דעם גאַנצען צאָרן פון די מאַסען. און אויב עס איז וואו געווען אַ האַס פון פאָלק צו די נידריגערע בעאַמטע פון שטאַאַט, איז אָבער אין אַלגעמיין געווען וועניג אונצופרידענהייט, אָדער עס איז גאָר קיין אונצופרידענהייט ניט געווען מיט דער צענטראַלער רעגירונג. מען האָט פערעהרט דעם אימפּעראַטאָר, דעם אַלטען פראַנץ דעם 1טען, און ער איז קענטיג גערעכט געווען, ווען ער האָט אַמאָל, הפנים צווייפלענדיג אין דער שטאַנדהאַפטיגקייט פון זיין רעגירונגס סיסטעם, בעמערקט מיט צופרידענהייט: „און דאָך וועט עס האַלטען, אַזוי לאַנג ווי איך לעב, און מעטערניך". די פאַקטען האָבען געשיינט צו בעשטעטיגען זיינע ווערטער.

עס איז אָבער אָנגעגאַנגען אַ לאַנגזאַמע אונטערערדישע בעוועגונג, וואָס האָט צונישט געמאַכט די אַלע אנשטרענגונגען פון מעטערניך. דער איינפלוס און רייכטום פון דעם מיטעלקלאַס פון פאַבריקאַנטען און הענדלער איז אַלץ געשטיגען. די איינפיהרונג פון מאַשינען און דאַמף קראַפט אין פאַבריקאַציאָן האָט אין עסטרייך, פונקט ווי אין אַלע אַנדערע לענדער, אומגעוואָרפען די אַלטע בעציהונגען און לעבענסבעדינגונגען פון גאַנצע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט. זי האָט פערוואַנדעלט שקלאַפען אין פרייע מענשען, קליינע פאַרמער אין פאַבריק אַרבייטער. זי האָט אונטערגעגראָבען די אַלטע פעאָדאַלע צעך קערפּערשאַפטען און האָט ביי פיעלע אָבגענומען די עקזיסטענץ מיטלען. די נייע קאָמערציעלע און פאַבריקאַציאָנס בעפעלקערונג איז אומעטום געקומען אין קאָנפליקט מיט די אַלטע פעאָדאַלע איינריכטונגען.

די מיטעלע קלאַסען, וואָס פלעגען אַלץ מעהר און מעהר פאַהרען אין אויסלאַנד צוליעב געשעפט, האָבען אַריינגעפיהרט אביסעל

נעבעלהאפטע אינפאָרמאציאָן וועגען די ציוויליזירטע לענדער, וואָס זיינען געלעגען אריבער די גרעניצען פון דער אימפּערישער ליניע פון צאָלאמט. די איינפיהרונג פון אייזענבאהנען האָט נאָך שנעלער געמאכט די אינדוסטריעלע און אינטעלעקטועלע בעוועגונג. דערצו איז נאָך געווען א שטענדיגע געפאהר אין דער אָרגאניזאציאָן פון עסטרייכישען שטאאט גופא, נעמליך, די אונגארישע פעאָדאלע קאָנ־סטיטוציאָן, מיט איהר פארלאמענטארישער פראָצעדור און די קאמ־פען פון די פעראָרימטע און אָפּאָזיציאָנעלע מאסען פון אדעלשטאנד קעגען דער רעגירונג און איהרע פערבינדעטע, די מאגנאטען. פּרעס־בורג, וואו דער פארלאמענט איז געזעסען, איז געווען הארט לעבען די טויערען פון וויען. דאָס אַלעס האָט געהאָלפען ארויסרופען צווי־שען דעם מיטעלקלאַס פון די שטעדט א גייסט, ניט אינגאנצען פון אָפּאָזיציאָן, ווייל אָפּאָזיציאָן איז נאָך געווען אונמעגליך, נאָר פון אונצופרידענהייט, א פערלאַנג פון רעפאָרמען, רעפאָרמען מעהר אדמיניסטראטיווע, ווי קאָנסטיטוציאָנעלע. און אויף דערזעלבער ארט ווי אין פרייסען, איז א טייל פון דער ביוראָקראטיע צוגעשטאַ־נען צו דער בורזשואזיע. צווישען אָט דער ערבליכער קאסטע פון בעאמטע זיינען די טראדיציאָנען פון יאָזעף דעם צווייטען ניט פער־געסען געוואָרען. די געבילדעטערע רעגירונגס בעאמטע וואָלטען געווים ליבער געוואָלט האָבען דעם פּראָגרעסיווען און אויפגעקלער־טען דעספּאָטיזם פון יענעם אימפּעראטאָר, איידער דעם „פאָטער־ליכען" דעספּאָטיזם פון מעטערניך. און וואָס שייך די נידריגערע קלאַסען, וואָס האָבען אַלעמאָל געהאַט גענוג אורזאכען צו בעקלאָ־גען זיך אויף זייערע דירעקטע הערשער, אויב ניט אויף די רעגירונג, האָבען זיי אין די מעהרסטע פאַלען ניט געקענט אָבשטעהן פון די רעפאָרמאטאָרישע שטרעבונגען פון דער בורזשואזיע.

ארום אָט דער צייט, לאָמיר זאָגען 1843 אָדער 1844, איז אין דייטשלאנד ענטשטאַנען א בעזונדערער צווייג פון ליטעראטור, וואָס איז געווען פאר אזא ענדערונג. איינינגע עסטרייכישע שריי־בער, נאָוועליסטען, ליטעראטור קריטיקער, שלעכטע פּאָעטען, אַלע מיט גאנץ קליינע פעהיגקייטען, אָבער בעשאָנקען מיט יענעם בע־זונדערען פלייס, וואָס כאראקטעריזירט די אידישע ראַסע, האָבען זיך בעזעצט אין לייפּציג און אנדערע דייטשע שטעדט אויסערהאַלב

עסטרייך, און דאָרט, ווייט פון מעטערניך'ס הענט, האָבען זיי פער־
עפענטליכט א רייה ביכער און פאַמפלעטען איבער עסטרייכישע
אנגעלעגענהייטען.

זיי אליין און זייערע פערלעגער האָבען דערפון געמאַכט גרוי־
סע געשעפטען. גאַנץ דייטשלאַנד האָט אזוי שטארק געוואָלט ער־
פאהרען די אלע געהיימניסען פון דער פּאָליטיק פון דער אייראָפּע־
אישער כינא, און די עסטרייכער אליין, ווען זיי האָבען בעקומען
די אלע אויסגאַבען, וואָס מען האָט אריינגעשמוגעלט מאַסענווייז
דורך דעם בעהמישען גרענעץ, זיינען געווען נאָך נייגיעריגער. די
געהיימניסען, וואָס זיינען אויפגעדעקט געוואָרען אין די דאָזיגע
אויסגאַבען, זיינען נאַטירליך ניט געווען וויכטיג, און די פּלענער
פון רעפאָרמען, וואָס די גוט מיינענדע אויטאָרען האָבען אין זיי
אויסגעלעגט, האָבען געטראָגען דעם שטעמפעל פון אונשעדליכקייט,
כמעט פון פּאָליטישער אונשולד. א קאָנסטיטוציאָן און
א פרייע פרעס פאַר עסטרייך האָט מען געהאַלטען פאַר אונ־
דערגרייכבאַרע זאַכען. אדמיניסטראַטיווע רעפאָרמען, די אויס־
ברייטונג פון די רעכט פון די פּראָווינציעלע לאַנדטאַגען, דאָס אריינ־
לאָזען אין עסטרייך אויסלענדישע ביכער און צייטונגען און א מיל־
דערע צענזור איז געווען אלץ, וואָס מען האָט געפאָדערט. די
לאָיאַלע און בעשיידענע פערלאַנגען פון אָט די גוטע עסטרייכער
האָבען קוים געקענט געהן ווייטער.

יעדענפאַלס האָט די אלץ וואַקסענדע אונמעגליכקייט צו שטע־
רען דעם ליטעראַרישען פערקער פון עסטרייך מיט דעם איבריגען
דייטשלאַנד, און דורך דייטשלאַנד מיט דער איבריגער וועלט, פיעל
געהאָלפען פאָרמירען א געזעלשאַפטליכע מיינונג, וואָס איז געווען
נעגען דער רעגירונג, און האָט ווענינגסטענס אריינגעבראַכט אביסעל
פּאָליטישע אינפאָרמאַציאָן און דאָס געמאַכט צוגענגליך פאַר א טייל
פון דער עסטרייכישער בעפעלקערונג. און אזוי איז צום סוף 1847
עסטרייך ארומגעכאַפּט געוואָרען, כאָטש אין א קלענערער מאָס,
פון יענער פּאָליטישער און פּאָליטיש־רעליגיעזער אגיטאַציאָן, וואָס
איז דאַן אָנגעגאַנגען אין גאַנץ דייטשלאַנד. און אויב איהר פאָרט־
שריט איז אין עסטרייך געווען שטילער, האָט זי דאָך געפונען גענוג
רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען, אויף וועלכע צו ווירקען. עס איז גע־

ווען דער בויער, שקלאַף אָדער פּעאָדאַלער לאַנדבעוואוינער, וואָס איז צומאָלען געוואָרען אין שטויב דורך די ערפּרעסונגען פון די לאַנדאייגענטימער אָדער פון דער רעגירונג; דאַן דער פאַבריק אַר־בייטער, וועמען דעם פּאָליציסט׳ס שטעקען האָט געצוואונגען צו ארבייטען אויף אירגענד וועלכע בעדינגונגען, וואָס דער פאַבריקאַנט האָט געוואָלט בעווילי‌גען; דאַן דער געזעל, וואָס איז דורך די געזעצען וועגען קאָרפּאָראַציאָנען אויסגעשלאָסען געוואָרען פון יע־דער מעגליכקייט צו ווערען ווען עס איז זעלבסטשטענדיג אין זיין פאַך; דאַן דער הענדלער, וואָס האָט געשטרויכעלט אויף יעדען טריט איבער אַבסורדע רעגלען; דאַן דער פאַבריקאַנט, וואָס איז געשטאַנען אין אַן אייביגען קאָנפליקט מיט די צעך קערפּערשאַפטען און איז געווען אייפערזיכטיג אויף זייערע פּריווילעגיען, אָדער מיט האַבזיכטיגע און טיראַנישע בעאַמטע; דאַן דער שול לעהרער, דער געלעהרטער, דער געבילדעטערער בעאַמטער, וואָס האָט אומזיסט געקעמפּט קעגען אונווסענדע און פרעכע גייסטליכע, אָדער קעגען אַ נאַרישען און דעספּאָטישען העכערען בעאַמטען.

מיט איין וואָרט, עס איז ניט געווען קיין איין קלאַס, וואָס איז געווען צופרידען, ווייל די קליינע הנהות, וואָס די רעגירונג איז פון צייט צו צייט געצוואונגען געווען צו מאַכען, האָט זי ניט גע־מאַכט אויף איהר אייגענער רעכנונג, דאָס האָט די שטאַאַטסקאַסע ניט געקענט זיך ערלויבען, נאָר אויף דער רעכנונג פון דער הויכער אַריסטאָקראַטיע און די גייסטליכע. און וואָס אנבעטרעפט די גרויסע באַנקירען און אַקציען בעזיצער, האָבען די לעצטע געשעה־ענישען אין איטאַליען — די אַלץ וואַקסענדע אָפּאָזיציאָן פון דעם אונגאַרישען פּאַרלאַמענט, און דער אונגעוועהנליכער גייסט פון אונ־צופרידענהייט און דער געשריי פּאַר רעפאָרמען, וואָס האָבען זיך געפיהלט און געהערט איבער דער גאַנצער אימפּעריע, — די געשעה־ענישען האָבען ערשיטערט דעם גלויבען פון די באַנקירען און אַק־ציען בעזיצער אין די שטאַנדהאַפטיגקייט און צאָהלונגס־פעהיגקייט פון דער עסטרייכישער אימפּעריע.

און אַט אַזוי האָט עסטרייך מאַרשירט מיט לאַנגזאַמע, אָבער זיכערע טריט צו אַ מעכטיגער ענדערונג, ווען פּלוצלונג איז עפּעס געשעהן אין פראַנקרייך, וואָס האָט באַלד אַראָבגעבראַכט דעם

שטורעם, וואָס איז געהאַנגען אין דער לופט, און וואָס האָט בע־
וויזען די פאַלשקייט פון דעם אַלטען פראַנץ׳ס בעהויפטונג, אַז די
גביידע וועט אויסהאַלטען, אַזוי לאַנג ווי ער און מעטערניך וועלען
לעבען.

לאָנדאָן, סעפּטעמבער 1851.

## V

## דער וויענער אויפשטאַנד.

דעם 24טען פעברואַר 1848 איז לואי פיליפּ פערטריבען גע־
וואָרען פון פּאַריז, און די פראַנצויזישע רעפּובליק איז פּראָקלאַמירט
געוואָרען. גלייך נאָך דעם, דעם 13טען מערץ, האָט דאָס פאָלק
פון וויען געבראָכען פּרינץ מעטערניך׳ס מאַכט און איהם געצוואונ־
גען צו אַנטלויפען מיט שאַנד פון עסטרייך. דעם 18טען מערץ
האָט דאָס פאָלק פון בערלין געמאַכט אַ בעוואַפענטען אויפשטאַנד,
און נאָך אַ פערביסענעם קאַמף פון אַכצעהן שטונדען, האָט דאָס
פאָלק געהאַט די בעפרידיגונג צו זעהן, ווי דער קעניג גיט זיך איבער
אין זייערע הענט. גלייכצייטיגע, מעהר אָדער ווייניגער שטאַרקע
אויסברוכען, און אַלע מיט דעמזעלבען ערפאָלג, זיינען פּאָרגעקומען
אין די ויפּטשטעדט פון די קלענערע שטאַאַטען פון דייטשלאַנד.
דאָס דייטשע פאָלק האָט ניט פערענדיגט זיין ערשטע רעוואָלוציאָן,
עס האָט אָבער געמאַכט, לכל הפחות, אַ גוטע התחלה אין זיין רע־
וואָלוציאָנערער קאַריערע.

וואָס אַנבעטרעפט די אינצידענטען אין די אַלע פערשידענע
אויפשטאַנדען, קענען מיר דאָ ניט אַריינגעהן אין איינצעלהייטען.
אונזער אויפגאַבע דאָ איז צו ווייזען זייער כאַראַקטער און די שטע־
לונג, וואָס די בעזונדערע קלאַסען פון דער בעפעלקערונג האָבען צו
זיי גענומען.

מען קען זאָגען, אַז די רעוואָלוציאָן אין וויען איז געמאַכט גע־
וואָרען פון אַ כמעט איינשטימיגער בעפעלקערונג. די בורזשואזיע
(מיט דער אויסנאַהם פון די באַנקירען און אקציען־האַלטער), די
קליינע האַנדווערקער, די אַרבייטער, זיי זיינען ווי איין

מענש פּלוצלונג אויפגעשטאַנען קעגען אַ רעגירונג, וואָס איז ביי אַלעמען געווען פערהאַסט. אַזאַ אַלגעמיינער האַס האָט געהערשט אומעטום קעגען דער רעגירונג, אַז די קליינע מינאָריטעט פון אַדע־ליגע און געלט מאַגנאַטען האָבען זיך אינגאַנצען בעהאַלטען ביי דעם ערשטען אָנגריף.

די מיטעלע קלאַסען זיינען פון מעטערניך'ען געהאַלטען גע־וואָרען אויף אַזאַ שטאַנד פון פּאָליטישער אונוויסענהייט, אַז די נייעס פון פּאַריז וועגען דער ערשאַפט פון אַנאַרכיע, סאָציאַליזם און טעראָר, און וועגען די ערוואַרטע קאַמפען צווישען דעם קלאַס קאַפּיטאַליסטען און דעם אַרבייטער קלאַס זיינען פאַר זיי געווען אינגאַנצען אונפערשטענדליך. אין זייער פּאָליטישער אונשולדיג־קייט, האָבען זיי ניט געקענט איינזעהן אַ וועלכען עס איז זין אין די דאָזיגע נייעס, אָדער זיי האָבען זיי איינפאַך אָנגענומען פאַר טייַ־וועלשע אויסטראַכטונגען פון מעטערניך, מיט דעם צוועק זיי אי־בערצושרעקען און צווינגען זיי צו ווערען געהאָרכזאַם. אויסערדעם האָבען זיי קיינמאָל ניט געזעהן דעם אַרבייטער קלאַס האַנדלען ווי אַ קלאַס, אָדער אַרויסטרעטען פאַר זיינע אייגענע בעזונדערע אינ־טערעסען. פון זייער ערפאַהרונג אין דער פערגאַנגענהייט האָבען זיי ניט בעקומען קיין בעגריף וועגען דעם, אַז עס קענען זיין פער־שידענהייטען צווישען קלאַסען, וואָס זיינען איצט מיט אַזוי פיעל בעגייסטערונג פעראייניגט אין דער אויפגאַבע אומצוואַרפען אַ רעגירונג, וואָס אַלע האַסען. זיי האָבען געזעהן, ווי דער אַרבייטער קלאַס האָט איינגעשטימט מיט זיי אין אַלע פּונקטען: אַ קאָנסטי־טוציאָן, אַ געריכט פון געשוואָרענע, פּרעס פרייהייט, א. אז. וו. און אַזוי זיינען זיי, אין מערץ 1848 וועניגסטענס, געווען מיט דעם גאַנצען הארצען און דער גאַנצער נשמה מיט דער בעוועגונג. און די בעוועגונג, פון דער אַנדער זייט, האָט זיי געמאַכט, וועניגסטענס אין טעאָריע, פאַר דעם הערשענדען קלאַס אין שטאַאַט.

אָבער אַזאַ שיקזאַל האָבען שוין אַלע רעוואָלוציאָנען, אַז אָט אַזאַ בונד פון פערשידענע קלאַסען, וואָס איז אין אַ געוויסער מאָס אַלעמאָל אַ נויטיגער בעדינג פון אַ רעוואָלוציאָן, קען לאַנג ניט אָנ־האַלטען. אַזוי שנעל ווי דער זיעג קעגען דעם געמיינשאַפטליכען פיינד איז געוואונען, צוטיילען זיך באַלד די זיעגער צווישען זיך

אין בעזונדערע לאַגערען און ווענדען זייערע וואפען איינער קעגען אנדערען. אַט די שנעלע און ליידענשאַפטליכע ענטוויקלונג פון קלאַסען אַנטאַגאָניזם מאַכט אַ רעוואָלוציאָן אין אַלטע און קאָמפּלי־צירטע סאָציאַלע אָרגאַניזמען פאַר אַזאַ מעכטיגען פאַקטאָר פון סאָציאַלען און פּאָליטישען פּאָרטשריט. אַט די אונאויפהערליכע שנעלע ערשיינונג פון נייע פּאַרטייען, וואָס קומען איינער נאָך דער אַנדערער אין מאַכט, צווינגען אַ פּאָלק, אין צייטען פון טיפע אויפ־טרייסלונגען, דורכצומאַכען אין פינף יאָהר פיעל מעהר, ווי עס וואָלט דורכגעמאַכט אין אַ יאָהרהונדערט אין געוועהנליכע אומשטענדען.

די רעוואָלוציאָן אין וויען האָט טעאָרעטיש געמאַכט דעם מי־טעלקלאַס פאַר דעם הערשענדען קלאַס אין לאַנד, דאָס הייסט, די הנחות, וואָס מען האָט ארויסגעריסען ביי דער רעגירונג, זיינען גע־ווען אַזעלכע, אַז ווען זיי וועלען דורכגעפיהרט ווערען אין דער פּראַקטיק און וועלען אָנהאַלטען אַ געוויסע צייט, וועלען זיי מוזען פערזיכערען די אויבערהערשאַפט פון דעם מיטעלקלאַס. אָבער אין דער פּראַקטיק איז די אויבערהערשאַפט פון יענעם קלאַס ווייט נאָך ניט געווען איינגעשטעלט.

אמת, דורך די גרינדונג פון אַ נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, וואָס האָט ארויסגעגעבען וואפען צו דער בורזשואזיע און די קליינע האַנד־ווערקער, איז דער מיטעלקלאַס געוואָרען מעכטיג און וויכטיג. עס איז אויך אמת, אַז דורך די אויפשטעלונג פון אַ „זיכערהייטס קאָ־מיטעט", אַ מין רעוואָלוציאָנערער, אונפעראַנטוואָרטליכער רעגי־רונג, אין וועלכער די בורזשואזיע האָט געהערשט, איז יענער קלאַס געשטעלט געוואָרען אויף דעם העכסטען פּונקט פון מאַכט. אָבער אין דערזעלבער צייט זיינען די אַרבייטער קלאַסען אויך טיילווייז געווען בעוואפענט. זיי און די סטודענטען האָבען זיך געשלאָגען מעהר פון אַלעמען, אויף וויפיעל מען האָט זיך איבערהויפּט גע־שלאָגען. און די סטודענטען, ארום פיער טויזענד, זיינען געווען גוט בעוואפענט און פיעל בעסער דיסציפּלינירט, ווי די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע. זיי האָבען צונויפגעשטעלט דעם קערן, די אמת'ע שטאַר־קייט פון דער רעוואָלוציאָנערער מאַכט, און האָבען גאָר ניט גע־וואָלט ווערען אַן איינפאַכע ווערקצייג אין די הענט פון דעם „זי־כערהייטס קאָמיטעט". כאָטש זיי האָבען דעם קאָמיטעט אָנער־

קענט און זיינען געוועזן אפילו זיינע ענטוזיאסטישע אונטערשטי־
צער, האָבען זיי דאָך געגרינדעט א מין אונאבהענגיגע און אונרוהיגע
קערפּערשאפט, וואָס האָט געהאַט איהרע בעזונדערע זיצונגען אין
דער „אאולא“. זי האָט פערנומען אַן אָרט צווישען דער בורזשואַ־
זיע און די ארבייטער קלאַסען און האָט דורך שטענדיגע אַגיטאַציאָן
ניט דערלאָזען, אז אַלץ זאָל זיך איינאָרדנען און אומקערען צו דער
אַלטער וואָכעדיגער רוהיגקייט. און זעהר אָפט פלעגט זי אַרויפ־
צווינגען איהרע בעשלוסען אויף דעם „זיכערהייטס קאָמיטעט“.

פון דער אַנדער זייט, האָבען די ארבייטער כמעט אינגאַנצען
פערלאָרען זייער בעשעפטיגונג, און מען האָט זיי געמוזט בעשעפ־
טיגען ביי עפענטליכע ארבייטען אויף דער רעכנונג פון שטאַאַט,
און דאָס געלט פאַר דעם צוועק האָט מען געמוזט נעמען פון די
שטייערען צאָהלער אָדער פון דער קאַסע פון דער שטאָדט וויען.
דאָס אַלץ האָט געמוזט ווערען זעהר אונאנגענעהם פאַר דעם וויענער
מיטעלקלאַס. די פאַבריקען פון שטאָדט, וואָס זיינען געוועזען אוים־
גערעכענט צו בעפרידיגען די בעדערפנישען פון די רייכע און אריס־
טאָקראַטישע הויפען פון א גרויסען לאַנד, זיינען נאַטירליך אינ־
גאַנצען אָבגעשטעלט געוואָרען צוליעב דער רעוואָלוציאָן. און צו־
ליעב דעם, וואָס די אריסטאָקראַטיע און דער הויף זיינען אַנטלאָ־
פען. האַנדעל און האַנדוועלע זיינען געוועזען אין א שטילשטאַנד. די
שטענדיגע אַגיטאַציאָן און אויפרעגונג, וואָס די סטודענטען און
די ארבייטער האָבען אָנגעהאַלטען, זיינען זיכער ניט געוועזען קיין
מיטלען „ווידער אויפצושטעלען צוטרויען“, ווי מען פלעגט זיך דאַן
אויסדריקען.

און דעריבער האָט זיך טאַקי באַלד דערפיהלט א געוויסע
קאַלטקייט צווישען די מיטעלע קלאַסען אויף איין זייט און די אונ־
רוהיגע סטודענטען און ארבייטער אויף דער אַנדערער. און אויב
אָט די קאַלטקייט איז פאַר א לאַנגע צייט ניט איבערגעגאַנגען אין
אָפענע פיינדשאַפט, איז דאָס נאָר געוועזען צוליעב דעם, וואָס דאָס
מיניסטעריום, און בעזונדערס דער הויף, האָבען אין זייער אונגע־
דולד ווידער איינצושטעלען די אַלטע אָרדנונג שטענדיג גערעכט־
פערטיגט דעם פערדאַכט און די רוה שטערענדע טהעטיגקייט פון
די מעהר רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען. דאָס מיניסטעריום און דער

הויף האָבען מיט זייערע האנדלונגען שטענדיג ארויסגערופען, אפילו פאר די אויגען פון די מיטעלע קלאַסען, דעם געשפּענסט פון דעם אַלטען דעספּאָטיזם פון מעטערניך. אַזוי זיינען דעם 15טען און ווידער אמאָל דעם 16טען מאַי געווען נייע אויפשטאַנדען פון אַלע קלאַסען אין וויען, ווייל די רעגירונג האָט געמאכט א פערזוך אָנ־צוגרייפען אָדער אונטערצוגראָבען איינ׳גע פון די ניי ערָאבערטע פרייהייטען. און אין יעדען פאַל איז דער בונד צווישען דער נאַ־ציאָנאַלער גוואַרדיע, אָדער דעם בעוואָפענטען מיטעלקלאַס, די סטו־דענטען און די ארבייטער ווידעך בעפעסטיגט געוואָרען פאר א צייט.

און וואָס אנבעטרעפט די אנדערע קלאַסען פון דער בעפעל־קערונג, זיינען די אריסטאָקראַטיע און די געלט מאַגנאַטען פער־שוואונדען, און דאָס בויערטום איז אומעטום געווען שטאַרק פער־נומען מיט אויסראַמען די לעצטע רעשטען פון פעאָדאַליזם. א דאנק דער מלחמה אין איטאַליען און דער בעשעפטיגונג, וואָס וויען און אונגאַרן האָבען געגעבען דעם הויף, האָבען די בויערען געהאַט די פאָלשטענדיגע פרייהייט, און זיי האָבען געהאַט מעהר ערפאָלג אין זייער בעפרייאונגס ארבייט אין עסטרייך, איידער בויערען אין אנדערע טיילען פון דייטשלאַנד האָבען געהאַט. און אביסעל שפּע־טער האָט שוין דער עסטרייכישער פּאַרלאַמענט מעהר ניט געדאַרפט טהאָן, ווי נאָר בעשטעטיגען די שריט, וואָס די בויערען האָבען שוין אויסגעפיהרט אין דער פּראַקטיק. און וואָס די רעגירונג פון פּרינץ שוואַרצענבערג זאָל ניט זיין אימשטאַנד ווידער אומצוקערען פון דער אַלטער אָרדנונג, וועט זי קיינמאָל ניט האָבען די מאַכט ווידער איינצופיהרען די פעאָדאַלע שקלאַפעריי פון די בויערען.

און אויב עסטרייך איז אין דעם איצטיגען מאָמענט ווידער פערהעלטניסמעסיג רוהיג, און אפילו שטאַרק, איז דאָס הויפּטזעכ־ליך דערפאַר, וואָס די גרויסע מאַיאָריטעט פון פאָלק, די בויערען, זיינען געווען די אמת׳ע געווינער פון דער רעוואָלוציאָן, און ווייל וואָס די רעסטאַורירטע רעגירונג זאָל ניט האָבען אָנגעגריפען, אָבער אָט די דייטליכע און גרינדליכע פאָרטיילען, וואָס דאָס בויערטום האָט עראָבערט, זיינען נאָך אַלץ געבליבען אונבעריהרט.

לאָנדאָן, אָקטאָבער 1851.

## VI

## דער בערלינער אויפשטאַנד.

דער צווייטער צענטער פון רעוואָלוציאָנערער אַקציאָן איז געווען בערלין. פון דעם, וואָס איז געזאָגט געוואָרען אין די פריהערדיגע קאַפּיטלען, קען מען שוין זיך פאָרשטעלען פאָראויס, אַז אין בערלין איז די רעוואָלוציאָנערע אַקציאָן געווען ווייט פון האָבען יענע איינשטימיגע שטיצע פון כמעט אַלע קלאַסען, ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין וויען. אין פּרייסען האָט שוין די בורזשואַזיע אָנגעפיהרט ווירקליכע קאַמפּען קעגען דער רעגירונג. דער רעזולטאַט פון דעם „פעראייניגטען לאַנדטאַג" איז געווען אַ קאָנפליקט. אַ בורזשואַזע רעוואָלוציאָן איז פאָרגעשטאַנען, און אַזאַ רעוואָלוציאָן וואָלט אין איהר ערשטען אויסברוך געקענט זיין פּונקט אַזאַ איינשטימיגע, ווי די רעוואָלוציאָן אין וויען, ווען עס וואָלט ניט פאָרגעקומען די פעברואַר רעוואָלוציאָן אין פּאַריז. יענע רעוואָלוציאָן האָט אַלץ אומגעוואָרפען, און דערצו נאָך איז זי דורכגעפיהרט געוואָרען אונטער אַ פאָהן, וואָס איז געווען אינגאַנצען פערשידען פון דער, אונטער וועלכער די פּרייסישע בורזשואַזיע האָט זיך געגרייט צו שטעלען אַנטקעגען איהר רעגירונג.

די פעברואַר רעוואָלוציאָן האָט אין פראַנקרייך אומגעוואָרפען דעמזעלבען מין רעגירונג, וואָס די פּרייסישע בורזשואַזיע האָט זיך געקליבען אויפצושטעלען אין איהר אייגענעם לאַנד. די פעברואַר רעוואָלוציאָן האָט זיך ערקלערט פאַר אַ רעוואָלוציאָן פון די אַרבייטער קלאַסען קעגען די מיטעלע קלאַסען; זי האָט פּראָקלאַמירט דעם סוף פון מיטעלקלאַס רעגירונג און די עמאַנציפּאַציאָן פון דעם אַרבייטער. אָבער די פּרייסישע בורזשואַזיע האָט די לעצטע צייט געהאַט גענוג אַרביימער אַגיטאַציאָן אין איהר אייגענעם לאַנד. נאָכדעם, ווי דער ערשטער שרעק פון די שלעזישע אויסברוכען איז פאָראיבער, האָבען זיי אפילו געפּרואווט אומקערען אָט די אַגיטאַציאָן און מאַכען זי גינסטיג פאַר זיך. אָבער ביי זיי איז אויף שטענדיג פערבליבען דער געזונטער שרעק פאַר רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם און קאָמוניזם. און דעריבער ווען זיי האָבען דערזעהן אין דער שפּיץ פון דער רעגירונג אין פּאַריז מענשען, וואָס

זיי האָבען געהאַלטען פאַר די געפעהרליכסטע פיינד פון אייגענטום, אָרדנונג, רעליגיאָן, פאַמיליע, און די אַלע אַנדערע שיצונגס געטער פון דער מאָדערנער בורזשואַזיע, האָבען זיי גלייך דערפיהלט, ווי זייער אייגענער רעוואָלוציאָנערער ענטוזיאַזם ווערט אָבגעקיהלט.

זיי האָבען געוואוסט, אַז מען מוז פערכאַפּען דעם מאָמענט, און אַז אָהן דער הילף פון די ארבייטער מאַסען וועלען זיי געשלאָגען ווערען. און דאָך האָבען זיי ניט געהאַט גענוג מוט. אַזוי האָבען זיי זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער רעגירונג אין די ערשטע טיילווייזע און פּראָווינציעלע אויסברוכען, האָבען געפּרואווט איינשטילען דאָס פאָלק אין בערלין, ווען עס האָט זיך אין פערלויף פון פינף טעג פערזאַמעלט פאַר דעם קעניגליכען פּאַלאַץ צו דיסקוטירען די נייעס און פאָדערען ענדערונגען אין דער רעגירונג. און ווען עס איז ענדליך אָנגעקומען די נייעס, אַז מעטערניך איז געפאַלען, און דער פּרייסישער קעניג האָט געמאַכט אייניגע לייכטע הנחות, האָט די בורזשואַזיע בעטראַכט די רעוואָלוציאָן ווי אַ געענדיגטע און איז געגאַנגען דאַנקען זיין מאַיעסטעט פאַר ערפילען אַלע פאַרלאַנגען פון זיין פאָלק.

אָבער דאַן איז געקומען דער אָנגריף פון מיליטער אויף די מאַסען, די באַריקאַדען, דער קאַמף און די נידערלאַגע פון קעניגטום. דאַן האָט זיך אַלץ געענדערט: דיזעלביגע ארבייטער קלאַסען, וואָס די בורזשואַזיע האָט אַלץ געשטרעבט צו האַלטען אין הינטערגרונד, זיינען מיט אַמאָל ארויסגערוקט געוואָרען אויף דעם ערשטען פּלאַן; זיי האָבען געקעמפּפט און האָבען געזיעגט און האָבען פּלוצלונג דערזעהן זייער מאַכט. בעשרענקונגען פון וואַהלרעכט, פון פּרעס פרייהייט, פון דעם רעכט צו זיין געשוואָרענע ריכטער, פון פערזאַמלונגס רעכט, אַלץ בעשרענקונגען, וואָס די בורזשואַזיע וואָלט מיט פערגניגען ערלויבט, ווייל זיי וואָלטען נאָר אָנגעריהרט קלאַסען, וואָס שטעהען אונטער איהר, אָט די בעשרענקונגען זיינען שוין איצט ניט געווען מעגליך.

די געפאַהר פון אַ ווידערהאָלונג פון די פּאַריזער סצענען פון „אַנאַרכיע“ איז געהאַנגען אין דער לופט. פאַר אָט דער געפאַהר זיינען פערשוואונדען אַלע פריהערדיגע אונטערשידען. אַנטקעגען דעם זיעגרייכען ארבייטער, כאָטש ער האָט נאָך ניט אָנגעגעבען

קיין ספּעציפישע פאָדערונגען פאַר זיך אליין, האָבען זיך פער־
איינינגט די פריינד און פיינד פון פיעלע יאָהרען, און דער בונד צווי־
שען דער בורזשואזיע און די אונטערשטיצער פון דעם אומגעוורפע־
נעם סיסטעם איז געשלאָסען געוואָרען טאַקי אויף די באַריקאַדען
פון בערלין. מען האָט געזאָלט מאַכען די נויטיגע הנחות, אָבער
ניט מעהר, ווי עס איז געווען אונפערמיידליך,—אַ מיניסטעריום פון
די אָפּאָזיציאָנס פיהרער פון דעם פעראייניגטען פּאַרלאַמענט האָט
געזאָלט געשאַפען ווערען. און אלס בעלוינונג פאַר איהר דיענסט
אין דער רעטונג פון דער קרוין, האָט די בורזשואזיע געזאָלט בעקו־
מען די הילף פון אלע זיילען פון דער אלטער רעגירונג, פון דער פעאָ־
דאַלער אַריסטאָקראַטיע, דער ביוראָקראַטיע און דער אַרמיי. דאָס
זיינען געווען די בעדינגונגען, אויף וועלכע די הערען קאַמפּהאַוזען
און האַנזעמאַן האָבען זיך אונטערגענומען צוזאַמענצושטעלען אַ קאַ־
בינעט.

און די נייע מיניסטאָרען האָבען אַרויסגעוויזען אַזאַ שרעק פאַר
די אויפגעשטאַנענע מאַסען, אַז אין זייערע אויגען איז יעדער מי־
טעל געווען גוט, אויב ער האָט נאָר געפיהרט צו דער פערשטאַר־
קונג פון די אויפגעטרייסעלטע יסודות פון אויטאָריטעט. זיי, די
אָרעמע, פאַרפיהרטע נאַרען, האָבען געמיינט, אַז יעדע געפאַהר פון
דער אומקערונג פון דעם אלטען סיסטעם איז שוין פאַראיבער, און
דעריבער האָבען זיי זיך בענוצט מיט דעם גאַנצען מעכאַניזם פון
דעם אלטען שטאַאַט, אום ווידער איינצושטעלען „אָרדנונג". קיין
איינציגער ביוראָקראַט אָדער מיליטערישער בעאַמטער איז ניט
אַראָבגעזעצט געוואָרען. קיין קלענסטע ענדערונג איז ניט געמאַכט
געוואָרען אין דעם אלטען ביוראָקראַטישען סיסטעם פון אַדמיני־
סטראַציאָן. די אוצר'דיגע קאָנסטיטוציאָנעלע און פעראַנטוואָרט־
ליכע מיניסטאָרען האָבען אפילו אומגעקערט אויף זייערע שטעלען
יענע בעאַמטע, וועמען דאָס פאָלק האָט אין דער ערשטער היץ פון
רעוואָלוציאָנערער אויפרעגונג פערטריבען פאַר זייערע פריהערדיגע
חוצפה'דיגע האַנדלונגען.

קיין זאַך איז ניט געענדערט געוואָרען אין פּרייסען, אויסער
דעם פּערסאָנאַל פון די מיניסטאָרען. מען האָט אפילו ניט אָנ־
געריהרט די מיניסטערישע בעאַמטע אין די פערשידענע דע־

פּאַרטאַמענטען. און ווען די אַלע קאָנסטיטוציאָנעלע נאָכיאָגער נאָך שטעלען, וואָס האָבען איצט צוזאַמענגעשטעלט דעם כאָהר פון די ניי דערהויבענע הערשער, האָבען איצט ערוואַרט זייער טייל אין מאַכט און אין שטעלען, האָט מען זיי געזאָגט, אַז זיי מוזען אָבוואַרטען, ביז די ווידער איינגעשטעלטע אָרדנונג און שטאַנדהאַפ־טינקייט וועט ערלויבען צו מאַכען אַזעלכע ענדערונגען אין דעם ביו־ראָקראַטישען פּערסאָנאַל, וואָס זיינען איצט נאָך געווען געפעהרליך.

דער קעניג, וואָס איז געווען אויף דעם העכסטען גראַד נידער־געשלאָגען נאָך דעם אויפשטאַנד פון 18טען מערץ, האָט זעהר שנעל איינגעזעהן, אַז ער איז פּונקט אַזוי נויטיג פאַר אָט די „ליבעראַלע“ מיניסטאָרען, ווי זיי זיינען פאַר איהם. דער אויפשטאַנד האָט דעם טהראָן געשווינט. דער טהראָן איז געווען די לעצטע שטערונג פאַר „אנארכיע“. דער ליבעראַלער מיטעלקלאַס און זיינע פיהרער, וואָס זיינען איצט געווען אין מיניסטעריום, האָבען דעריבער געהאַט יע־דען גרונד און אינטערעס צו זיין אין די בעסטע בעציהונגען מיט דער קרוין. דער קעניג און די רעאַקציאָנערע קליקע, וואָס האָט איהם אַרומגערינגעלט, האָבען דאָס באַלד אויסגעפונען, און זיי האָבען זיך בענוצט מיט די אומשטענדען, אום צו פערהאַלטען דעם פּאָרטשריט פון דעם מיניסטעריום אַפילו אין יענע קליינע רעפאָר־מען, וואָס האָבען געזאָלט דורכגעפיהרט ווערען פון צייט צו צייט.

די ערשטע זאָרג פון דעם מיניסטעריום איז געווען צו גע־בען אַ געזעצליכען אויסזעהן די געוואַלטזאַמע ענדערונגען, וואָס זיינען נאָר וואָס פּאָרגעקומען. דער פעראייניגטער פּאַרלאַמענט איז צוזאַמענגערופען געוואָרען, ניט קוקענדיג אויף די גאַנצע אָפּאָ־זיציאָן פון די פאָלקסמאַסען, אום אָבצושטימען, ווי די געזעצליכע און קאָנסטיטוציאָנעלע איינריכטונג פון פאָלק, איבער דעם נייעם וואַהל געזעץ, צו ערוועהלען די נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג, און אָט די פערזאַמלונג האָט געדאַרפט קומען צו אַ פערשטענדיגונג מיט דער קרוין וועגען אַ נייער קאָנסטיטוציאָן. די וואַהלען האָבען געזאָלט זיין אינדירעקטע, די מאַסע שטימגעבער האָבען געדאַרפט ערוועה־לען אַ בעשטימטע צאָהל וועהלער, וועלכע זאָלען דאַן אויסקלייבען די רעפּרעזענטאַנטען. ניט קוקענדיג אויף די גאַנצע אָפּאָזיציאָן, איז דאָס סיסטעם פון דאָפּעלטע וואַהלען דורכגעגאַנגען. מען האָט דאַן

פערלאַנגט פון דעם פעראייניגטען פּאַרלאַמענט, ער זאָל בעוויליגען א הלואה פון פינף און צוואַנציג מיליאָן דאָלאַר. דאָס איז אויך דורכגעפאַלען, אויף קעגען דער גאַנצער אָפּאָזיציאָן פון דער פאָלקס פּאַרטיי.

אָט די אַקטען פון דעם מיניסטעריום האָבען פערזאַכט די זעהר שנעלע ענטוויקלונג פון דער פאָלקס פּאַרטיי, אָדער ווי זי רופט זיך איצט, די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. אָט די פּאַרטיי, וואָס איז געווען אָנגעפיהרט פון דעם קלאַס קליינע האַנדווערקער און הענדלער און האָט אין אָנהויב פון דער רעוואָלוציאָן פעראייניגט אונטער איהר פאָהן די גרויסע מאַיאָריטעט פון די אַרבייטער, האָט געפאָדערט דירעקטע און אַלגעמיינע וואַהלען, פּונקט ווי דאָס איז געווען איינגעפיהרט אין פראַנקרייך, איין געזעצגעבענדען קאַמער און פולע און אָפענע אַנערקענונג פון דער רעוואָלוציאָן פון 18טען מערץ, ווי א באַזיס פון דעם נייעם רעגירונגס סיסטעם. דער מעסיגערער פליגעל פון דער פּאַרטיי וואָלט זיך צופרידענגעשטעלט מיט א „דעמאָקראַטיזירטער" מאָנאַרכיע, דער פאָרטשריטליכער טייל האָט געפאָדערט די ענדליכע גרינדונג פון א רעפּובליק. ביידע זייטען האָבען איינשטימיג אַנערקענט די דייטשע נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג אין פראַנקפורט, ווי די העכסטע אויטאָריטעט אין לאַנד, וועהרענד די קאָנסטיטוציאָנאַליסטען און רעאַקציאָנערען האָבען געפיהלט דעם גרעסטען שרעק פאַר דער העכסטער אויטאָריטעט פון אָט דער קערפּערשאַפט, וועלכע זיי האָבען אָפען געהאַלטען פאַר א דורכאויס רעוואָלוציאָנערע.

די רעוואָלוציאָן האָט פאַר א געוויסע צייט צושטערט די אונאַבהענגיגע בעוועגונג פון די אַרבייטער קלאַסען. די באַלדיגע נויטען און אומשטענדען פון דער בעוועגונג זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבען ניט ערלויבט אַרויסצורוקען אין פאָדערגרונד וועלכע עס איז ספּעציפישע פאָדערונגען פון דער פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי. און אין דער אמת'ן, אַזוי לאַנג ווי דער באָדען איז נאָך ניט געווען אָבגערייניגט פאַר אונאַבהענגיגע אַקציאָן פון די אַרבייטער, אַזוי לאַנג ווי דירעקטע און אַלגעמיינע וואַהלרעכט איז נאָך ניט געווען איינגעפיהרט, אַזוי לאַנג ווי די זעקס און דרייסיג גרעסערע און קלענערע שטאַאטען האָבען נאָך אַלץ צושניטען דייטשלאַנד אין

אונצעהליגע שטיקלעך, וואָס נאָך האָט די פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי געקענט טהאָן, ווי נאָר אויפמערקזאם נאָכפאָלגען די געשעהענישען פון דער פאַריזער בעוועגונג, וואָס איז פאַר איהר געווען די אַל־וויכטיגסטע, און קעמפען צוזאַמען מיט די קליינע קרעמער צו דער־גרייכען יענע רעכט, וואָס וועלען זיי שפּעטער געבען די מעגליכ־קייט צו קעמפען זייער אייגענע שלאַכט?

עס זיינען דעריבער געווען נאָר דריי פּונקטען, אין וועלכע די פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי האָט זיך גרינדליך אונטערשיידט אין איהר פּאָליטישער אַקציאָן פון דעם קלאַס פון קליינע האַנדווערקער און קרעמער, פון זייער אַזוי גערופענער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי: ערשטענס, אין אורטיילען און אָבשאַצען גאַנץ פערשידען די פראַנ־צויזישע בעוועגונג, אין בעצוג צו וועלכער די דעמאָקראַטען האָבען אטאַקירט און די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציאָנערען האָבען פערטיי־דיגט די עקסטרעמע פּאַרטיי אין פּאַריז; צווייטענס, אין פּראָקלאַ־מירען די נויטווענדיגקייט צו גרינדען אַ דייטשע רעפּובליק, איינע און אונצוטיילבאַרע, וועהרענד גאָר די עקסטרעמסטע צווישען די דעמאָקראַטען האָבען נאָר געוואַגט צו טרוימען פון אַ פעדעראַטיווער רעפּובליק; און דריטענס, אין אַרויסווייזען ביי יעדער געלעגענ־הייט יענע רעוואָלוציאָנערע געוואַגטקייט און גרייטקייט צו האַנד־לען, אין וועלכער יעדע פּאַרטיי, וואָס איז אָנגעפיהרט און צונויפגע־שטעלט הויפּטזעכליך פון קליינע קרעמער און האַנדווערקער, וועט אַלעמאָל זיין הינטערשטעליג.

די פּראָלעטאַרישע, אָדער די אמת'ע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי האָט נאָר זעהר לאַנגזאַם געקענט אָבציהען די ארבייטער מאַסען פון דעם איינפלוס פון די דעמאָקראַטען, וועמעס עק זיי האָבען צוזאַ־מענגעשטעלט אין דעם אָנהויב פון דער רעוואָלוציאָן. אָבער מיט דער צייט האָבען די אונענטשלאָסענקייט, שוואַכקייט און פייגהייט פון די דעמאָקראַטישע פיהרער געטהאָן דאָס איבעריגע, און מען קען איצט האַלטען פאַר איינעם פון די וויכטיגסטע רעזולטאַטען פון די אויפטרייסלונגען פון די לעצטע יאָהרען דאָס, וואָס וואו נאָר דער ארבייטער קלאַס איז קאָנצענטרירט אין מעהר־וועניג בע־דייטענדע מאַסען, איז ער אינגאַנצען פריי פון דעם דעמאָקראַטי־שען איינפלוס, וואָס האָט איהם געבראַכט צו דער ענדלאָזער רייה

טעות׳ען און אומגליקען אין פערלויף פון 1848 און 1849. אָבער לאָמיר בעסער ניט פערלויפען פאָראויס: די געשעהענישען פון אָט די צוויי יאָהר וועלען אונז געבען גענוג געלעגענהייטען צו ווייזען, ווי די דעמאָקראַטישע הערען האָבען געאַרבייט.

דאָס בויערטום אין פרייסען האָט געהאַט וועניגער ענערגיע, איידער דאָס בויערטום אין עסטרייך, און דער פעאָדאַליזם האָט זיי דאָ וועניגער געדריקט. און פונקט ווי אין עסטרייך, האָט דאָס בויערטום אין פרייסען פראָפיטירט פון דער רעוואָלוציאָן און האָט זיך באַלד בעפרייט פון אַלע פעאָדאַלע קייטען. אָבער דאָ אין פרייסען, צוליעב די אורזאַכען, וואָס מיר האָבען אויבען אָנגעוויזען, האָבען די מיטעלע קלאַסען זיך באַלד אומגעקערט און זיך געשטעלט קעגען זיי, זייערע עלטסטע און נויטיגסטע פערבינדעטע. די דעמאָקראַטען, וועמען די אַזוי גערופענע אַטאַקען אויף פריוואַט אייגענטום האָבען פונקט אַזוי איבערגעשראָקען, ווי די בורזשואַזיע, האָבען אויך פערפעהלט צו שטיצען די בויערען. און אָט אַזוי איז דאָס געשעהן, אַז נאָך אַן עמאַנציפּאַציאָן פון דריי מאָנאַטען, נאָך בלוטיגע קאַמפּען און מיליטערישע הינריכטונגען, בעזונדערס אין שלעזיען, איז דער פעאָדאַליזם ווידער איינגעשטעלט געוואָרען דורך די הענט פון דער בורזשואַזיע, וואָס איז ביז נעכטען געוועזען אַנטי־פעאָדאַליסטיש.

קיין מעהר פעראורטיילענדער פאַקט, ווי דער, קען ניט געבראַכט ווערען קעגען דער בורזשואַזיע. אַן עהנליכער פעררעט אַנטקעגען די בעסטע פערבינדעטע, אַנטקעגען זיך אַליין, איז נאָך קיינמאָל ניט בעגאַנגען געוואָרען פון קיין פּאַרטיי אין דער געשיכטע, און די פּאַרטיי פון מיטעלקלאַס האָט מיט אָט דער האַנדלונג זיכער פערדיענט יעדען טייל פון דער ערנידריגונג און שטראָף, וואָס די צוקונפט קען איהר נאָך ברענגען.

לאָנדאָן, אָקטאָבער 1851.

## VII

## די פראַנקפורטער נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג.

אונזערע לעזער וועלען אפשר געדענקען, אז אין אונזערע זעקס פריהערדיגע קאָרעספּאָנדענצען האָבען מיר נאָכגעפאָלגט די רע־וואָלוציאָנערע בעוועגונג פון דייטשלאַנד ביז צו די צוויי גרויסע פּאָלקס־זיעגען פון 13טען מערץ אין וויען און 18טען מערץ אין בערלין. מיר האָבען געזעהן, סאַי אין עסטרייך, סאַי אין פּרייסען, די גרינדונג פון קאָנסטיטוציאָנעלע רעגירונגען און די פּראָקלאַמי־רונג פון ליבעראַלע, אָדער מיטעלקלאַס, פּרינציפּען, אלס די לייי־טענדע רעגלען פאַר יעדער צוקונפטיגער פּאָליטיק. דער איינציגער בעמערקבארער אונטערשיד צווישען די צוויי גרויסע צענטערען פון אַקציאָן איז געווען דאָס, וואָס אין פּרייסען האָט די ליבעראַלע בורזשואַזיע, אין די פּערזאָנען פון די צוויי רייכע קאָמערסאַנטען, די הערען קאַמפּהאַוזען און האַנזעמאַן, אליין פערכאַפּט די לייצעס פון רעגירונג, וועהרענד אין עסטרייך, וואו די בורזשואַזיע איז פּאָליטיש געווען פיעל ווייניגער געבילדעט, האָט די ליבעראַלע ביוּ־ראָקראַטיע פערנומען די עמטער, ערקלערענדיג, אז זי האַלט די מאַכט אין נאָמען פון דער בורזשואַזיע.

מיר האָבען ווייטער געזעהן, ווי די פּאַרטייען און געזעלשאַפט־ליכע קלאַסען, וואָס זיינען ביז דאַן געווען פעראייניגט אין אָפּאָזי־ציאָן קעגען דער אַלטער רעגירונג, האָבען זיך פאַנאַנדערגעטיילט צווישען זיך נאָך דעם זיעג, אָדער אפילו נאָך אין פערלויף פון קאַמף, און ווי דיזעלבע ליבעראַלע בורזשואַזיע, וואָס איז געווען די איינציגע צו פּראָפּיטירען פון דעם זיעג, האָט זיך באַלד אומגעקערט און אוועקגעשטעלט אנטקעגען איהרע נעכטיגע פערבינדעטע, האָט אָנגענומען א פיינדליכע שטעלונג קעגען יעדען קלאַס אָדער פּאַרטיי מיט א מעהר פּאָרטשריטליכען כאַראַקטער און האָט געשלאָסען א בונד מיט די בעזיעגטע פעאָדאַלע און ביוראָקראַטישע אינטערעסען. עס איז אין דער אמת'ן געווען אויגענשיינליך, אפילו פון דעם אָנ־הויב אָן פון דער רעוואָלוציאָנערער דראַמא, אז די ליבעראַלע בור־זשואַזיע וועט ניט קענען אָנהאַלטען איהר פּאָזיציאָן קעגען די בע־זיגטע, אָבער ניט פערניכטעטע פעאָדאַלע און ביוראָקראַטישע פּאַר־

טייען, סאידען זי וועט זיך שטיצען אויף די מעהר פאָרטשריטליכע פאָלקס פארטייען. און עס איז געוועזען פונקט אזוי קלאָר, אז זי האָט זיך אויך גענויטיגט אין דער הילף פון דעם פעאָדאלען ארעלשטאנד און דער ביוראָקראטיע אנטקעגען דעם שטראָם פון אָט די מעהר פאָרטשריטליכע מאסען.

און עס איז געוועזען גענוג קלאָר, אז די בורזשואזיע אין עסט־רייך און פרייסען האָט ניט געהאט גענוג קראפט אָנצוהאלטען איהר הערשאפט און צוצופאסען די איינריכטונגען פון לאנד צו איהרע בעדערפנישען און אידעען. דאָס ליבעראלע בורזשואזע מיניסטע־ריום איז נאָר געוועזען אַן אָברוה פונקט, פון וועלכען, אָבהענגיג פון דער ווייטערער ענדערונג אין די אומשטענדען, דאָס לאנד וואָלט ענטוועדער געמוזט געהן ווייטער צו דער מעהר פאָרטגעשריטענער שטופע פון פעראייניגטען רעפובליקאניזם, אָדער אראָבפאלען צוריק צו דעם אלטען קלעריקאליש־פעאָדאלען און ביוראָקראטישען רע־זשים. יעדענפאלס אָבער האָט נאָך דער אמת'ער ענטשיידענדער קאמף געדארפט קומען. די געשעהענישען פון מערץ זיינען נאָר געוועזען אַן אָנהויב פון אָט דעם קאמף.

אזוי ווי עסטרייך און פרייסען זיינען געוועזען די צוויי רעגי־רענדע שטאאטען פון דייטשלאנד, וואָלט יעדער ענטשידענער רע־וואָלוציאָנערער זיעג אין וויען אָדער בערלין געוועזען ענטשיידענד פאר גאנץ דייטשלאנד. און אויף ווי ווייט זיי זיינען געגאנגען, האָבען די געשעהענישען אין יענע צוויי שטעדט אין מערץ 1848 ענטשידען די ווייטערע ענטוויקלונג פון דייטשע אנגעלעגענהייטען. עס וואָלט דעריבער געוועזען פאר אונז גאנץ איבריג דאָ זיך אומצו־קערען צו די בעוועגונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין די קלע־נערע שטאאטען. און מיר וואָלטען זיך דעריבער געקענט בעשרענ־קען אויף דער בעטראכטונג פון עסטרייכישע און פרייסישע אנגע־לעגענהייטען אויסשליסליך, ווען די עקזיסטענץ פון יענע קלענערע שטאאטען וואָלט ניט בעשאפען אַ קערפערשאפט, וואָס האָט שוין מיט איהר עקזיסטענץ אליין בעוויזען אויף דעם קלאָרסטען אופן, ווי אבנאָרמאל די לאגע איז אין דייטשלאנד, און ווי אונפערענדיגט עס איז געוועזען די לעצטע רעוואָלוציאָן. דאָס איז געוועזען אַ קער־פערשאפט אזוי אבנאָרמאל, אזוי קאָמיש שוין אין איהר שטע־

לונג אַליין, און וואָס האָט דאָך זיך אַליין געהאַלטען פאַר אַזוי וויכטיג, אַז די געשיכטע וועט ווארשיינליך קיינמאָל ניט בעשאַפען נאָך פון דעם מין. אָט די קערפּערשאַפט איז געוועזן די אַזוי גערופענע ד י י ט ש ע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע פ ע ר ז אַ מ ל ו נ ג אין פראַנקפורט־אַם־מאַין.

נאָך די פאָלקס־זיעגען אין וויען און אין בערלין איז געוועזן זעלבסטפערשטענדליך, אַז עס מוז זיין אַ רעפּרעזענטאַטיווע פערזאַמלונג פאַר גאַנץ דייטשלאַנד. אָט די קערפּערשאַפט איז דעריבער ערוועהלט געוואָרען און האָט געהאַט איהרע זיצונגען אין פראַנקפורט, זייט ביי זייט מיט דעם אַלטען פעדעראַטיווען סיים. דאָס פאָלק האָט ערוואַרט פון דער דייטשער פעדעראַטיווער פערזאַמלונג, אַז זי וועט לעזען אַלע פּראָבלעמען, איבער וועלכע אַ שטרייט איז אָנגעפיהרט געוואָרען, און וועט האַנדלען ווי די העכסטע געזעצגעבענדע אויטאָריטעט פאַר דער גאַנצער דייטשער קאָנפעדעראַציאָן.

אָבער אין דערזעלבער צייט האָט דער סיים, וואָס האָט זי צונויפגערופען, אינגאַנצען ניט בעשטימט איהרע פּרעראָגאַטיווען. קיינער האָט ניט געוואוסט, צי איהרע פעראָרדנונגען דאַרפען האָבען די קראַפט פון געזעץ, אָדער זיי דאַרפען בעקומען די סאַנקציאָן פון דעם סיים, אָדער גאָר פון די בעזונדערע רעגירונגען. אין אַזאַ צומישונג, ווען די פערזאַמלונג וואָלט געהאַט כאָטש אַביסעל ענערגיע, וואָלט זי באַלד אויפגעלעזט דעם סיים און צושיקט אַהיים זיינע מיטגליעדער, דען אין דייטשלאַנד איז נאָך ניט געוועזן אַזאַ אונפּאָפּולערע קערפּערשאַפט, ווי דער סיים, און זי וואָלט אויף זיין אָרט אויפגעשטעלט אַ פעדעראַלע רעגירונג פון איהרע אייגענע מיטגליעדער. זי וואָלט זיך ערקלערט פאַר דעם איינציגען געזעצליכען אויסדרוק פון דעם העכסטען ווילען פון דייטשען פאָלק און וואָלט דערמיט צוגעגעבען די קראַפט פון געזעץ צו יעדען איינעם פון איהרע אַקטען. זי וואָלט, אויסער דעם אַלעמען, פערזיכערט פאַר זיך אַן אָרגאַניזירטע און בעוואַפענטע מאַכט אין לאַנד, וואָס זאָל זיין גענוג שטאַרק צו צוברעכען יעדע אָפּאָזיציאָן פון די רעגירונגען. און דאָס אַלץ איז געוועזן לייכט, זעהר לייכט אין יענער ערשטער צייט פון דער רעוואָלוציאָן.

אָבער דאָס וואָלט געהייסען ערווארטען ווייט צופיעל פון א פערזאמלונג, וואָס איז אין איהר מאַיאָריטעט געווען צוזאמענגע־שטעלט פון ליבעראַלע אדוואָקאטען און דאָקטרינערען פראָפעסאָרען, א פערזאמלונג, וואָס האָט פרעטענדירט צו פערקערפערען די עסענץ פון דייטשען גייסט און דייטשער וויסענשאפט, און וואָס איז אין דער ווירקליכקייט געווען ניט מעהר ווי א ביהנע, אויף וועלכער אַל־טע און אָבגענוצטע פּאָליטישע כאראקטערען האָבען אויסגעשטעלט זייער אונפרייוויליגע לעכערליכקייט און זייער אימפּאָטענץ אין דענ־קען, אזוי גוט ווי אין האנדלען, פאַר די אויגען פון גאנץ דייטשלאנד.

און אָט די פערזאמלונג פון אַלטע ווייבער איז פון דעם ערש־טען טאָג פון איהר עקזיסטענץ געווען מעהר אין שרעק פאַר דער קלענסטער פאָלקס בעוועגונג, ווי פאַר אַלע רעאקציאָנערע פער־שווערונגען פון אַלע דייטשע רעגירונגען צוזאמענגענומען. זי האָט געהאלטען איהרע זיצונגען פאַר די אויגען פון דעם סיים, ניין, זי האָט כמעט געבענקט נאָך דער סאנקציאָן פון דעם סיים צו איהרע פעראָרדנונגען, ווייל איהרע ערשטע רעזאָלוציאָנען האָבען געדאַרפט אָפיציעל בעקאַנט געמאכט ווערען פון יענער פערהאסטער קערפערשאפט. אנשטאט פעסטצושטעלען איהר אייגענע סואווערע־ניטעט, האָט זי סיסטעמאטיש אויסגעמידען צו דיסקוטירען אזעלכע געפעהרליכע פראגען. אנשטאט ארומצורינגלען זיך מיט א פאָלקס־מאכט, איז זי איבערגעגאנגען צו דער טאָג־אָרדנונג איבער אַלע געוואלטזאמע אקטען און אָנגריפען פון די רעגירונגען. כמעט פאַר איהרע אויגען איז די שטאָדט מאינץ געשטעלט געוואָרען אין קריעגס צושטאנד, און די בעפעלקערונג איז ענטוואפענט געוואָרען, נאָר די נאציאָנאלע פערזאמלונג האָט זיך ניט געריהרט.

שפּעטער האָט זי ערוועהלט ערצהערצאָג יאָהאן פון עסטרייך פאַר רעגענט פון דייטשלאנד און האָט ערקלערט, אז אַלע איהרע רעזאָלוציאָנען וועלען האָבען די קראפט פון געזעץ. אָבער ערצ־הערצאָג יאָהאן איז בעשטעטיגט געוואָרען אין זיין נייער ווירדע ערשט נאָכדעם, ווי אַלע רעגירונגען האָבען געגעבען דערצו זייער צושטימונג, און ערשט דאן איז ער בעשטעטיגט געוואָרען ניט פון דער פערזאמלונג, נאָר פון דעם סיים. און וואָס אנבעטרעפט די געזעצליכע קראפט פון דער פערזאמלונג'ס פעראָרדנונגען, איז

אַט דער פּונקט קיינמאָל ניט אַנערקענט געוואָרען פון די גרעסערע רעגירונגען און קיינמאָל ניט אויסגעפיהרט געוואָרען פון דער פער־זאַמלונג אַליין. דער אַקט איז אַזוי געבליבען הענגען.

און אַט אַזוי האָבען מיר געהאַט דעם זאָנדערבאַרען ספּעק־טאַקעל פון אַ פערזאַמלונג, וואָס פּרעטענדירט צו זיין די איינציגע געזעצליכע פערטרעטערין פון אַ גרויסער און זעלבסטשטענדיגער נאַ־ציאָן, און וואָס פערמאָגט דאָך קיינמאָל ניט ניט דעם ווילען, ניט די קראַפט צו צווינגען צו אַנערקענען איהרע פאָדערונגען. די רעבאַטען פון אַט דער קערפּערשאַפט, וואָס האָבען ניט געהאַט קיין שום פּראַק־טישע רעזולטאַטען, האָבען אַפילו ניט געהאַט קיין טעאָרעטישען ווערט, ווייל זיי האָבען נאָר רעפּראָדוצירט די אויסגעדראָשענסטע און פלאַכסטע טעמען פון לאַנג אָבגעלעבטע פילאָסאָפישע און יורי־דישע שולען. יעדער זאַץ, וואָס איז ארויסגעזאָגט געוואָרען, אָדער ריכטיגער ארויגעשטאַמעלט געוואָרען, אין דער פערזאַמלונג, איז שוין לאַנג צוריק איבערגעדרוקט געווען טויזענד מאָל, און טויזענד מאָל בעסער.

און אַט אַזוי האָט די כלומר'שטע נייע צענטראַלע אויטאָריטעט פון דייטשלאַנד איבערגעלאָזען אַלץ, ווי זי האָט דאָס געפונען. ווייט ניט דורכפיהרענדיג די לאַנג געפאָדערטע איינינגקייט פון דייטש־לאַנד, האָט זי אַפילו ניט אָבגענומען די הערשאַפט פון דעם אונ־וויכטיגסטען פון די פּרינצען, וואָס האָבען רעגירט דאָס לאַנד. זי האָט ניט צוזאַמענגעצויגען ענגער דעם בונד פון איינינגקייט צווישען דייטשלאַנד'ס בעזונדערע פּראָווינצען. זי האָט קיינמאָל ניט גע־מאַכט קיין איינציגען שריט אָבצושאַפען די טאַריף אָבצאַמונגען, וואָס האָבען אָבגעטיילט האַנאָווער פון פּרייסען און פּרייסען פון עסטרייך. זי האָט אַפילו ניט געמאַכט דעם קלענסטען פערזוך אָב־צושאַפען די שעדליכע אָבצאָהלונגען, וואָס שטערען אומעטום דעם שיף פערקער אויף די טייכען אין פּרייסען.

אָבער וואָס וועניגער אַט די פערזאַמלונג האָט אויפגעטאָן, אַלץ מעהר האָט זי געלאַרעמט און זיך בעריהמט. זי האָט געשאַפען אַ דייטשען פלאָט — אויפ'ן פּאַפּיר; זי האָט אַנעקסירט פּוילען און שלעזוויג; זי האָט ערלויבט דייטש־עסטרייך אָנצופיהרען אַ מלחמה קעגען איטאַליען, און האָט דאָך פערבאָטען די איטאַליענער נאָכ־

צופאָלגען די עסטרייכער אין זייער זיכערען צוריקטריט אין דייטש־
לאַנד; זי האָט דריי מאָל אויסגעשריען „הורא“ און נאָך א פער־
טען מאָל פאַר דער פראַנצויזישער רעפובליק, און זי האָט אויפגע־
נומען אונגאַרישע געזאַנדשאַפטען, וואָס האָבען זיך זיכער אומגע־
קערט אַהיים מיט א גרעסערער צומישונג פון בעגריפען וועגען
דייטשלאַנד, איידער די, וואָס זיי האָבען מיט זיך געבראַכט אין
דייטשלאַנד.

און אָט די פערזאַמלונג איז אין אָנהויב פון דער רעוואָלוציאָן
געוועזן דאָס שרעק־בילד פאַר אַלע דייטשע רעגירונגען. זיי האָבען
פון איהר ערוואַרט שאַרפע דיקטאַטאָרישע און רעוואָלוציאָנערע
האַנדלונגען, טאַקי צוליעב דער זעהר אונבעשטימטער פאָרמולירונג,
אין וועלכער מען האָט געפונען פאַר נויטיג איבערצולאָזען איהר
קאָמפעטענץ. און די רעגירונגען האָבען דעריבער אויפגעשטעלט א
גאַנץ ברייטע און פערצווייגטע סיסטעם פון אינטריגען, אום אָבצו־
שוואַכען דעם איינפלוס פון דער קערפערשאַפט, פאַר וועלכער זיי
האָבען זיך אַזוי שטאַרק געשראָקען. אָבער עס האָט זיך ארויס־
געשטעלט, אַז זיי האָבען געהאַט מעהר מזל, ווי פערשטאַנד, ווייל
אָט די פערזאַמלונג האָט געטאָן די אַרבייט פון די רעגירונגען פיעל
בעסער, איידער זיי אַליין וואָלטען דאָס געקענט טהאָן.

דער וויכטיגסטער אַקט פון אָט די אַלע אינטריגען איז געוועזן
די צונויפרופונג פון לאָקאַלע געזעצגעבענדע פערזאַמלונגען, און
פאָלגליך האָבען ניט נאָר די קלענערע שטאַאַטען צוזאַמענגערופען
זייערע לעגיסלאַטורען, נאָר פרייסען און עסטרייך האָבען אויך גע־
רופען גרינדונגס פערזאַמלונגען. אין אָט די פערזאַמלונגען, פונקט
ווי אין דעם פראַנקפורטער רעפרעזענטאַנטען הויז, האָבען דער לי־
בעראַלער מיטעלקלאַס, אָדער זיינע פערבינדעטע, די ליבעראַלע אַד־
וואָקאַטען און די ביוראָקראַטען געהאַט די מאַיאָריטעט, און אין
יעדערער פון זיי איז די ווענדונג פון פּאָליטישע אַנגעלעגענהייטען
געוועזן כמעט דיזעלבע.

דער איינציגער אונטערשיעד איז דער, וואָס די דייטשע נאַ־
ציאָנאַלע פערזאַמלונג איז געוועזן דער פּאַרלאַמענט פון אַן אויסגע־
טראַכטען לאַנד, ווייל זי האָט ניט געוואָלט נעמען אויף זיך די אויפ־
גאַבע פון שאַפען דאָס, וואָס איז אייגענטליך געוועזן איהר ערשטע

עקזיסטענץ בעדינגונג, נעמליך, א פעראייניגטע דייטשלאַנד. און זי האָט דיסקוטירט וועגען אויסגעטראַכטע שריט, וואָס האָבען קיינמאָל ניט געזאָלט דורכגעפיהרט ווערען, פון אַן אויסגעטראַכטער רעגירונג, וואָס זי אַליין האָט בעשאַפען. און זי האָט אָנגענומען אויסגעטראַכטע רעזאָלוציאָנען, וואָס זיינען קיינעם ניט אָנגעגאַנגען. וועהרענד אין עסטרייך און פרייסען זיינען די גרינדונגס פערזאַמלונגען געווען וועניגסטענס אמת'ע פאַרלאַמענטען, וואָס האָבען אומגעוואָרפען און בעשאַפען אמת'ע מיניסטאַרען קאַבינעטען און האָבען אַרויפגעצוואונגען, וועניגסטענס פאַר א געוויסע צייט, זייערע רעזאָלוציאָנען אויף די פרינצען, מיט וועלכע זיי איז אויסגעקומען צו קעמפען.

זיי זיינען אויך געווען פייג. זיי האָט אויך געפעהלט די ברייטקייט פון רעוואָלוציאָנערע ענטשלוסען. זיי האָבען אויך פערראַטען דאָס פאָלק און האָבען אומגעקערט די מאַכט אין די הענט פון פעאָדאַלען, ביוראָקראַטישען און מיליטערישען דעספאָטיזם. אָבער זיי זיינען וועניגסטענס געווען געצוואונגען צו דיסקוטירען פראַקטישע פראַגען פון באַלדיגע אינטערעסען און צו לעבען אויף דער ערד צוזאַמען מיט אַנדערע מענשען, וועהרענד די פראַנקפורטער בעטריגער זיינען קיינמאָל ניט געווען גליקליכער, ווי ווען זיי האָבען געקענט שוועבען „אין לופטרייך פון טרוים". און אָט אזוי וועלען די פערהאַנדלונגען פון די גרינדונגס פערזאַמלונגען פון בערלין און וויען ווערען א וויכטיגער טייל פון דייטשער רעוואָלוציאָנערער געשיכטע, וועהרענד די נאַכטליכע געלעהרטע ארבייטען פון דער פראַנקפורטער קאָלעקטיווער נאַרישקייט און נאַרעריי אינטערעסירען נאָר דעם זאַמלער פון ליטעראַרישע און אַנטיקוואַרישע קוריאָזיטעטען.

דאָס פאָלק פון דייטשלאַנד, וואָס האָט טיף געפיהלט די נויטווענדיגקייט אָבצושאַפען די שעדליכע טעריטאָריעלע צוטיילונגען, וואָס האָבען צושפּרייט און פערניכטעט די קאָלעקטיווע קראַפט פון דער נאַציאָן, האָט א געוויסע צייט געהאָפט צו דערזעהן, וועניגסטענס אין דער פראַנקפורטער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג, דעם אָנהויב פון א נייער צייט. אָבער די קינדערשע אויפפיהרונג פון יענער פערזאַמלונג פון נאַרען האָט באַלד ענטוישט דעם

נאַציאָנאַלען ענטוזיאַזם. די שענדליכע אַקטען, וואָס זיינען גע־
קומען נאָך דעם וואַפּענשטילשטאַנד פון מאַלמאָ (אין סעפּטעמבער
1848), האָבען ענדליך געפיהרט צו דעם, אַז דער שטורעם פון פאָלקס
צאָרן זאָל אויסברעכען אנטקעגען אַ קערפּערשאַפט, אויף וועלכע מען
האָט געלעגט די האָפנונג, אַז זי וועט געבען דער נאַציאָן אַ פרייע
פעלד פאַר טהעטיגקייט, און וועלכע האָט אנשטאַט דעם, אין איהר
אונפערגלייכליכער פייגהייט, נאָר אומגעקערט אין זייער פריהער־
דיגער שטאַרקייט און פעסטקייט די יסודות, אויף וועלכע דאָס איצ־
טיגע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע סיסטעם איז געבויט.

לאָנדאָן, יאַנואַר 1852.

## VIII

## פאָליאַקען, טשעכען און דייטשען.

פון דעם, וואָס איז געזאָגט געוואָרען אין די פריהערדיגע קאַ־
פּיטלען, איז שוין קלאָר, אַז אַלץ וואָלט זיך אין דייטשלאַנד אומ־
געקערט צו דעם שטאַנד פון פאַר דער רעוואָלוציאָן פון מערץ 1848,
סאַידען ווען נאָך איהר זאָל קומען אַ נייע רעוואָלוציאָן. אָבער דער
היסטאָרישער געגענשטאַנד, אויף וועלכען מיר פּרואווען דאָ ווארפען
עטוואָס ליכט, איז אַזוי קאָמפּליצירט, אַז די שפּעטערע געשעהע־
נישען קענען ניט קלאָר פערשטאַנען ווערען, סאַידען מיר וועלען בע־
טראַכטען דאָס, וואָס מען קאָן אָנרופען די אויסלענדישע אנגעלע־
גענהייטען פון דער דייטשער רעוואָלוציאָן. און אָט די אויסלענדי־
שע אנגעלעגענהייטען זיינען געווען פונקט אַזוי קאָמפּליצירט, ווי
די אינלענדישע.

די גאַנצע אָסטליכע העלפט פון דייטשלאַנד, אַזוי ווייט ווי
די עלבע, זאַאַלע און דער בעהמישער וואַלד, איז, ווי דאָס איז גוט
בעקאַנט, ווידער איינגענומען געוואָרען אין פערלויף פון די לעצטע
טויזענד יאָהר פון די אַריינדרינגער פון סלאַווישער אָבשטאַמונג.
דער גרעסטער טייל פון אָט די טעריטאָריען איז געווען גערמאַני־
זירט פאַר די לעצטע עטליכע יאָהרהונדערטער, ביז עס איז גאָרניט
געבליבען פון דער סלאַווישער נאַציאָנאַליטעט און שפּראַך. און
ווען מיר וועלען אויסנעמען איינינע אינגאַנצען איזאָלירטע רעש־

טען פון די אמאָליגע סלאווען, וואָס צעהלען צוזאמען וועניגער פון הונדערט טויזענד מענשען (די קאסוביער אין פּאָמערן, די וועג־דען אָדער סאָרביער אין לוזיאַנא*), זיינען די איינוואוינער אין אַלע הינזיכטען דייטשען.

אָבער די לאַגע איז אַ גאַנץ אַנדערע אין דער לענג פון דעם גרענעץ פון אַמאָליגען פּוילען און אין די לענדער פון דער טשעכי־שער שפּראַך, אין בעהמען און מעהרען. דאָ זיינען די צוויי נאַ־ציאָנאַליטעטען צוזאַמענגעמישט אין יעדען בעצירק. די שטעדט זיינען געוועהנליך מעהר אָדער וועניגער דייטש, וועהרענד אין די דערפער הערשט דער סלאַווישער עלעמענט. איבעריגענס ווערט אויך אויפ'ן לאַנד דער סלאַווישער עלעמענט שטופּענווייז צוטיילט און ארויסגעשטופּט פון דעם אַלץ שטייגענדען דייטשען איינפלוס.

די אורזאַך פון אַזאַ צושטאַנד איז די: פון זינט די צייטען פון קאַרל דעם גרויסען האָבען די דייטשען שטענדיג און נעדולדיג אַנגעווענדט די גרעסטע אָנשטרענגונגען אויף ערָאבערן, קאָלאָני־זירען, אָדער וועניגסטענס ציוויליזירען אָסט איירָאפּאַ. די ערָאבע־רונג פון דעם פעאָדאלען אדעלשטאַנד צווישען דער עלבע און דעם אָדער, און די פעאָדאַלע קאָלאָניען פון די מיליטערישע אָרדענס פון ריטער אין פּרייסען און ליפלאַנד האָבען נאָר נעלעגט דעם פונ־דאַמענט פאַר אַ פיעל ברייטערען און ווירקזאַמערען סיסטעם פון גערמאַניזאַציאָן דורך די קאָמערציעלע און אינדוסטריעלע מיטעל־קלאַסען, וואָס האָבען אין דייטשלאַנד, פּונקט ווי אין דער איברי־גער מערב איירָאפּאַ, זיך דערהויבען זינט דעם פּופצעהנטען יאָהר־הונדערט צו אַ הויכען סאָציאַלען און פּאָליטישען שטאַנד.

די סלאווען, און בעזונדערס די וועסטליכע סלאווען (פּאָליאַ־קען און טשעכען), זיינען הויפּטזעכליך אַן אַגריקולטורעלע ראַסע, האַנדעל און פאַבריקאַציאָן זיינען ביי זיי קיינמאָל ניט נעוועזן זעהר

*) לוזיאַנאַ, אַן אַלטע טעריטאָריע פון דייטשלאַנד, געפינט זיך צו נאָרד פון בעהמען, צו וועלכען לאַנד זי האָט אַמאָל אינגאַנצען גע־הערט. שפּעטער האָט זי געהערט צו זאַקסען, און נאָך שפּעטער, אין 1815, איז זי צוטיילט געוואָרען צווישען זאַקסען (דער נאָרדליכער טייל) און פּרייסען (דער זידליכער טייל).

שטארק בעליעבט. דער רעזולטאט דערפון איז געווען, אז וואָס מעהר די בעפעלקערונג איז געוואקסען און שטעדט זיינען ענט־שטאנען אין אָט די פּראָווינצען, איז די פּראָדוקציאָן פון אלע אר־טיקלען אריינגעפאלען אלץ מעהר אין די הענט פון דייטשע אימיג־ראנטען, און דער אויסטויש פון אָט די ארטיקלען אויף אגריקול־טורעלע פּראָדוקטען, און פערקערט, איז געוואָרען די אויסשליסליכע מאָנאָפּאָל פון די אידען, וועלכע, אויב זיי געהערען איבערהויפּט צו וועלכער עס איז נאציאָן, זיינען אין אָט די לענדער זיכער מעהר דייטשען איידער סלאווען.

אזוי איז דאָס געווען, כאָטש אין א קלענערער מאָס, אין דעם גאנצען אָסטליכען טייל פון אייראָפּא. דער האנדווערקער, דער קליינער קרעמער, דער קליינער פאבריקאנט איז נאָך ביז היינטיגען טאָג א דייטש אין פּעטערסבורג, פּעשט, יאסי און אפילו קאָנסטאנ־טינאָפּאָל. אין דערזעלבער צייט איז אין די אלע ערטער דער מלוה, דער שענקער, דער הויזירער — וואָס איז זעהר וויכטיג אין אזעלכע ווענינ בעפעלקערטע געגענדען — מעהרסטענס א איד, וועמעם מוטערשפּראך איז א שרעקליך פערדאָרבענער דייטש.

און די וויכטיגקייט פון דעם דייטשען עלעמענט אין די סלאַ־ווישע גרענעץ געגענדען, וואָס שטייגט צוזאמען מיט דעם וואוקס פון די שטעדט און פון האנדעל און פאבריקאציאָן, איז נאָך פער־גרעסערט געוואָרען, ווען מען האָט געפונען פאר נויטיג צו אימ־פּאָרטירען כמעט יעדען עלעמענט פון גייסטיגער קולטור פון דייטש־לאנד. נאָך דעם דייטשען הענדלער און האנדווערקער, האָבען זיך דער דייטשער גייסטליכער, דער דייטשער שולמייסטער, דער דייט־שער געלעהרטער בעזעצט אויף סלאווישער ערד. און ענדליך איז דער אייזערנער באנד פון עראָבערנדע ארמייען, אָדער די פאָרזיכ־טיגע, גוט אויסגערעכענטע אגרעסיווע פּאָליטיק פון דער דיפּלאָ־מאטיע ניט נאָר געקומען נאָכדעם, נאָר איז אָפטמאָל נאָך געקומען פיעל פריהער פאר דעם לאנגזאמען, אָבער זיכערען פאָרטשריט פון דענאציאָנאליזאציאָן דורך סאָציאלע ענטוויקלונג.

אזוי זיינען גרויסע טיילען פון וועסטפּרייסען און פּאָזען גער־מאניזירט געוואָרען זינט דער ערשטער צוטיילונג פון פּוילען, דורך פערקויפען און אָבגעבען עפענטליכע גיטער צו דייטשע קאָלאָניס־

טען, דורך ערמוטיגונג צו דייטשע קאַפּיטאַליסטען אין דער גרינדונג פון פאַבריקען, א. אַז. וו., אין יענע געגענדען, און גאַנץ אָפּט אויך דורך העכסט רעספּאָנטישע מיטלען קעגען דער פּוילישער בעפעל־קערונג פון לאַנד.

אויף אַזאַ'ן אופן האָבען די לעצטע זיבעציג יאָהר אינגאַנצען געענדערט די צוטיילונגס־ליניע צווישען דער דייטשער און פּוילי־שער נאַציאָנאַליטעט. די רעוואָלוציאָן פון 1848 האָט געפיהרט דערצו, אַז אַלע גערריקטע נאַציאָנען זאָלען באַלד פאָדערען זעלבסט־שטענדיגקייט און דאָס רעכט אַליין צו פערוואַלטען זייערע אייגענע אַנגעלעגענהייטען, און עס איז געווען גאַנץ נאַטירליך, אַז די פּאָ־ליאַקען זאָלען אויך באַלד פאָדערען די ווידעראויפשטעלונג פון זייער לאַנד אין די גרענעצען פון דער אַלטער פּוילישער רעפּובליק פון פאַר 1772. אמת, די דאָזיגע גרענעצען זיינען שוין אפילו צו יענער צייט געווען ניט די ריכטיגע, פערעלטערטע, אויב מען זאָל זיי נעמען פאַר די אָבגרענעצונגס ליניע צווישען דער דייטשער און דער פּוילישער נאַציאָנאַליטעט. און וואָס ווייטער דער פאָרט־שריט פון גערמאַניזאַציאָן איז אָנגעגאַנגען, אַלץ מעהר איז דאָס אַזוי געוואָרען. אָבער פון דער אַנדער זייט האָבען די דייטשען אַרויסגעוויזען אַזאַ ענטוזיאַזם פאַר דער ווידעראויפשטעלונג פון פּוילען, אַז מען האָט געדאַרפט ערוואַרטען, מען זאָל פאָדערען פון זיי, זיי זאָלען אָבגעבען זייער טייל פון דעם רויב, ווי אַן ערשטער בעוויז פון דער אמת'דיגקייט און אויפריכטיגקייט פון זייערע סימ־פּאַטיען.

פון דער אַנדער זייט אָבער, זאָלען גאַנצע שטרעקען לאַנד, וואָס זיינען בעפעלקערט הויפּטזעכליך פון דייטשען, זאָלען גרויסע שטעדט, וואָס זיינען אינגאַנצען דייטש, אָבגעגעבען ווערען צו אַ פאָלק, וואָס האָט נאָך ניט געגעבען קיין בעווייז, אַז עס איז פעהיג צו פּראָגרעסירען ווייטער פון אַ צושטאַנד, וואָס איז בעגרינדעט אויף אַגריקולטורעלער שקלאַפעריי? די פראַגע איז גענוג פערוויי־קעלט. די איינציגע מעגליכע לעזונג איז געלעגען אין אַ מלחמה מיט רוסלאַנד. די פראַגע וועגען דער אָבגרענעצונג צווישען די פערשיעדענע רעוואָלוציאָניזירטע נאַציאָנען וואָלט געוואָרען אַ צווייטע אין וויכטיגקייט אין פערגלייך מיט דער פראַגע וועגען

פעסטשטעלען א זיכערען גרענעץ קעגען דעם געמיינשאפטליכען פיינד. בעקומענדיג ברייטע טעריטאָריען אין אָסט, וואָלטען די פּאָליאקען געוואָרען מעהר נאָכגיביג און פערנינפטיג אין וועסט, און ריגא און מילאן וואָלטען נאָך אלעמען געווען פּאָר זיי פונקט אזוי וויכטיג, ווי דאַנציג און עלבינג.

און אזוי האָט די פּאָרטשריטליכע פּארטיי אין דייטשלאנד געשטיצט די פּאָליאקען, האלטענדיג א מלחמה מיט רוסלאנד פאר נויטיג, אום אויפצוהאלטען די קאָנטינענטאלע בעוועגונג, און האָבענדיג אין זין, אז די נאציאָנאלע ווידער־אויפשטעלונג אפילו פון א טייל פּוילען וואָלט אונפערמיידליך געפיהרט צו אזא מלחמה מיט רוסלאנד. און די רעגירענדע מיטעלקלאס פּארטיי האָט קלאָר פּאָראויסגעזעהן איהר אונטערגאנג נאָך א נאציאָנאלער מלחמה מיט רוסלאנד, וואָס וואָלט זיכער גערופען טהעטיגערע און ענער־גישערע מענשען צום רודער פון רעגירונג, און דעריבער האָט זי, מיט א געמאכטען ענטוזיאזם פאר דער אויסברייטונג פון דער דייט־שער נאציאָנאליטעט, ערקלערט פּרייסיש פּוילען, וואו די פּוילישע רעוואָלוציאָנערע אגיטאציאָן איז הויפּטזעכליך אָנגעגאנגען, פאר א טייל פון דער דייטשער אימפּעריע, וואָס דאַרף געשאַפען ווערען.

די צוזאָגען, וואָס זיינען געגעבען געוואָרען די פּאָליאקען אין די ערשטע טעג פון אויפרעגונג, זיינען אויף א שענדליכען אופן געבראָכען געוואָרען. די פּוילישע בעוואפנונג, וואָס איז געשאפען געוואָרען מיט דער סאנקציאָן פון דער רעגירונג, איז צוטריבען און פערניכטעט געוואָרען פון דער פּרייסישער ארטילעריע, און אזוי שנעל ווי אפּריל 1848, נאָך קוים זעקס וואָכען נאָך דער בערלינער רעוואָלוציאָן, איז די פּוילישע בעוועגונג צודריקט געוואָרען, און די אלטע פיינדשאפט צווישען פּאָליאקען און דייטשען האָט אויפגע־לעבט. אָט די אונגעהויערע און אונשעצבארע דיענסט פאר דעם רוסישען אויטאָקראט איז ערפילט געוואָרען פון די ליבעראלע הענד־לער־מיניסטאָרען, קאמפּהאוזען און האנזעמאן.

מען מוז דאָ נאָך בעמערקען, אז אָט די פּוילישע קאמפּאניע איז געווען דער ערשטער מיטעל צו רעאָרגאניזירען און ווידער שטייף מאכען יענע פּרייסישע ארמיי, וואָס האָט שפּעטער פערטריבען די ליבעראלע פּארטיי און האָט פערניכטעט די בעוועגונג, וואָס די

הערען קאַמפּהאַוזען און האַנזעמאַן האָבען מיט אַזוי פיעל מיה אויפגעהויבען. „מיט וואָס זיי האָבען געזינדינט, מיט דעם זיינען זיי בעשטראָפט געוואָרען“. האָס איז געווען דער שיקזאַל פון אַלע פּלוצלונג אויפגעקומענע מענשען פון 1848 און 1849, פון לעדרו־ראָלען ביז שאַנגאַרניע, און פון קאַמפּהאַוזען אַראָב ביז האַינאַו.

די פראַגע פון נאַציאָנאַליטעט האָט אויפגעהויבען אַנאַנ־דער קאַמף אין בעהמען. אָט דאָס לאַנד, וואָס איז בעפעל־קערט פון צוויי מיליאָן דייטשען און דריי מיליאָן סלאַווען פון טשעכישער שפּראַך, האָט געהאַט גרויסע היסטאָרישע ערינערונגען, כמעט אַלע פון וועלכע זיינען געווען פערבונדען מיט דער אויבער־הערשאַפט פון די טשעכען. אָבער די מאַכט פון אָט דעם צווייג פון דער סלאַווישער פאַמיליע איז צובראָכען געוואָרען נאָך די הוסיטישע מלחמות אין פופצעהנטען יאָהרהונדערט. דאָס לאַנד, וואו טשעכיש ווערט גערעדט, איז צוטיילט, איין טייל איז דאָס קעניגרייך פון בעהמען, אַ צווייטער — די פּראָווינץ מעהרען, אַ דריטער — דאָס קאַרפּאַטישע בערגיגע לאַנד פון די סלאָוואַקען, וואָס איז אַ טייל פון אונגאַרן. די מעהרען און סלאָוואַקען האָבען שוין לאַנג פערלאָרען יעדעס נאַציאָנאַלע געפיהל און לעבענספעהיג־קייט, אָבער זייער שפּראַך האָבען זיי כמעט אינגאַנצען איינגעהאַל־טען.

בעהמען איז געווען אַרומגערינגעלט פון דריי זייטען פון דורכ־אויס דייטשע לענדער. דער דייטשער עלעמענט האָט געמאַכט גרויסען פּראָגרעס אויף איהר אייגענער טעריטאָריע. אפילו אין דער הויפּטשטאָדט, אין פּראַג, זיינען די צוויי נאַציאָנאַליטעטען כמעט גלייך געווען פערטראָטען. און אומעטום איז קאַפּיטאַל, האַנדעל, אינדוסטריע און גייסטיגע קולטור געלעגען אין די הענט פון די דייטשען. דער הויפּט פערטיידיגער פון דער טשעכישער נאַציאָן, פּראָפעסאָר פּאַלאַצקי, איז אַליין ניט מעהר, ווי אַ משוגע געוואָרענער דייטש, וואָס קען נאָך אפילו איצט אויך ניט רעדען טשעכיש ריכטיג און אָהן אויסלענדישען אַקצענט. אָבער, ווי עס טרעפט גאַנץ אָפט, האָט די אָבשטאַרבענדע טשעכישע נאַציאָ־נאַליטעט, וואָס שטאַרבט אָב לויט אַלע בעקאַנטע פאַקטען אין דער געשיכטע פון די לעצטע פיער הונדערט יאָהר, געמאַכט אין 1848

דעם לעצטען פערזוך ווידער צו געווינען איהר זעלבסטשטענדיגקייט און לעבענספעהיגקייט. דער דורכפאַל פון אַט דעם פערזוך, גאַנץ אונאַבהענגיג פון אַלע רעוואָלוציאָנערע מאָטיוען, האָט גערעדט בעווייזען, אַז בעהמען קען פון היינט אָן און וויטער עקזיסטירען נאָר ווי אַ טייל פון דייטשלאַנד, כאָטש אַ טייל פון איהרע איינוואוינער וועלען נאָך אפשר אין פערלויף פון עטליכע יאָהרהונדערטער רעדען אַ ניט־דייטשע שפּראַך.

לאָנדאָן פעברואַר 1852.

## IX

## פּאַנסלאַוויזם — דער שלעזוויג־האָלשטיינער קריעג.

בעהמען און קראָאַציען (אַן אַנדער אָבגעריסענער טייל פון דער סלאַווישער פאַמיליע, וואָס איז אונטער אונגאַרישען איינפלוס, פּונקט ווי בעהמען איז אונטער דייטשען) זיינען געווען די היימען פון דעם, וואָס מען רופט אויף דעם אייראָפּעאישען קאָנטינענט „פּאַנסלאַוויזם“. ניט בעהמען און ניט קראָאַציען איז געווען גענוג שטאַרק, צו עקזיסטירען אַליין ווי אַ נאַציאָן. זייערע בעזונדערע פעלקערשאַפטען, וואָס זיינען ביסלעכווייז אונטערגעגראָבען געוואָרען דורך די ווירקונג פון היסטאָרישע אורזאַכען, וואָס פיהרען אונפערמיידליך צו דעם, אַז זיי זאָלען פערשלונגען ווערען פון ענערגישערע שטאַמען, האָבען געקענט האָפען אויף עפּעס עהנליכעס צו אונאַבהענגיגקייט נאָר דורך אַ בונד מיט אַנדערע סלאַווישע נאַציאָנען. עס זיינען געווען צוויי און צוואַנציג מיליאָן פּאָליאַקען, פינף און פערציג מיליאָן רוסען, אַכט מיליאָן סערבען און בולגאַרען. פאַרוואָס קען מען ניט בעשאַפען אַ מעכטיגע קאָנפעדעראַציאָן פון די גאַנצע אַכציג מיליאָן סלאַווען און צוריקטרייבען און אויסראָטען דעם אריינדרינגער אין דאָס הייליגע סלאַווישע לאַנד, דעם טערק, דעם אונגאַר, און הויפּטזעכליך דעם פערהאַסטען, אָבער אונפערמיידליכען „ניעמעץ“, דעם דייטש ?

און די ווערק פון עטליכע סלאַווישע דילעטאַנטען אין דער וויסענשאַפט פון געשיכטע האָבען אויפגעהויבען אַט די לעכערליכע, אונהיסטאָרישע בעוועגונג, אַ בעוועגונג, וואָס האָט זיך געשטעלט

ניט קיין קלענערען ציעל, ווי נאָר צו אונטערוואַרפען דעם ציוויליזירטען וועסט צו דעם באַרבאַרישען אָסט, די שטאָדט צו די לאַנדגעגענדען, האַנדעל, אינדוסטריע, אינטעליגענץ צו דער פּרימיטיווער אַגריקולטור פון די סלאַווישע שקלאַפען. אָבער הינטער אָט דער לעכערליכער טעאָריע איז געשטאַנען די שרעקליכע ווירקליכקייט פון דער ר ו ס י ש ע ר א י מ פּ ע ר י ע; יענער אימפּעריע, וואָס פּראָקלאַמירט מיט איהר יעדער בעוועגונג איהר נייגונג צו קוקען אויף גאַנץ אייראָפּאַ, ווי אויף עפּעס, וואָס געהערט דער סלאַווישער ראַסע, און בעזונדערס די רוסען, דעם איינציגען ענערגישען טייל פון אָט דער ראַסע; יענער אימפּעריע, וואָס האָט אַזעלכע צוויי הויפּטשטעדט, ווי סט. פּעטערבורג און מאָסקוואַ, און האָט דאָך נאָך ניט געפונען איהר גרוויכטס צענטער, אַזוי לאַנג ווי דעם „צאַר'ס שטאָדט" (קאָנסטאַנטינאָפּאָל ווערט ביי די רוסען גערופען „צאַרגראַד", אָדער דעם צאַר'ס שטאָדט), וואָס יעדער רוסישער בויער האַלט פאַר די הויפּטשטאָדט פון זיין רעליגיאָן און נאַציאָן, איז נאָך ניט אין דער אמת'ן די רעזידענץ פון איהר אימפּעראַטאָר; יענער אימפּעריע, וואָס האָט פאַר די לעצטע הונדערט און פופציג יאָהר נאָך קיינמאָל ניט פערלאָרען, נאָר אַלעמאָל געוואונען טעריטאָריע אין יעדער מלחמה, וואָס זי האָט אָנגעהויבען.

און אין צענטראַל אייראָפּאַ וויים מען גוט די אינטריגען, דורך וועלכע די רוסישע פּאָליטיק האָט געשטיצט דאָס נייגעבאַקענע סיסטעם פון פּאַנסלאַוויזם. קיין אַנדער סיסטעם האָט ניט געקענט בעסער דיענען די ציעלען פון דער רוסישער פּאָליטיק. און אָט אַזוי האָבען די בעהמישע און קראָאַטישע פּאַנסלאַוויסטען, איינינגע בעוואוסטזיניג, אַנדערע ניט וויסענדיג, געאַרבייט אין די דירעקטע אינטערעסען פון רוסלאַנד. זיי האָבען פערראַטען די זאַך פון דער רעוואָלוציאָן פאַר אַ שאָטען פון נאַציאָנאַליטעט, וואָס וואָלט אין בעסטען פאַל געטיילט דאָס שיקזאַל פון דער פּוילישער נאַציאָנאַליטעט אונטער דער רוסישער הערשאַפט. פאַר דער עהרע פון די פּאָליאַקען מוז אָבער געזאָגט ווערען, אַז זיי זיינען קיינמאָל ניט אַריינגעבאַפּט געוואָרען ערנסט אין די פּאַנסלאַוויסטישע פאַסטקעס; און אויב איינינגע פון זייער אַריסטאָקראַטיע זיינען יע געוואָרען פייערדיגע פּאַנסלאַוויסטען, האָבען זיי געוואוסט, אַז ביי

א רוסישער הערשאַפט וועלען זיי וועניגער פערלירען, ווי דורך אַן אויפשטאַנד פון זייערע אייגענע בויערען־שקלאַפען.

די טשעכען און קראַאַטען האָבען איינגערופען אַן אלגעמיינעם סלאַווישען קאָנגרעס אין פּראַג, אום צו פּאָרבערייטען זיך פאר דעם גרויסען סלאַווישען בונד. דער קאָנגרעס וואָלט ענטשידען דורכ־געפאַלען אפילו אָהן דער אריינמישונג פון עסטרייכישען מיליטער. די בעזונדערע סלאַווישע שפּראַכען אונטערשיידען זיך פּונקט אזוי פיעל, ווי ענגליש, דייטש און שוועדיש, און ווען די פערהאנדלונגען האָבען זיך אָנגעהויבען, איז ניט געווען קיין געמיינשאַפטליכע סלאַ־ווישע שפּראַך, אויף וועלכער די רעדנער וואָלטען זיך געקענט צו־נויפרעדען. מען האָט געפּרואווט פראַנצויזיש, אָבער פראַנצויזיש האָט אויך די מעהרהייט ניט פערשטאַנען, און די אָרימע סלאַווישע ענטוזיאַסטען, וועמעס געמיינשאַפטליכע געפיהל איז נאָר געווען דאָס, וואָס זיי אַלע האָבען געהאַסט די דייטשען, זיינען ענדליך געצוואונגען געווען צו רעדען די פערהאַסטע דייטשע שפּראַך, ווייל זי איז געווען די איינציגע, וואָס אַלע האָבען פערשטאַנען! אָבער פּונקט דאַן האָט זיך אַן אנדער סלאַווישער קאָנגרעס פערזאַמעלט אין פּראַג, אין דער פאָרם פון גאַליצישע אולאַנען, קראָאַטישע און סלאָוואַקישע גרענאַדירען און טשעכישע קאַנאָנירען און קיראַסירען. און אָט דער ווירקליכער, בעוואַפענטער סלאַווישער קאָנגרעס, אונ־טער דער פיהרערשאַפט פון ווינדישגרעץ, האָט אין וועניגער ווי פיער און צוואַנציג שטונדען פערטריבען פון שטאָדט די גרינדער פון דער פאַנטאַסטישער סלאַווישער הערשאַפט און האָט זיי צושפּרייט אין אַלע פיער זייטען.

די בעהמישע, מעהרישע, דאַלמאַטישע און א טייל פון די פּוי־לישע (די אריסטאָקראַטיע) דעפּוטאַטען אין דעם עסטרייכישען קאָנסטיטואירענדען פּאַרלאַמענט האָבען אין אָט דער פערזאַמלונג אָנגעפיהרט א סיסטעמאַטישע מלחמה געגען דעם דייטשען עלע־מענט. די דייטשען און א טייל פון די פּאָליאַקען (דער פּעראָרימ־טער אַדעלשטאַנד) זיינען אין דער גרינדונגס פערזאַמלונג געווען די הויפּט אונטערשטיצער פון רעוואָלוציאָנערען פּראָגרעס. קעגען זיי איז געווען די מאַסע סלאַווישע דעפּוטאַטען, און זיי האָבען זיך ניט צופרידענגעשטעלט מיט דעם אַליין, וואָס זיי האָבען מיט זייער

געגנערשאַפט ארויסגעוויזען די רעאַקציאָנערע טענדענצען פון זייער גאַנצער בעוועגונג, נאָר זיי זיינען נאָך געווען גענוג געמיין, צו פער־האַנדלען און קאָנספּירירען מיט דערזעלבער עסטרייכישער רעגירונג, וואָס האָט צוטריבען זייער פערזאַמלונג אין פּראַג.

זיי זיינען אָבער בעלוינט געוואָרען פאַר זייער שענדליכע אויפ־פיהרונג. נאָכדעם ווי זיי האָבען געשטיצט די רעגירונג אין דעם אויפשטאַנד פון אָקטאָבער 1848 און האָבען דורכדעם ענדליך בע־קומען אין פּאַרלאַמענט א מאַיאָריטעט, איז אָט דער פּאַרלאַמענט, וואָס איז געווען שוין כמעט אויסשליסליך סלאַוויש, צוטריבען גע־וואָרען פון עסטרייכישע סאָלדאַטען, פּונקט ווי דער פּראַגער קאָנ־גרעס, און מען האָט געדראָהט די פּאַנסלאַוויסטען מיט געפענגניס, אויב זיי וועלען זיך א ריהר טהאָן. און אַלץ וואָס זיי האָבען דער־גרייכט איז דאָס, וואָס איצט ווערט די סלאַווישע נאַציאָנאַליטעט אומעטום אונטערגעגראָבען דורך עסטרייכישע צענטראַליזאַציאָן, א רעזולטאַט, וואָס זיי האָבען צו פערדאַנקען צו זייער אייגענעם פאַ־נאַטיזם און בלינדקייט.

ווען עס וואָלט געקענט זיין דער קלענסטער צווייפעל ווענען די גרעניצען פון אונגאַרן און דייטשלאַנד, וואָלט זיכער דאָרט ענטשטאַנען נאָך א קאָנפליקט. אָבער צום גליק איז פאַר אזא קאָנפליקט ניט געווען קיין אויסרעד, און אזוי ווי די אינטערעסען פוןביידע נאַציאָנען זיינען געווען ענג פערבונדען, האָבען זיי גע־קעמפט קעגען דיזעלבע פיינד, נעמליך, דער עסטרייכער רעגירונג און דעם פּאַנסלאַוויסטישען פאַנאַטיזם. די פערשטענדיגונג צווי־שען די צוויי נאַציאָנען איז אפילו אויף איין מאָמענט ניט צושטערט געוואָרען.

אָבער די איטאַליענישע רעוואָלוציאָן האָט אריינגעשלעפּט ווייניגסטענס א טייל פון דייטשלאַנד אין א מלחמה פון געגענזיי־טיגער פערניכטונג. און עס מוז דאָ געזאָגט ווערען, צו בעווייזען ווי ווייט מעטערניך׳ס סיסטעם איז געווען ערפאָלגרייך אין צור־ריקהאַלטען די ענטוויקלונג פון דער עפענטליכער מיינונג, אז אין פערלויף פון די ערשטע זעקס מאָנאַטען פון 1848 זיינען דיזעלבע מענשען, וואָס האָבען געקעמפט אין וויען אויף באַריקאַדען, גע־גאַנגען מיט דעם גרעסטען ענטוזיאַזם אין די רייהען פון דער אר־

מיי, וואָס האָט געקעמפט קעגען די איטאַליענישע פּאַטריאָטען. אָבער אָט די בעדויערענסווערטע צומישונג פון אידעען האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטען.

און דאַן איז געווען די מלחמה מיט דענמאַרק איבער שלעז־וויג און האָלשטיין. אָט די לענדער, וואָס זיינען אָהן צווייפעל דייטש אין נאַציאָנאַליטעט, שפּראַך און נייגונגען פון דער בעפעל־קערונג, זיינען אויך נויטיג פאַר דייטשלאַנד אויס קאָמערציעלע און מיליטערישע גרונדען און פאַר די צוועקען פון אַ קריעגספלאָט. די איינוואוינער פון די צוויי פּראָווינצען האָבען אין פערלויף פון די לעצטע דריי יאָהר שווער געקעמפט קעגען דענישער אריינדרינ־גונג. אויסערדעם איז דאָס רעכט פון פּאָליטישע אָבמאַכען געווען אויף זייער זייט. די רעוואָלוציאָן פון מערץ האָט זיי געבראַכט אין אָן אָפענעם צוזאַמענשטויס מיט די דענער, און דייטשלאַנד האָט זיי געשטיצט.

אָבער וועהרענד אין פּוילען, אין איטאַליען, אין בעהמען, און שפּעטער אין אונגאַרן זיינען די מיליטערישע אָפּעראַציאָנען דורכ־געפיהרט געוואָרען מיט דער גרעסטער ענערגיע און שטרענגקייט, איז אין אָט דער איינציגער פּאָפּולערער און, וועניגסטענס טייל־ווייז, איינציגער רעוואָלוציאָנערער מלחמה אָנגענומען געוואָרען אַ סיסטעם פון נוצלאָזען מאַרשירען אין פערשידענע ריכטונגען, און מען האָט דערלאָזען, אַז אויסלענדישע דיפּלאָמאַטיע זאָל זיך אריינ־מישען, און דאָס האָט געפיהרט, נאָך פיעלע העלדישע שלאַכטען, צו אַ זעהר מיזעראַבעלען סוף. די דייטשע רעגירונג האָט אין פער־לויף פון דער מלחמה פעררעטען די שלעזוויג־האָלשטיינער רעוואָ־לוציאָנערע אַרמיי ביי יעדער געלעגענהייט און האָט דערלאָזען, אַז זי זאָל צושניטען ווערען פון די דענער, נאָכדעם ווי זיי האָבען זי צוטריבען אָדער צוטיילט. די קאָרפּוסען פון דייטשע וואָלונטירען זיינען אויך אַזוי בעהאַנדעלט געוואָרען.

אָבער וועהרענד דער דייטשער נאָמען האָט זיך אויף דעם אופן פערדיענט נאָר האַס אומעטום, האָבען זיך די דייטשע קאָנסטיטוצ־יאָנעלע און ליבעראַלע רעגירונגען געריבען די הענט פאַר פרייד. זיי זיינען געווען ערפאָלגרייך אין דער אונטערדריקונג פון דער פּוילישער און טשעכישער בעוועגונג. אַ דאַנק זיי האָבען אומעטום

אויפגעלעבט די אַלטע נאַציאָנאַלע פיינדשאַפטען, וואָס האָבען ביז דאַן געשטערט צו אַ גענענזייטיגער פערשטענדיגונג צווישען דעם דייטש, דעם פּאָליאַק און דעם איטאַליענער. זיי האָבען צוגע־וועהנט דאָס פּאָלק צו סצענען פון בירגערקריג און מיליטערישער רעפּרעסיאָן. די פּרייסישע ארמיי האָט ווידער בעקומען צוטרויען צו זיך אין פּוילען, און די עסטרייכישע — אין פּראַג. און ווער־רענד מען האָט געפיהרט אין שלעזוויג און לאָמבאַרדיען דעם אי־בערפולען פּאַטריאָטיזם („די פּאַטריאָטישע איבערקראַפט", ווי היי־נע רופט דאָס) פון דער רעוואָלוציאָנערער, אָבער קורצזיכטיגער יוגענד צו ווערען פערניכטעט פון די פיינדליכע טרויבען־קאַר־טעטשען, איז די רעגולערע אַרמיי, דער אמת'ער אינסטרומענט פאַר אַקציאָן, אוועקגעשטעלט געוואָרען אי אין פּרייסען, אי אין עסטרייך אין אַ לאַגע, וואו זי האָט געקענט ווערען פּאָפּולער אין פּאָלק דורך זיעגען איבער די אויסלענדער.

אָבער מיר ווידערהאָלען: אַזוי שנעל ווי אָט די אַרמייען, וואָס זיינען פערשטאַרקט געוואָרען פון די ליבעראַלען אַלס אַ וואַפּע קעגען דער פּאָרטגעשריטענער פּאַרטיי, האָבען ווידער בעקומען גלוי־בען אין זיך און האָבען אין אַ געוויסער מאָס צוריק אויפגעשטעלט זייער דיסציפּלין, האָבען זיי זיך אומגעקערט קעגען די ליבעראַלען און האָבען אומגעקערט צו מאַכט די מענשען פון דעם אַלטען סיס־טעם. ווען ראַדעצקי האָט בעקומען אין זיין לאַגער הינטער דער אַדידזשע די ערשטע בעפעהלען פון די „פּעראַנטוואָרטליכע מי־ניסטאָרען" אין וויען, האָט ער אויסגערופען: „ווער זיינען אָט די מיניסטאָרען? זיי זיינען ניט די רעגירונג פון עסטרייך! עסט־רייך איז איצט אין ערגעץ ניט, אויסער מיין לאַגער. איך און מיין אַרמיי זיינען עסטרייך. און נאָכדעם ווי מיר וועלען צושלאָגען די איטאַליענער, וועלען מיר ווידער ערָאָבערען די אימפּעריע פאַר דעם אימפּעראַטאָר!" און דער אַלטער ראַדעצקי איז געווען גערעכט. אָבער די שוואַכזיניגע „פּעראַנטוואָרטליכע" מיניסטאָרען אין וויען האָבען זיך צו איהם ניט צוגעהערט.

לאָנדאָן, פעברואַר 1852.

## X

## דער פּאַריזער אויפשטאַנד. — די פראַנקפורטער פערזאַמלונג.

אזוי פריה ווי אין אָנהויב אַפּריל 1848 איז דער רעוואָלוציאָ־נערער שטראָם אָבגעהאַלטען געוואָרען אויף דעם גאַנצען קאָנטי־נענט פון אייראָפּא דורך דיזם בונד, וועלכען יענע געזעלשאַפטליכע קלאַסען, וואָס האָבען פּראָפיטירט פון דעם ערשטען זיעג, האָבען געשלאָסען מיט די בעזיעגטע. אין פראַנקרייך האָבען זיך דער קליינער קלאַס פון הענדלער און דער רעפּובליקאַנער טייל פון דער בורזשואזיע פעראייניגט מיט דער מאָנאַרכיסטישער בורזשואזיע קעגען די פּראָלעטאַריער. אין דייטשלאַנד און איטאַליען האָט די זיעגרייכע בורזשואזיע גערן געזוכט די שטיצע פון דעם פעאָדאַלען אדעלשטאַנד, דער אָפיציעלער ביוראָקראַטיע און דער אַרמיי קעגען דער מאַסע פון פאָלק און די קליינע הענדלער.

און באַלד נאָכדעם האָבען די פעראייניגטע קאָנסערוואַטיווע און קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען ווידער גענומען אויפשטיי־נען. אין ענגלאַנד האָט אַן אונצייטמעסיגע און שלעכט צוגעגרייטע פאָלקס דעמאָנסטראַציאָן (דעם צעהנטען אַפּריל) זיך געענדיגט מיט אַ פאָלשטענדיגער און ענטשידענער נידערלאַגע פאַר דער פאָלקס פּאַרטיי. אין פראַנקרייך זיינען צוויי עהנליכע בעוועגונגען (דעם זעכצעהנטען אַפּריל און פופצעהנטען מאַי) פּונקט אזוי גע־שלאָגען געוואָרען. אין איטאַליען האָט קעניג באָמבא ווידער גע־וואונען זיין אויטאָריטעט דורך איין שטרייך דעם 15טען מאַי. אין דייטשלאַנד האָבען זיך די פערשידענע נייע בורזשואזע רעגירונגען און זייערע בעטרעפענדע גרינדונגס פערזאַמלונגען קאָנסאָלידירט; און אויב דער 15טער מאַי, וואָס איז אזוי רייך געווען אין געשעהענישען, האָט געבראַכט אין וויען אַ זיעג פאַר'ן פאָלק, איז דאָס נאָר געווען אַ געשעהעניש פון צווייטער בעדייטונג און קען בעטראַכט ווערען ווי דער לעצטער ערפאָלגרייכער פלוצלונגער אויס־ברוך פון פאָלקס ענערגיע. אין אונגאַרן האָט די בעוועגונג גע־שיינט אָראָבצוקערען אויף דעם שטילען וועג פון פאָלקאָמער גע־זעצליכקייט, און די פּוילישע בעוועגונג איז, ווי מיר האָבען שוין געזעהן אין לעצטען קאַפּיטעל, דערשטיקט געוואָרען אין איהר אָנ־

הויב דורך פרייסישע באַיאָנעטען. אָבער מען האָט נאָך גאָר ניט געקענט זאָגען בעשטימט וועגען דער ריכטונג, וואָס די ווייטערע געשעהענישען וועלען אָננעמען, און יעדע פּאָזיציאָן, וואָס די רע־וואָלוציאָנערע פּאַרטייען האָבען פערלאָרען אין די פערשידענע לענ־דער האָט נאָר נאָך מעהר געשלאָגען זייערע רייהען פאַר ענטשי־דענער אַקציאָן.

און די ענטשידענע אַקציאָן איז אָנגעקומען אַלץ נאָהנטער. דאָס האָט געקענט אויסגעקעמפט ווערען נאָר אין פראַנקרייך. ווייל אַזוי לאַנג ווי ענגלאַנד האָט זיך ניט בעטייליגט אין רעוואָלוציאָ־נערען קאַמף, און דייטשלאַנד איז געבליבען צוטיילט, איז פראַנק־רייך, אַ דאַנק איהר נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיגקייט, צענטראַלי־זאַציאָן און ציוויליזאַציאָן געווען דאָס איינציגע לאַנד צו געבען דעם ערשטען שטויס צו אַ מעכטיגער אויפטרייסלונג אין די אַרו־מיגע לענדער. און דעריבער, ווען עס האָט זיך דעם 23טען יוני 1848 אָנגעהויבען דער בלוטיגער קאַמף אין פּאַריז; ווען דער טעלעגראַף און די פּאָסט האָבען יעדעס מאָל אַלץ קלאָרער ארויס־געשטעלט פאַר די אויגען פון איירָאָפּאַ דעם פאַקט, אַז דער קאַמף געהט דאָ אָן צווישען דער מאַסע אַרבייטער פון איין זייט און אַלע אַנדערע קלאַסען פון דער פּאַריזער בעפעלקערונג געשטיצט פון דער אַרמיי, פון דער אַנדערער; ווען דער קאַמף איז אָנגעגאַנגען פאַר עטליכע טעג מיט אַ פערביסענקייט און צאָרן, וואָס האָבען צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער געשיכטע פון מאָדערנע בירגערקריעגען, אָבער קיין צד האָט ניט געוואונען קיין בעדייטענדען פּאָרטייל אי־בער דעם אַנדערען, — דאַן איז פאַר יעדען איינעם קלאָר געוואָרען, אַז דאָס איז די גרויסע ענטשיידענדע שלאַכט; אַז אויב דער אויפ־שטאַנד וועט זיין ערפאָלגרייך, וועט ער אויפהויבען אויף דעם גאַנ־צען קאָנטינענט נייע רעוואָלוציאָנען, און אויב ער וועט אונטער־דריקט ווערען, וועט ער פיהרען ווענינסטענס צו אַ צייטווייליגער אומקערונג פון קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער הערשאַפט.

די פראָלעטאַריער פון פּאַריז זיינען בעזיעגט, צושניטען און צודריקט געוואָרען מיט אַזאַ קראַפט, אַז אַפילו איצט זיינען זיי נאָך ניט געקומען צו זיך פון דעם קלאַפּ. און באַלד נאָכדעם האָבען די נייע און אַלטע קאָנסערוואַטיווען און קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען

אויפגעהויבען זייערע קעפּ מיט א חוצפּה, וואָס האָט געוויזען, ווי גוט זיי האָבען אָבגעשאַצט די וויכטיגקייט פון דער געשעהעניש. די פּרעס איז אומעטום אטאקירט געוואָרען, דאָס רעכט פון פערזאמלונג און פעראייניגונג איז אָפּט פערלעצט געוואָרען, און יעדע קליינע פּאסירונג אין יעדער קליינער פּראָווינציעלער שטאָדט האָט געדיענט פאר אַן אויסרעד צו ענטוואפנען דאָס פאָלק אָדער ערקלע־רען א בעלאגערונגס צושטאנד, און צו איבען די סאָלדאטען אין די נייע מאנעווורען און די אנדערע קינסטליכע מיטלען, וואָס קאוואניאק האָט זיי געלערענט. אויסערדעם איז איצט צום ערשטען מאָל זינט פעברואר בעוויזען געוואָרען, אז די אונבעזיעגבארקייט פון א פאָלקס אויפשטאנד אין א גרויסער שטאָדט איז געווען אַן אילוזיאָן. דער פּרעסטיזש פון די ארמייען איז צוריק אויפגעשטעלט געוואָרען. די סאָלדאטען, וואָס זיינען ביז דאַן אלעמאָל געשלאָגען געוואָרען אין וויכטיגע גאסענקאמפּען, האָבען ווידער בעקומען גלויבען אין זייע־רע קרעפטען און פעהיגקייטען אפילו אין אָט דעם סאָרט קאמף.

פון אָט דער נידערלאגע פון די פּאריזער ארבייטער הויבען זיך אָן די ערשטע פּאזיטיווע שריט און בעשטימטע פּלענער פון דער אַלטער פעאָדאלער ביוראָקראטישער פּארטיי אין דייטשלאנד, צו בעפרייען זיך אפילו פון זייערע צייטווייליגע פערבינדעטע, די מי־טעלע קלאסען, און אומקערען דייטשלאנד צו דעם צושטאנד, אין וועלכען זי האָט זיך געפונען פאר די מערץ געשעהענישען. די ארמיי איז ווידער געוואָרען די ענטשיידענדע מאכט אין דעם שטאאט, און די ארמיי האָט געהערט ניט צו די מיטעלע קלאסען, נאָר צו זיך אליין. אפילו אין פּרייסען, וואו מען האָט פאר 1848 בעמערקט א גאנץ שטארקע נייגונג צווישען א טייל אָפיצירען פון נידריגערע ראנגען צו א קאָנסטיטוציאָנעלער רעגירונג, האָט די אונאָרדנונג, וואָס די רעוואָלוציאָן האָט בעשאפען אין דער ארמיי, אומגעקערט יענע דענקענדע יונגע לייט צו זייער אַלטער טרייהייט. פאר זיי איז באלד מערקווירדיג קלאָר געוואָרען די נויטווענדיגקייט פון דיסציפּלין און פּאסיווער געהאָרכזאמקייט, אזוי שנעל ווי די סאָלדאטען האָבען זיך גענומען ערלויבען אייניגע פרייהייטען אין די בעציהונגען מיט זייערע אָפיצירען.

די בעזיעגטע אדעליגע און ביוראָקראטען האָבען איצט אָנגע־

הויבען זעהן פאר זיך אַן אויסוועג. די ארמיי איז געוועזן מעהר פעראייניגט ווי ווען עס איז פריהער. די זיעגען אין קלענערע אויפשטאנדען און אין אויסלענדישע מלחמות האָבען זי אַנגעצונ־דען, און זי איז געוועזן אייפערזיכטיג אויף דעם גרויסען ערפאָלג, וואָס די פראנצויזישע סאָלדאטען האָבען נאָר וואָס געהאַט. אָט די ארמיי האָט מען נאָר גענראפּט האלטען אין שטענדיגע קליינע קאָנ־פליקטען מיט׳ן פּאָלק, און ווען דער ענטשידענער מאָמענט וועט אָנקומען, וועט זי מיט איין גרויסען קלאַפּ צודריקען די רעוואָלו־ציאָנערען און בעזייטיגען די פרעכהייט פון די פּארלאמענטאריער פון מיטעלקלאַס. און דער גינסטיגער מאָמענט פאר אזא ענטשיי־דענעם קלאַפּ איז טאקי באלד אָנגעקומען.

מיר לאָזען אוים די אמאָל אביסעל זאָנדערבארע, אָבער מעהר־סטענס לאנגווייליגע פּארלאמענטארישע פערהאנדלונגען און לאָ־קאַלע קאמפען, וואָס האָבען אין דייטשלאנד פערנומען די פערשיי־דענע פּארטייען אין פערלויף פון זומער. דאָ וועט זיין גענוג צו בעמערקען, אז די, וואָס האָבען געשטיצט די אינטערעסען פון מיטעלקלאַס, האָבען מעהרסטענטיילס געפיהלט, ניט קוקענדיג אויף אונצעהליגע פּארלאמענטארישע זיעגען, וואָס האָבען קיינמאָל ניט געפיהרט צו קיין פּראקטישע רעזולטאטען, אז זייער לאגע צווישען די עקזיסטירענדע פּארטייען איז געוואָרען וואָס פון טאָג אלץ אונ־מעגליכער, און אז דעריבער האָבען זיי געמוזט דאָ זוכען א בונד מיט די רעאַקציאָנערען, דאָ זעהן צו געווינען די סימפּאטיע פון די מעהר דעמאָקראטישע גרופּען. אָט דאָס שטענדיגע ווארפען זיך פון איין זייט צו דער אנדערער האָט צוגעגעבען דעם לעצטען שטריך צו זייער כאראקטער, ווי די געזעלשאפטליכע מיינונג האָט זיי געזעהן; און אין איינקלאנג מיט דער ריכטונג, וואָס די געשעע־הענישען האָבען אָנגענומען, האָט די אלגעמיינע פעראכטונג צו אָט די מענשען נאָר געדיענט די אינטערעסען פון ביוראָקראטען און פעאָדאליסטען.

צום אָנהויב פון הערבסט איז די פערהעלטניסמעסיגע פּאָזי־ציאָן פון די פערשידענע פּארטייען געוואָרען גענוג קריטיש, און זיי זיינען געוואָרען גענוג ערביטערט, צו מאכען אַן ענטשידענע שלאכט אונפערמיידליך. די ערשטע געפעכטען אין אָט דער מלחמה

צווישען די דעמאָקראַטישע און רעוואָלוציאָנערע מאַסען און דער אַרמיי זיינען פאָרגעקומען אין פראַנקפורט. און כאָטש אָט די גע־פעכטען זיינען ניט געווען קיין וויכטיגע, האָבען זיי אָבער גע־בראַכט די סאָלדאַטען דעם ערשטען בעדייטענדען פאָרטייל איבער דעם אויפשטאַנד און האָבען דעריבער געהאַט אַ גרויסע מאָראַלע ווירקונג.

פרייסען האָט ערלויבט, צוליעב גאַנץ פערשטענדליכע אורזאַ־כען, דער זאָנדערבאַרער רעגירונג, וואָס די פראַנקפורטער נאַציאָ־נאַלע פערזאַמלונג האָט געגרינדעט, צו שליסען אַ וואַפענשטיל־שטאַנד מיט דענמאַרק. דאָס האָט ניט נאָר איבערגעגעבען די דיי־טשען אין שלעזוויג צו דער דענישער ראַכע, נאָר האָט אויך אינ־גאַנצען פערלייקענט די מעהר אָדער וועניגער רעוואָלוציאָנערע פרינציפען, וואָס מען האָט געוועהנליך געזעהן אין דער דענישער מלחמה. דער וואַפענשטילשטאַנד איז מיט אַ מאַיאָריטעט פון צוויי אָדער דריי צוריקגעוויזען געוואָרען פון דער פראַנקפורטער פער־זאַמלונג. אַ כלומר'שטער מיניסטעריום קריזיס איז געקומען נאָך דער אָבשטימונג. אָבער אין דריי טעג ארום האָט די פערזאַמלונג ווידער אויפגענומען די פראַגע, און מען האָט זיי פאַקטיש געצוואונ־גען צו אַנולירען די אָבשטימונג און אַנערקענען דעם וואַפענשטיל־שטאַנד.

אָט די שענדליכע האַנדלונג האָט אויפגעהויבען דעם צאָרן פון פאָלק. מען האָט אויפגעשטעלט באַריקאַדען, אָבער אין פראַנק־פורט זיינען שוין געווען גענוג סאָלדאַטען, און נאָך אַ קאַמף פון זעקס שעה איז דער אויפשטאַנד אונטערדריקט געוואָרען. עהנליכע, אָבער וועניגער וויכטיגע בעוועגונגען, זיינען פאָרגעקומען אין אַנ־דערע טיילען פון דייטשלאַנד (באַדען, קעלן), אָבער זיי זיינען אויך בעזיעגט געוואָרען.

אָט די ערשטע שלאַכט האָט געגעבען דער קאָנטער־רעוואָלו־ציאָנערער פאַרטיי דעם איין גרויסען פאָרטייל, וואָס איצט איז די איינציגע רעגירונג, וואָס האָט זיך איננאַנצען גענומען פון פאָלקס וואהלען, וואָס האָט וועניגסטענס געהאַט אַזאַ אויסזעהן, די אימ־פערישע רעגירונג פון פראַנקפורט, פונקט ווי די נאַציאָנאַלע פער־זאַמלונג, רואינירט געוואָרען אין די אויגען פון פאָלק. אָט די

רעגירונג און אַט די פערזאַמלונג זיינען געווען געצוואונגען צו אַפּע־
לירען צו די באַיאָנעטען פון די סאָלדאַטען קעגען דעם אויסדרוק
פון פאָלקס ווילען. זיי זיינען געווען קאָמפּראָמעטירט. און אויב
עס האָט נאָך געקענט בלייבען כאָטש אַביסעל אַכטונג צו זיי, האָט
דאָס, וואָס זיי האָבען פערלייקענט זייער אייגענע אָבשטאַמונג און
זיינען געוואָרען אבהענגיג פון די פאָלקספיינדליכע רעגירונגען און
זייערע סאָלדאַטען, געמאַכט אי דעם אָפיציעלען דעמאָקראַטישען
הויפּט פון דער אימפּעריע, אי זיינע מיניסטאָרען און דעפּוטאַטען
איננאַנצען פאַר אונבעדייטענד. מיר וועלען באַלד זעהן, ווי צו־
ערשט עסטרייך, נאָכדעם פּרייסען און דאַן אויך די קלענערע שטאַאַ־
טען האָבען אויפגענומען מיט פעראַכטונג יעדע פעראָרדנונג, יעדע
ביטע, יעדע דעפּוטאַציאָן, וואָס איז צו זיי געקומען פון אַט דער
קערפּערשאַפט פון אָהנמעכטיגע טרוימער.

מיר קומען איצט צו דער גרויסער ווידערהאָלונג אין דייטש־
לאַנד פון דער פראַנצויזישער יוני שלאַכט, צו יענער געשעהעניש,
וואָס איז פאַר דייטשלאַנד געווען פּונקט אַזוי ענטשיידענד, ווי דער
פּראָלעטאַרישער קאַמף אין פּאַריז איז געווען פאַר פראַנקרייך. מיר
מיינען די רעוואָלוציאָן און דאַן דאָס איננעמען פון וויען אין אָקטאָ־
בער 1848. אָבער אָט די שלאַכט איז אַזוי וויכטיג, און די ער־
קלערונג פון די פערשידענע אומשטענדען, וואָס האָבען געהאָט אַ
דירעקטע שיכות צו דער געשעהניש, וועט אונז פיהרען אין אַזעל־
כע איינצעלהייטען, אַז מיר וועלען דאָס מוזען בעהאַנדלען אין אַ
בעזונדערען קאַפּיטעל.

לאָנדאָן. פעברואַר 1852.

## XI

## דער ווינער אויפשטאַנד.

**איצט** קומען מיר צו דער ענטשיידענדער געשעהעניש, וואָס
איז אין דייטשלאַנד געווען דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער רעזול־
טאַט פון דעם פּאַריזער אויפשטאַנד אין יוני און האָט מיט איין
איינציגען קלאַפּ איבערגעקערט אַלץ צו גונסטען פון דער קאָנטר־

רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, — צו דעם אויפשטאַנד אין וויען אין אָקטאָבער 1848.

מיר האָבען געזעהן, וואָס די שטעלונג פון די פערשידענע קלאַסען איז געווען אין וויען נאָך דעם זיעג פון 12טען מערץ. מיר האָבען אויך געזעהן, ווי די בעוועגונג אין דייטש עסטרייך איז פערפּלאָנטערט און געשטערט געוואָרען דורך די געשעהענישען אין די־ניט דייטשע פּראָווינצען פון עסטרייך. עס בלייבט אונז דארום נאָר איבערצוגעבען אַ קורצען איבערבליק פון די אורזאַכען, וואָס האָבען געפיהרט צו אָט דעם לעצטען און שרעקליכסטען אויפשטאַנד פון דייטש עסטרייך.

די הויכע אַריסטאָקראַטיע און די געלט בורזשואַזיע, וואָס זיינען געווען די וויכטיגסטע אונאָפיציעלע שטיצען פון מעטער־ניך'ס רעגירונג, זיינען נאָך די פּאַסירונגען אין מערץ געווען אימ־שטאַנד אויסצואיבען דעם גרעסטען איינפלוס אויף די רעגירונג, ניט נאָר דורך דעם הויף, די אַרמיי און די ביוראָקראַטיע, נאָר נאָך מעהר דורך דעם שרעק פאַר „אַנאַרכיע", וואָס האָט זיך שנעל פער־שפּרייט צווישען די מיטעלע קלאַסען. זיי האָבען טאַקי באַלד גע־מאַכט עטליכע פּראָבען אין דער פאָרם פון אַ פּרעס געזעץ, אַן אַריסטאָקראַטישע קאָנסטיטוציאָן, וואָס איז שווער צו בעשרייבען, און אַ וואהל געזעץ, וואָס איז בעגרינדעט אויף דער אַלטער איינ־טיילונג אין „שטאַנדען".

דער אַזוי גערופענער קאָנסטיטוציאָנעלער קאַבינעט, וואָס איז בעשטאַנען פון האַלב ליבעראַלע, שרעקעדיגע, אונפעהיגע ביוראָ־קראַטען, האָט דעם 14טען מאַי געפּרואווט אפילו מאַכען אַ דירעק־טען אָנגריף אויף די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציאָנען פון די מאַ־סען. ער האָט אויפגעלעזט דעם צענטראַלען קאָמיטעט פון די דע־לעגאַטען פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע און דעם אַקאַדעמישען לעגיאָן, אַ קערפּערשאַפט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען מיט דעם דירעקטען צוועק צו קאָנטראָלירען די רעגירונג און אַרויסרופען קע־גען איהר, ווען נויטיג, די מאַכט פון די פאָלקסמאַסען. אָבער אָט די האַנדלונג האָט נאָר אַרויסגערופען דעם אויפשטאַנד פון 15טען מאַי, דורך וועלכען די רעגירונג איז געצוואונגען געוואָרען צו אָנער־קענען דעם קאָמיטעט, צוריקרופען די קאָנסטיטוציאָן און דאָס

וואהל געזעצ און איבערגעבען די מאכט צו שאַפען א נייעם גרונד־געזעצ צו א קאָנסטיטוציאָנעלען פּאַרלאַמענט, ערוועהלט אויף דעם גרונד פון אַלגעמיינעם וואהלרעכט. דאָס אַלץ איז אויף דעם אַנ־דערען טאָג בעשטעטיגט געוואָרען אין אַן אימפּערישער פּראָקלאַ־מאַציאָן.

אָבער די רעאַקציאָנערע פּאַרטיי, וואָס האָט אויך געהאַט איה־רע פערטרעטער אין מיניסטעריום, האָט באַלד געצוואונגען די „ליבעראַלע" קאָלעגען צו אונטערנעמען א נייעם אָנגריף אויף די ערגאָבערונגען פון פּאָלק. דער אַקאַדעמישער לעגיאָן, די פעסטונג פון דער בעוועגונגס פּאַרטיי, דער צענטער פון אונאויפהערליכער אַגיטאַציאָן, איז טאַקי צוליעב דעם געוועזען פערהאַסט ביי די מע־סיגערע בירגער פון וויען. און דעם 26טען האָט א מיניסטעריום דעקרעט דעם לעגיאָן אויפגעלעזט. דער קלאַפּ וואָלט אפשר געווען ערפאָלגרייך, ווען ער וואָלט אויסגעפיהרט געוואָרען נאָר פון א טייל פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע. אָבער די רעגירונג האָט דער גוואַרדיע אויך ניט געטרויט און האָט אַרויסגעבראַכט די אַרמיי. און באַלד האָט זיך די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע אומגעקערט און זיך פעראייניגט מיט דעם אַקאַדעמישען לעגיאָן און האָט אויף אזא אופן צונישט געמאַכט דעם גאַנצען פּלאַן פון מיניסטעריום.

דערווייל זיינען אָבער דעם 16טען מאַי דער אימפּעראַטאָר און דער הויף אַנטלאָפען פון וויען אין אינסברוק. און דאָ, אַרומגערינגעלט פון די פאַנאַטישע טיראָלער, ווען די געפאַהר, אַז די סאַרדאָ־לאָמבאַרדישע אַרמיי וועט זיך אַריינרייסען אין זייער לאַנד, האָט געמאַכט זעהר לאָיאַל, געשטיצט פון דער נאָהנטקייט פון ראַדעצקי'ס סאָלדאַטען, ווען באָמבען האָבען געקענט דער־גרייכען אינסברוק, דאָ האָט די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי גע־פינען א שוץ אָרט. פון דאַנען האָט זי אונקאָנטראָלירט, אונבע־וואַכט און זיכער געקענט צונויפזאַמלען איהרע צושפּרייטע קרעפ־טען, פערריכטען און ווידער פאַנאַנדערשפּרייטען איבער דעם גאַנ־צען לאַנד די נעצען פון איהרע פערשווערונגען. מען האָט ווידער בעגייט די פערבינדונגען מיט ראַדעצקי, יעלאַטשיטש און מיט וויג־דישגרעץ'ן פונקט ווי מיט פערלעסליכע מענשען אין דער אַד־מיניסטראַטיווער היעראַרכיע פון די פערשיעדענע פּראָווינצען. מען

האָט אויפגעהויבען אינטריגען מיט די סלאַווישע פיהרער. און אויף אַזאַ אַרט האָט מען געשאַפען אַן אמת'ע מאַכט, וואָס איז גרייט געווען צו דיענען דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער קליקע. אין דער־זעלבער צייט האָט מען געלאָזען די אימפּאָטענטע מיניסטאָרען אין וויען פערניכטען זייער אייגענע קורצע און שוואַכע פּאָפּולאַריטעט אין שטענדיגע שטרייטען מיט די רעוואָלוציאָנערע מאַסען און אין די דעבאַטען וועגען דער נייער גרינדונגס פערזאַמלונג. און די טאַקטיק פון לאָזען דער בעוועגונג אין הויפּטשטאָדט אָנגעהן פאַר אַ געוויסע צייט אונגעשטערט, אַ טאַקטיק, וואָס וואָלט אין אַ צענ־טראַליזירטען און איינהייטליכען לאַנד, ווי פראַנקרייך, געמוזט פיה־רען צו דער העכסטער מאַכט פון דער בעוועגונגס פּאַרטיי, אָט די טאַקטיק איז דאָ אין עסטרייך, אין דעם פּאָליטישען מיש־מאַש פון פערשידענאַרטיגע עלעמענטען, גראַד געווען איינער פון די זיכערס־טע מיטלען צו רעאָרגאַניזירען די קרעפטען פון די רעאַקציאָנערען.

דער מיטעלקלאַס אין וויען איז געווען איבערצייגט, אַז נאָך דריי נידערלאַגען, וואָס זיינען געקומען איינע נאָך דער אַנדערער, און אין אַנגעזיכט פון אַ גרינדונגס פערזאַמלונג, צונויפגערופען אויף דעם גרונד פון אַלגעמיינעם וואַהלרעכט, איז שוין דער הויף מעהר ניט קיין געגנער, פאַר וועלכען מען דאַרף זיך שרעקען. דער מי־טעלקלאַס איז דעריבער אַלץ מעהר און מעהר אַריינגעפאַלען אין יענע מיעדקייט און גלייכגילטיגקייט, אין יענעם אייביגען וואונש נאָך אָרדנונג און רוהיגקייט, וואָס נעמט אומעטום אַרום אָט דעם קלאַס נאָך שטאַרקע פּאָליטישע אויפטרייסלונגען און דער דיסאָר־גאַניזאַציאָן אין קאָמערץ, וואָס קומט נאָך דעם. די אינדוסטריע אין דער עסטרייכישער הויפּטשטאָדט האָט כמעט אויסשליסליך פּראָדוצירט לוקסוס אַרטיקלען. אָבער די נאָכפראַגע אויף אַזעלכע אַרטיקלען איז געווען זעהר קליין זינט דער רעוואָלוציאָן, און נאָכ־דעם ווי דער הויף איז אַנטלאָפען. פון דער אומקערונג פון אַ רע־גולערען רעגירונגס סיסטעם און פון דער אומקערונג פון הויף האָט מען ערוואַרט אַן אויפלעבונג אין קאָמערץ, און דעריבער איז דער געשריי פאַר אָרדנונג איצט אויפגענומען געוואָרען פון דעם גאַנ־צען מיטעלקלאַס.

די ערשטע זיצונג פון דער גרינדונגס פערזאַמלונג אין יולי

איז אויפגענומען געוואָרען מיט ענטוזיאַזם, ווייל מען האָט אין דעם געזעהן דעם סוף פון דער רעוואָלוציאָנערער צייט. פונקט אזוי האָט מען אויפגענומען די אומקערונג פון הויף, וועלכער האָט בעשלאָסען, נאָך די זיעגען פון ראַדעצקי אין איטאַליען און נאָך דעם אויפקומען פון אַ רעאַקציאָנערען מיניסטעריום אונטער דאָבּלאָף, אַז ער איז גענוג שטאַרק צו ווידערשטעהן דעם שטראָם. צו דערזעלבער צייט האָט מען אויך געדאַרפט האָבען דעם הויף אין וויען, אום צו פערענדיגען זיינע אינטריגען מיט דער סלאַווישער מעהרהייט אין פּאַרלאַמענט. און וועהרענד די גרינדונגס פערזאַמלונג האָט דיסקוטירט געזעצען צו בעפרייען דאָס בויערטום פון פעאָדאַלער קנעכטשאַפט און געצוואונגענער אַרבייט פאַר די אַרעליגע, האָט דער הויף אַלץ צוגעגרייט פאַר אַ מיסטערצוג.

דעם 19טען אויגוסט האָט מען בעוועגט דעם אימפּעראַטאָר צו ערשיינען פאַר אַ מוסטער פּאַראַד פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע. די קייזערליכע פאַמיליע, די הויפלייט, די הויכע אָפיצירען האָבען קאָנקורירט איינער מיט דעם אַנדערען אין חניפה צו די בעוואַפענטע בירגער, וואָס זיינען שוין געווען פער׳שכור׳ט פון שטאָלץ, זעהענדיג ווי מען אַנערקענט זיי עפענטליך ווי איינע פון די וויכטיגע קערפּערשאַפטען אין קעניגרייך. און גלייך נאָכדעם איז פערעפענטליכט געוואָרען אַ דעקרעט, אונטערגעשריבען פון הערר שוואַרצער, דעם איינציגען פּאָפּולערען מיניסטער אין קאַבינעט, וואָס ציהט צוריק די רעגירונגס הילף, וואָס איז ביז דאַן נעגעבען געוואָרען די אַרבייטסלאָזע. דער קונץ איז געלונגען. די אַרבייטער קלאַסען האָבען געמאַכט אַ דעמאָנסטראַציאָן. אָבער די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע פון מיטעלקלאַס האָט זיך ערקלערט פאַר דעם דעקרעט פון זייער מיניסטער. מען האָט די גוואַרדיע אַרויפגעוואָרפען אויף די „אַנאַרכיסטען“. ווי טיגערען זיינען זיי בעפאַלען די אונבעוואַפענטע און וועהרלאָזע אַרבייטער און האָבען זעהר פיעל פון זיי אויסגעשלאַכט דעם 23טען אויגוסט. און אויף אַזאַ אופן איז די איינינקייט און שטאַרקייט פון דער רעוואָלוציאָנערער מאַכט צובראָכען געוואָרען. דער קלאַסענקאַמף צווישען בורזשואַ און פּראָלעטאַריער איז אויך אין וויען געקומען צו אַ בלוטיגען אויס־

ברוך, און די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע קליקע האָט שוין געזעהן דעם טאָג אָנקומען, ווען זי וועט קענען געבען איהר הויפּט קלאַפּ.

די אונגאַרישע אנגעלעגענהייטען האָבען באַלד געגעבען די גע־לעגענהייט צו פּראָקלאַמירען אָפען די פּרינציפּען, אויף וועלכע די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע קליקע איז גרייט געווען צו האַנדלען. דעם 5טען אָקטאָבער איז אין דער „וויענער גאַזעט" ערשינען א קייזער־ליכער דעקרעט, אָהן דער אונטערשריפט פון די פעראַנטוואָרטליכע אונגאַרישע מיניסטאָרען, וואָס האָט ערקלערט דעם אונגאַרישען פּאַרלאַמענט פאַר אויפגעלעזט. דער דעקרעט האָט בעשטימט פאַר ציווילען און מיליטערישען גובערנאַטאָר פון אונגאַרן באַן יעלאַ־טשיטש פון קראָאַציען, דעם פיהרער פון זיד־סלאַווישער רעאַקציאָן, א מאַן וואָס איז פאַקטיש געווען אין אָפענער מלחמה מיט דער געזעצליכער מאַכט פון אונגאַרן. אין דערזעלבער צייט האָט מען בעפאָהלען די סאָלדאַטען אין וויען ארויסצומאַר־שירען און ווערען א טייל פון דער ארמיי, וואָס האָט געדאַרפט ארויפצווינגען יעלאַטשיטש׳עס אויטאָריטעט. דאָס איז שוין אָבער געווען צו אָפען ארויסגעוויזען די אמת׳ע אבזיכטען. יעדער איינער אין וויען האָט געפיהלט, אַז א מלחמה קעגען אונגאַרן איז געווען א מלחמה קעגען דעם פּרינציפּ פון קאָנסטיטוציאָנעלער רעגירונג. און אָט דער פּרינציפּ איז שוין אין דעם דעקרעט אַליין איבערטראָ־טען געוואָרען דורך דעם פערזוך פון דעם אימפּעראַטאָר ארויסצו־געבען פעראָרדנונגען אָהן דער געזעצליכער קראַפט, אָהן דער אונ־טערשריפט פון א פעראַנטוואָרטליכען מיניסטער.

דאָס פאָלק, דער אַקאַדעמישער לעגיאָן, די נאַציאָנאַלע גוואַר־דיע פון וויען זיינען דעם 6טען אָקטאָבער אויפגעשטאַנען און ניט געלאָזען די סאָלדאַטען ארויסמאַרשירען. א טייל גרענאַדירען זיי־נען איבערגעגאַנגען צום פאָלק. א קורצער קאַמף איז ענטשטאַנען צווישען דעם פאָלק און די סאָלדאַטען. דער קריעגסמיניסטער לאַ־טור איז פון דער פאָלקסמאַסע דער׳הרג׳עט געוואָרען. אין אָוונד איז שוין דאָס פאָלק געווען זיעגרייך. אין דערזעלבער צייט איז יעלאַטשיטש געשלאָגען געוואָרען פון פערצעל ביי שטוהלווייסענ־בורג און איז אָבגעטראָטען אויף דייטש־עסטרייכישע טעריטאָריע לעבען וויען. די וויענער סאָלדאַטען, וואָס האָבען געדאַרפט ארויס־

מאַרשירען צו שטיצען איהם, האָבען איצט אָפּען אָנגענומען אַ פיינדליכע און דעפענסיווע שטעלונג קעגען איהם. און דער אימ־פּעראַטאָר און דער הויף זיינען ווידער אַנטלאָפען, דאָס מאָל אין אָלמיץ, אויף האַלב סלאַווישער טעריטאָריע.

אָבער אין אָלמיץ האָט זיך דער הויף געפונען אין גאַנץ אַנ־דערע אומשטענדען, ווי פריהער אין אינסברוק. איצט איז דער הויף געווען אימשטאַנד באַלד אָנצוהויבען אַ קריעג אַנטקעגען דער רעוואָלוציאָן. ער איז געווען אַרומגערינגעלט פון די סלאַווישע דעפּוטאַטען אין גרינדונגס פערזאַמלונג, און פון סלאַווישע ענטו־זיאַסטען פון אַלע טיילען פון דעם קעניגרייך, וואָס זיינען אין מאַ־סען אָנגעקומען אין אָלמיץ. אין זייערע אויגען האָט די קאַמפּאַניע געזאָלט זיין אַ קריעג פון סלאַווישער ווידעראויפשטעלונג, אַ פער־ניכטונגס קריעג קעגען דעם דייטש און דעם מאַדיאַר, די צוויי אַריינדרינגער אין דעם, וואָס זיי האָבען געהאַלטען פאַר סלאַווישע ערד. ווינדישגרעץ, וואָס האָט איינגענומען פּראַג, איז גלייך גע־וואָרען דער העלד פון סלאַווישער נאַציאָנאַליטעט. און זיין אַרמיי האָט זיך שנעל קאָנצענטרירט פון אַלע זייטען. פון בעהמען, מעה־רען, שטיריען, העכערען עסטרייך און איטאַליען האָבען רעגימענט נאָך רעגימענט מאַרשירט אויף וועגען, וואָס זיינען זיך צונויפגע־קומען אין וויען, צוצושטעהן צו די סאָלדאַטען פון יעלאַטשיטש און פון דעם געוועזענעם גאַרניזאָן פון דער הויפּטשטאָדט. און אַזוי האָבען זיך צום סוף אָקטאָבער צוזאַמענגעקליבען איבער זעכציג טויזענד מאַן, און זייער רינג אַרום דער הויפּטשטאָדט איז געוואָרען אַלץ ענגער און ענגער, ביז דעם 30טען אָקטאָבער זיינען זיי שוין געווען גענוג נאָהנט, צו פּרואווען מאַכען אַן ענטשידענעם אָנגריף.

אין וויען האָט צו דערזעלבער צייט געהערשט אַ צוטומלונג און הילפלאָזיגקייט. דער מיטעלקלאַס איז באַלד נאָך דעם זיעג ווידער אַריינגעפאַלען אין זיין אַלטען מיסטרויען צו די „אַנאַרכישע" אַר־בייטער קלאַסען. די אַרבייטער ווידער, געדענקענדיג, ווי די בע־וואַפּענטע קרעמער האָבען זיי בעהאַנדעלט צוריק מיט זעקס וואָ־כען, און ווי אונענטשלאָסען און וואַקלענדיג די טאַקטיק פון דעם מיטעלקלאַס איז אין אַלגעמיין, האָבען זיי איהם ניט געוואָלט אַנפער־טרויען די פערטיידיגונג פון דער שטאָדט און האָבען געפאָדערט

וואַפען און מיליטערישע אָרגאַניזאַציאָן פאַר זיך אַליין. דער אַקאַ־
דעמישער לעגיאָן, וואָס איז געווען זעהר ענטוזיאַסטיש אין דעם
קאַמף קעגען אימפּערישען דעספּאָטיזם, איז געווען אינגאַנצען אונ־
פעהיג צו פערשטעהן די אורזאַכען פון דער אָבפרעמדונג צווישען
די צוויי קלאַסען, אָדער צו פערשטעהן די נויטען פון דער גאַנצער
לאַגע. אַ צוטומלונג האָט געהערשט אין דער עפענטליכער מיינונג,
אַזוי גוט ווי אין די רעגירענדע ראַטען.

די וואָס זיינען איבערגעבליבען פון דייטשען סיים, צו־
זאַמען מיט עטליכע סלאַווען, וואָס זיינען געווען שפּיאָנען פאַר
זייערע פריינד אין אָלמיץ, און נאָך עטליכע פון די מעהר רעוואָ־
לוציאָנערע פּוילישע דעפּוטאַטען האָבען אָבגעהאַלטען זיצונגען.
אָבער אנשטאַט צו בעטייליגען זיך מיט ענטשלאָסענהייט, האָבען
זיי פערלאָרען די צייט אין זינלאָזע דעבאַטען איבער דעם, צי וועט
מעגליך זיין ארויסצואווייזען אַ ווידערשטאַנד דער קייזערליכער
ארמיי, ניט איבערטרעטענדיג דערביי קיין קאָנסטיטוציאָנעלע רעג־
לען. דער זיכערהייטס קאָמיטעט, וואָס איז בעשטאַנען פון דע־
פּוטאַטען פון כמעט אַלע פּאָפּולערע קערפּערשאַפטען אין וויען, איז
אפילו געווען ענטשלאָסען ארויסצואווייזען אַ ווידערשטאַנד, אָבער
ער איז געווען בעהערשט פון דער מאַיאָריטעט בירגער און קליינע
געשעפטסלייט, וואָס האָבען איהם ניט געלאָזען אָננעמען ענטשלאָ־
סענע, ענערגישע שריט. דער ראַט פון אקאַדעמישען לעגיאָן האָט
געפאַסט העלדישע רעזאָלוציאָנען, ער איז אָבער ניט געווען אימ־
שטאַנד איבערצונעמען די אָנפיהרערשאַפט. די אַרבייטער קלאַ־
סען, ארומגערינגעלט מיט מיסטרויען, אונבעוואָפענט, דיסאָרגאַ־
ניזירט, קוים אימשטאַנד זיך ארויסצורייסען פון דער גייסטיגער
קנעכטשאַפט צו דעם אַלטען רעזשים, קוים ערוואַכט, ניט צו וויסען,
נאָר צו פיהלען אינסטינקטיוו זייער סאָציאַלע לאַגע און
דעם געהעריגען וועג פון פּאָליטישער טהעטיגקייט, האָבען
נאָר געקענט זיך לאָזען הערען דורך שרייענדיגע דעמאָנ־
סטראַציאָנען; מען האָט אָבער אין קיין פאַל ניט געקענט
ערוואַרטען פון זיי, אַז זיי זאָלען זיין אויף דער הויך פון דעם שווע־
רען מאָמענט. אָבער זיי זיינען געווען גרייט, פונקט ווי זיי זיינען

געווען אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן אין דייטשלאַנד, צו קעמפען ביז צום סוף, אזוי שנעל ווי זיי וועלען בעקומען וואַפען.

דאָס איז געווען די לאַגע אין וויען. און אויסערהאַלב דער הויפּטשטאָדט איז געשטאַנען די רעאָרגאַניזירטע עסטרייכישע ארמיי, וואָס איז געוואָרען שטייף ביי זיך נאָך ראַדעצקי׳ס זיעגען אין איטאַליען. זעכציג אָדער זיעבציג טויזענד מענשען זיינען געשטאַנען גוט אָרגאַניזירט, גוט בעוואַפענט, און אויב זיי האָבען ניט געהאַט קיין גוטע קאָמאַנדירען, האָבען זיי דאָך געהאַט קאָמאַנדירען. אין שטאָדט האָט געהערשט א צומישונג, א קלאַסען צוטיילונג, דיס־אָרגאַניזאַציאָן. א טייל פון דער נאַציאָנאַלער גווארדיע האָט בעשלאָסען אינגאַנצען ניט צו קעמפען, א טייל איז געווען אונענטשלאָסען, און נאָר דער קלענסטער טייל איז געווען גרייט צו האַנדלען. דאַן איז געווען א פּראָלעטארישע מאַסע, וואָס איז געווען מעכטיג אין צאָהל, אָבער אָהן פיהרער, אָהן פּאָליטישער ערציהונג, וואָס האָט יעדען מאָמענט געקענט ארומגעכאַפּט ווערען פון שרעק, פּונקט ווי זי האָט זיך געקענט אָנצינדען מיט צאָרן כמעט אָהן אן אורזאַך. אָט די פּראָלעטארישע מאַסע איז געווען אן אָפּפער פון יעדען פאַלשען קלאַנג, וואָס איז פערשפּרייט געוואָרען. זי איז געווען גרייט צו קעמפען, איז אָבער, ווענינגסטענס אין אָנהויב, געווען אונבעוואַפענט, און איז שפּעטער געווען שלעכט בעוואַפענט, און, ענדליך, ווען מען האָט זי געפיהרט צום שלאַכט, איז זי ערשט ניט געווען אָרגאַניזירט. און דער סיים איז געווען הילפלאָז, האָט זיך פערנומען מיט דיסקוסיאָנען איבער טעאָרעטישע וואָרטשפּיעלען, ווען דער דאָך איבער איהם האָט שוין כמעט געברענט. און דער לייטונגס קאָמיטעט האָט ניט געהאַט ניט קיין אימפּולס, ניט קיין ענערגיע.

אַלץ איז איצט געווען אַנדערש, ווי אין די טעג פון מערץ און מאַי, ווען א פּאָלשטענדיגע צוטומלונג האָט געהערשט אין דעם קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען לאַגער, און די איינציגע אָרגאַניזירטע מאַכט איז געווען די, וואָס די רעוואָלוציאָן האָט בעשאַפען. עס האָט קוים געקענט זיין א צווייפעל וועגען דעם רעזולטאַט פון אזא קאַמף. און אויב עס האָט נאָך געקענט פערבלייבען דער קלענס־

טער צווייפעל וועגען דעם, איז ער פערשוואונדען נאָך די געשעע־
הענישען פון 30טען און 31טען אָקטאָבער און 1טען נאָוועמבער.
לאָנדאָן, מערץ 1852.

## XII

## דאָס איינגעמען פון וויען און דער פערראַט.

ווען די קאָנצענטרירטע אַרמיי פון ווינדישגרעץ האָט ענדליך
אָנגעהויבען דעם אָנגריף אויף וויען, זיינען די קרעפטען, וואָס מען
האָט געקענט אַרויסברענגען צו פערטיידיגען די שטאָדט, געווען
ווייט ניט גענוג פאַר דעם צוועק. נאָר אַ קליינער טייל פון דער
נאַציאָנאַלער גוואַרדיע האָט געקענט קומען צו די טראַנשעען. אמת,
מען האָט ענדליך אין גרויס איילעניש אָרגאַניזירט אַ פּראָלעטאַרי־
שע גוואַרדיע. אָבער דער פערזוך זיך צו בענוצען אויף אַזאַ אופן
מיט דעם צאָהלרייכסטען, מוטיגסטען און ענערגישסטען טייל פון
דער בעפעלקערונג איז געקומען צו שפּעט, ווייל די ארבייטער האָ־
בען צו ווייניג געוואוסט ווי אומצוגעהן מיט געוועהר און זיינען צו
ווייניג געוועהנט געווען צו די עלעמענטאַרסטע רעגלען פון דיס־
ציפּלין, זיי זאָלען קענען אַרויסווייזען אַן ערפאָלגרייכען ווידער־
שטאַנד.

דער אַקאַדעמישער לעגיאָן, וואָס האָט געצעהלט צווישען דריי
און פיער טויזענד מאַן, גוט איינגעאיבט און ביז אַ געוויסען גראַד
דיסציפּלינירט, מוטיג און ענטוזיאַסטיש, איז פון אַ מיליטערישען
שטאַנדפּונקט געווען די איינציגע מאַכט, וואָס האָט געקענט טהאָן
די ארבייט מיט ערפאָלג. אָבער וואָס זיינען זיי געווען, צוזאַמען
מיט דער קליינער צאָהל פערלעסליכע מיטגליעדער פון דער נאַציאָ־
נאַלער גוואַרדיע און דער אונאָרגאַניזירטער מאַסע פון בעוואַפענטע
פּראָלעטאַריער, אַנטקעגען דער פיעל גרעסערער צאָהל רעגולערע
סאָלדאַטען אונטער ווינדישגרעץ, שוין גאָר ניט רעדענדיג וועגען
די באַנדעס אונטער יעלאַטשיטש, באַנדעס, וואָס זיינען שוין צוליעב
זייערע זיטען אַליין געווען זעהר ניצליך אין אַ מלחמה פון
הויז צו הויז און פון גאַס צו גאַס? און וואָס פאַר אַ בעטרעף האָ־
בען געקענט האָבען די עטליכע אַלטע, אָבגעניצטע, שלעכט אוועק־

געשטעלטע און שלעכט בעריכטעטע קאַנאָנען אין די הענט פון די אינסורגענטען אנטקעגען דער צאָהלרייכער און גוט געשטעלטער אַרטילעריע, מיט וועלכער ווינדישגרעץ האָט זיך בענוצט אויף אַזאַ געוויסענלאָזען אופן?

וואָס נאָהנטער די געפאַהר איז געקומען, אַלץ גרעסער איז געוואָרען די אונאָרדנונג אין ווינען. דער סיים האָט ביז צו דער לעצטער מינוט ניט געקענט געפינען אין זיך גענוג ענערגיע, צו רופען צו הילף די אונגאַרישע אַרמיי אונטער פערצעל, וואָס איז געשטאַנען אין לאַגער אינגאַנצען עטליכע מייל הינטער דער הויפּט־שטאָדט. דער קאָמיטעט האָט געפאַסט ווידערשפּרעכענדע רעזאָלוציאָנען, ווייל ער אַליין האָט, פונקט ווי די בעוואַפענטע פאָלקס־מאַסען, זיך געוואָרפען אהער און אהין אונטער די שטראָמען פון קלאַנגען און געגען־קלאַנגען, וואָס האָבען געהאַלטען אין איין הויבען זיך און פאַלען. נאָר אין איין זאַך האָבען אַלע איינגעשטימט — צו רעספעקטירען אייגענטום. און דאָס איז אַזוי שטרענג דורכגעפיהרט געוואָרען, אַז עס איז פאַר אַזאַ צייט געווען כמעט קאָמיש.

וואָס אנבעטרעפט די ענדליכע אויסאַרבייטונג פון אַ פערטיידיגונגס פּלאַן, איז זעהר ווייניג אין דעם געטהאָן געוואָרען. אויב ווער עס איז אין ווינען האָט דאַן געקענט רעטען די שטאָדט, איז דאָס געווען בעם. אָבער בעם, אַ כמעט אונבעקאַנטער אויסלענדער און אַ סלאַוו פון געבורט, האָט געמוזט אויפגעבען די אויפגאַבע, ווייל קיינער האָט איהם ניט געטרויט, און ווען ער וואָלט ניט נאָכגעגעבען, וואָלט מען איהם געלינטשט ווי אַ פעררעטער. מעסענהאוזער, דער קאָמאַנדיר פון די רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטען, איז געווען מעהר אַ ראָמאַנען שרייבער, איידער אפילו אַ מיטעלמעסיגער אָפיציער, און איז אינגאַנצען ניט פּאַסענד געווען פאַר דער אויפגאַבע. און דאָך האָט די פאָלקספּאַרטיי, נאָך אַכט מאָנאַטען פון רעוואָלוציאָנערע קאַמפען, ניט בעשאַפען אָדער געוואונען קיין איין מעהר פעהיגען מענשען, ווי מעסענהאוזער.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבען דער קאַמף. און נעמענדיג אין בעטראַכט די גאָר אונבעדייטענדע פערטיידיגונגס מיטלען און דאָס, וואָס עס האָט אינגאַנצען געפעהלט מיליטערישע געניטקייט און אָרגאַניזאַציאָן אין די רייהען, האָבען די ווינער אַרויסגעוויזען דעם

העלדישסטעןווידערשטאַנד. אין פיעלע ערטער איז דער בעפעהל פון בעם, ווען ער האָט נאָך קאָמאַנדירט, „צו פערטיידיגען יענע פּאָזיציאָן ביז דעם לעצטען מאַן“, פּינקטליך אויסגעפיהרט געוואָרען. אָבער מאַכט האָט בעקומען די אויבערהאַנט. די קייזערליכע אַרטי־לעריע האָט אַרונטערגעריסען באַריקאַדע נאָך באַריקאַדע אין די לאַנ־גע און ברייטע הויפּטגאַסען פון די פאָרשטעדט. און אין אָווענד פון דעם צווייטען טאָג פון קאַמף האָבען די קראָאַטען פערנומען אַ רייה הייזער אַנטקעגען ערד־בעפעסטיגונגען פון דער אַלטער שטאָדט. אַ שוואַכער און ניט אָרגאַניזירטער אָנגריף פון דער אונגאַרישער אַר־מיי איז איינגאַנצען צושלאָגען געוואָרען. און אין פערלויף פון אַ וואַפענשטילשטאַנד, ווען איינינע אבטיילונגען אין דער אַלטער שטאָדט האָבען זיך אונטערגעגעבען, ווען אַנדערע זיינען געווען אונ־ענטשלאָסען און האָבען נאָך פערגרעסערט די אונאָרדנונג און ווען די רעשטען פון דעם אקאַדעמישען לעגיאָן האָבען געגראָבען נייע טראַנשעען, זיינען די אָנהענגער פון קייזער אריינגעקומען אונטער דער אַלגעמיינער צוטומלונג, און די אַלטע שטאָדט איז איינגענומען געוואָרען.

די באַלדיגע רעזולטאַטען פון אָט דעם זיעג, די ברוטאַלע טהאַ־טען און הינריכטונגען דורך קריעגסגעריכטען, די אונערהערטע גרויזאַמע און שענדליכע אַקטען, וואָס זיינען בעגאַנגען געוואָרען פון די סלאַווישע באַנדעס, ווענען מען האָט לויז געלאָזען אין וויען, דאָס אַלץ איז צו גוט בעקאַנט, אַז מיר זאָלען דאָס דאָ דאַרפען בע־שרייבען. די ווייטערע פאָלגען, די גאַנץ נייע ווענדונג, וואָס די נידערלאַגע פון דער רעוואָלוציאָן אין וויען האָט געגעבען דעם דייַ־טשען פּאָליטישען לעבען, וועלען מיר מוזען ערקלערען שפּעטער. אונז בלייבען איבער צוויי פאַקטען צו בעטראַכטען, אין פערבינ־דונג מיט דער שטורמונג פון וויען. די בעפעלקערונג פון דער הויפּטשטאָדט האָט געהאַט צוויי פערבינדעטע — די אונגאַרען און דאָס דייטשע פאָלק. וואו זיינען זיי געווען אין דעם קריטישען מאָמענט?

מיר האָבען געזעהן, אַז די וויענער זיינען מיט דער גרויס־מוטיגקייט פון אַ ניי בעפרייטען פאָלק אויפגעשטאַנען אין נאָמען פון אַ זאַך, וואָס איז אפילו סוף כל סוף געווען זייער אייגענע, וואָס

איז אָבער אין אָנהויב און פריהער פון אַלץ געווען אין די אינטע־
רעסען פון די אונגארען. איידער ערלויבען די עסטרייכישע סאָל־
דאַטען צו געהן אויף אונגארן, האָבען די וויענער בעסער בעשלאָסען
אַליין אַריבערצוטראָגען דעם ערשטען און שרעקליכסטען אָנגריף
פון אָט די סאָלדאַטען. און וועהרענד די וויענער זיינען אַזוי גרויס־
מוטיג אַרויסגעטראָטען צו שטיצען זייערע פערבינדעטע, די אונ־
גאַרען, האָבען אָט די אונגאַרען, צושלאָגענדיג יעלאַטשיטש, איהם
אַרויפגעטריבען אויף וויען, און האָבען אויף אַזאַ אופן פערשטאַרקט
די מאַכט, וואָס וועט אָנגרייפען די שטאָדט. אונטער אַזעלכע בע־
דינגונגען איז עס דאָך געווען די קלאָרע פליכט פון אונגאַרן
צו שטיצען אונגעזאַמט און מיט אַלע מיטלען, וואָס זי האָט
געהאַט צו איהר דיענסט, ניט דעם וויענער סיים, ניט דעם זיכער־
הייטס קאָמיטעט אָדער אַנאַנדער אָפיציעלע קערפערשאַפט אין וויען,
נאָר די וויענער רעוואָלוציאָן. ווען אונגאַרן וואָלט
אַפילו פערגעסען, אַז וויען האָט געקעמפט אין דער ערשטער שלאַכט
פאַר אונגאַרן, האָט זי דאָך צוליעב איהר אייגענער זיכערהייט ניט
געדאַרפט פערגעסען, אַז וויען איז געווען די איינציגע שטיצע פון
אונגאַרישער אונאַבהענגיגקייט, און אַז נאָך דעם פאַלען פון וויען
וועט זיך שוין קיין זאַך ניט קענען שטעלען אין וועג פון דער אימ־
פערישער אַרמיי, וואָס וועט געהן אויף איהר.

מיר ווייסען זעהר גוט, וואָס די אונגאַרען קענען זאָגען און
האָבען געזאָגט, צו רעכטפערטיגען זייער אונטהעטיגקייט אין דער
צייט פון דער בעלאַגערונג און איינגעמען פון וויען: זייער איי־
גענע אַרמיי איז ניט געווען גענוג שטאַרק, דער סיים און די
אַנדערע אָפיציעלע קערפערשאַפטען אין וויען האָבען זיך ענטזאַגט
זיי אַריינצורופען, עס איז נויטיג געווען ניט אַראָבצוגעהן פון קאָנ־
סטיטוציאָנעלען באָדען, אום צו פערמיידען אַלערליי מעגליכע פער־
וויקלונגען מיט דער דייטשער צענטראַלער מאַכט. עס איז אָבער
אַ פאַקט, וואָס אַנבעטרעפט דעם צושטאַנד פון דער אונגאַרישער
אַרמיי, אַז אין די ערשטע טעג נאָך דער וויענער רעוואָלוציאָן און
דעם אָנקומען פון יעלאַטשיטש איז גאָר ניט נויטיג געווען קיין רע־
גולערע אַרמיי, ווייל די עסטרייכישע רעגולערע סאָלדאַטען זיינען
ווייט ניט געווען קאָנצענטרירט. און אַ שנעלע און מוטיגע פאַרט־

זעצונג פון מארש, נאָך דעם ערשטען זיעג איבער יעלאַטשיטש, אפילו נאָר מיט דעם לאַנדשטורם, וואָס האָט געקעמפּט ביי שטוהל־ווייסענבורג, וואָלט געווען גענוג צו פעראייניגען זיך מיט די וויענער און אָבלעגען אויף א לאַנגע צייט די קאָנצענטרירונג פון דער עסטרייכישער ארמיי.

אין א מלחמה, און בעזונדערס אין א רעוואָלוציאָנערער מלחמה, איז דער ערשטער כלל האַנדלען שנעל, ביז אַן ענטשידענער פאָר־טייל וועט געוואונען ווערען. דאָס קענען מיר זיכער זאָגען פ ו ן ר י י ן מ י ל י ט ע ר י ש ע ג ר ו נ ד ע ן. פערצעל האָט זיך ניט געדאַרפט אָבשטעלען, ביז ער וואָלט זיך ניט פעראייניגט מיט די וויענער. דאָס איז געווים געווען אביסעל ריזיקאַליש, אָבער ווער האָט ווען עס איז געוואונען א שלאַכט, ניט ריזיקירענדיג קיין זאך? און האָט דען דאָס פאָלק פון וויען, א בעפעלקערונג פון פיער הונ־דערט טויזענד, גאָרניט ריזיקירט, ווען עס האָט ארויפגעוואָרפען אויף זיך די ארמיי, וואָס האָט געצאָלט מארשירען אנטקעגען צוועלף מיליאָן אונגארען? דער מיליטערישער פעהלער, וואָס איז בע־גאַנגען געוואָרען דורך וואַרטען, ביז די עסטרייכער האָבען זיך פער־אייניגט, און דורך א שוואַכער דעמאָנסטראַציאָן ביי שוועכאַט, וואָס האָט זיך געענדיגט, ווי עס האָט פערדיענט, מיט א שענדליכער ני־דערלאַגע, אָט דער מיליטערישער פעהלער האָט געבראַכט מיט זיך א גרעסערע געפאַהר, ווי די געפאַהר פון אַן ענטשלאָסענעם מארש אויף וויען, אנטקעגען די אונפעראייניגטע באַנדיטען פון יעלאַ־טשיטש.

מען וועט אָבער זאָגען, אַז אזא צוג פון די אונגארען אויף וויען, ניט אויטאָריזירט פון אַן אָפיציעלער קערפּערשאַפט, וואָלט געווען אַן איבערטרעטונג פון דייטשער טעריטאָריע, וואָלט געפיהרט צו פערוויקלונגען מיט דער צענטראַלער מאַכט אין פראַנקפורט און וואָלט נאָך אויסער אַלץ געמיינט, אַז מען האָט פערוואָרפען יענע לע־גאַלע און קאָנסטיטוציאָנעלע טאַקטיק, וואָס האָט שטארק געמאַכט די אונגארישע זאך. אָבער די אָפיציעלע קערפּערשאַפטען אין וויען האָבען דאָך קיין בעדייטונג ניט געהאַט! איז דאָס געווען דער סיים זיינען עס געווען די פאָלקס קאָמיטעטען, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען פאַר אונגארן, אָדער דאָס פאָלק פון וויען, און נאָר דאָס פאָלק אליין,

וואָס האָט זיך גענומען צו די ביקסען, צו קעמפען אין דער ערש־טער שלאַכט פאַר אונגאַרנ׳ס אונאבהענגיגקייט? עס איז ניט גע־וועזן וויכטיג אויפצוהאַלטען די אָדער יענע אָפיציעלע קערפּער־שאַפט אין וויען. אָט די אַלע קערפערשאַפטען האָבען געקענט אומ־געוואָרפען ווערען, און וואָלטען אומגעוואָרפען געוואָרען זעהר שנעל אין דעם גאַנג פון רעוואָלוציאָנערער ענטוויקלונג. וויכטיג איז געוועזן דאָס אויפשטייגען פון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג, דער אונגעבראָכענער פאָרטשריט פון פאָלקס אקציאָן גופא. נאָר וועגען דעם האָט זיך געהאַנדעלט, און נאָר דאָס אַליין האָט געקענט רעטען אונגאַרן פון אַן איבערפאַל.

וואָס פאַר פאָרמען אָט די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג זאָל שפּעטער אָננעמען, דאָס האָט שוין געדאַרפט איבערגעלאָזען ווע־רען צו די וויענער, ניט צו די אונגאַרען, אַזוי לאַנג ווי וויען און גאַנץ דייטש עסטרייך זיינען געבליבען זייערע פערבינדעטע קעגען דעם געמיינשאַפטליכען פיינד. אָבער די פראַגע איז גאָר, צי זאָלען מיר אין דעם, וואָס די אונגאַרישע רעגירונג האָט זיך אַזוי איינגעשטעלט פאַר עפּעס אַ לעגאַלע בעפאָלמעכטיגונג, ניט זעהן דעם ערשטען קלאָרען סימפּטאָם פון יענער פּרעטענזיע אויף יענע צווייפעל־האַפטע געזעצליכקייט, וואָס האָט אפילו אונגאַרן ניט גערעטעט, וואָס האָט אָבער שפּעטער געהאַט מעהר אָנזעהן אויף די ענגלישע מיטעלקלאַס פערזאַמלונגען?

וואָס אָנבעטרעפט דעם אויסרעד פון מעגליכע קאָנפליקטען מיט דער צענטראַלער דייטשער מאַכט אין פראַנקפורט, איז דאָס אינגאַנצען נוצלאָז. די פראַנקפורטער בעאַמטע זיינען פאַקטיש אומגעוואָרפען געוואָרען דורך דעם זיעג פון דער קאָנטר־רעוואָלו־ציאָן אין וויען. זיי וואָלטען אויך אומגעוואָרפען געוואָרען, ווען די וויענער רעוואָלוציאָן וואָלט געפונען די נויטיגע שטיצע צו שלאָגען איהרע פיינד. און ענדליך דער גרויסער ארגומענט, אַז אונגאַרן האָט ניט געקענט פערלאָזען דעם געזעצליכען און קאָנסטיטוציאָ־נעלען באָדען, קען זיין זעהר גוט פאַר די ענגלישע פריי־הענדלער, ער וועט אָבער קיינמאָל ניט אָנגענומען ווערען פון דער געשיכטע ווי אַ ויזגיהענדער גרונד. וואָס וואָלט געוועזן, ווען דאָס פאָלק פון וויען וואָלט זיך געהאַלטען ביי „לעגאַלע און קאָנסטיטוציאָנעלע מיט־

לען" דעם 13טען מערץ און דעם 6טען אָקטאָבער? וואָס וואָלט דאַן געוואָרען פון דער „לעגאַלער און קאָנסטיטוציאָנעלער" בעוועגונג און פון אַלע הערליכע שלאַכטען, וואָס האָבען צום ערשטען מאָל אַרויסגעבראַכט אונגאַרן פאַר דער ציוויליזירטער וועלט? דערזעלביגער געזעצליכער און קאָנסטיטוציאָנעלער באָדען, אויף וועלכען, ווי מען זאָגט, די אונגאַרישע בעוועגונג פון 1848 און 1849 איז אָנגעגאַנגען, איז פאַר די אונגאַרען ערזאָבערט געוואָרען דורך דעם העכסט אונגעזעצליכען און אונקאָנסטיטוציאָנעלען אויפשטאַנד פון דעם פאָלק אין וויען דעם 13־טען מערץ.

עס געהט ניט אַריין אין אונזער אויפגאַבע דאָ צו דיסקוטירען די רעוואָלוציאָנערע געשיכטע פון אונגאַרן, אָבער מיר קענען דאָ בעמערקען, אַז עס האָט גאָר קיין זין ניט צו בענוצען זיך דורכאויס נאָר מיט לעגאַלע מיטלען פון ווידערשטאַנד אנטקעגען אַ פיינד, וואָס פעראַכטעט אַזעלכע קליינינגקייטען. ווען ניט אָט די שטענדיגע פרעטענזיע פון געזעצמעסיגקייט, מיט וועלכער גערגי האָט זיך שפּעטער בענוצט אנטקעגען דער רעגירונג, וואָלט די איבערגעבענהייט פון גערגי׳ס אַרמיי צו איהר גענעראַל און די שענדליכע קאַטאַסטראָפע פון ווילאַגאָס געוועזען אונמעגליך. און ווען ענדליך, אום צו רעטען זייער עהרע, זיינען די אונגאַרען אַריבערגעגאַנגען די לעיטאַ אין די לעצטע טעג פון אָקטאָבער, איז דאָס דען ניט געוועזען פונקט אַזוי אונגעזעצליך, ווי אַ באַלדיגער און ענטשלאָסענער אָנגריף?

עס איז בעקאַנט, אַז מיר האָבען ניט קיין אונפריינדליכע געפיהלען צו אונגאַרן. מיר זיינען געשטאַנען מיט איהר דורך די צייטען פון קאַמף. מיר קענען זאָגען, אַז אונזער „נייע רהיינישע צייטונג"*) האָט געטהאָן מעהר ווי אַלע אַנדערע צייטונגען צו מאַכען די אונגאַרישע בעוועגונג פּאָפּולער אין דייטשלאַנד, דורך ערקלערען דעם קאַמף צווישען דער מאַדיאַרישער און סלאַווישער ראַסע. אין דער צייטונג איז ערשינען אַ סעריע אַרטיקלען איבער

*) נאָך דער רעוואָלוציאָן אין מערץ 1848 האָט זיך מאַרקס אומגעקערט פון פּאַריז אין דייטשלאַנד, און בעזעצענדיג זיך צייטווייליג אין קעלן, האָט ער געגרינדעט „די נייע רהיינישע צייטונג".

דער אונגארישער מלחמה, וואָס האָבען געהאט די עהרע בע׳גנב׳עט צו ווערען אין כמעט יעדען שפּעטערדיגען בוך איבער דעם געגענ־שטאַנד, ניט אויסשליסענדיג די ווערק פון איינגעבאָרענע אונגאַרען און פון „עדות, וואָס האָבען אליין צוגעזעהן״. און אפילו איצט האַלטען מיר, אַז אין יעדער צוקונפטיגער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אויף דעם קאָנטינענט איז אונגאַרן די נויטיגע און נאַטירליכע פערבינדעטע פון דייטשלאַנד.

אָבער מיר זיינען שוין געווען גענוג שטרענג צו אונזערע איינענע לאַנדסלייט, צו האָבען דאָס רעכט צו זאָגען דעם אמת וועגען אונזערע שכנים. און דאַן מוזען מיר דאָ פערצייכענען פאַקטען מיט היסטאָרישער אונפּאַרטייאישקייט, און מיר מוזען זאָגען, אַז אין אָט דעם בעזונדערען פאַל איז די גרויסמוטיגע בראַווקייט פון וויענער פאָלק געווען ניט נאָר פיעל ערהאַבענער, נאָר אויך פיעל ווייטזעהענדיגער פון דער גרויסער פאָרזיכטיגקייט פון דער אונ־גאַרישער רעגירונג. און ווי אַ דייטש, וועט אונז ערלויבט זיין ווייטער צו בעמערקען, אַז מיר וואָלטען ניט פערביטען די אַלע גלענ־צענדע זיעגען און הערליכע שלאַכטען פון דער אונגאַרישער מלחמה אויף יענעם פריינוויליגען און פון קיינעם ניט געשטיצטען אויפ־שטאַנד און העלדישען ווידערשטאַנד פון אונזערע לאַנדסלייט, דער וויענער בעפעלקערונג, וואָס האָט געגעבען אונגאַרן צייט צו רעאָר־גאַניזירען איהר אַרמיי און אויספיהרען די אַלע גרויסע זאַכען.

דער צווייטער פערבינדעטער פון וויען איז געווען דאָס דייט־טשע פאָלק. אָבער די דייטשען זיינען אומעטום געווען פערנומען מיט דעמזעלבען קאַמף, וואָס די וויענער האָבען אָנגעפיהרט. פראַנק־פורט, באַדען און קעלן האָט מען דאַן נאָר וואָס געהאַט בעזיעגט און ענטוואַפענט. אין בערלין און ברעסלאַו איז דאָס פאָלק געווען אויף מעסערס מיט דער אַרמיי און האָט יעדען טאָג ערוואַרט אַ שלאַכט. אַזוי איז געווען אין יעדען אָרטיגען צענטער פון אַקציאָן. אומעטום זיינען געווען פראַגען, וואָס האָבען געקענט געלעזט ווע־רען נאָר דורך מאַכט. און דאַן האָט מען צום ערשטען מאָל שאַרף דערפיהלט די שרעקליכע פאָלגען פון אויפהאַלטען די אַלטע צו־טיילונג און דעצענטראַליזאַציאָן פון דייטשלאַנד.

די פערשידענע פראַגען אין יעדען שטאַאַט, יעדער פּראָווינץ,

יעדער שטאָדט זיינען אין גרונד געווען דיזעלביגע. אָבער זיי זיי־נען אומעטום ארויסגעבראכט געוואָרען אונטער פערשידענע פאָר־מען און אויסרעדען און האָבען אומעטום דערגרייכט א בעזונדערען גראד פון רייפקייט. און אזוי איז געשעהן אז, וועהרענד אין יעדען אָרט האָט מען געפיהלט די ענטשיידענדע ערנסטקייט פון די גע־שעהענישען אין וויען, האָט מען דאָך אין ערגעץ ניט געקענט גע־בען דעם פיינד א בעדייטענדען קלאַפּ, וואָס זאָל העלפען די וויע־נער, אָדער וואָס זאָל וועניגסטענס אָבציהען די פיינדליכע קרעפ־טען צו גונסטען פון וויען. און עס איז מעהר קיינער ניט געבליבען וואָס זאָל העלפען וויען, ווי נאָר דער פארלאמענט און די צענטראלע מאכט אין פראנקפורט. צו זיי האָט מען פון אלע זייטען אפעלירט. אָבער וואָס האָבען זיי געטהאָן?

דער פראנקפורטער פארלאמענט און די אזוי גערופענע צענט־ראלע מאכט, דער ממזר, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט פון דער אוננאטירליכער פעראייניגונג צווישען דעם פראנקפורטער פארלאמענט און דעם אלטען דייטשען סיים, האָבען זיך בענוצט מיט דער וויענער בעוועגונג, אום ארויסצואווייזען זייער פאָלשטענ־דיגע נישטיגקייט. אָט די מיזעראבלע פערזאמלונג האָט, ווי מיר האָבען געזעהן, שוין לאנג אויפגעאָפּפערט איהר פאָליטישע אונ־שולד און, ווי יונג זי איז ניט געווען, איז זי שוין געווען גרוי און ערפאהרען אין אלע קונצען פון קינסטליך פארבען זיך און פון כלומרשט־דיפלאָמאטישער פראָסטיטוציאָן. פון די טרוימען און אי־לוזיאָנען וועגען מאכט, וועגען דייטשער ווידעראויפלעבונג און איי־ניגקייט, וואָס האָבען אין אָנהויב אָנגעפילט די פערזאמלונג, איז גאָר נישט געבליבען, אויסער א גרויסער מאָס טעווטאָנישער טעאטראלי־שער פראזעאָלאָגיע, וואָס איז ווידערהאָלט געוואָרען ביי יעדער גע־לעגענהייט, און א פעסטען גלויבען פון יעדען איינציגען מיטגליעד אין זיין אייגענע וויכטיגקייט און אין די לייכטגלויביגקייט פון דעם עולם. די ערשטע נאאיוויטעט איז פערוואָרפען געוואָרען. די רע־פּרעזענטאנטען פון דעם דייטשען פאָלק זיינען געוואָרען פראקטי־שע מענשען, דאָס הייסט, זיי האָבען בעשלאָסען, אז וואָס ווייניגער זיי וועלען טהאָן און וואָס מעהר זיי וועלען פּלוידערען, אלץ זיכע־רער וועלען זיי זיין אויף זייער אָרט פון שיידס־ריכטער פאר דייטש־

לאַנד'ס שיקזאַל. ניט ווייל זיי האָבען בעטראַכט זייערע פערהאַנד־
לונגען פאַר איבריג — פונקט פערקערט. אָבער זיי האָבען אויס־
געפונען, אז מען דאַרף לאָזען צורוה די אַלע אמת גרויסע, אָבער
פערבאָטענע פראגען. און אזוי זיינען זיי דאָרט געזעסען, ווי א
רייהע ביזאַנטישע לומדים פון דער אימפעריע, און מיט א וויכ־
טיגקייט און פלייסיגקייט, וועלכע זיינען ווערט געווען דעם שיקזאַל,
וואָס זיי האָבען ענדליך געהאַט, האָבען זיי דיסקוטירט טעאָרע־
טישע דאָגמען, וואָס האָבען שוין לאַנג אויפגעהערט דיסקוטירט צו
ווערען אין יעדען טייל פון דער ציוויליזירטער וועלט, אָדער מיק־
ראָסקאָפּישע פּראַקטישע פראגען, וואָס האָבען קיינמאָל ניט געפיהרט
צו קיין פּראַקטישע רעזולטאַטען. און אזוי ווי די פערזאַמלונג איז
אויף אַזאַ אופן געווען א מין לאַנקאַסטער שול פאַר געגענזיי־
טיגער בעלעהרונג און איז דעריבער פאַר זיי אליין געווען זעהר
וויכטיג, זיינען זיי געווען איבערצייגט, אז זי טהוט אויף אפילו
מעהר, ווי דאָס דייטשע פאָלק האָט געהאַט א רעכט צו ערוואַר־
טען; און דעריבער האָבען זיי געקוקט אויף יעדען איינעם, וואָס
האָט געהאַט די פרעכהייט צו פערלאַנגען פון זיי רעזולטאַטען, ווי
אויף א פעררעטער צו זיין לאַנד.

ווען דער וויענער אויפשטאַנד האָט אויסגעבראָכען, זיינען גע־
מאַכט געוואָרען אָהן א צאָהל אינטערפּעלאַציאָנען, פאָרשלאַגען און
פערבעסערונגס אנטראַגען צו די פאָרשלאַגען, און ענדלאָזע דעבאַ־
טען זיינען געפיהרט געוואָרען. אָבער דאָס אַלץ האָט צו גאָרניט
געבראַכט. די צענטראַלע מאַכט האָט זיך געזאָלט אריינמישען. זי
האָט געשיקט צוויי קאָמיסאַרען אין וויען: וועלקער, דעם עקס־
ליבעראַל, און מאָזלע. די רייזען פון דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ פּאַנ־
צאַ זיינען לאַנגוויילינער שטאָף אין פערגלייך מיט די העלדישע
אקטען און וואונדערליכע אוואַנטורען פון אָט די צוויי וואַנדערענ־
דע ריטער פון דייטשער איינינקייט. זיי האָבען ניט געוואַגט צו
קומען אין וויען; און ווינדישגרעץ האָט זיי געדראָהט, דער אימ־
פעראַטאָר, דער אידיאָט, האָט געקוקט אויף זיי מיט פערוואונדע־
רונג, און דער מיניסטער סטאַדיאָן האָט זיי אויף אַן אונפערשעמטען
אופן גענאַרט. זייערע דעפּעשען און בעריכטען זיינען אפשר דער
איינציגער טייל פון די פראַנקפורטער פערהאַנדלונגען, וואָס וועט

אָנהאַלטען אַן אָרט אין דער דייטשער ליטעראַטור: זיי זיינען אַ פּאָלקאָמער סאַטירישער ראָמאַן, פאַרטיג געשניטען און פאַרטרי־קענט, — אַן אייביגער מאָנומענט פון שאַנד פאַר דער פראַנקפור־טער פערזאַמלונג און איהר רעגירונג.

דער לינקער טייל פון דער פערזאַמלונג האָט אויך געשיקט צוויי קאָמיסאַרען אין ווין, אום אויפצוהאַלטען דאָרט זיין אויטאָרי־טעט: פרעבעל און ראָבערט בלום. בלום האָט מיט רעכט בעשלאָ־סען, ווען די געפאַהר איז געקומען נאָהנט, אַז דאָ מוז די גרויסע שלאַכט פון דער דייטשער רעוואָלוציאָן אויסגעקעמפט ווערען, און האָט ניט פיעל געקלערט און געשטעלט זיין אייגענעם קאָפּ אין קאָן. פרעבעל, פערקערט, האָט געהאַלטען פאַר זיין פליכט צו פערהיטען זיך פאַר די וויכטיגע פליכטען פון זיין אַמט אין פראַנקפורט. בלום איז געווען פעררעכענט פאַר איינעם פון די בעסטע רעדנער אין דער פראַנקפורטער פערזאַמלונג; ער איז זיכער געווען דער פּאָפּולער־סטער. זיין עלאָקווענץ וואָלט ניט אויסגעהאַלטען די פּראָבע פון קיין ערפאַהרענער פּאַרלאַמענטאַרישער פערזאַמלונג; צופיעל האָט ער געליעבט די פלאַכע דעקלאַמאַציאָן פון אַ דייטשען פּראָטעסטאַנ־טישען פּרעדיגער, און אין זיינע אַרגומענטען האָבען געפעהלט אי פילאָסאָפישע שאַרפקייט, אי בעקאַנטשאַפט מיט פּראַקטישע פאַק־טען. אין פּאָליטיק האָט ער געהערט צו דער „מעסיגער דעמאָקראַ־טיע“, עפּעס אַן אונבעשטימטער זאַך, אָן וועלכער מען האָט זיך אָנגעהאַלטען טאַקי צוליעב דעם, וואָס איהרע פּרינציפּען זיינען גע־ווען אונבעשטימט. אָבער מיט דעם אַלעם איז ראָבערט בלום געווען אין דער נאַטור אַ גרינדליכער, כאָטש אביסעל געפּאָלירטער, פּלע־בעיער, און אין ענטשידענע מאָמענטען פלעגען זיין פּלעבישער אינס־טינקט און פּלעבישע ענערגיע איבערוועלטיגען זיין אונבעשטימט־קייט און פּאָלגליך אויך זיין אונענטשלאָסענהייט אין פּאָליטישער איבערצייגונג און וויסען. אין אַזעלכע מאָמענטען פלעגט ער זיך דערהויבען ווייט איבער דער געוועהנליכער מאָס פון זיינע פעהיג־קייטען. און אין ווין האָט ער גלייך איינגעזעהן, אַז דאָ, און ניט צווישען די כלומר'שט עלעגאַנטע דעבאַטען אין פראַנקפורט, וועט דאָס שיקזאַל פון זיין פאַטערלאַנד מוזען ענטשידען ווערען. ער האָט באַלד געפּאַסט זיין בעשלוס, האָט אויפגעגעבען יעדען גע־

דאַנק פון צוריקציהען זיך, האָט אַנגענומען אַן אָפיציר אַמט אין
דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי און האָט זיך אויפגעפיהרט מיט אוי־
סערגעוועהנליכער רוהיגקייט און ענטשלאָסענהייט. ער האָט דאָס
אָבגעהאַלטען אַ גאַנץ לאַנגע צייט דאָס איינגענעמען פון דער שטאָדט
און האָט בעשיצט איין זייט שטאָדט פון אַן אָנגריף, פערברענענדיג
די טאַבאָר בריק איבער דעם דאָנאו.

יעדערער ווייס, ווי מען האָט איהם אַרעסטירט, נאָכדעם ווי
די שטאָדט איז געשטורמט געוואָרען, ווי מען האָט איהם פּראָצע־
סירט דורך אַ קריעגסגעריכט און דערשאָסען. ער איז געשטאָרבען
ווי אַ העלד. און די פראַנקפורטער פערזאַמלונג, ווי זי איז ניט
געוועזען דערשראָקען אויף טויט, האָט דאָך אָנגענומען די בלוטיגע
בעליידיגונג מיט אַ שיינבאַרער בערייטוויליגקייט. אַ רעזאָלוציאָן
איז געפּאַסט געוואָרען, וואָס איז געוועזען מיט דער ווייכקייט און
דיפּלאָמאַטישער אנשטענדיגקייט פון איהר שפּראַך מעהר אַ בעליי־
דיגונג אויף דעם קבר פון דעם ערמאָרדעטען מאַרטירער, איידער אַ
שאַנדפלעק פאַר עסטרייך. אָבער מען האָט ניט געקענט ערוואַר־
טען, אַז אָט די מיזעראַבלע פערזאַמלונג זאָל אָננעמען פאַר אַ בעליי־
דיגונג די ערמאָרדונג פון איינעם פון איהרע מיטגליעדער, בעזונ־
דערס פון דעם פיהרער פון דעם לינקען פליגעל.

לאָנדאָן, מערץ 1852.

## XIII

## די פרייסישע און די נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג.

דעם 1טען נאָוועמבער איז וויען געפאַלען, און דעם 9טען פון
דעמזעלבען מאָנאַט האָט די אויפלעזונג פון דער גרינדונגס־פער־
זאַמלונג בעוויזען, ווי ווייט יענע געשעהעניש האָט באַלד אויפגע־
הויבען דעם מוט און די קראַפט פון דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער
פּאַרטיי אין גאַנץ דייטשלאַנד.

די געשעהענישען פון דעם זומער פון 1848 אין פּרייסען קע־
נען איבערגעגעבען ווערען אין עטליכע ווערטער. די גרינדונגס
פערזאַמלונג, אָדער ריכטיגער, „די פערזאַמלונג, וואָס איז ערוועהלט

געוואָרען מיט דעם צוועק צו קומען צו א פערשטענדניס מיט דער קרוין וועגען א קאָנסטיטוציאָן", און איהר מאַיאָריטעט פון רעפּרע־זענטאַנטען פון מיטעלקלאַס, האָט שוין לאַנג געהאַט פערלאָרען דאָס לעצט ביסעל אַכטונג ביים עולם מיט דעם, וואָס זי האָט זיך גע־לאָזט אויסנוצען אין אלע הויף אינטריגען, מורא האָבענדיג פאַר די ענערגישערע עלעמענטען פון דער בעפעלקערונג. זיי האָבען בע־שטעטיגט, אָדער ריכטיגער, אומגעקערט צוריק די שעדליכע פּריי־ווילעגיען פון פעאָדאַליזם און האָבען אויף אזא אופן פערראַטען די פרייהייט און די אינטערעסען פון דעם בויערטום. זיי זיינען ניט געווען אימשטאַנד צו בעשאַפען א קאָנסטיטוציאָן און האָבען ניט געקענט אויסבעסערען וויפיעל ניט איז די אלגעמיינע געזעצ־געבונג. זיי זיינען געווען פערנומען כמעט אויסשליסליך מיט דעלי־קאַטע טעאָרעטישע אונטערשיידונגען, ריינע פאָרמאַליטעטען, און מיט פראַגען פון קאָנסטיטוציאָנעלען עטיקעט.

די פערזאַמלונג איז אין דער אמת'ן געווען מעהר א שול פון פּאַרלאַמענטאַרישער הלכה פאַר איהרע מיטגליעדער, איידער א קערפּערשאַפט, וואָס האָט וויפיעל ניט איז געקענט פּעראינטערעסירען דאָס פאָלק. איהרע מאַיאָריטעטען זיינען אויסער דעם זעהר פיין געהאַלטען געוואָרען אין גלייכגעוויכט און זיינען בעשטימט געוואָרען דורך די וואַקלענדע צענטערען, וואָס וויגען זיך פון רעכטס צו לינקס און פערקערט, האָבען אומגעוואָרפען צוערשט קאַמפּהאַוזענ'ס דאַן אוערסוואַלד'ס און האַנזעמאַנ'ס מיניסטעריום. אָבער וועהרענד די ליבעראַלען האָבען אויף אזא אופן דאָ, ווי אומע־טום, ארויסגעלאָזען די געלעגענהייט פון זייערע הענט, האָט דער הויף רעאָרגאַניזירט זיינע קרעפטען צווישען דעם אדעלשטאַנד און דעם אונקולטורעלסטען טייל פון דער דאָרפישער בעפעלקערונג, פונקט ווי אין דער אַרמיי און צווישען דער ביוראָקראַטיע. נאָך האַנזעמאַנ'ס פאַל איז אויפגעשטעלט געוואָרען א מיניסטעריום פון ביוראָקראַטען און מיליטערישע בעאַמטע, אלע שטאַרקע רעאַקציאָ־נערען; אָבער דאָס נייע מיניסטעריום האָט געשיינט נאָכצוגעבען די פאָדערונגען פון דעם פּאַרלאַמענט. די פערזאַמלונג האָט זיך געהאַלטען ביי דעם בעקוועמען פּרינציפּ: „מאַסרעגלען, ניט מענ־שען". זיי זיינען ווירקליך פערנאַרט געוואָרען אזוי ווייט, אז זיי

האָבען אפּלאָדירט דעם נייעם מיניסטעריום און האָבען גאָר ניט געקענט זעהן, ווי דאָסזעלבע מיניסטעריום קאָנצענטרירט און אָר־גאַניזירט גאַנץ אָפען די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע קרעפטען.

ענדליך איז דער סיגנאַל געגעבען געוואָרען דורך דעם פאַל פון וויען; און דער קעניג האָט ענטלאַסען די מיניסטאָרען פון דער פערזאַמלונג און האָט זיי פערביטען אויף „מענשען פון טהאַט", אונטער דער פיהרערשאַפט פון דעם איצטיגען פרעמיער, מאַנטיי־פעל. דאַן האָט די טרוימענדע פערזאַמלונג פּלוצלונג ערוואַכט און דערזעהן די געפאַהר. זי האָט דורכגעפיהרט אַ וואָטום פון אונ־צוטרויען צום קאַבינעט. דער ענטפער אויף דעם איז באַלד געקו־מען אין דער פאָרם פון אַ דעקרעט, וואָס פיהרט איבער די פערזאַמ־לונג פון בערלין, וואו זי האָט אין פאַל פון אַ קאָנפליקט געקענט רעכנען אויף די שטיצע פון די מאַסען, אין בראַנדענבורג, אַ קליינע פּראָווינציעלע שטאָדט, וואָס איז אינגאַנצען אבהענגיג פון דער רע־גירונג. אָבער די פערזאַמלונג האָט ערקלערט, אַז מען קען זי ניט אָבשטעלען, איבערפיהרען אָדער פאַנאַנדערלאָזען אָהן איהר איי־גענער צושטימונג. אין דערזעלבער צייט האָט גענעראַל ווראנגעל ארייננעפיהרט אין בערלין ארום פערציג טויזענד סאָלדאַטען.

אויף אַ בעראַטונג פון די מוניציפּאַלע ריכטער און אָפיצירען פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע איז בעשלאָסען געוואָרען ניט ארויס־צואווייזען קיין ווידערשטאַנד. און איצט, נאָכדעם ווי די פערזאַמ־לונג און די ליבעראַלע בורזשואַזיע, זועמען זי האָט פערטראָטען, האָבען ערלויבט דער פעראייניגטער רעאקציאָנערער פּאַרטיי צו פער־נעמען יעדע וויכטיגע פּאָזיציאָן און ארויסצורייסען פון זייערע הענט כמעט יעדען פערטיידיגונגס מיטעל, האָט זיך אָנגעהויבען יענע גרויסע קאָמעדיע פון „פּאַסיווען און געזעצליכען ווידערשטאַנד", וואָס זיי האָבען געוואָלט מאַכען פאַר אַ הערליכע נאָכמאַכונג פון העמפּדען און פון די ערשטע שריט פון די אמעריקאַנער אין דער מלחמה פאַר אונאבהענגיגקייט.

בערלין איז ערקלערט געוואָרען אין בעלאַגערונגס צושטאַנד, און בערלין איז געבליבען רוהיג; די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע איז אויפ־געלעזט געוואָרען פון דער רעגירונג, און איהרע וואַפען זיינען אָב־גענעבען געוואָרען מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט. די פערזאַמ־

לונג האָט מען אין פערלויף פון צוויי וואָכען ארומגעטריבען פון איין אָרט צו אנאנדערען, און אומעטום איז זי צוטריבען געוואָרען פון מיליטער, און איהרע מיטגליעדער האָבען זיך געבעטען ביי די בירגער, זיי זאָלען בלייבען רוהיג. ענדליך האָט די רעגירונג ער־קלערט די פערזאַמלונג פאר אויפגעלעזט. די פערזאַמלונג האָט דאָן דורכגעפיהרט א רעזאָלוציאָן, וואָס ערקלערט די זאמלונג פון שטייע־רען פאר אונגעזעצליך, און דאָן האָבען זיך איהרע מיטגליעדער צו־שפרייט איבער'ן לאנד, צו אָרגאניזירען דאָס ניט צאָהלען פון שטייערען. זיי האָבען זיך אָבער ארומגעזעהן, אז זיי האָבען זיך ביטער אָבגענאַרט אין דעם אויסוואהל פון זייערע קאמפסמיטלען. נאָך עטליכע וואָכען פון אויפרעגונג, נאָך וועלכע די רעגירונג האָט אָנגענומען שטרענגע מיטלען קעגען דער אָפּאָזיציאָן, האָט יעדערער אויפגעגעבען דעם געדאנק פון ניט צאָהלען שטייערען, נאָר אום צו טהאָן דעם ווילען פון א געשטאָרבענער פערזאמלונג, וואָס האָט אפילו ניט געהאט דעם מוט זיך צו פערטיידיגען.

צי איז שוין געווען אין אָנהויב נאָוועמבער צו שפּעט צו פרו־ווען א בעוואפענטען ווידערשטאַנד, אָדער א טייל פון דער ארמיי, בעגעגנענדיג אַן ערנסטע אָפּאָזיציאָן, וואָלט איבערגעגאַנגען אויף די זייט פון דער פערזאַמלונג און וואָלט אויף אזא אופן ענטשידען דעם קאמף צו גונסטען פון דער פערזאמלונג, איז א פראגע, וואָס וועט אפשר קיינמאָל ניט פערענטפערט ווערען. אָבער אין א רע־וואָלוציאָן, ווי אין א מלחמה, איז אלעמאָל נויטיג ארויסצואווייזען א שטאַרקען פראָנט, און דער, וואָס אטאַקירט, האָט דעם פּאָרטייל; און אין א רעוואָלוציאָן, ווי אין א מלחמה, איז עס די נויטיגסטע זאך צו שטעלען אין קאָן אלץ אין דעם ענטשידענעם מאָמענט, וואָס די לאגע זאָל ניט זיין. די געשיכטע ווייס ניט פון קיין איינציגער ערפאָלגרייכער רעוואָלוציאָן, וואָס בעווייזט ניט די ריכטיגקייט פון אָט די אקסיאָמען.

און פאר דער פרייסישער רעוואָלוציאָן איז דער ענטשידענער מאָמענט אָנגעקומען אין נאָוועמבער 1848. די פערזאמלונג, וואָס איז אָפיציעל געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער גאַנצער רעוואָלו־ציאָנערער מאַכט, האָט ניט ארויסגעוויזען קיין שטאַרקען פראָנט, ווייל זי האָט אָבגעטראָטען ביי יעדען שריט פאָרווערטס פון דעם

פיינד; נאָך וועניגער האָט זי אַטאַקירט, ווייל זי האָט בעשלאָסען גאָר אינגאַנצען ניט צו פערטיידיגען זיך. און ווען דער ענטשידענער מאָמענט איז אָנגעקומען, ווען ווראַנגעל, פיהרענדיג פערציג טויזענד סאָלדאַטען, איז שוין געשטאַנען ביים טויער פון בערלין, האָט ער ניט געפונען, ווי ער און אַלע זיינע אָפיצירען האָבען ערוואַרט, יע־דע גאַס פערשטעלט מיט באַריקאַדען, יעדען פענסטער פערוואַנדעלט אין אַן עפנונג, פון וועלכער מען קען שיסען; ניין, ער האָט גע־פונען די טויערען אָפען און די גאַסען פערשפּאַרט נאָר פון די פריעד־ליכע בערלינער בירגער, וואָס האָבען אָנגעקוואָלען פון דעם שפּי־צעל, וואָס זיי האָבען אָבגעטאָן דעם גענעראַל, איבערגעבענדיג זיך מיט געבונדענע הענט און פיס צו זיינע איבעראַשטע סאָלדאַטען.

עס איז אמת, אז ווען די פערזאַמלונג און דאָס פאָלק וואָלטען אַרויסגעוויזען אַ ווידערשטאַנד, וואָלטען זיי אפשר געשלאָגען גע־וואָרען; בערלין וואָלט אפשר באָמבאַרדירט געוואָרען, און פיעלע הונדערטער וואָלטען אפשר דער׳הרג׳עט געוואָרען, און דאָס אַלץ וואָלט מעגליך ניט פערהינדערט דעם ענדליכען זיעג פון דער ראָיאַ־ליסטישער פּאַרטיי. אָבער דאָס איז אַלץ ניט געווען קיין אורזאַך אָבצוגעבען באַלד די וואַפען. אַ נידערלאַגע נאָך אַ שטאַרקען קאַמף איז אַ פאַקט, וואָס האָט פּונקט אַזוי פיעל רעוואָלוציאָנערע בעדיי־טונג, ווי אַ לייכט געוואונענער זיעג. די נידערלאַגען פון פּאַריז אין יוני 1848 און פון וויען אין אָקטאָבער האָבען זיכער מעהר אויפגעטהאָן צו רעוואָלוציאָניזירען דאָס פאָלק פון אָט די צוויי שטעדט, איידער די זיעגען פון פעברואַר און מערץ. די פערזאַמלונג און דאָס פאָלק פון בערלין וואָלטען וואַרשיינליך געטיילט דאָס שיקזאַל פון די צוויי אויבען דערמאָנטע שטעדט; אָבער זייער פאַ־לען וואָלט געווען בעדעקט מיט רוהם און וואָלט הינטער זיך איבער־געלאָזען, אין דער געדעכנים פון די, וואָס וואָלטען איבערגעבליבען, אַ וואונש צו נעמען ראַכע, און דאָס איז אין רעוואָלוציאָנערע ציי־טען איינער פון די העכסטע טרייבקרעפטען פאַר ענערגישע און ליידענשאַפטליכע אַקציאָן. עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אין יע־דען קאַמף, אז דער, וואָס נעמט אויף די אייזערנע הענטשקע, ריזי־קירט געשלאָגען צו ווערען; אָבער איז דאָס אַן אורזאַך צוצוגעבען,

אז מען איז געשלאָגען, און זיך אונטערוואַרפען צום יאָך, ניט אויפ־הויבענדיג דעם שווערד?

אין א רעוואָלוציאָן מוז שטענדיג זיין אזוי: דער, וואָס האלט אָן אן ענטשיידענע פּאָזיציאָן און גיט זי אָב, ניט צווינגענדיג דעם פיינד צו פּרואווען אָנגרייפען, פערדיענט בעהאנדעלט צו ווערען ווי א פעררעטער.

דערזעלבער דעקרעט פון פּרייסישען קעניג, וואָס האָט אויפ־געלעזט די גרינדונגס פערזאמלונג, האָט אויך פּראָקלאמירט א נייע קאָנסטיטוציאָן, אויף דעם פּלאַן, וואָס א קאָמיטעט פון יענער פער־זאמלונג האָט אויסגעארבייט; מעהר ניט אין איינינגע פּונקטען איז די פולמאכט פון דער קרוין פערגרעסערט געוואָרען און אין אנדערע זיינען פערטונקעלט געוואָרען די רעכט פון דעם פּאַרלאַ־מענט. די נייע קאָנסטיטוציאָן האָט געגרינדעט צוויי קאמערען, וואָס האָבען זיך באלד געדארפט פערזאמלען מיט דעם צוועק צו בעשטעטיגען און רעווידירען די קאָנסטיטוציאָן.

עס איז קוים נויטיג צו פרעגען, וואו די דייטשע נאציאָנאלע פערזאמלונג איז געווען אין דער צייט פון דעם „געזעצליכען און פריעדליכען" קאמף פון די פּרייסישע קאָנסטיטוציאָנאליסטען. זי איז, ווי געוועהנליך, געזעסען אין פראנקפורט, פערנומען מיט דורכ־פיהרען איינגעהאלטענע רעזאָלוציאָנען קעגען די האנדלונגען פון דער פּרייסישער רעגירונג, און בעוואונדערענדיג „דאָס גרויסארטי־גע בילד פון דעם פּאסיווען, געזעצליכען און איינשטימיגען ווידער־שטאנד פון א גאנצען פאָלק קעגען ברוטאלער מאכט". די צענט־ראלע רעגירונג האָט געשיקט קאָמיסארען אין בערלין, וואָס האָ־בען געדארפט זיין פערמיטלער צווישען דעם מיניסטעריום און דער פערזאמלונג; אָבער זיי האָבען געהאט דאָסזעלבע שיקזאל, וואָס זייערע פאָרגענגער אין אָלמיץ: מען האָט זיי גאנץ העפליך ארויס־געוויזען.

דער לינקער פליגעל פון דער נאציאָנאלער פערזאמלונג, דאָס הייסט, די אזוי גערופענע ראדיקאלע פּארטיי, האָט אויך געשיקט זיינע קאָמיסארען; אָבער נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך איבער־צייגט, אז די בערלינער פערזאמלונג איז פאָלשטענדיג הילפלאָז, און האָבען זיך מודה געווען אין זייער אייגענער הילפלאָזיגקייט, האָבען

זיי זיך אומגעקערט אין פראַנקפורט צו בעריכטען וועגען פאָרטשריט
און זאָגען עדות וועגען דער וואונדערליכער פריעדליכער אויפפיה־
רונג פון דער בערלינער בעפעלקערונג. נאָך מעהר: ווען הערר
באַסערמאַן, איינער פון די קאָמיסאַרען פון דער צענטראַלער רע־
גירונג, האָט בעריכטעט, אַז די לעצטע שטרענגע שריט פון די פריי־
סישע מיניסטאָרען זיינען ניט געווען אונבעגרינדעט, ווייל די לעצ־
טע צ״ט האָט מען אין די גאַסען פון בערלין געזעהן זיך אומשלע־
פען אַלערליי ווילד אויסזעהענדע סוביעקטען, וואָס בעווייזען זיך
אַלעמאָל פאַר אַנאַרכישע בעוועגונגען (און וואָס זיינען פון דאַן אָן
בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „באַסערמאַנ׳ס סוביעקטען"), האָבען
זיך די ווירדיגע דעפוטאַטען פון לינקען פליגעל טאַקי אויפגעהויבען
צו שווערען און עדות זאָגען, אַז דאָס איז ניט געווען אַזוי!

און אַזוי איז אין פערלויף פון וואָסערע צוויי מאָנאַטען פאָל־
שטענדיג בעוויזען געוואָרען די אַבסאָלוטע אונפעהיגקייט פון דער
פראַנקפורטער פערזאַמלונג. מען וואָלט ניט געקענט געפינען קיין
שטאַרקערע בעווייזען, אַז אָט די קערפערשאַפט איז אינגאַנצען אונ־
פּאַסענד פאַר איהר אויפגאַבע, אַז זי האָט אפילו ניט געהאַט די
מינדסטע אהנונג וועגען דעם, וואָס איהר אויפגאַבע איז געווען.
דער פאַקט, אַז אי אין בערלין, אי אין וויען איז דאָס שיקזאַל פון
דער רעוואָלוציאָן פערזיגעלט געוואָרען, און מען האָט אין די צוויי
הויפטשטעדט געלעזט אַלע וויכטיגע און דרינגענדע פראַגען, ניט
קימערענדיג זיך אפילו וועגען דער עקזיסטענץ פון דער פראַנק־
פורטער פערזאַמלונג, אָט דער פאַקט אַליין איז גענוג פעסטצושטע־
לען, אַז די פערזאַמלונג איז געווען ניט מעהר ווי אַ קלוב פאַר דע־
באַטען, צוזאַמענגעשטעלט פון נאַרען, וואָס האָבען ערלויבט דער
רעגירונג אויסצונוצען זיי ווי אַ פּופּען־פּאַרלאַמענט, צו אַמוזירען
די קרעמער און קליינע האַנדווערקער פון קליינע שטאַאַטען און
קליינע שטעדט, אַזוי לאַנג ווי מען האָט געהאַלטען פאַר בעקוועם
אָבצוציהען אויף אַזאַ אופן די אויפמערקזאַמקייט פון אָט די עלע־
מענטען. ווי לאַנג מען האָט דאָס געהאַלטען פאַר בעקוועם צו טהאָן,
וועלען מיר באַלד זעהן. אָבער עס איז אַ פאַקט, וואָס איז ווערט
צו בעמערקען, אַז צווישען די אַלע „בעריהמטע" מענער אין דער
פערזאַמלונג איז ניט געווען קיין איינער, וואָס האָט ארויסגעווייזען

די מינדסטע פעהיגקייט צו פערשטעהן די ראָל, וואָס איז אויף די פערזאמלונג ארויפגעצוואונגען געוואָרען; און נאָך אפילו ביז איצ־טיגען טאָג בעזיצען די עקס־מיטגליעדער פון פראנקפורטער קלוב גאנץ אייגענארטיגע אָרגאנען פון היסטאָרישען איינבליק.

לאָנדאָן, מערץ 1852.

## XIV

## די איינשטעלונג פון אָרדנונג.

די ערשטע מאָנאטען פון יאָהר 1849 זיינען די עסטרייכישע און פרייסישע רעגירונגען געווען פערנומען מיט בעפעסטיגען די פאָרטיילען וואָס זיי האָבען געוואונען אין אָקטאָבער און נאָוועמבער 1848. דער עסטרייכישער פארלאַמענט האָט, זינט מען האָט איינ־גענומען וויען, עקזיסטירט נאָר אין נאָמען אין אַ קליינער שטאָדט קרעמסיר, אין מעהרען. די סלאווישע דעפּוטאטען מיט די, וועל־כע זיי האָבען פערטראָטען, וואָס זיינען געווען די הויפּט מיטלען, דורך וועלכע די עסטרייכישע רעגירונג האָט זיך צוריק דערהויבען פון איהר דערשלאָגענקייט, האָבען דאָ בעקומען זייער געהעריגע שטראָף פאר זייער פערראַט צו דער אייראָפּעאישער רעוואָלוציאָן. אזוי שנעל ווי די רעגירונג האָט צוריק בעקומען איהר קראַפט, האָט זי בעהאנדעלט דעם פארלאַמענט און זיין סלאווישע מאַיאָריטעט מיט דער גרעסטער פעראכטונג; און ווען די ערשטע ערפאָלגען פון אימפּערישען מיליטער האָבען פאָראויסגעזאָגט אַ שנעלען סוף פון דער אונגארישער מלחמה, איז דער פארלאַמענט דעם 4טען מערץ אויפגעלעזט געוואָרען, און זיינע מיטגליעדער זיינען צוטריבען גע־וואָרען דורך מיליטערישע מאכט.

דאַן האָבען די סלאווען זיך ענדליך ארומגעזעהן, אז מען האָט זיי אָבגענאַרט, און זיי האָבען דאַן אויסגערופען: „לאָמיר געהן אין פראנקפורט און אָנפיהרען דאָרט די אָפּאָזיציאָן, וואָס מיר קענען ניט אָנהאַלטען דאָ!“ אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט, און דער פאַקט אַליין, וואָס זיי האָבען קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווי ענטוועדער בלייבען רוהיג, אָדער זיך פעראייניגען מיט דער אָהנ־

מעכטיגער פראנקפורטער פערזאמלונג, אַט דער פאקט אַליין איז גענוג צו בעווייזען, ווי פּאָלשטענדיג הילפלאָז זיי זיינען געוועז.

אזוי האָבען זיך געענדיגט פאַר דער געגענוואַרט, און העכסט וואַרשיינליך פאַר אַלעמאָל, די פערזוכען פון די סלאַווען אין דייטש־לאַנד ווידער אויפצושטעלען אַ זעלבסטשטענדיגע נאַציאָנאַלע עקזיס־טענץ. צושפּרייטע רעשטען פון פיעלע נאַציאָנען, וועמעס נאַציאָ־נאַליטעט און פּאָליטישע לעבענספעהיגקייט זיינען שוין לאַנג אויס־געלאָשען געוואָרען, און וואָס האָבען פּאָלגליך געמוזט, אין פערלויף פון כמעט אַ טויזענד יאָהר, נאָכפאָלגען דעם גאַנג פון אַ מעכטיגע־רער נאַציאָן, זייער עראָבערער, פונקט ווי די וועלישע אין ענגלאַנד, די נידעריג־ברעטאָנישע אין פראַנקרייך, די באַסקען אין שפּאַ־ניען און אין אַ שפּעטערער צייט די שפּאַנישע און פראַנצויזישע קרעאָלען אין יענע טיילען פון נאָרד אַמעריקאַ, וואָס זיינען לעצ־טענס פערנומען געוואָרען פון דער ענגליש־אַמעריקאַנער ראַסע; — אַט די אָבשטאַרבענדע נאַציאָנאַליטעטען, די טשעכען, קאַרינטיער, דאַלמאַציער, א. אַז. וו., האָבען זיך געוואָלט בענוצען מיט דער אַלגעמיינער צוטומלונג אין 1848, אום ווידער אויפצושטעלען זייער פּאָליטישען סטאַטוס קוואָ (צושטאַנד) פון יאָהר 800.

אָבער די געשיכטע פון אַ טויזענד יאָהר האָט זיי געדאַרפט בע־ווייזען, אַז אַזאַ גאַנג צוריק איז אונמעגליך. די געשיכטע פון אַ טויזענד יאָהר האָט זיי געדאַרפט בעווייזען, אַז אויב די גאַנצע טע־ריטאָריע אָסט פון עלבע און זאַלע איז אַמאָל געווען בעפעלקערט פון פערשידענע סלאַווען, ווייזט נאָר אַט דער פאַקט די היסטאָרישע טענדענץ, און אין דערזעלבער צייט די פיזישע און גייסטיגע קראַפט פון דער דייטשער נאַציאָן צו בעהערשען, פערשלינגען און אַסימי־לירען איהרע אוראַלטע אָסטליכע נאָכבאַרען; אַז אַט די דייטשע טענ־דענץ צו פערשלינגען איז אַלעמאָל געוועזן און איז איצט נאָך אויך איינער פון די מעכטיגסטע מיטלען, דורך וועלכע די ציוויליזאַציאָן פון וועסט אייראָפּאַ איז פערשפּרייט געוואָרען און ווערט פער־שפּרייט אויף דעם אָסט פון דעם קאָנטינענט; אַז אַט די אַרבייט האָט נאָר געקענט אויפהערען דאָרט, וואו דער פּראָצעס פון גער־מאַניזירונג האָט דערגרייכט די גרענעצען פון גרויסע, קאָמפּאַקטע, ניט צוטיילטע נאַציאָנען, וואָס זיינען פעהיג צו פיהרען אַ זעלבסט־

שטענדיגען נאַציאָנאַלען לעבען, ווי די אונגאַרען און, ביז אַ געוויסען גראַד, די פּאָליאַקען; און אַז דאָס נאַטירליכע און אונפערמיידליכע שיקזאַל פון אָט די אָבשטאַרבענדע נאַציאָנען איז דעריבער צו לאָזען זיך פערענדיגען דעם פּראָצעס פון אויפלעזונג און פערשלינגונג דורך זייערע שטאַרקערע שכנים.

געוויס איז דאָס ניט קיין זעהר שמייכלענדער אויסזיכט פאַר די נאַציאָנאַלע אַמביציאָנען פון די פּאַנסלאַוויטישע טרוימער, וועמען עס איז געלונגען אויפצורייצען אַ טייל פון טשעכישען און זיד סלאַווישען פּאָלק; קענען זיי אָבער ערוואַרטען, אַז די געשיכטע וועט צוריקגעהן אויף טויזענד יאָהר, נאָר אום צו בעפרידיגען עטליכע שווינדזיכטיגע קערפּערשאַפטען פון מענשען, וואָס זיינען צוזאַמענגעמישט און אַרומגערינגעלט פון דייטשען אויף יעדען טייל פון דער טעריטאָריע, וואָס זיי פערנעמען, וואָס האָבען נאָך פון אוראַלטע צייטען בענוצט פאַר ציוויליזאַציאָנס צוועקען ניט קיין אַנדער שפּראַך ווי דייטש, און וועמען עס פעהלען די גאָר ערשטע בעדינגונגען פון נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, צאָהלען און אַ ניט צוטייל־טע טעריטאָריע? און דער פּאַנסלאַוויסטישער אויפשטאַנד, וואָס איז אומעטום אין די סלאַווישע טעריטאָריען אין דייטשלאַנד און אונגאַרן אַ מאַנטעל פאַר דער אומקערונג צו זעלבסטשטענדיגקייט פון אָט די אַלע אונצעהליגע קליינע נאַציאָנען, האָט זיך אומעטום צוזאַמענגעשטויסען מיט די אייראָפּעאישע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונגען, און די סלאַווען, כאָטש זיי האָבען פּרעטענדירט צו קעמפען פאַר פרייהייט, האָבען זיך אומעטום (מיט דער אויסנאַהם פון דעם דעמאָקראַטישען טייל פון די פּאָליאַקען) געפונען אויף דער זייט פון דעספּאָטיזם און רעאַקציאָן.

אַזוי איז געווען אין דייטשלאַנד, אַזוי אויך אין אונגאַרן, און אפילו דאָ און דאָרט אין טערקיי. פּעררעטער צו דער פּאָלקסזאַך, וואָס זיינען געווען די הויפּט שטיצען אין די אינטריגען פון דער עסטרייכישער רעגירונג, האָבען זיי זיך געשטעלט אין די לאַגע פון באַנדיטען אין די אויגען פון אַלע רעוואָלוציאָנערע נאַציאָנען. און כאָטש די מאַסע פון פּאָלק האָט אין ערגעץ זיך ניט בעטייליגט אין די קליינע שטרייטען וועגען נאַציאָנאַליטעט, וואָס די פּאַנסלאַוויסטישע פיהרער האָבען אויפגעהויבען, צוליעב דער איינפאַכער אור־

זאַך, וואָס די מאַסען זיינען געווען צו אונוויסענד, דאָך וועט קיינ־מאָל ניט פערגעסען ווערען, ווי אין פּראַג, אין אַ האַלב דייטשער שטאָדט, האָבען מענגען געשריען און ווידערהאָלט: „בעסער דער ריסישער קנוט, איידער דייטשע פרייהייט!" נאָך זייער ערשטען איינגעוועבטען פערזוך אין 1848 און נאָך דער לעהרע, וואָס די עסטרייכישע רעגירונג האָט זיי געגעבען, וועט שוין מסתמא קיין אַנ־דער פערזוך ביי אַ שפּעטערער געלעגענהייט ניט געמאַכט ווערען. אָבער אויב זיי זאָלען נאָכאַמאָל פּרואווען, אונטער עהנליכע אויס־רעדען, פערבינדען זיך מיט דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער מאַכט, איז דייטשלאַנד'ס פליכט קלאָר. קיין לאַנד, וואָס געפינט זיך אין אַ רעוואָלוציאָנערען צושטאַנד און איז פערוויקעלט אין אויסער־ליכע מלחמות, קען ניט דולדען קיין קאָנטער־רעוואָלוציע אין דעם צענטער פון זיין טעריטאָריע.

וואָס אנבעטרעפט די קאָנסטיטוציאָן, וואָס דער אימפּעראַטאָר האָט פּראָקלאַמירט גלייכצייטיג מיט דער אויפלעזונג פון דעם סיים, איז פאַר אונז גאָר ניט נויטיג זיך אומצוקערען צו איהר, ווייל זי האָט קיינמאָל ניט עקזיסטירט אין דער פּראַקטיק און איז איצט איינגאַנצען אָבגעשאַפט. אַבסאָלוטיזם איז פאַקטיש אומגע־קערט געוואָרען אין עסטרייך פון זינט דעם 4טען מערץ 1849.

אין פּרייסען האָבען זיך די קאַמערען פערזאַמעלט אין פעברואַר גוטצוהייסען און צו רעווידירען די נייע קאָנסטיטוציאָן, וואָס דער קעניג האָט פּראָקלאַמירט. זיי זיינען געזעסען אַרום זעקס וואָכען און האָבען זיך פערהאַלטען צו דער רעגירונג גענוג אונטערטעניג און בעשיידען; זיי זיינען אָבער דאָך ניט געווען גרייט צו געהן אַזוי ווייט, ווי דאָס האָבען געוואָלט דער קעניג און זיינע מיניסטאָ־רען. דעריבער האָט מען זיי אויפגעלעזט אַזוי שנעל, ווי מען האָט פאַר דעם געפונען אַ פּאַסענדע געלעגענהייט.

אויף אַזאַ אַרט האָט זיך אי עסטרייך, אי פּרייסען בעפרייט פאַר אַ צייט פון די קייטען פון פּאַרלאַמענטאַרישער קאָנטראָל. די רע־גירונגען האָבען איצט קאָנצענטרירט אין זיך די גאַנצע מאַכט און האָבען געקענט אָט די מאַכט אויסאיבען, וואו נאָר דאָס איז געווען נויטיג: עסטרייך — אין אונגאַרן און איטאַליען; פּרייסען — אין דייטשלאַנד. ווייל פּרייסען האָט זיך אויך געגרייט צו אַ מלחמה,

דורך וועלכע „אָרדנונג" האָט געזאָלט איינגעשטעלט ווערען אין די קלענערע שטאַאטען.

אַזוי ווי די קאָנטער־רעוואָלוציאָן האָט איצט געוואונען די אויבערהאַנט אין די צוויי גרויסע אַקציאָנס צענטרען פון דייטשלאַנד, אין וויען און בערלין, זיינען נאָך געבליבען נאָר די קלענערע שטאַאטען, אין וועלכע דער קאַמף איז נאָך אַלץ ניט ענטשידען געוואָרען, כאָטש דאָס גלייכגעוויכט אין זיי האָט זיך וואָס ווייטער, אַלץ מעהר געניינט קעגען דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. אָט די קלענערע שטאַאטען, האָבען מיר געזאָגט, האָבען געפונען אַ געמיינשאַפטליכען צענטער אין דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג אין פראַנקפורט. אָט די אַזוי גערופענע נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג האָט שוין לאַנג אַרויסגעוויזען איהר רעאַקציאָנערען גייסט, און אַזוי שטאַרק רעאַקציאָנער איז זי געווען, אַז אַפילו דאָס פאָלק אין פראַנקפורט האָט געמאַכט קעגען איהר אַ בעוואַפענטען אויפשטאַנד; דאָך איז איהר אָבשטאַמונג געוועזען אַ מעהר אָדער ווענינער רעוואָלוציאָנערע. אין יאַנואר האָט זי פערנומען אַן אוננאָרמאַלע, רעוואָלוציאָנערע פּאָזיציאָן; איהרע רעכט און יוריסדיקציאָן זיינען קיינמאָל ניט בעשטימט געוואָרען, און זי איז ענדליך געקומען צום בעשלוס, — וואָס איז אגב קיינמאָל ניט אַנערקענט געוואָרען פון די גרעסערע שטאַאטען, — אַז איהרע רעזאָלוציאָנען האָבען די קראַפט פון געזעץ.

אונטער אַזעלכע בעדינגונגען, און ווען די קאָנסטיטוציאָנאַליסטיש־מאָנאַרכיסטישע פּאַרטיי האָט דערזעהן, אַז די אַבסאָלוטיסטען זיינען געקומען צו זיך און האָבען אַרומגערינגעלט איהרע פּאָזיציאָנען, איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס די ליבעראַלע און מאָנאַרכיסטישע בורזשואַזיע פון כמעט גאַנץ דייטשלאַנד האָט געלעגט איהר לעצטע האָפנונג אויף די מאַיאָריטעט אין דער פערזאַמלונג, פּונקט ווי די קליינע קרעמער, דער קערן פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, האָבען אין זייער וואַקסענדער נויט זיך אַרומגעקליבען אַרום דער מינאָריטעט פון דערזעלבער פערזאַמלונג און האָבען אויף אַזאַ אַרט פאַרגעשטעלט מיט זיך די לעצטע פּאַרלאַמענטאַרישע קאַמפּס אבטיילונג פון דעמאָקראַטיע.

פון דער צווייטער זייט האָבען די גרעסערע רעגירונגען, און בעזונדערס דאָס פּרייסישע מיניסטעריום, אַלץ מעהר און מעהר

איינגעזעהן, אז אזא אונרעגולערע רעפּרעזענטאטיווע קערפּערשאפט קען ניט עקזיסטירען צוזאמען מיט דעם אומגעקערטען מאָנארכישען סיסטעם אין דייטשלאנד; און אויב זיי האָבען די פערזאמלונג באלד ניט צוטריבען, איז דאָס נאָר געווען דערפאר, ווייל די צייט איז נאָך פאר דעם ניט געקומען, און ווייל פּרייסען האָט געהאַפּט צוערשט אויסצונוצען זי פאר איהרע אייגענע אמביציעזע פּלענער.

אין דערזעלבער צייט איז די אָרימע פערזאמלונג אליין אלץ מעהר און מעהר צוטומעלט געוואָרען. איהרע דעפּוטאציאָנען און קאָמיסארען זיינען בעהאנדעלט געוואָרען מיט דער גרעסטער פער־אַכטונג, סאַי אין וויען, סאַי אין בערלין; איינער פון איהרע מיט־גלידער איז, ניט קוקענדיג אויף זיין פּארלאמענטארישע אונבעריהר־באַרקייט, הינגעריכטעט געוואָרען אין וויען, ווי אַן איינפאכער רע־וואָלוציאָנער. איהרע דעקרעטען האָבען קיינעם אין ערגעץ ניט בעקימערט; אויב די גרעסערע שטאאטען האָבען זיי איבערהויפּט בעמערקט, איז דאָס געווען נאָר דורך פּראָטעסטירענדע נאָטען, אין וועלכע עס איז בעשטריטען געוואָרען די אויטאָריטעט פון דער פערזאמלונג דורכצופיהרען געזעצען און רעזאָלוציאָנען, וואָס זאָ־לען בינדען זייערע רעגירונגען. דער פאָרשטעהער פון דער פער־זאמלונג, די צענטראלע עקזעקוטיווע מאכט, איז געווען פערוויקעלט אין דיפּלאָמאטישע שטרייטען מיט כמעט אלע קאבינעטען פון דייטשלאנד; אָבער ניט קוקענדיג אויף אלע זייערע אנשטרענגונ־גען, האָט ניט די פערזאמלונג, ניט די צענטראלע רעגירונג ניט גע־קענט בעוועגען עסטרייך און פּרייסען צו ערקלערען זייערע ענדליכע אנזיכטען, פּלענער און פאָדערונגען. די פערזאמלונג האָט ענדליך אָנגעהויבען קלאָר איינזעהן, — וועניגסטענס אויף אזוי ווייט, אז זי האָט ערלויבט ביסלעכווייז אָבצונעמען ביי איהר יעדע מאכט, — אז זי איז אינגאנצען אָבהענגיג פון עסטרייך און פּרייסען, און אז אויב זי וויל איבערהויפּט בעשאפען א פעדעראלע קאָנסטיטוציאָן פאר דייטשלאנד, מוז זי זיך באלד און ערנסט נעמען צו דער אַרבייט.

און פיעלע פון די וואקלענדע מיטגליעדער האָבען אויך קלאָר איינגעזעהן, אז די רעגירונגען האָבען זיי אויף א גאַנץ אונגעוועהנ־ליכען אופן אָבגענארט. אָבער וואָס האָבען זיי געקענט טהאָן אין זייער אָהנמעכטיגער לאגע? די איינציגע זאך, וואָס וואָלט זיי גע־

קענט רעטען, איז געווען אריבערצוגעהן שנעל און ענטשלאָסען אין לאַגער פון פאָלק; אָבער דער ערפאָלג אפילו פון אָט דעם שריט איז אויך געווען צווייפעלהאפט. און אויסערדעם, וואו צווישען אָט דער הילפלאָזער מענגע פון אונענטשלאָסענע, קורצזיכטיגע, זעלבסט־גענארטע בעשעפענישען, וואָס זיינען אינגאַנצען בעטויבט געוואָרען פון דעם אייביגען טומעל פון ווידערשפרעכליכע קלאַנגען און דיפּ־לאָמאַטישע נאָטען און האָבען דאָן געזוכט זייער איינציגע טרייסט און שטיצע אין דער שטענדיג ווידערהאָלטער פערזיכערונג, אַז זיי זיינען די בעסטע, די גרעסטע, די קלוגסטע מענשען אין לאַנד, אַז נאָר זיי אליין קענען רעטען דייטשלאַנד, וואו, פרעגען מיר, צווי־שען אָט די אָרימע בעשעפענישען, וועמען איין יאָהר פון פארלאַ־מענטארישען לעבען האָט פערוואַנדעלט אין פאָלשטענדיגע אידיאָ־טען, וואו זיינען צווישען זיי געווען די מענשען פאר א שנעלען און פעסטען ענטשלוס, שוין ניט רעדענדיג וועגען ענערגישער און לאָגיש אויסגעהאַלטענער האַנדלונג?

ענדליך האָט די עסטרייכישע רעגירונג אראָבגעוואָרפען די מאַסקע. אין דער קאָנסטיטוציאָן פון 4טען מערץ האָט זי ערקלערט עסטרייך פאר אַן אונצוטיילבארע מאָנארכיע, מיט געמיינשאפטליכע פינאַנסען, איין סיסטעם פון שטייערען זאַמלונג און מיליטערישע איינריכטונגען, און האָט דערמיט אָבגעווישט יעדע אָבצאַמונג און אונטערשיידונג צווישען דייטשע און ניט דייטשע פּראָווינצען. אָט די ערקלערונג איז געמאַכט געוואָרען אין אַנגעזיכט פון רעזאָלו־ציאָנען און ארטיקלען פון דער געפּלאַנטער פעדעראַלער קאָנסטיטו־ציאָן, וואָס זיינען שוין דורכגעגאַנגען אין דער פראַנקפורטער פער־זאַמלונג.

דאָס איז געווען דער ארויסרוף צו מלחמה, וואָס עסטרייך האָט געוואָרפען דער פערזאַמלונג, און די אָרימע פערזאַמלונג האָט ניט געהאַט קיין אַנדער אויסוואהל, ווי נאָר אויפצונעמען די ארויס־פאָדערונג. דאָס האָט די פערזאַמלונג געטהאָן, און מיט זעהר פיעל ליאַרעם; אָבער די עסטרייכישע רעגירונג, וואָס האָט געוואוסט איהר איינגענע מאַכט און די פאָלשטענדיגע נישטיגקייט פון דער פער־זאַמלונג, האָט דאָס לייכט געקענט פערטראָגען. און אָט די טייערע „פערטרעטערשאפט“, ווי זי האָט זיך אליין גערופען, פון דעם

דייטשען פאָלק האָט, אום ראַכע צו נעמען פאַר עסטרייכ׳ס בעליי־
דיגונג, ניט געזעהן קיין בעסערען אויסוועג, ווי נאָר צו וואַרפען
זיך, מיט געבונדענע הענט און פיס, צו די פיס פון דער פרייסישער
רעגירונג. אונגלויבליך ווי דאָס קען אויסווייזען, האָט דאָך די פער־
זאַמלונג געבויגען איהרע קניה פאַר דיזעלבע מיניסטאָרען, וועמען זי
האָט פערדאַמט, ווי אונקאָנסטיטוציאָנעלע און געגנער פון פאָלק,
און אויף וועמעס ענטלאַסונג זי איז אומזיסט בעשטאַנען. די
איינצעלהייטען פון אָט דער שענדליכער האַנדלונג און די טראַגי־
קאָמישע געשעהענישען, וואָס זיינען נאָכדעם פאָרגעקומען, וועלען
מיר בעהאַנדלען אין נעקסטען קאַפיטעל.

לאָנדאָן, אַפּריל 1852.

## XV

## דער טריאומף פון פרייסען.

מיר קומען איצט צו דעם לעצטען קאַפיטעל אין דער געשיכטע
פון דער דייטשער רעוואָלוציאָן: דער קאָנפליקט צווישען דער נאַ־
ציאָנאַלער פערזאַמלונג און די רעגירונגען פון די פערשידענע שטאַ־
טען, בעזונדערס פון פרייסען; דער אויפשטאַנד פון זיד און וועסט
דייטשלאַנד, און ווי פרייסען האָט דעם אויפשטאַנד ענדליך דער־
שטיקט.

מיר האָבען שוין געזעהן די פראַנקפורטער נאַציאָנאַלע פער־
זאַמלונג ביי דער ארבייט. מיר האָבען געזעהן, ווי זי איז געשטוי־
סען געוואָרען פון עסטרייך, בעליידיגט געוואָרען פון פרייסען, ניט
געאַכטעט געוואָרען פון די קלענערע שטאַאַטען, גענאַרט פון איהר
אייגענער אהנמעכטיגער צענטראַלער „רעגירונג“, וועלכע איז אליין
גענאַרט געוואָרען פון אלע פרינצען אין לאַנד. אָבער ענדליך האָ־
בען די געשעהענישען גענומען ווערען געפעהרליך פאַר אָט דער
שוואַכער, וואַקלענדער, נעשמאַקלאָזער געזעצגעבענדער קערפער־
שאַפט. זי איז געוועזען געצוואונגען צו קומען צום שלוס, אז „די
פערווירקליכונג פון דער ערהאַבענער אידעע פון דייטשער איינינ־
קייט איז בעדראָהט געוואָרען“, וואָס האָט געמיינט ניט מעהר און
ניט ווענינער ווי אז די פראַנקפורטער פערזאַמלונג און אלץ, וואָס זי

האָט אויפגעטהאָן און וואָס זי האָט זיך געקליבען צו טהאָן, האַלטען ביים פערניכטעט ווערען.

און די פערזאַמלונג האָט זיך ערנסט גענומען צו דער ארבייט, אום אויסצוברעננגען אזוי שנעל ווי מעגליך איהר גרויסע ווערק, די „אימפּעריישע קאָנסטיטוציאָן“, עס איז אָבער געווען איין שווע־ריגקייט. וואָס פאַר א עקזעקוטיווע רעגירונג דאַרף אויפגעשטעלט ווערען? אַן עקזעקוטיווער ראַט? ניין; דאָס, האָבען זיי טיפזיניג בעשלאָסען, וואָלט געהייסען מאכען פון דייטשלאַנד א רעפּובליק. א „פּרעזידענט?“ דאָס וואָלט געווען דיזעלבע זאַך. מוזען זיי שוין אויפלעבען די אַלטע ווירדע פון אימפּעראַטאָר. אָבער פאַר אימפּעראַטאָר מוז מען דאָך נאַטירליך מאכען א פּרינץ, היינט ווע־מען קלייבט מען אויס? זיכער ניט קיינעם פון די „קלענערע שטאַ־מען“, פון רעים־שלייץ־גרייץ־לאָבענשטיין־עבערסדאָרף ארויף ביז בייערן; ניט עסטרייך, ניט פּרייסען וואָלט דאָס דערלאָזען. עס האָט נאָר געקענט זיין עסטרייך אָדער פּרייסען. אָבער ווער פון זיי ביידען? עס איז קיין צווייפעל ניט, אז ווען די אומשטענדען וואָלטען אין אנדערע הינזיכטען געווען גינסטיג, וואָלט אָט די הויי־כע פערזאַמלונג אָבגעזעסען ביז היינטיגען טאָג, דיסקוטירענדיג די זעהר וויכטיגע דילעמא און ניט קענענדיג קומען צו א בעשטימטען בעשלוס, ווען די עסטרייכישע רעגירונג וואָלט ניט איבערגעהאקט דעם גאָרדישען קנופּ און וואָלט זיי ניט פערשפּאָרט די מיה.

עסטרייך האָט זעהר גוט געוואוסט, אז פון דעם מאָמענט אָן, ווען זי וועט ווידער קענען ערשיינען פאַר אייראָפּא מיט אַלע איהרע פּראָווינצען צוריק אונטערטעניג, ווי א שטאַרקע און גרויסע אייראָ־פּעאישע מאכט, וועט שוין דאָס פּאָליטישע גראַוויטאַציאָנס געזעץ אַליין צוציהען צו איהר די איבריגע טיילען פון דייטשלאַנד, אָהן דער הילף פון דער אויטאָריטעט פון אַן אימפּעראַטאָרישער קרוין, וואָס די פראַנקפורטער פערזאַמלונג וואָלט איהר געקאָנט געבען. עסט־רייך איז געווען פיעל שטאַרקער, פיעל פרייער אין איהרע בעווע־גונגען זינט זי האָט פון זיך אראָבגעוואָרפען די אָהנמעכטיגע קרוין פון דער דייטשער אימפּעריע. יענע קרוין האָט געשטערט איהר אייגענער אונאבהענגיגער פּאָליטיק, סיי אינערהאַלב, סיי אויסערהאַלב דייטשלאַנד. און זאָל מען נאָר זיך פאָרשטעלען, אז

עסטרייך קען מעהר ניט אָנהאַלטען איהר הערשאַפט אין איטאַ־ליען און אונגארן, איז זי דאָך דאַן אויפגעלעזט און פערניכטעט אויף אין דייטשלאַנד, און זי וואָלט שוין מעהר קיינמאָל ניט גע־קענט ווידער פערכאַפּען די קרוין, וואָס איז ארויסגעפאַלען פון איה־רע הענט, ווען זי האָט נאָך געהאַט איהר פולע מאַכט.

און עסטרייך האָט זיך דעריבער באַלד ערקלערט געגען יעדער ווידעראויפשטעלונג פון אַן אימפעריע און האָט איינפאַך געפאָדערט די אומקערונג פון דעם דייטשען פּאַרלאַמענט, דער איינציגער צענט־ראַלער רעגירונג אין דייטשלאַנד, וואָס איז געווען בעקאַנט און אנערקענט אין די אָבמאַכען פון 1815, און דעם 4טען מערץ האָט זי פּראָקלאַמירט יענע קאָנסטיטוציאָן, וואָס האָט קיין אַנדער בע־דייטונג ניט געהאַט, ווי נאָר צו ערקלערען זיך פאַר אַן אונצוטייל־באַרע, צענטראַליזירטע און אונאבהענגיגע מאָנאַרכיע, וואָס איז פערשידען אפילו פון יענעם דייטשלאַנד, וואָס די פראַנקפורטער פערזאַמלונג האָט געדאַרפט רעאָרגאַניזירען.

אָט די אָפענע קריגס ערקלערונג האָט ווירקליך ניט איבער־געלאָזען די פראַנקפורטער זעלבסטגעקרוינטע חכמים קיין אַנדער אויסוועג, ווי נאָר אויסצושליסען עסטרייך פון דייטשלאַנד און בע־שאַפען פון די איבריגע טיילען פון לאַנד אַ מין „קליין דייטשלאַנד“, וועמעס אָביסעל אָרימער מאַנטעל וועט דאַרפען אָנגעטאָן ווערען אויף די שולטערען פון זיין מאַיעסטעט, דעם קעניג פון פרייסען. דאָס איז געווען אַ בענייאונג פון אַן אַלטען פּראָיעקט, וואָס די זיד־ליכע און מיטעלדייטשע ליבעראַלע דאָקטרינערען האָבען ארויסגע־בראַכט נאָך מיט זעקס אָדער אַכט יאָהר צוריק; און זיי האָבען בע־טראַכט פאַר אַ גליק, וואָס איז אַראָבגעפאַלען פון הימעל, די ער־נידריגענדע אומשטענדען, דורך וועלכע זייער אַלטער פּלאַן איז איצט אויף דאָס ניי ארויסגעבראַכט געוואָרען, ווי דער לעצטער „נייער שריט“ פאַר דער בעפרייאונג פון לאַנד.

און אין פעברואַר און מערץ 1849 האָבען זיי נעענדיגט די דעבאַטען איבער דער אימפּערישער קאָנסטיטוציאָן, צוזאַמען מיט דער דעקלאַראַציאָן פון רעכט אין דעם אימפערישען וואהלגעזעץ. זיי זיינען אָבער דאָך געצוואונגען געווען צו מאַכען די ווידערשפרעכ־ליכסטע הנחות דאָ צו דער קאָנסערוואַטיווער, אָדער ריכטיגער, רע־

אקציאָנערער פּארטיי, דאָ צו די פּאָרטשריטליכערע טיילען פון דער פערזאמלונג. עס איז אפילו געוועזן קלאָר, אז די אָנפיהרערשאַפט אין דער פערזאמלונג, וואָס האָט פריהער געהערט צו דעם רעכטען פליגעל, אָדער רעכטען צענטער (די קאָנסערוואטיווען און רעאקציאָנערען), איז ביסלעכווייז איבערגאנגען צו דער לינקער אָדער דע־מאָקראטישער זייט פון דער קערפּערשאפט.

די ציעמליך צווײדײטיגע לאַגע פון די עסטרײכישע דע־פוטאטען אין א פערזאמלונג, וואָס האָט אויסגעשלאָסען זייער לאנד פון דייטשלאנד, און אין וועלכער מען האָט זיי דאָך אויפגעפאָדערט צו בלייבען און שטימען, האָט געהאָלפען צושטערען דאָס גלייכגע־וויכט, און אזוי זעהען מיר, אז צום סוף פון מאָנאט פעברואר האָבען דער לינקער צענטער און דער לינקער טייל געוועהנליך גע־האט א מאַיאָריטעט, ווערהענד אין אנדערע טעג פלעגט דער קאָנ־סערוואטיווער טייל פון די עסטרייכער גאנץ אונערווארטעט און, ווייזט אויס, נאָר פאר שפּאס שטימען מיט דעם רעכטען טייל פון דער פערזאמלונג און אויף אזא אופן אומקערען דאָס געוויכט ווידער צו דער אנדערער זייט. זייער אבזיכט איז געווען, צו ברענגען דורך אזעלכע פּלוצלונגע ענדערונגען אלגעמיינע פעראכטונג אויף די פער־זאמלונג; אָבער דאָס איז געווען אינגאנצען אונגוויטיג, ווייל די פאָלקסמאסען זיינען שוין לאנג געווען איבערצייגט אין דער פאָל־שטענדיגער נישטיגקייט און נוצלאָזיגקייט פון אלץ, וואָס איז גע־קומען פון פראנקפורט. מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען, וואָס פאר א קאָנסטיטוציאָן עס איז דערווייל צוזאמענגעשטעלט געוואָרען ביי אזעלכע שפרונגען פאָרווערטס און ריקווערטס.

דער לינקער טייל פון דער פערזאמלונג, וואָס האָט זיך געהאַל־טען פאר דאָס זאלץ און דעם שטאָלץ פון רעוואָלוציאָנערען דייטש־לאנד, איז געווען פאָלשטענדיג בעטרונקען נאָך די קליינע ערפאָל־גען, וואָס זיי האָבען געהאט מיט דעם גוטען ווילען, אָדער ריכטיגער, מיט דעם בייזען ווילען, פון א צאָהל עסטרייכער פאָליטיקער, וואָס זיינען געווען אָנגערייצט פון דעם עסטרייכישען דעספּאָטיזם און האָבען געארבייט אין זיינע אינטערעסען. ווי נאָר עפּעס, וואָס האָט געהאט אביסעל עהנליכקייט צו זייערע אייגענע ווייט ניט קלאָרע פּרינציפּען, פלעגט סאנקציאָנירט ווערען פון דער פראנק־

פורטער פערזאמלונג, אין א האמעאפאטיש פערוואסערטער פארם, פלעגען אט די דעמאקראטען גלייך ערקלערען, אז זיי האבען גערא־טעוועט דאס לאנד און דאס פאלק. אט די נישטיגע, שוואכזיניגע מענשען, וואס זיינען אין פערלויף פון זייער, געוועהנליך גאנץ טונ־קעלען, לעבען אזוי וועניג געוועהנט געוועזען צו אזא זאך, ווי ער־פאלג, האבען אין דער אמת'ען געגלויבט, אז זייערע קליינע פערבע־סערונגס אנטראגען, וואס זיינען דורכגעגאנגען מיט א מאיאריטעט פון צוויי אדער דריי שטימען, וועלען ענדערען דעם אויסזעהן פון אייראפא.

זיי האבען פון דעם אנהויב פון זייער געזעצגעבערישער קאריע־רע מעהר ווי אנאנדער טייל פון דער פערזאמלונג געליטען פון דער אונהיילבארער קראנקהייט, „פארלאמענטארישען קרעטיניזם“, א קראנקהייט, וואס דרינגט דורך איהרע אונגליקליכע אפפער מיט דער פייערליכער איבערצייגונג, אז די גאנצע וועלט, איהר געשיכטע און צוקונפט ווערען רעגירט און בעשטימט פון א שטימען מאיאריטעט אין דער בעטרעפענדער רעפרעזענטאטיווער קערפערשאפט, וואס האט די עהרע צו צעהלען זיי צווישען איהרע מיטגלידער; און אז אלע אנדערע זאכען, וואס קומען פאר אויסערהאלב די ווענט פון זיי־ער הויז — מלחמות, רעוואלוציאנען, אייזענבאהנען, קא־לאניזירונג פון גאנצע נייע קאנטינענטען, ענטדעקונגען פון קאלי־פארניער גאלד, צענטראל־אמעריקאנישע קאנאלען, רוסישע ארמיי־ען, און וואס נאר עס זאל ניט געהאלטען ווערען פאר גענוג וויכטיג, צו האבען א שטיקעל איינפלוס אויף דאס שיקזאל פון דער מענש־הייט — אז דאס אלץ איז גארניט אין פערגלייך מיט די אונערמעס־ליכע געשעהענישען, וואס דרעהען זיך ארום דער וויכטיגער פרא־גע, וואס זי זאל ניט זיין, אויף וועלכע די אויפמערקזאמקייט פון זייער ווירדיגען הויז איז געווענדעט.

און אזוי איז געשעהן, אז די דעמאקראטישע פארטיי אין דער פערזאמלונג, נאכדעם ווי זי האט ערפאלגרייך אריינגעשמוגעלט עט־ליכע איהרע וואונדערליכע הייל־מיטלען אין „אימפערישע קאנ־סטיטוציאן“, איז צוערשט פערפליכטעט געווארען צו שטיצען די דאזיגע קאנסטיטוציאן, — כאטש די לעצטע האט אין יעדען ווע־זענטליכען פונקט דירעקט ווידערשפראכען זייערע אפט פראקלאמיר־

טע פרינציפּען; און ווען דאָס געמישטע ווערק איז ענדליך פער־לאָזען געוואָרען פון זיינע הויפּט אויטאָרען, און איבערגעלאָזען גע־וואָרען צו זיי בירושה, האָבען די דעמאָקראַטען אָט די ירושה אָנ־גענומען און האָבען זיך איינגעשטעלט פאַר אַ מ אָ נ אַ ר כ י ס־ט י ש ע קאָנסטיטוציאָן, אפילו געגען יעדען איינעם, וואָס האָט דאַן פּראָקלאַמירט די ר ע פּ וּ ב ל י ק אַ נ י ש ע פּרינציפּען פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

אָבער מען מוז צוגעבען, אַז אין אָט דעם פּונקט איז דער ווי־דערשפּרוך געווען נאָר אַ שיינבאַרער. דער אונבעשטימטער, ווי־דערשפּרעכליכער און אונרייפער כאַראַקטער פון דער אימפּעריישער קאָנסטיטוציאָן איז געווען אַן אמת׳ע בילד פון די אונרייפע, צו־מישטע, ווידערשפּרעכליכע פּאָליטישע אידעען פון אָט די דעמאָ־קראַטישע העלדען. און אויב זייערע אייגענע שפּרוכען און שריפ־טען — אויף וויפיעל זיי האָבען געקענט שרייבען — זיינען ניט געווען דערצו קיין גענוגענדער בעוויז, האָבען אָבער זייערע האַנד־לונגען דאָס פאַלשטענדיג בעוויזען, ווייל צווישען פּערנינפטיגע מענשען איז דאָך אַ זעלבסטפערשטענדליכע זאַך צו אורטיילען אַ מענשען ניט נאָך דעם וואָס ער זאָגט, נאָר נאָך זיינע האַנדלונגען; ניט נאָך דעם, וואָס ער פּרעטענדירט צו זיין, נאָר נאָך דעם, וואָס ער טהוט, ווי ער האַנדעלט, און וואָס ער איז אין דער ווירקליכקייט. און די האַנדלונגען פון אָט די העלדען פון דייטשער דעמאָקראַטיע רעדען גענוג הויך פאַר זיך אליין, ווי מיר וועלען דאָס נאָך זעהן שפּעטער.

אָבער די אימפּערישע קאָנסטיטוציאָן, מיט אַלע איהרע הוספות און בעפּוצונגען, איז בעשטימט אָנגענומען געוואָרען, און דעם 28טען מערץ איז דער קעניג פון פּרייסען, מיט 290 שטימען קעגען 248, וואָס האָבען ניט געשטימט, און 200 אָבוועזענדע, ערוועהלט גע־וואָרען אימפּעראַטאָר פון דייטשלאַנד מ י נ ו ס ע ס ט ר י י ך. די איראָניע פון דער געשיכטע איז געווען פאָלשטענדיג. דער אימ־פּערישער פּאַרס, וואָס איז אויפגעפיהרט געוואָרען אויף די גאַסען פון דעם פּערוואונדערטען בערלין דריי טעג נאָך דער רעוואָלוציאָן פון 18טען מערץ 1848 דורך פרידריך ווילהעלם דעם פּערטען, אין אַ שכור׳ען צושטאַנד, אָט דערזעלבער העסליכער פּאַרס איז

פונקט מיט אַ יאָהר שפּעטער סאַנקציאָנירט געוואָרען פון דער זעלבסטגעקרוינטער רעפּרעזענטאַטיווער פערזאַמלונג פון גאַנץ דייטשלאַנד. און דאָס איז געווען דער רעזולטאַט פון דער דייטשער רעוואָלוציאָן!

לאָנדאָן, יולי 1852.

## XVI

## די נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג און די שטאַאַטס־רעגיערונגען.

די נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג אין פראַנקפורט האָט גלייך נאָכ־דעם, ווי זי האָט ערוועהלט דעם קעניג פון פּרייסען פאַר אימפּעראַ־טאָר פון דייטשלאַנד (אָהן עסטרייך), געשיקט אַ דעפּוטאַציאָן אָנצובאָטען דעם קעניג די קרוין און האָט געשלאָסען איהרע זיצונ־גען. דעם 3־טען אַפּריל האָט פרידריך ווילהעלם אויפגענומען די דעפּוטאַטען. ער האָט זיי געזאָגט, אַז כאָטש ער נעמט אָן דאָס רעכט אויף דעם פאָרצוג איבער אַלע אַנדערע פּרינצען פון דייטש־לאַנד, וואָס די אָבשטימונג פון די פאָלקס רעפּרעזענטאַנטען האָט איהם נעגעבען, דאָך קען ער ניט אָננעמען די קרוין פון אימפּעראַ־טאָר, אַזוי לאַנג ווי ער איז ניט זיכער אין דעם, אַז די איבריגע פּרינצען אַנערקענען זיין העכערען שטאַנד און די קאָנסטיטוציאָן, וואָס גיט איהם זיינע רעכט. די רעגירונגען פון דייטשלאַנד, האָט ער נאָך געזאָגט, וועלען שוין דאַרפען בעשליסען, צי די קאָנסטיטו־ציאָן איז אַזאַ, וואָס זיי קענען גוטהייסען. יעדענפאַלס אָבער, צי ער איז אימפּעראַטאָר, צי ניט, וועט ער אַלעמאָל זיין גרייט צו ציהען זיין שווערד קעגען יעדען אויסערליכען אָדער אינערליכען פיינד. מיר וועלען ווייטער זעהן, ווי ער האָט געהאַלטען זיין וואָרט אויף אַ גאַנץ אומגעריכטען און אונאַנגענעהמען אופן פאַר דער נאַציאָ־נאַלער פערזאַמלונג.

נאָך אַ טיפער דיפּלאָמאַטישער אויספאָרשונג, האָבען די פראַנקפורטער זעלבסטגעקרוינטע חכמים ענדליך בעשלאָסען, אַז דער ענטפער איז אַזוי גוט ווי אַ צוריקווייזונג פון דער קרוין. דאַן האָבען זיי דעם 12טען אַפּריל בעשלאָסען: אַז די אימפּעריש קאָנסטיטוציאָן איז דאָס געזעץ פון לאַנד און מוז אויפגעהאַלטען

ווערען; און אזוי ווי זיי האָבען אינגאַנצען ניט געזעהן פאַר זיך קיין אויסוועג, האָבען זיי ערוועהלט א קאָמיטעט פון דרייסיג, צו מאַכען פאָרשלאַגען וועגען מיטלען, ווי אזוי די קאָנסטיטוציאָן קען דורכגעפיהרט ווערען.

אָט די רעזאָלוציאָן איז געווען דער סיגנאַל פאַר דעם קאָנפליקט צווישען דער פראַנקפורטער פערזאַמלונג און די דייטשע רעגירונגען, וואָס האָט איצט אויסגעבראָכען. די מיטעלע קלאַסען, און בע־זונדערס דער קלאַס קליינע הענדלער, האָבען זיך פּלוצלונג ערקלערט פאַר די נייע פראַנקפורטער קאָנסטיטוציאָן. זיי האָבען שוין מעהר ניט געקענט ווארטען אויף דעם מאָמענט, וואָס וועט „ענדיגען די רעוואָלוציאָן". אין עסטרייך און פּרייסען איז פאַר א צייט די רע־וואָלוציאָן געענדיגט געוואָרען דורך אַן אריינמישונג פון בעוואפענ־טער מאַכט. די אויבענדערמאָנטע קלאַסען וואָלטען פאָרגעצויגען א ווייניגער געוואַלטזאַמען וועג, ווי צו ענדיגען די רעוואָלוציאָן, אָבער זיי האָבען ניט געהאַט קיין ברירה; די זאַך איז שוין געווען אָבגעטהאָן, און אַלץ וואָס זיי איז געבליבען איז געווען צו טהאָן וואָס מען קען, און אָט דעם בעשלוס האָבען זיי גלייך אָנגענומען און דורכגעפיהרט אויף א העכסט העלדישען אופן.

אין די קלענערע שטאַאטען, וואו אַלץ איז געגאַנגען פערהעלט־ניסמעסיג גלאַט, זיינען די מיטעלע קלאַסען שוין לאַנג אריינגעפאַ־לען אין די פּאַרלאַמענטאַרישע אגיטאַציאָן, וואָס איז פאַר זיי אזוי כאַראַקטעריסטיש: דער דאָזיגער אגיטאַציאָן האָט ניט געפעהלט אויסערליכער גלאַנץ, אָבער זי איז געוועזן קראַפטלאָז און האָט דערי־בער ניט געהאַט קיין רעזולטאַטען. די פערשידענע שטאַטען פון דייטשלאַנד, בעטראַכט יעדערער בעזונדער, האָבען דעריבער גע־שיינט צו האָבען דערגרייכט יענע נייע און בעשטימטע פאָרם, וואָס האָט געזאָלט געבען זיי די מעגליכקייט ארויסצוקומען ענדליך אויף דעם וועג פון פריעדליכער קאָנסטיטוציאָנעלער ענטוויקלונג.

נאָר איין פראַגע איז געבליבען אָפען: די פראַגע וועגען א נייער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציאָן פאַר דער דייטשער קאָנפעדעראַ־ציאָן. און אָט די פראַגע, די איינציגע וואָס האָט נאָך אַלץ גע־שיינט צו בעהאַלטען אין זיך א געפאַהר, האָט מען געהאַלטען פאַר נויטווענדיג צו לעזען אויף'ן שטעל. דעריבער האָבען דאָס די מי־

טעלע קלאסען אויסגעאיבט אזא דרוק אויף די פראנקפורטער פער־זאמלונג, אום זי צו צווינגען פארטיג צו ווערען מיט דער קאנסטי־טוציאן אזוי שנעל ווי מעגליך. דעריבער זיינען דאס די העכערע און מיטעלע בורזשואזיע געווען אזוי ענטשלאסען אנצונעמען און צו שטיצען די קאנסטיטוציאן, וואס זי זאל ניט זיין, אום וואס שנע־לער איינצושטעלען א שטאנדהאפטיגע ארדנונג. פון אנהויב אן האט זיך דעריבער די אגיטאציאן פאר אן אימפערישע קאנסטי־טוציאן ענטוויקעלט פון א רעאקציאנערען געפיהל, און גראד צווי־שען די קלאסען, וואס זיינען שוין לאנג מיעד געווען פון דער רע־וואלוציאן.

עס איז אבער אין דעם געווען נאך אנאנדער שטריך. די ערשטע און פונדאמענטאלע פרינציפען פון דער צוקונפטינער דייי־טשער קאנסטיטוציאן זיינען אבגעשטימט געווארען אין פערלויף פון די ערשטע מאנאטען פון פריהלינג און זומער 1848, א צייט, ווען די אגיטאציאן אין פאלק איז נאך געווען שטארק. די רעזאלוציא־נען, וואס זיינען דאן אבגעשטימט געווארען, כאטש זיי זיינען דאן געווען פאלשטענדיג רעאקציאנער, האבען אבער איצט, נאך די ווירקליכע אקטען פון דער עסטרייכישער און פרייסישער רעגירונג, געשיינט צו זיין העכסט ליבעראל און אפילו דעמאקראטיש. די מאס פון פערגלייך האט זיך געענדערט. אויב די פראנקפורטער פער־זאמלונג האט ניט געוואלט בעגעהן קיין מאראלען זעלבסטמארד, האט זי ניט געקענט אויסשטרייכען די פריהער אבגעשטימטע פונק־טען און פארמירען די אימפערישע קאנסטיטוציאן אויף פרינציפען, וואס די עסטרייכישע און פרייסישע רעגירונגען האבען דיקטירט מיט'ן שווערד אין האנט. אויסער דעם האט זיך די מאיאריטעט אין דער פערזאמלונג געענדערט, ווי מיר האבען שוין געזעהן, און די ליבעראלע און דעמאקראטישע פארטייען האבען בעקומען וואס ווייטער אלץ מעהר איינפלוס. אויף אזא אופן האט זיך די אימ־פערישע קאנסטיטוציאן ניט נאר אויסגעצייכענט מיט דעם, וואס זי האט געשיינט צו האבען אן אויסשליסליך דעמאקראטישע אב־שטאמונג; נאר ווי פול זי איז ניט געווען מיט ווידערשפרוכען, איז זי דאך געווען די ליבעראלסטע קאנסטיטוציאן אין גאנץ דייטש־לאנד. איהר גרעסטער פעהלער איז בעשטאנען אין דעם, וואס זי

איז נאָר געווען אַ בויגען פּאַפּיר, און וואָס הינטער איהר איז ניט
געווען קיין מאַכט זי צו שטיצען.

אונטער אזעלכע בעדינגונגען איז געווען גאַנץ נאַטירליך, אז
די אַזוי גערופענע דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, דאָס הייסט, די מאַסע
פון דעם קלאַס קליינע הענדלער, זאָל בלייבען טריי דער אימפּעריי־
שער קאָנסטיטוציאָן. אָט דער קלאַס איז אַלעמאָל געווען מעהר
פאָרטגעשריטען אין זיינע פאָדערונגען, איידער די ליבעראַל־מאָ־
נאַרכיסטיש־קאָנסטיטוציאָנעלע בורזשואַזיע. דער קלאַס קליינע
הענדלער האָט זיך מוטיגער ארויסגעשטעלט, האָט זעהר אָפט גע־
דראָהט מיט אַ בעוואַפענטען ווידערשטאַנד און איז ניט געווען קאַרג
אויף צוזאַגען אויפצואָפּפּערען זיין בלוט און זיין עקזיסטענץ אין
דעם קאַמף פאַר פרייהייט. אָבער ער האָט שוין געגעבען בעוויי־
זען, אז אין דעם טאָג פון געפאַהר האָט מען איהם קיינמאָל ניט
געקענט זעהן, און אז קיינמאָל האָט ער זיך ניט געפיהלט בעקווע־
מער, ווי אין דעם טאָג נאָך אַ נידערלאַגע, ווען אַלץ איז שוין פער־
לאָרען, אָבער עס בלייבט דער טרייסט, אז אַזוי צי אַזוי איז שוין
אַלץ געענדיגט. ווען, דעריבער, די אָנהענגערשאַפט פון די
גרויסע באַנקירען, פאַבריקאַנטען און קויפלייט איז געווען אַ מעהר
איינגעהאַלטענע, מעהר ווי אַ דעמאָנסטראַציאָן צו גונסטען פון דער
פראַנקפורטער קאָנסטיטוציאָן, זיינען אונזערע בראַווע דעמאָקראַ־
טישע קרעמער ארויסגעטראָטען מיט גלאַנץ און פראַכט און האָ־
בען ווי געוועהנליך ערקלערט, אז זיי וועלען ליעבער פערגיסען זייער
לעצטען טראָפּען בלוט, איידער לאָזען דער אימפּערישער קאָנסטי־
טוציאָן פאַלען.

געשטיצט פון אָט די צוויי פּאַרטייען, די בורזשואַזיע אָנהענ־
גער פון קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע און די מעהר אָדער ווע־
ניגער דעמאָקראַטישע קרעמער, האָט זיך די אַגיטאַציאָן פאַר די
באַלדיגע דורכפיהרונג פון דער אימפּערישער קאָנסטיטוציאָן זעהר
שנעל פערשפּרייט און האָט געפונען איהר מעכטיגסטען אויסדרוק
אין די פּאַרלאַמענטען פון די פערשידענע שטאַאַטען. די קאַמערען
פון פּרייסען, האַנאָווער, זאַקסען, באַדען און ווירטעמבערג האָבען
זיך ערקלערט פאַר די קאָנסטיטוציאָן. דער קאַמף צווישען די רע־

גירונגען און דער פראַנקפורטער פערזאמלונג האָט אַנגענומען אַ דראָהענדען כאַראַקטער.

אָבער די רעגירונגען האָבען געהאַנדעלט שנעל. די פּרייסישע קאַמערען זיינען אויפגעלעזט געוואָרען, וואָס איז געווען אַנטי־קאָנ־סטיטוציאָנעל, ווייל זיי האָבען געזאָלט רעווידירען און בעשטעטיגען די קאָנסטיטוציאָן. אין בערלין האָבען אויסגעבראָכען אונרוהען, וואָס די רעגירונג האָט אבזיכטליך פּראָוואָצירט, און אויפ׳ן צווייטען טאָג, דעם 28טען אפּריל, האָט דאָס פּרייסישע מיניסטעריום פער־עפענטליכט אַ פּראָקלאַמאַציאָן, אין וועלכער די אימפּערישע קאָנ־סטיטוציאָן ווערט ערקלערט פאַר אַ העכסט אַנאַרכיסטישען און רעוואָלוציאָנערען דאָקומענט, וואָס די רעגירונגען פון דייטשלאַנד דאַרפען איבעראַרבייטען און רייניגען.

פּרייסען האָט אויף דעם אופן אָבגעלייקענט אָפען יענע העכ־סטע קאָנסטיטואירענדע מאַכט, מיט וועלכער די קלוגע מענשען אין פראַנקפורט האָבען זיך אַלעמאָל בעריהמט און קיינמאָל ניט דורכגעפיהרט. און אַ קאָנגרעס פון פּרינצען, אַ בענייאונג פון דעם אַלטען פעדעראַלען סיים, איז גערופען געוואָרען צו בעאורטיי־לען די קאָנסטיטוציאָן, וואָס איז שוין ערקלערט געוואָרען פאַר אַ געזעץ. און אין דערזעלבער צייט האָט פּרייסען קאָנצענטרירט סאָל־דאַטען אין קרייצנאַך, דריי טעג גאַנג פון פראַנקפורט, און האָט אויפגעפאָדערט די קלענערע שטאַאַטען נאָכצוטהאָן איהר ביישפּיעל און אויפלעזען אויך זייערע געזעצגעבענדע קאַמערען, אַזוי שנעל ווי זיי וועלען ערקלערען זייער סאָלידאַריטעט מיט דער פראַנקפור־טער פערזאַמלונג. און דער ביישפּיעל פון פּרייסען איז טאַקי באַלד נאָכגעטהאָן געוואָרען פון האַנאָווער און זאַקסען.

עס איז געווען קלאָר, אַז די מאַכט פון וואָפען וועט דאָ אונ־פערמיידליך מוזען ענטשיידען דעם קאַמף. די פיינדליכע שטעלונג פון די רעגירונגען און די אַגיטאַציאָן צווישען פאָלק זיינען וואָס פון טאָג געוואָרען אַלץ שטאַרקער. די דעמאָקראַטישע בירגער האָבען אומעטום געזעהן צו בעאיינפלוסען דאָס מיליטער, און אין זיד דייטשלאַנד איז די אַרבייט געווען זעהר ערפאָלגרייך. גרויסע מאַס־מיטינגען זיינען אומעטום געהאַלטען געוואָרען, און מען האָט גע־פאַסט רעזאָלוציאָנען צו שטיצען די אימפּערישע קאָנסטיטוציאָן

און די פראַנקפורטער פערזאַמלונג, ווען נויטיג, דורך בעוואַפּענטע מאַכט. אין קעלן איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אַ פּערזאַמלונג פון דעפּוטאַטען פון מוניציפּאַלע ראַטען פון רהייניש פּרייסען פאַר דעמזעלבען צוועק. אין דעם פּאַלאַטינאַט, אין בערגען, פולדאַ, נורעמבערג, אין דעם אָדענוואַלד, — אומעטום האָט דאָס בויערטום זיך פערזאַמעלט אין אונגעהויערע מאַסען און זיך כמעט דערהויבען צו ענטוזיאַזם. אין דערזעלבער צייט האָט זיך די גרינדונגס פערזאַמלונג אין פראַנקרייך אויפגעלעזט, און די נייע וואַהלען זיינען צוגעגרייט געוואָרען ביי אַ שרעקליכער אויפרעגונג; און אויף דעם אָסטליכען גרענעץ פון דייטשלאַנד, האָבען די אונגאַרען אין פערלויף פון אַ מאָנאַט, דורך אַ רייהע גלענצענדע זיעגען, צוריקגעוואָרפען די אַרמייען פון די עסטרייכישע אריינדרינגער פון דער טייס צו דער לייטאַ, און יעדען טאָג האָט מען ערוואַרט, אַז זיי וועלען נעמען וויען מיט שטורם. און אַזוי ווי די אַגרעסיווע פּאָליטיק פון די רעגירונגען איז געוואָרען מיט יעדען טאָג אַלץ קלאָרער, האָט דאָ אַ צוזאַמענשטויס ניט געקענט אויסגעמידען ווערען, און נאָר די פייגע שוואַכזיניגקייט אליין האָט זיך געקענט איינרעדען, אַז דער קאַמף וועט אָבגעהן פריעדליך. אָבער אָט די פייגע שוואַכזיניגקייט איז געווען אַם שטאַרקסטען פערטראָטען אין דער פראַנקפורטער פערזאַמלונג.

לאָנדאָן, יולי 1852.

## XVII

### דער אויפשטאַנד.

דער אונפערמיידליכער קאָנפליקט צווישען דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג פון פראַנקפורט און די שטאַאַטליכע רעגירונגען פון דייטשלאַנד האָט ענדליך אויסגעבראָכען אין אָפענע צוזאַמענשטויסען אין די ערשטע טעג פון מאַי 1849. די עסטרייכישע דעפּוטאַטען זיינען צוריקגערופען געוואָרען פון זייער רעגירונג און האָבען שוין פערלאָזען די פערזאַמלונג און זיך אומגעקערט אהיים, מיט דער אויסנאַהם פון עטליכע מיטגליעדער פון דער לינקער אָדער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. די גרויסע מאַסע קאָנסערוואַטיווע מיט־

גליעדער, זעהענדיג וואָס פאר א ווענדונג די געשעהענישען נעמען אָן, האָבען זיך צוריקגעצויגען נאָך איידער זייערע רעגירונגען האָבען זיי אויפגעפאָדערט דאָס צו טהאָן. אויף אזא אופן איז אפילו אָהן די אורזאכען, וואָס האָבען פערשטארקט דעם איינפלוס פון די לינקע פארטייען, און אויף וועלכע מיר האָבען פריהער אָנגעוויזען, שוין דער פאקט אליין, וואָס די קאָנסערוואטיווען האָבען פערלאָזען די פערזאמלונג, געווען גענוג צו פערוואנדלען די אלטע מינאָריטעט אין א מאיאָריטעט. די נייע מאיאָריטעט, וואָס האָט גאָר קיינמאָל פריהער ניט גע׳חלומ׳ט פון אזא גליק, האָט זיך בענוצט מיט איהר אָרט אין דער אָפּאָזיציאָן צו דעקלאַמירען קעגען דער שוואכקייט, דער אונענטשלאָסענהייט און פוילקייט פון דער אלטער מאיאָריטעט און איהרע אימפּערישע לייטענאנטען.

איצט איז ז י י פלוצלונג אויסגעקומען צו פערנעמען דעם אָרט פון דער אלטער מאיאָריטעט. ז י י האָבען איצט געדארפט בעווייזען, וואָס זיי קענען אויפטהאָן. נאטירליך האָט ז י י ע ר קאריערע געזאָלט זיין א קאריערע פון ענערגיע, ענטשלאָסענהייט, טהעטיגקייט. ז י י, דאָס זאָלן פון דייטשלאנד, וועלען באלד קענען אָנטרייבען דעם אלטען לייטענאנט פון דער אימפּעריע און זיינע אונענטשלאָסענע מיניסטאָרען; און ווען דאָס זאָל זיין אונמעגליך, וועלען זיי — ווער האָט דאָס געקענט אין דעם צווייפלען? — מיט דער מאכט פון דעם העכסטען רעכט פון פאָלק אראָבזעצען די אָהנמעכטיגע רעגירונג און אויפשטעלען אַן ענערגישע, אונערמיעדליכע עקזעקוטיווע, וואָס וועט פערזיכערען די רעטונג פון דייטשלאנד. ארימע מענשען! ז י י ע ר רעגירונג — אויב מען קען רעדען וועגען רעגירונג דאָרט, וואו קיינער פאָלגט ניט — איז געווען נאָך פיעל לעכערליכער אפילו, איידער די רעגירונג פון זייערע פאָרגענגער.

די נייע מאיאָריטעט האָט ערקלערט, אז ניט קוקענדיג אויף אלע שטערונגען, מוז די אימפּערישע קאָנסטיטוציאָן דורכגעפיהרט ווערען, און טאקי באלד; אז דעם 15טען יולי דארף דאָס פאָלק ערוועהלען דעפּוטאטען אין דאָס נייע רעפּרעזענטאנטען הויז, וועלכע וועט זיך פערזאמלען אין פראנקפורט דעם 5טען אויגוסט. דאָס איז געווען אַן אָפענע קריגסערקלערונג קעגען יענע רעגירונגען, וואָס האָ־

בען ניט אנערקענט די אימפּעריאַלע קאָנסטיטוציאָן, צווישען וועלכע די ערשטע זיינען געווען פּרייסען, עסטרייך און בייערן, מיט מעהר ווי דריי פערטעל פון דער גאַנצער דייטשער בעפעלקערונג. און די קריעגסערקלערונג איז זעהר שנעל אויפגענומען געוואָרען פון יענע רעגירונגען.

פּרייסען און בייערן האָבען אויך צוריקגערופען די דעפּוטאַטען אין פראַנקפורט, וואָס זיינען געשיקט געוואָרען פון זייערע טעריטאָ־ריען, און האָבען זיך האַסטיג גענומען צו די מיליטערישע פּאָרבע־רייטונגען קעגען דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג. אויף דער אַנדער זייט, זיינען די דעמאָנסטראַציאָנען פון דער דעמאָקראַטישער פּאַר־טיי (אויסערהאַלב דעם פּאַרלאַמענט) צו גונסטען דער אימפּעריאַלער קאָנסטיטוציאָן און דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג געוואָרען אַלץ מעהר בעאונרוהיגענד און העפטיג; און די מאַסען ארבייטער, אַנ־געפיהרט פון מענשען פון דער ראַדיקאַלסטער פּאַרטיי, זיינען גרייט געווען צו נעמען וואַפען אין די הענט אין א זאַך, וואָס איז אַפּילו ניט געווען זייער אייגענע, וואָס האָט זיי אָבער וועניגסטענס גע־געבען א מעגליכקייט אביסעל צו דערנעהנטערען זיך צו זייער ציעל, בעפרייענדיג דייטשלאַנד פון איהר אַלטען מאָנאַרכיסטישען יאָך.

אויף אַזא אופן זיינען דאָס פאָלק און די רעגירונגען געשטאַנען פיינדליך איינס אנטקעגען די אַנדערע; דער אויסברוך איז געווען אונפערמיידליך; די מינע איז געווען אָנגעלאָדען, און אַלץ וואָס מען האָט געדאַרפט איז געווען א פונק, וואָס זאָל זי אָנצינדען. די אויפלעזונג פון די קאַמערען אין זאַקסען, דאָס צונויפרופען פון דעם לאַנדוועהר (מיליטערישען רעזערוו) אין פּרייסען, דער אָפענער ווי־דערשטאַנד פון די רעגירונגען צו דער אימפּעריאַלער קאָנסטיטו־ציאָן, דאָס זיינען געווען די נויטיגע פונקען; זיי זיינען געפאַלען, און דאָס גאַנצע לאַנד איז באַלד געווען אין פלאַמען.

אין דרעזדען האָט דאָס פאָלק דעם 4טען מאַי זיעגרייך פּער־נומען די שטאָדט און ארויסגעטריבען דעם קעניג, ווערענד די אַלע ארומיגע געגענדען האָבען געשיקט פערשטאַרקונגען צו די רעוואָלו־ציאָנערען. אין רהייניש פּרייסען און וועסטפאַלען האָט דער לאַנד־וועהר זיך ענטזאַגט צו מאַרשירען, האָט פערכאַפּט די אַרסענאַלען און האָט זיך בעוואָפענט צו פערטיידיגען די אימפּעריאַלע קאָנסטי־

טוציאָן. אין דעם פּאַלאַטינאַט האָט דאָס פאָלק אַרעסטירט די בייערשע רעגירונגס בעאַמטע, פערכאַפּט די רעגירונגס פאָנדען און האָט אויפגעשטעלט אַ פערטיידיגונגס קאָמיטעט, וואָס האָט גע־שטעלט די פּראָווינץ אונטער׳ן שוץ פון דער נאַציאָנאַלער פערזאַמ־לונג. אין ווירטעמבערג האָט דאָס פאָלק געצוואונגען דעם קעניג צו אנערקענען די אימפּערישע קאָנסטיטוציאָן; און אין באַדען האָט די אַרמיי זיך פעראייניגט מיט׳ן פאָלק, האָט געצוואונגען דעם גרויספירשט צו אנטלויפען און האָט אויפגעשטעלט אַ פּראָווינציעלע רעגירונג. אין אַנדערע טיילען פון דייטשלאַנד האָט דאָס פאָלק נאָר געוואַרט אויף אַ סיגנאַל פון דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג, אום צו מאַכען אַ בעוואָפענטען אויפשטאַנד און שטעלען זיך אין איהר דיענסט.

די לאַגע פון דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג איז געווען אַ פיעל גינסטיגערע, ווי מען האָט געקענט ערוואַרטען נאָך איהר שענדליכער קאַריערע. דער וועסטליכער טייל פון דייטשלאַנד האָט פאַר איהר גענומען וואָפען אין די הענט; דאָס מיליטער איז אומעטום געווען אונזיכער; אין די קלענערע שטאַאַטען איז דאָס מיליטער אָהן צווייפעל געווען פריינדליך געניגט צו דער בעוועגונג. עסטרייך איז געווען דערשלאָגען פון דעם זיעגרייכען צוג פון די אונגאַרען, און רוסלאַנד, יענער רעזערוו פון די דייטשע רעגירונגען, האָט אָנ־געשטרענגט איהר גאַנצע מאַכט, אום צו שטיצען עסטרייך קעגען די מאַדיאַרישע אַרמייען. עס איז נאָר געבליבען איינצונעמען פּריי־סען; און ביי די רעוואָלוציאָנערע סימפּאַטיען, וואָס האָבען אין יענעם לאַנד עקזיסטירט, איז זיכער געווען אַ מעגליכקייט דאָס צו דערגרייכען. אַלץ האָט זיך דאַן געווענדעט אָן דער אויפפיהרונג פון דער פערזאַמלונג.

אָבער אָן אויפשטאַנד איז פּונקט אַזאַ קונסט, ווי מלחמה, אָדער אירגענד וועלכע אַנדערע קונסט, און האָט זיינע רעגלען; און ווען מען פערנאַכלעסיגט אָט די רעגלען, קען דאָס פיהרען צום אונטערגאַנג פון דעם צד, וואָס פערנאַכלעסיגט זיי. יענע רעגלען, וואָס זיינען לאָגישע אויספיהרונגען פון דעם כאַראַקטער פון די פּאַרטייען און פון די אומשטענדען, מיט וועלכע מען בעגעגענט זיך אין אַזאַ פאַל, זיינען אַזוי קלאָר און איינפאַך, אַז די קורצע

ערפאַהרונג פון 1848 האָט זיי גוט בעקאַנט געמאַכט פאַר די דייטשען.

ערשטענס, שפּיעלט זיך ניט מיט אַן אויפשטאַנד, סיידען איהר זייט פאָלשטענדיג גרייט פאַר די פאָלגען פון אייער שפּיעל. אַן אויפשטאַנד איז אַ רעכנונג מיט זעהר אונבעשטימטע גרויסען, וועמעס ווערט קען זיך ענדערען יעדען טאָג. די מאַכט וואָס שטעהט קעגען אייך, האָט דעם גאַנצען פאָרצוג פון אָרגאַניזאַציאָן, דיסציפּלין און טראַדיציאָנעלער אויטאָריטעט. און ווען איהר האָט ניט קיין גרויסע איבערמאַכט, זייט איהר פעראורטיילט צו אַ נידערלאַגע און אונטערגאַנג. צווייטענס, זייט איהר שוין אַרויף אויף דעם וועג פון אויפשטאַנד, מוזט איהר האַנדלען מיט דער גרעסטער ענטשלאָסענהייט און שטענדיג אָנגרייפען. אַ פערטיידיגונגס לאַגע איז דער טויט פון יעדען בעוואַפענטען אויפשטאַנד; ער איז דאַן פערלאָרען, נאָך איידער ער קען זיך פערמעסטען אין קרעפטען מיט דעם שונא. איבערראַשט אייערע געגנער, בעת זייערע קרעפטען זיינען צואוואָרפען, גרייט אָן נייע ערפאָלגען, זאָל זיין קליינע, אָבער יעדען טאָג; האַלט אָן דעם מאָראַלען אויפשוואונג, וואָס דער ערשטער ערפאָלגרייכער אַרויסטריט האָט אייך געגעבען; זאַמעלט צונויף אויף אייער זייט יענע אונענטשלאָסענע עלעמענטען, וואָס ווילען אַלעמאָל נאָכפאָלגען דעם שטאַרקסטען אימפּולס און ווילען זיך אַלע מאָל שטעלען אויף דער זיכערער זייט; צווינגט אייערע געגנער צוריקצוטרעטען, איידער זיי קענען צונויפזאַמלען זייערע קרעפטען קעגען אייך; אין די ווערטער פון דאַנטאָן, דעם גרעסטען מייסטער פון רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק אין דער געשיכטע, — וואַגען, וואַגען און ווידער וואַגען!

וואָס האָט דעריבער די פראַנקפורטער נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג געדאַרפט טהאָן, אום זיך צו רעטען פון דעם זיכערען אונטערגאַנג, וואָס האָט איהר געדראָהט? פריהער פון אַלץ, זעהן קלאָר די גאַנצע סיטואַציאָן און איבערצייגען זיך, אַז עס איז ניטאָ קיין אַנדער אויסוואַהל, ווי נאָר ענטוועדער זיך אונטערגעבען צו די רעגירונגען, אָדער גאָר ניט קלערען און באַלד אויפנעמען דעם בעוואַפענטען אויפשטאַנד. צווייטענס, אַנערקענען עפענטליך די אַלע אויפשטאַנדען, וואָס זיינען שוין אויסגעבראָכען, און אויפפאָדערען דאָס פאָלק

זיך צו בעוואפנען אומעטום אין פערטיידיגונג פון נאַציאָנאַלער פער־
טרעטערשאַפט, ערקלערענדיג אויסער געזעץ אַלע פרינצען, מיניס־
טאָרען און אַנדערע, וואָס וועלען וואַגען זיך שטעלען אַנטקעגען
דעם העכסטען ווילען פון פאָלק, אויסגעדריקט דורך זיינע רעפּרע־
זענטאַנטען. דריטענס, באַלד אַראָבזעצען דעם דייטשען אימפּע־
רישען לייטענאַנט; בעשאַפען אַ שטאַרקע, אַקטיווע, עהרליכע עק־
זעקוטיווע; צונויפרופען אַלע רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטען פאַר די
באַלדיגע בעשיצונג פון פראַנקפורט, וואָס וואָלט געווען אַ געזעצ־
ליכער אויסרעד פאַר דער פערשפּרייטונג פון אויפשטאַנד; אָרגאַ־
ניזירען אין איין סאָלידע מאַסע אַלע קרעפטען, וואָס שטעהען איהר
צו דיענסט; קורץ, שנעל און ניט קלערענדיג לאַנג זיך בענוצען
מיט יעדען מעגליכען מיטעל צו פערשטאַרקען איהר אייגענע פּאָזי־
ציאָן און שעדיגען די פּאָזיציאָן פון איהרע געגנער.

פון דעם אַלעמען האָבען די טוגענדהאַפטע דעמאָקראַטען אין
דער פראַנקפורטער פערזאַמלונג געטהאָן פונקט דאָס געגענטייל. ניט
זייענדיג נאָך צופרידען מיט דעם, וואָס זיי האָבען געלאָזען אַלץ געהן
ווי עס געהט, זיינען אָט די ווירדיגע הערען געגאַנגען אַזוי ווייט,
אַז זיי האָבען איינפאַך אונטערדריקט דורך זייער געגנערשאַפט אַלע
רעוואָלוציאָנערע בעװעגונגען, וואָס זיינען געווען אין פּאָרבערייטונג.
אַזוי, צום ביישפּיעל, האָט געטהאָן הערר קאַרל פאָכט אין נירעמ־
בערג. זיי האָבען געלאָזען אונטערדריקען די אויפשטאַנדען אין
זאַקסען, רהייניש פרייסען, וועסטפאַלען און האָבען נאָכדעם זיך בע־
גנוגענט מיט אַ סענטימענטאַלען פּראָטעסט קעגען דער האַרצלאָזיג־
קייט און געוואַלט פון דער פרייסישער רעגירונג.

זיי האָבען אָנגעפיהרט געהיימע דיפּלאָמאַטישע פערהאַנדלונ־
גען מיט די זיד דייטשע אויפשטאַנדען, האָבען זיי אָבער קיינמאָל
ניט געשטיצט מיט זייער אָפענער אַנערקענונג. זיי האָבען גע־
וואוסט, אַז דער לייטענאַנט פון דער אימפּעריע איז מיט די רע־
גירונגען, און דאָך האָבען זיי אויפגעפאָדערט א י ה ם, וואָס האָט
זיך קיינמאָל קיין ריהר ניט געטהאָן, צו שטעלען זיך אַנטקעגען די
אינטריגען פון אָט די רעגירונגען. די מיניסטאָרען פון דער אימפּע־
ריע, אַלטע קאָנסערוואַטיווען, האָבען אָבגעלאַכט פון דער אָהנמעכ־
טיגער פערזאַמלונג אויף זייער יעדער זיצונג, און זיי האָבען געשוויי־

גען. און ווען ווילהעלם וואָלף*), אַ שלעזישער דעפּוטאַט און איינער פון די רעדאַקטאָרען פון דער „נייער רהיינישער צייטונג“, האָט זיי אויפגעפאָדערט צו ערקלערען אויסער געזעץ דעם לייטענאַנט פון דער אימפּעריע, וועלכער, ווי וואָלף האָט מיט רעכט געזאָגט, איז געוועזן ניט מעהר און ניט וועניגער ווי דער ערשטער און גרעס־טער פעררעטער צו דער אימפּעריע, האָבען איהם יענע דעמאָקראַ־טישע רעוואָלוציאָנערען אָראָבגעשריען מיט איינשטימיגען און טו־גענדהאַפטען צאָרן!

קורץ, זיי האָבען אַלץ גערעדט, פּראָטעסטירט, ערקלערט, פּראָ־קלאַמירט, אָבער זיי האָבען קיינמאָל ניט געהאַט דעם מוט און דעם פערשטאַנד צו האַנדלען. און אין דערזעלבער צייט זיינען די פיינד־ליכע אַרמייען פון די רעגירונגען צוגעקומען אַלץ נאָהנטער און נאָהנ־טער, און זייער איינענער בעפאָלמעכטיגטער, דער לייטענאַנט פון דער אימפּעריע, איז געוועזן שטאַרק פערנומען מיט מאַכען צוזאַמען מיט די דייטשע פּרינצען פערשווערונגען צו פערניכטען זיי. און אויף אַזאַ אופן האָט אָט די מיזעראַבלע פערזאַמלונג פערלאָרען אַפילו די לעצטע ביסעל אכטונג, וואָס איז נאָך צו איהר פערבליבען. די רע־וואָלוציאָנערען, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען אום זי צו פערטיידיגען, האָבען אויפגעהערט צו קימערען זיך וועגען איהר. און ווען זי איז ענדליך געקומען צו איהר שענדליכען סוף, ווי מיר וועלען שפּעטער

---

*) דער וואָלף, וואָס ווערט דאָ דערמאָנט, איז ווילהעלם וואָלף, דער בעליעבטער פריינד פון מאַרקס און ענגעלס, וועמען זיינע נאָהענטע פריינד האָבען גערופען „לופּוס“ (דאָס לאַטיינישע וואָרט פאַר „וואָלף“), צו אונ־טערשיידען איהם פון די פיעלע אַנדערע „וואָלפ'ס“ אין דער בעוועגונג פון יענער צייט. אָט דעם שלעזישען בויער האָט דאָס מאַרקס געווידמעט דעם ערשטען באַנד פון „קאַפּיטאַל“:

„געווידמעט
מיין אונפערגעסליכען פריינד,
דעם בראַווען, טרייען, נאָבעלען קעמפער אין דעם אַוואַנגאַרד
פון דעם פּראָלעטאַריאַט,
ווילהעלם וואָלף.
געבאָרען אין טאַרנאַו, דעם 21טען יוני, 1809; געשטאָרבען אַן אויסגע־
וויזענער אין מאַנטשעסטער, דעם 9טען יולי. 1864.“

זעהן, איז זי געשטאָרבען אַליין, און קיינער האָט אפילו ניט געוואָלט בעמערקען איהר אונגעעהרטען טויט.

לאָנדאָן. אויגוסט, 1852.

## XVIII

## קליינע הענדלער.

אין לעצטען קאַפּיטעל האָבען מיר אַנגעוויזען, אז דער קאַמף צווישען די דייטשע רעגירונגען אויף איין זייט, און דעם פראַנקפורטער פאַרלאַמענט אויף דער אנדערער איז ענדליך געוואָרען אַזוי שטאַרק, אַז אין די ערשטע טעג פון מאַי האָט אויסגעבראָכען אַן אָפּענער אויפשטאַנד אין אַ גרויסען טייל פון דייטשלאַנד: צוערשט איז געקומען דרעזדען, דאַן דער בייערישער פּאַלאַטינאַט, טיילען פון רהייניש פּרייסען, און ענדליך באַדען.

אין די אַלע פאַלען איז די אמת קעמפענדע קערפּערשאַפט פון די רעוואָלוציאָנערען, די קערפּערשאַפט, וואָס האָט די ערשטע אויפגענומען די וואַפען און האָט אָנגעהויבען אַ שלאַכט מיט די סאָלדאַטען, בעשטאַנען פון די ארבייטער קלאַסען אין די שטעדט. אַ טייל פון דער אָרימערער לאַנד בעפעלקערונג, לאַנדאַרבייטער און קליינע פאַרמערס, זיינען געוועהנליך צוגעשטאַנען נאָך דעם אויסברוך פון אויפשטאַנד. אַ גרויסע צאָהל יונגע לייט פון אַלע קלאַסען, אונטער דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס, איז געשטאַנען, ווענינגסטענס אַ געוויסע צייט, אין די רייהען פון די רעוואָלוציאָנערע ארמייען; אָבער אָט די אַביסעל צופעליגע זאַמלונג פון יונגע לייט האָט באַלד גענומען ווערען קלענער און קלענער, ווען די אויסזיכטען זיינען געוואָרען אַביסעל ערנסטער. בעזונדערס די סטודענטען, יענע „פערטרעטער פון אינטעלעקט", ווי זיי האָבען געליעבט זיך צו רופען, זיינען געווען די ערשטע צו פערלאָזען זייערע פאָהנען, סאַידען מען האָט זיי בעשאָנקען מיט דעם ראַנג פון אָפיצירען, וואָס זיי האָבען, נאַטירליך, זעהר זעלטען פערדיענט.

דער ארבייטער קלאַס איז צוגעשטאַנען צו אָט דעם אויפשטאַנד, ווי ער וואָלט צוגעשטאַנען צו יעדען אַנדערען אויפשטאַנד,

וואָס וואָלט צונעזאָגט ענטוועדער אָבצושאַפען איינינע שטערוננען פאַר זייער פראָגרעס צו פּאָליטישער הערשאַפט און סאָציאַלער רע־וואָלוציאָן, אָדער, ווענינסטענס, צו בינדען די איינפלוסרייכערע, אָבער וועניגער מוטיגע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט צו א מעהר ענטשלאָסענעם און רעוואָלוציאָנערען וועג ווי דער, וואָס זיי האָבען ביז אהער פערפאָלגט. דער ארבייטער קלאַס האָט אויפגענומען די וואפען מיט דעם פולען בעוואוסטזיין, אַז, וואָס אנבעטרעפט די די־רעקטע ציעלען אין דעם קאַמף, איז דאָס ניט געווען זיין אייגענער קריעג. דער ארבייטער קלאַס האָט אָבער דערביי פערפאָלגט זיין איינציגע אמת'ע טאַקטיק: דאָס איז געווען, ניט צו דערלאָזען קיין קלאַס, וואָס האָט זיך דערהויבען אויף די שולטערען פון די ארביי־טער (ווי די בורזשואַזיע האָט עס געטהאָן אין 1848) צו פערשטאַר־קען זיין קלאַסען רעגירונג און ניט עפענען ווענינסטענס א פעלד פאַר די ארבייטער קלאַסען צו קעמפען פאַר זייערע אייגענע אינטערע־סען; אָדער יעדענפאַלס צו דערפיהרען דעם קאַמף צו א קריזיס, וואו ענטוועדער די נאַציאָן זאָל ערנסט און אונפערמיידליך געשטוי־סען ווערען אויף א רעוואָלוציאָנערען וועג, אָדער דער „סטאַטוס קוואָ", דער צושטאַנד פון פאַר דער רעוואָלוציאָן, זאָל אומגעקערט ווערען אזוי פּאָלשטענדיג ווי מעגליך, און א נייע רעוואָלוציאָן זאָל דעריבער ווערען אונפערמיידליך.

איןביידע פאַלען האָבען די ארבייטער קלאַסען פערטראָטען די אמת'ע און גוט פערשטאַנענע אינטערעסען פון דער גאַנצער נאַ־ציאָן, צו טרייבען וואָס שנעלער יענע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג, וואָס איז געוואָרען א דרינגענדע נויטווענדיגקייט פאַר די אלטע גע־זעלשאַפטען פון ציוויליזירטער אייראָפּא, איידער וועלכע עס איז פון זיי זאָל ווידער קענען שטרעבען צו א רוהיגערער און נאָרמאַלער ווייטערער ענטוויקלונג.

וואָס אנבעטרעפט די לאַנד בעפעלקערונג, וואָס איז צונע־שטאַנען צום אויפשטאַנד, איז זי הויפּטזעכליך אריינגעוואָרפען גע־וואָרען אין די ארעמס פון דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, טיילוויז דורך די פערהעלטניסמעסיג גרויסע לאַסט פון שטייערען און טייל־וויז צוליעב דעם פעאָדאַלען יאָך, וואָס האָט זיי גערריקט.

ניט האָבענדיג קיין אייגענע איניציאַטיוו, זיינען זיי געוואָרען

דער עק פון די אנדערע קלאסען אין דעם אויפשטאנד און האבען
זיך געווארפען צווישען די ארבייטער אויף איין זייט און דעם קלאס
קליינע הענדלער אויף דער אנדער זייט. זייער אייגענע פריוואטע
סאציאלע שטעלונג האט כמעט אין יעדען פאל ענטשיידט, אויף
וועלכע זייט זיי זאלען זיך שטעלען: דער אגריקולטורעלער אר־
בייטער האט געוועהנליך געשטיצט די האנדווערקער אין שטאדט;
דער קליינער פארמער איז געווען גענייגט צו נעהן האנט אין האנט
מיט דעם קליינעם קרעמער.

אט דער קלאס פון קליינע הענדלער, די גרויסע וויכטיגקייט
און איינפלוס פון וועלכען מיר האבען שוין עטליכע מאל פריי־
הער דערמאנט, קען בעטראכט ווערען ווי דער אנפיהרענדער קלאס
אין דעם אויפשטאנד פון מאי 1849. אזוי ווי אין דעם צענטער
פון דער בעוועגונג איז דאס מאל ניט געווען קיין איינע פון די גרוי־
סע דייטשע שטעדט, איז דעם קלאס קליינע הענדלער, וואס איז אלע
מאל דער הערשענדער קלאס אין די מיטעלע און קלענערע שטעדט,
געלונגען ארייננצונעמען די אנפיהרערשאפט פון דער בעוועגונג אין
זיינע הענט.

נאך מעהר, מיר האבען געזעהן, אז אין אט דעם קאמף פאר
די אימפערישע קאנסטיטוציאן און פאר די רעכט פון דעם דייטשען
פארלאמענט זיינען גראד די אינטערעסען פון אט דעם בעזונדערען
קלאס געשטאנען אין קאן. די פראוויזארישע רעגירונגען, וואס זיי־
נען אויפגעשטעלט געווארען אין אלע אויפגעשטאנענע דיסטריקטען,
האבען אין דער מעהרהייט רעפרעזענטירט אט דעם טייל פון דער
בעפעלקערונג; און ווי ווייט זיי זיינען געגאנגען קען דריבער אנ־
גענומען ווערען פאר א מאס פון דעם, אויף וואס דאס דייטשע קליינ־
בירגערטום איז פעהיג. און מיר וועלען זעהן, אז דאס דייטשע
קליינבירגערטום איז פעהיג נאר צו רואינירען יעדע בעוועגונג, וואס
ווערט זיי אנפערטרויט.

דאס קליינבירגערטום איז גרויס אין בעריהמעריי, אבער זעהר
אימפאטענט אין האנדלונג און זעהר שרעקעדיג, ווען מען דארף עפעס
ריזיקירען. דער כאראקטער פון זיין קאמערציעלער טהעטיגקייט אין
קרעדיט אפעראציאנען מאכט איהם פאר א קלאס מיט ווייניג ענער־
גיע און אונטערנעמונגס גייסט; מען מוז דריבער ערווארטען, אז

דיזעלבע אייגענשאַפטען זאָלען זיך אָנזעהן אויך אין זיין פּאָליטי־שער קאַריערע. און דאָס קליינבירגערטום האָט טאַקי ערמוטיגט דעם אויפשטאַנד מיט קלינגענדיגע ווערטער און גרויסער בעריהמע־ריי וועגען דעם, וואָס עס וועט אויפטהאָן; זיי האָבען שטאַרק גע־וואָלט פערכאַפּען די מאַכט, אַזוי שנעל ווי דער אויפשטאַנד האָט אויסגעבראָכען, אין אַ גרויסער מאָס געגען זייער ווילען; זיי האָ־בען זיך אָבער מיט אָט דער מאַכט בענוצט ניט פאַר קיין אַנדער צוועק, ווי נאָר צו פערניכטען די רעזולטאַטען פון דעם אויפשטאַנד. וואו נאָר אַ בעוואָפּענטער צוזאַמענשטויס האָט געפיהרט צו אַן ערנסטען קריזיס, זיינען די קרעמער געבליבען שטעהן אין שרעק פאַר דער געפעהרליכער לאַגע, וואָס איז פאַר זיי בעשאַפען געוואָ־רען; אין שרעק פאַר דעם פאָלק, וואָס האָט גענומען ערנסט זייע־רע בעריהמערישע אויפרופען צום אויפשטאַנד; אין שרעק פאַר דער מאַכט, וואָס איז אויף אַזאַ אופן זיי אריינגעקומען אין די הענט; אין שרעק, מעהר פון אַלץ, פאַר די רעזולטאַטען פאַר זיי אַליין, זייער סאָציאַלען שטאַנד, זייערע פערמעגענס, צו וועלכע עס האָט געפיהרט די טאַקטיק, וואָס זיי האָבען געצוואונגענערהייט אָנגענומען.

האָט מען דען ניט ערוואַרט פון זיי, אַז זיי זאָלען ריזיקירען מיט זייער „לעבען און אייגענטום", ווי זיי פלעגען זאָגען, פאַר דער זאַך פון דעם אויפשטאַנד? זיינען זיי דען ניט געווען געצוואונגען אָנצונעמען אָפיציעלע שטעלונגען אין דעם אויפשטאַנד, ריזיקירענ־דיג דערמיט, אין פאַל פון אַ נידערלאַגע, צו פערלירען זייער קאַ־פּיטאַל? און אין פאַל פון אַ זיעג, וואָלט מען זיי דען באַלד ניט ארויסגעוואָרפען פון דער רעגירונג, וואָלטען זיי דען ניט געמוזט צוזעהן, ווי זייער גאַנצע פּאָליטיק ווערט איבערגעקערט פון די זיעגרייכע פּראָלעטאַריער, וואָס האָבען צונויפגעשטעלט די הויפּט קראַפט אין זייערע קעמפּפענדע אַרמייען? און שטעהענדיג אַזוי צווי־שען געגענזעצליכע געפאַהרען, וואָס האָבען זיי אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען, האָט דאָס קליינבירגערטום ניט געוואוסט ווי בעסער אויסצונוצען זיין מאַכט, ווי צו לאָזען אַלץ צוגעהן צופעליג; נאַ־טירליך איז דערמיט פערלאָרען געגאַנגען דער קלענסטער שאַנס אויף ערפאָלג, וואָס זיי וואָלטען געקענט האָבען, און דער אויפשטאַנד

איז אויף אזא אופן רואינירט געוואָרען. די פּאָליטיק פון אַט דעם קלאַס, אָדער ריכטיגער, די אָבוועזענהייט פון אירגענד וועלכער פּאָ־ליטיק, איז אומעטום געווען דיזעלבע, און דעריבער זיינען די אויפ־שטאַנדען פון מאי 1849 אין אַלע טיילען פון דייטשלאַנד געמאַכט געוואָרען נאָך דעמזעלבען מוסטער.

אין דרעזדען האָט דער קאַמף אָנגעהאַלטען אין פערלויף פון פיער טעג אויף די גאַסען פון דער שטאָדט. די קרעמער פון דרעזדען, די „מוניציפּאַלע גוואַרדיע", האָט ניט נאָר בעטייליגט זיך אין דער שלאַכט, נאָר האָט נאָך אין פיעלע פאַלען געהאָלפען די סאָלדאַטען קעגען די רעוואָלוציאָנערען, וואָס זיינען, פערשטעהט זיך, כמעט אויסשליסליך בעשטאַנען פון ארבייטער פון די ארומיגע פאַבריק געגענדען. די רעוואָלוציאָנערען האָבען געפונען א פעהיגען און קאַלטבלוטיגען קאָמאַנדיר אין דעם רוסישען עמיגראַנט מיכאַיל באַקונין, וואָס איז שפּעטער געפאַנגען געוואָרען און איז איצט פער־שפּאַרט אין דער געפענגניס פון מונקאַטש אין אונגאַרן. די אריינמישונג פון א גרויסער צאָהל פּרייסישע סאָלדאַטען האָט גע־בראָכען דעם אויפשטאַנד.

אין רהייניש פּרייסען איז די אמת'ע שלאַכט געווען אונוויכ־טיג. אזוי ווי אַלע גרויסע שטעדט זיינען געווען פעסטונגען, בע־הערשט פון ציטאַדעלען, האָבען דאָרט געקענט פּאָרקומען נאָר לייכ־טע צוזאַמענשטויסען מיט די רעוואָלוציאָנערען. און אזוי גיך, ווי מען האָט צוזאַמענגעצויגען א גענוגענדע צאָהל סאָלדאַטען, איז דאָר־טען געקומען א סוף צו דעם בעוואפנעטען ווידערשטאַנד.

פערקערט, אין דעם פּאַלאַטינאַט און אין באַדען זיינען א רייכע און פרוכטבאַרע פּראָווינץ און א גאַנצער שטאַאַט אריינגעפאַלען אין די הענט פון די רעוואָלוציאָנערען. געלט, וואפען, אמוניציאָן, סאָל־דאַטען, אַלץ איז געווען גרייט. די סאָלדאַטען פון דער רעגולערער ארמיי אַליין זיינען צוגעשטאַנען צום אויפשטאַנד; אין באַדען זיי־נען אַט די סאָלדאַטען אפילו געווען אין די ערשטע רייהען פון די רעוואָלוציאָנערען. די אויפשטאַנדען אין זאַקסען און רהייניש פּריי־סען האָבען זיך אויפגעאָפּפערט, אום צו געווינען צייט פאַר דער אָרגאַניזירונג פון דער זיד דייטשער בעוועגונג. עס איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אזא גינסטיגע לאַגע פאַר א פּראָווינציעלען און טיילווייז

זען אויפשטאַנד, ווי דאָ. מען האָט ערוואַרט אַ רעוואָלוציאָן אין פּאַריז; די אונגאַרען זיינען געשטאַנען ביי די טויערען פון וויען; אין אַלע צענטראַלע שטאַאַטען פון דייטשלאַנד זיינען ניט נאָר דאָס פאָלק, נאָר אפילו די סאָלדאַטען, שטאַרק געניי‍גט געווען צו דער זייט פון די רעוואָלוציאָנערען און האָבען נאָר אָבגעוואַרט אַ געלע־גענהייט צוצושטעהן אָפען צום אויפשטאַנד.

און דאָך, קיים איז די בעוועגונג אריינגעפאַלען אין די הענט פון דעם קליינבירגערטום, איז זי שוין פון אָנהויב אָן געווען רואי־נירט. די קליינבירגערליכע רעגירער, בעזונדערס אין באַדען, מיט הערר ברענטאַנאָ אין דער שפּיץ, האָבען קיינמאָל ניט פערגעסען, אז פערבאַפּענדיג דעם אָרט און פּרעראָגאַטיווע: פון דעם „געזעצ־ליכען" הערשער, דעם גרויספירשט, האָבען זיי בעגאַנגען הויכפערראַט. זיי האָבען זיך אוועקגעזעצט אין זייערע מיניסטאָרען שטוהלען מיט אַ שווערען הארצען און מיט דעם בעוואוסטזיין פון אַ בעגאַנגענעם פערברעכען. וואָס האָט מען געקענט ערוואַרטען פון אַזעלכע פייג־לינגען? ניט נאָר האָבען זיי איבערגעלאָזען דעם סטיכישען אויפ־שטאַנד ניט צענטראַליזירט, און פאָלגליך אונווירקזאַם, נאָר זיי האָ־בען טאַקי נעטהאָן אַלץ, וואָס זיי האָבען נאָר געקענט, ארויסצונע־מען דעם גיפט פון דער בעוועגונג, אָבצושוואַכען און פערניכטען זי. און זיי זיינען אין דעם געווען ערפאָלגרייך, אַ דאַנק דער אייפרי־גער שטיצע פון יענעם טיפּען קלאַס פּאָליטיקער, די „דעמאָקראַ־טישע" העלדען פון דער קליין בורזשואזיע, וואָס האָבען אין דער אמת'ן געמיינט, אַז זיי „רעטען דאָס לאַנד", ווען זיי האָבען זיך גע־לאָזען פיהרען ביי דער נאָז פון אייניגע שאַרפערע מענשען, אַזעלכע ווי ברענטאַנאָ.

וואָס אנבעטרעפט די שלאַכטען, זיינען קיינמאָל מיליטערישע אָפּעראַציאָנען ניט אָנגעפיהרט געוואָרען אזוי אָבגעלאָזען און נאַריש, ווי אונטער דעם באַדענער הויפּט גענעראַל זיגעל, אַן עקס־לייטענאַנט פון דער רעגולערער אַרמיי. אַלץ איז געבראַכט געוואָרען אין אונ־אָרדנונג, יעדע נוטע געלעגענהייט איז פערלאָרען געגאַנגען, יעדער גינסטיגער מאָמענט איז ניט אויסגענוצט געוואָרען, ווייל מען איז געווען פערנומען מיט גראַנדיעזע, אָבער אונפּראַקטישע פּלענער. און ווען דער בעגאַבטער פּאָליאַק מיראָסלאַווסקי האָט ענדליך איבער־

גענומען די קאָמאַנדע, איז די אַרמיי געווען דיסאָרגאַניזירט, צו־שלאָגען, אָהן מוט און זעהר שלעכט בעזאָרגט, און זי האָט זיך גע־דאַרפט שטעלען אַנטקעגען אַ פיינד, וואָס איז געווען פיעל מאָל שטאַרקער אין צאָהל. און מיראָסלאַווסקי האָט אויך מעהר ניט גע־קענט טהאָן, ווי קעמפּפען ביי וואַאַגהויזעל אַ הערליכע, אָבער אונ־ערפאָלגרייכע שלאַכט, דאַן דורכפיהרען אַ קונציגען צוריקטריט, גע־בען די לעצטע האָפנונגסלאָזע שלאַכט ביי די ווענט פון ראַשטאַט, און דאַן רעזיגנירען.

ווי אין יעדער רעוואָלוציאָנערער מלחמה, וואו אַרמייען זיינען געמישט פון גוט איינגעאיבטע סאָלדאַטען און רויהע רעקרוטען, איז אויך דאָ געווען גענוג העלדישקייט און אין דערזעלבער צייט גענוג אונמיליטערישער, אָפטמאָל אונבעגרייפליכער שרעק אין דער רע־וואָלוציאָנערער אַרמיי. אָבער ווי אונפאָלקאָם זי איז ניט געווען, האָט זי ווענינסטענס געהאַט די בעפרידיגונג צו זעהן, אַז אַ פיער מאָל גרעסערע אַרמיי איז ניט געווען גענוג זי צו צושלאָגען, און אַז הונדערט טויזענד רעגולערע סאָלדאַטען, אין אַ צוג געגען צוואַנציג טויזענד רעוואָלוציאָנערען, האָבען זיי בעהאַנדעלט מיליטעריש מיט פּונקט אַזוי פיעל אַכטונג, ווי די רעגולערע אַרמיי וואָלט דאָס גע־קעמפּפט קעגען דער אַלטער גוואַרדיע פון נאַפּאָלעאָן.

אין מאַי האָט דער אויפשטאַנד אויסגעבראָכען; אַרום מיטען יולי 1849 איז ער שוין געווען פאָלשטענדיג אונטערדריקט, און די ערשטע דייטשע רעוואָלוציאָן האָט זיך געענדיגט.

**לאָנדאָן**, סעפּטעמבער, 1852.

## XIX

## דער סוף פון דעם אויפשטאַנד.

וועהרענד דער זיד און וועסט פון דייטשלאַנד איז געווען אין אָפענעם אויפשטאַנד, און וועהרענד עס האָט גענומען די רעגירונגען עטוואָס מעהר ווי צעהן וואָכען פון דעם ערשטען פיינדליכען צוזאַ־מענשטויס אין דרעזדען ביז צו דער קאַפּיטולאַציאָן פון ראַשטאַט אויסצולעשען דעם לעצטען פלאַם פון דער ערשטער דייטשער רע־וואָלוציאָן, איז די נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג פערשוואונדען פון דעם

פּאָליטישען פעלד, און קיינער האָט אפילו ניט בעמערקט איהר סוף.

מיר האָבען איבערגעלאָזען אָט די ווירדיגע קערפּערשאַפט פון פראַנקפורט אין אַ צושטאַנד פון צומישונג און פערלעגענהייט אי־בער די חוצפּה'דיגע אָנגריפען פון די רעגירונגען אויף איהר ווירדע, איבער דער אימפּאָטענץ און פעררעטערישער גלייכגילטיגקייט פון דער צענטראַלער מאַכט, וואָס זי אַליין האָט בעשאַפען, און איבער דעם אויפשטאַנד פון דעם קלאַס קליינע הענדלער אין איהר פער־טיידיגונג און פון דעם אַרבייטער קלאַס פאַר אַ מעהר רעוואָלוציאָ־נערען ענדציעל. נידערגעשלאָגענקייט און פערצווייפלונג האָבען גע־הערשט צווישען איהרע מיטגליעדער: די געשעהענישען האָבען פּלוצלונג אָנגענומען אַזאַ בעשטימטע און ענטשידענע פאָרם, אַז אין עטליכע טעג זיינען צושוואומען אַלע אילוזיאָנען, וואָס די געלעהרטע געזעצגעבער האָבען געהאַט וועגען זייער אמת'ער מאַכט און איינ־פלוס.

אויף אַ סיגנאַל פון זייערע רעגירונגען האָבען זיך שוין די קאָנ־סערוואַטיווען צוריקגעצויגען פון דער קערפּערשאַפט, וואָס האָט ווייטער ניט געקענט עקזיסטירען, סאַידען שטעלענדיג זיך קעגען דער עקזיסטירענדער רעגירונגסמאַכט. די ליבעראַלען האָבען אויפגעגע־בען דעם קאַמף, אַנערקענענדיג זייער נידערלאַגע; אויך זיי האָבען פערלאָזען זייערע רעפּרעזענטאַנטען עמטער. די עהרענהאַפטע הערדען האָבען פערלאָזען די פערזאַמלונג הונדערטערווייז. פון אַכט אָדער ניין הונדערט מיטגליעדער איז די צאָהל געפאַלען אַזוי שנעל, אַז איצט זיינען הונדערט און פופציג, און אַ פּאָאַר טעג שפּעטער נאָר הונדערט, ערקלערט געוואָרען פאַר אַ קוואָרום. און אפילו אָט די הונדערט איז געווען שווער צונויפצוברענגען, כאָטש די גאַנצע דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז געבליבען.

דער וועג, וואָס די רעשטען פון אַ פּאַרלאַמענט האָבען גע־דאַרפט אָננעמען, איז געווען גאַנץ קלאָר. זיי האָבען נאָר געדאַרפט זיך שטעלען אָפען און ענטשידען אויף די זייט פון דעם אויפשטאַנד און צוגעבען איהם דערמיט כאָטש יענע ביסעל שטאַרקייט, וואָס גע־זעצליכקייט האָט געקענט געבען, ווערהענד זיי אַליין וואָלטען באַלד געקראָגען אַן אַרמיי פאַר זייער אייגענער פערטיידיגונג. זיי האָבען געדאַרפט אויפפאָדערען די צענטראַלע מאַכט באַלד אויפצוהערען

איהרע פיינדליכע האַנדלונגען; און ווען, ווי מען האָט דאָס געקענט פּאָראויסזעהן, די צענטראַלע מאַכט וואָלט דאָס ניט געקענט און ניט געוואָלט טהאָן, וואָלטען זיי געדאַרפט אַרויסלאָזען זי און אויפשטע־לען אַנאַנדערע, אַ מעהר ענערגישע רעגירונג אויף איהר אָרט. אויב מען וואָלט ניט געקענט ברענגען רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטען אין פראַנקפורט (וואָס וואָלט זעהר לייכט געווען צו טהאָן אין אָנהויב, ווען די שטאַאַטליכע רעגירונגען זיינען נאָך געווען ווייניג פּאָרבערייטעט און אונענטשלאָסען), דאַן האָט די פערזאַמלונג געקענט שנעל איבערגעפיהרט ווערען אין צענטער פון דעם רעוואָלוציאָנערען גע־גענד. ווען דאָס אַלץ וואָלט געטהאָן געוואָרען שנעל און מיט ענט־שלאָסענהייט, ניט שפּעטער ווי אינמיטען אָדער סוף מאַי, וואָלט דאָס געקענט פערגרעסערען די שאַנסען אי פאַר דעם אויפשטאַנד, אי פאַר דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג.

אָבער אַזאַ ענטשלאָסענע האַנדלונג האָט מען ניט געקענט ער־וואַרטען פון פערטרעטער פון דער דייטשער קרעמערשאַפט. אָט די אַמביציעזע שטאַאַטסמענער האָבען זיך ווייט ניט בעפרייט פון זייערע אילוזיאָנען. יענע מיטגליעדער, וואָס האָבען פערלאָרען זייער פאַטאַלען גלויבען אין די מאַכט און אונבעריהרבאַרקייט פון דעם פּאַרלאַמענט, זיינען שוין אַנטלאָפען; די איבערגעבליבענע דעמאָ־קראַטען האָט מען ניט אַזוי לייכט געקענט בעוועגען אויפצוגעבען די טרוימען וועגען מאַכט און גרויסקייט, מיט וועלכע זיי האָבען זיך אַרומגעטראָגען אַ גאַנצען יאָהר. טריי צו דער פּאָליטיק, וואָס זיי האָבען ביזהער פערפאָלגט, האָבען זיי זיך אַלץ אָבגעקערט פון יעדער ענטשידענער האַנדלונג, ביז עס איז פערשוואונדען יעדער שאַנס פון ערפאָלג און אפילו יעדער שאַנס זיך ווענינגסטענס אונטערצוגע־בען אויף אַן עהרענהאַפטען וועג, ווי אין אַ מלחמה.

אום, דעריבער, צו ענטוויקלען אַ מין אויסגעטראַכטע קאָכ־לעפעל טהעטינקייט, וואָס איז געווען פאַלשטענדיג אָהנמעכטיג און אין דערזעלבער צייט שטאַרק פּרעטענציעז און האָט נאָר געקענט אַרויסרופען מיטלייד און שפּאָט, האָבען זיי פּאָרטגעזעצט זייערע רעזאָלוציאָנען, ווענדונגען און ביטען צו אַן אימפּעריישען לייטע־נאַנט, וואָס האָט זיך אפילו אויף זיי ניט אומגעקוקט; צו מיניס־טאָרען, וואָס זיינען געווען אין אַן אָפענעם בונד מיט דעם פיינד.

און ווען ענדליך ווילהעלם וואָלף, א דעפּוטאַט פון שטריגאַן, איינער פון די רעדאַקטאָרען פון דער „נייער רהיינישער צייטונג“, וואָס איז געווען דער איינציגער רעוואָלוציאָנערער מענש אין דער גאַנצער פערזאַמלונג, האָט זיי ערקלערט, אַז אויב זיי מיינען דאָס וואָס זיי זאָגען, וואָלטען זיי בעסער געדאַרפט אויפהערען רעדען און באַלד ערקלערען דעם אימפּערישען לייטענאַנט פאַר דעם גרעסטען פעררעטער צום לאַנד, און אויסער געזעץ, דאַן האָט דער גאַנצער איינגעהאַלטענער טוגענדהאַפטער צאָרן פון אָט די פּאַרלאַמענטאַרישע העררען אַרויסגעפּלאַצט מיט אַן ענערגיע, וואָס זיי האָבען קיינמאָל אין זיך ניט געפונען, ווען די רעגירונג האָט זיי פערוואָרפען מיט בעליידיגונגען, איינע נאָך דער אַנדערער.

עס פערשטעהט זיך, אַז וואָלפ׳ס פאָרשלאַג איז געווען דאָס פערנינפטיגסטע וואָרט, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרען אינערהאַלב די ווענט פון סט. פּאַול׳ס קירך; דאָס, וואָס ער האָט פאָרגעשלאָגען, האָט טאַקי געדאַרפט געטהאָן ווערען, און זיין קלאָרע שפּראַך, און דאָס וואָס ער האָט גערעדט אַזוי דירעקט צום פונקט האָט געמוזט בעליידיגען די סענטימענטאַלע מענשען, וואָס זיינען אין קיין זאַך ניט געווען ענטשלאָסען, אויסער אין אונענטשלאָסענהייט, און וואָס האָבען איינמאָל פאַר אַלעמאָל בעשלאָסען, אַז טהוענדיג גאָרניט, טהוען זיי גראָד דאָס, וואָס מוז געטהאָן ווערען. יעדע וואָרט, וואָס האָט ווי אַ בליץ קלאָר געמאַכט די פערבלענדטע, אָבער אַבזיכטליכע נעבעלדינקייט פון זייער פערשטאַנד, יעדע צוּנדייטונג, וואָס האָט זיי געקענט אַרויספיהרען פון דעם לאַבירינט, אין וועלכען זיי האָבען זיך פערשפּאַרט און האָבען געוואָלט פערבלייבען וואָס לענגער, יעדע קלאָרע אויפפאַסונג פון זאַכען, ווי זיי זיינען אין דער ווירקליכקייט, איז נאַטירליך געווען אַ פערברעכען קעגען דער מאַיעסטעט פון אָט דער אַלערהעכסטער פערזאַמלונג.

באַלד נאָכדעם, ווי די לאַגע פון די ווירדיגע העררען פון פראַנקפורט איז געוואָרען אַן אונמעגליכע, ניט קוקענדיג אויף אַלע זייערע רעזאָלוציאָנען, ווענדונגען, אָנפראַגען און פּראָקלאַמאַציאָנען, האָבען זיי זיך צוריקגעצויגען פון פראַנקפורט, אָבער ניט אין די רעוואָלוציאָנערע געגענדען: דאָס וואָלט פאַר זיי געווען אַ צו ענטשלאָסענער שריט. זיי זיינען אַוועק אין שטוטגאַרט, וואו די וויר

טעמבערגער רעגירונג האָט אָנגעהאלטען א מין אָבווארטענדע ניי־
טראַליטעט. דאָרט האָבען זיי ענדליך ערקלערט, אז דער אימפּעריי־
שער לייטענאַנט האָט פערלאָרען זיין מאכט, און האָבען פון צווישען
זיך ערוועהלט א רעגענטשאַפט פון פינף. די רעגענטשאַפט האָט
באלד גענומען שאַפען א געזעץ וועגען מיליץ, און מען האָט טאקי
דאָס דאָזיגע געזעץ אָבגעשיקט צו אלע רעגירונגען פון דייטשלאנד.

זיי, די אמת'ע פיינד פון דער פערזאמלונג, האָט מען בע־
פאָהלען צו זאמלען סאָלדאטען פאר דער פערטיידיגונג פון דער־
זעלבער פערזאמלונג! דאן איז בעשאַפען געוואָרען, נאטירליך נאָר
אויפ'ן פּאַפּיר, אן ארמיי צו פערטיידיגען די נאציאָנאלע פערזאמ־
לונג. דיוויזיאָנען, בריגאדען, רעגימענטען, באטעריען, אלץ איז רע־
גולירט און איינגעאָרדענט געוואָרען, קיין זאך האָט דאָ ניט גע־
פעהלט, אויסער ווירקליכקייט, ווייל די ארמיי איז, פערשטעהט זיך,
קיינמאָל ניט פערווירקליכט געוואָרען.

איין לעצטער פּלאן איז נאָך געבּליבען פאר דער אלגעמיינער
פערזאמלונג. די דעמאָקראטישע בעפעלקערונג פון אלע טיילען פון
לאנד האָט געשיקט דעפּוטאציאָנען צו שטעלען זיך אין דיענסט פון
פּארלאמענט און בעוועגען איהם צו ענטשידענער אקציאָן. דאָס
פאָלק, וויסענדיג די אבזיכטען פון דער ווירטעמבערגער רעגירונג,
האָט געבעטען די נאציאָנאלע פערזאמלונג צו צווינגען יענע רעגי־
רונג צו אן אָפענער און אקטיווער בעטייליגונג אין דעם אויפשטאנד
פון איהרע שכנים. אָבער ניין, געהענדיג אין שטוטגארט, האָט די
נאציאָנאלע פערזאמלונג זיך איבערגעגעבען אין די מילדע הענט
פון דער ווירטעמבערגער רעגירונג. די מיטגליעדער האָבען דאָס
געוואוסט, און זיי האָבען איינגעהאלטען די אגיטאציאָן צווישען
פאָלק. און אויף אזא אופן האָבען זיי פערלאָרען דאָס לעצט ביסעל
איינפלוס, וואָס זיי האָבען נאָך געקענט האָבען. זיי זיינען בע־
לוינט געוואָרען מיט דעם, וואָס זיי האָבען פערדיענט, מיט אלגע־
מיינער פעראכטונג. און דער אימפּערישער לייטענאַנט האָט גע־
מאכט א סוף צו דעם דעמאָקראטישען פּארס, פערשליסענדיג דעם
18טען יוני 1849 דעם צימער, וואו דער פּארלאמענט האָט אָבגע־
האלטען זיינע זיצונגען, און בעפעהלענדיג די מיטגליעדער פון דער
רעגענטשאפט צו פערלאָזען דאָס לאנד.

דאן זיינען זיי אוועק אין באדען, אין לאגער פון דעם אויפ־
שטאנד; אָבער איצט זיינען זיי שוין דאָרט געוועזן נוצלאָז. קיי־
נער האָט זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט. די רעגענטשאפט אָבער
האָט נאָך אלץ געהאלטען אין איין רעטען דאָס לאנד מיט איהרע
בעמיהונגען, אין נאָמען פון דעם אלערהעכסטען דייטשען פאָלק. זי
האָט געפּרואווט בעקומען די אנערקענונג פון אויסלענדישע מלוכות,
געבענדיג פּ א ס פּ אָ ר ט ע ן יעדען איינעם, וואָס האָט דאָס פון
זיי געוואָלט אָננעמען. זי האָט פּערעפּענטליכט פּראָקלאמאציאָנען
און האָט געשיקט קאָמיסארען אויפצוהויבען אן אויפשטאנד אין
דיזעלבינגע דיסטריקטען פון ווירטעמבערג, וועמעס אקטיווע הילף
זי האָט צוריקגעוויזען, ווען עס איז נאָך געווען צייט; עס פּער־
שטעהט זיך, אז דאָס האָט ניט געהאט קיין ווירקונג.

פאר אונז ליגט אן אָריגינעלער בעריכט, וואָס איינער פון אָט
די קאָמיסארען, הערר רעסלער (רעפּרעזענטאנט פאר עלם),
האָט געשיקט צו דער רעגענטשאפט. דער אינהאלט פון דעם בע־
ריכט איז גאנץ כאראקטעריסטיש. דאטירט איז עס שטוטגארט,
דעם 30טען יוני, 1849. נאָכדעם ווי ער בעשרייבט די אוואנטורען
פון א האלבען טוץ פון אָט די קאָמיסארען, ווען זיי האָבען אָהן
ערפאָלג געזוכט אביסעל געלט, גיט ער אָן א גאנצע רייה תירוצים,
פארוואָס ער איז נאָך ניט אָנגעקומען אויף זיין פּאָסטען; דאן גיט
ער א זעהר וויכטיגע אָבהאנדלונג וועגען די מעגליכע אונטערשידען
צווישען פּרייסען, עסטרייך, בייערן און ווירטעמבערג, און די מעג־
ליכע רעזולטאטען פון דעם. אָבער נאָך א גרינדליכען אנאליז פון
דעם געגענשטאנד קומט ער צום שלוס, אז עס זיינען מעהר ניטאָ
קיין שאנסען. דאן שלאָגט ער פאָר, מען זאָל בעשטימען גרופּען פון
פערטרויענסווערטע מענשען צו ברענגען נאכריכטען און מען זאָל
איינאָרדנען א שפּיאָנאזש סיסטעם, אויסצוגעפינען די אבזיכטען פון
דעם ווירטעמבערגער מיניסטעריום און די בעוועגונגען פון די סאָל־
דאטען.

אָט דער בריעף איז קיינמאָל ניט אָנגעקומען, וואוהין ער איז
געווען אדרעסירט, ווייל ווען ער איז געשריבען געוואָרען, איז שוין
די רעגענטשאפט אינגאנצען אריבערגעגאנגען אין „אויסלענדישע
דעפּארטאמענט", דאָס הייסט אין שווייץ; און וועהרענד דער אָרי־

מער הערר רעסלער האט זיך געבראכען דעם קאפ איבער די אבזיכ־טען פון דעם שרעקליכען מיניסטעריום פון א זעקסטקלאסיגען קע־ניגרייך, האבען שוין הונדערט טויזענד פרייסישע, בייערישע און העסישע סאלדאטען געשלאפען די גאנצע אנגעלעגענהייט אין דער לעצטער שלאכט אונטער די ווענט פון ראשטאט.

אזוי איז פערשוואונדען דער דייטשער פארלאמענט, און צו־זאמען מיט איהם די ערשטע און לעצטע שאפונג פון דער רעוואלו־ציאן. די איינבערופונג פון דעם פארלאמענט איז געווען די ערשטע צייגניס, אז עס איז ווירקליך ג ע ו ע ן א רעוואלוציאן אין יאנואר; און ער האט עקזיסטירט אזוי לאנג, ווי אט די ערשטע מאדערנע דייטשע רעוואלוציאן איז נאך ניט געווען געענדיגט. ער־וועהלט אונטער דעם איינפלוס פון דעם קאפיטאליסטישען קלאס פון א צוטיילטער, צוואווארפענער לאנד בעפעלקערונג, וואס האט מעהרסטענס נאך געהאלטען אין ערוואכען פון דער בעטויבונג פון פעאדאליזם, האט אט דער פארלאמענט נאר געבראכט אין איין קערפערשאפט אויף דעם פאליטישען פעלד די אלע גרויסע פאפו־לערע נעמען פון 1820־1848 און האט זיי דאן אלעמען פאלשטענ־דיג רואינירט. אלע בעריהמטע פיהרער פון מיטעלקלאס ליבערא־ליזם זיינען דא געווען פערזאמעלט. די בורזשואזיע האט ערווארט וואונדער; זי האט אבער געבראכט שאנד אויף זיך און אויף איה־רע פערטרעטער. דער אינדוסטריעלער און קאמערציעלער קאפי־טאליטישער קלאס האט געליטען א שווערע נידערלאגע אין דייטש־לאנד, ווי אין אירגענד וועלכען אנדערען לאנד; מען האט זיי צוערשט בעזיעגט, צובראכען און פארטריבען פון דער רעגירונג אין יעדען בעזונדערען שטאאט אין דייטשלאנד, און דאן האט מען זיי צושלאגען און בעדעקט מיט שאנד און שפאט אין דעם צענטרא־לען דייטשען פארלאמענט. דער פאליטישער ליבעראליזם, די הער־שאפט פון דער בורזשואזיע, צי אין א מאנארכיע, צי אונטער א רע־פובליקאנער רעגירונגס פארם, איז שוין קיינמאל ניט מעגליך אין דייטשלאנד.

אין דער לעצטער צייט פון זיין עקזיסטענץ, האט דער דייט־טשער פארלאמענט אויף אייביג בעדעקט מיט שאנד יענעם טייל, וואס האט זינט מערץ 1848 אנגעפיהרט די אפיציעלע אפאזיציאן;

די דעמאָקראַטען, וואָס האָבען פערטראָטען די אינטערעסען פון דעם קליינהענדלערישען און טיילווייז אויך פון דעם פּאַרמערשען קלאַס, אָט דער קליינבירגערליכער קלאַס האָט אין מאַי און יוני בע־קומען די מעגליכקייט אַרויסצואווייזען זיין פעהיגקייט צו בעשאַפען אַ שטאַנדהאַפטע רעגירונג אין דייטשלאַנד. מיר האָבען געזעהן, ווי ער איז אין דעם דורכגעפאַלען; ניט אַזוי פיעל צוליעב אונגינסטיגע אומשטענדען, ווי צוליעב אַן אמת'ער און שטענדיגער פייגהייט אין די אַלע באַוועגונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען זינט דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציאָן; צוליעב דעם, וואָס ער האָט אין פּאָליטיק אַרויסגעוויזען דעמזעלבען גייסט פון קורצזיכטיגקייט, שרעקעדיג־קייט און אונשטאַנדהאַפטיגקייט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זיינע קאָמערציעלע אָפּעראַציאָנען.

אין מאַי 1849 האָט דער קליינבירגערליכער קלאַס, אַ דאַנק אָט דער פּאָליטיק, פערלאָרען דעם צוטרויען פון דער אמת'ער קעמ־פענדער מאַסע פון אַלע אייראָפּעאישע אויפשטאַנדען, דעם אַר־בייטער קלאַס. דאָך אָבער האָט ער נאָך געהאַט אַ גוטען שאַנס. דער דייטשער פּאַרלאַמענט האָט איהם געהערט אויסשליסליך, נאָכ־דעם ווי די רעאַקציאָנערען און ליבעראַלען האָבען זיך צוריקגעצוי־גען. די לאַנד בעפעלקערונג איז געווען אויף זיין זייט. צוויי דריי־טעל פון די אַרמייען פון די קלענערע שטאַאטען, איין דריטעל פון דער פּרייסישער אַרמיי, די מאַיאָריטעט פון דעם פּרייסישען לאַנד־וועהר (רעזערוו אָדער מיליץ) זיינען גרייט צוצושטעהן צו איהם, ווען ער זאָל נאָר האַנדלען ענטשלאָסען און מיט יענעם מוט, וואָס קומט פון אַ קלאָרען איינבליק אין די סיטואַציאָן. אָבער די פּאָליטיקער, וואָס האָבען אָנגעפיהרט אָט דעם קלאַס, זיינען ניט געווען מעהר ווייטזעהענד, ווי די מאַסע קליינע הענדלער, וואָס זיי־נען נענאַנגען נאָך זיי. און עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז זיי זיינען נאָך מעהר פערבלענדט, נאָך פאַנאַטישער צוגעבונדען צו די אילוזיאָנען, וואָס זיי האָבען פרייוויליג אָנגעהאַלטען, נאָך לייכט־גלויבינער, נאָך אונפעהיגער צו האַנדלען מיט ענטשלאָסענהייט, איידער די ליבעראַלען. און זייער פּאָליטישע בעדייטונג איז אויך אַראָבגעזונקען טיף אונטער דעם פריהערפונקט. אָבער ניט האָבענדיג אויסגעפיהרט זייערע אַלטעגליכע, אויסגעדראָשענע פּרינציפּען אין

דער פּראַקטיק, זיינען זיי אונטער ז ע ה ר נינסטיגע אומשטענדען אויף אַ ווייַלע געוועזן פּעהיג אויף אַ ווידערבעלעבונג, ווען אַט די לעצטע האָפנונג איז ביי זיי אַוועקגענומען געוואָרען, פּונקט ווי זי איז אַוועקגענומען געוואָרען ביי זייערע קאָלעגען פון דער „ריינער דעמאָקראַטיע“ אין פראַנקרייך דורך דעם שטאַאטסשטרייך פון לואי באָנאַפּאַרט.

די נידערלאַגע פון דעם אויפשטאַנד אין זיד־וועסט דייטש־לאַנד און די צוטרייבונג פון דעם דייטשען פּאַרלאַמענט שליסען די געשיכטע פון דעם ערשטען דייטשען אויפשטאַנד. מיר דאַרפען נאָר איצט וואַרפען אַ לעצטען בליק אויף די זיעגרייכע מיטגליעדער פון דעם קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען בונד; דאָס וועלען מיר טהאָן אין נעקסטען קאַפּיטעל.

לאָנדאָן, סעפּטעמבער 1852.

---

[איך האָב פיעל נאָכגעזוכט, איך האָב אָבער אַט דעם „נעקס־טען קאַפּיטעל“, וואָס ווערט דערמאָנט אין דעם לעצטען פּאַראַגראַף, ניט געקענט געפינען; און אויב ער איז איבערהויפּט ווען עס איז אָנגעשריבען געוואָרען, איז ער אָבער זיכער קיינמאָר ניט פאַר־עפענטליכט געוואָרען.—

עלעאָנאָר מאַרקס־אַוועלינג.]

# דער אַכצעהנטער ברױמער פֿון לואי באָנאַפּאַרט

איבערזעצט פֿון דײטש — י. לעװין.

# פאָרוואָרט

דער 18־טער בריומער איז אַ דאַטום פון דעם קאַלענדאַר, וואָס די גרויסע רעוואָלוציע פון 1789 האָט געהאַט פאַר אַ צייט איינגעפיהרט אין פראַנקרייך. יענעם טאָג, דעם 18טען בריומער — דעם 8טען נאָוועמבער 1799 — האָט נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט, דער פראַנצויזישער גענעראַל, שפּעטער קאָנסול פון דער רעפּובליק און ענדליך „אימפּעראַטאָר פון די פראַנצויזען“ נאַפּאָלעאָן דער 1־טער, געמאַכט דעם שטאַאַט־שטרייך, די מלוכה־איבערקעהרעניש, וואָס האָט אויף דעם ענטשיידענסטען אופן פאַריאָגט דאָס רעפּובליקאַנישע פאָלק פון פראַנקרייך אין די אָרעמס פון דער מאָנאַרכיע. דעם צווייטען דעצעמבער 1851, מיט 52 יאָהר שפּעטער, האָט לואי באָנאַפּאַרט, „דעם גרויסען נאַפּאָלעאָן׳ס קליינער פלימעניק“, ווידער אַמאָל דורכגעמאַכט דעם זעלביגען שפּיעל, און ווידער אַמאָל איז די רעפּובליק, וואָס דאָס פאָלק האָט מיט דריי יאָהר צוריק אויסגעקעמפּט אויף די באַריקאַדען אין די גאַסען, אַריינגעפאַלען אין די מאָנאַרכיסטישע אָרעמס פון לואי באָנאַפּאַרט — פון דעם אימפּעראַטאָר נאַפּאָלעאָן דעם 3טען.

צוליב דער עהנליכקייט פון די אומשטענדען, אונטער וועלכע נאַפּאָלעאָן דער 3טער האָט דורכגעפיהרט זיין מלוכה־איבערקעהרעניש, צו די אומשטענדען, וואָס האָבען געפיהרט נאַפּאָלעאָן דעם 1טען צו דער אימפּעראַטאָרישער קרוין פון פראַנקרייך, האָט מאַרקס אַ נאָמען געגעבען זיין פאָרליגענדע אַרבייט — „דער אַכצעהנטער בריומער פון לואי באָנאַפּאַרט“.

„דער אַכצעהנטער בריומער“ איז איינע פון די גלענצענדסטע און גרינדליכסטע אַרבייטען פון מאַרקס׳ן, טראָץ דעם וואָס ער האָט עס געשריבען אין דער פאָרמע פון קאָרעספּאָנדענצען, וואָס האָבען זיך געזאָלט דרוקען אין אַן אַמעריקאַנער וואָכענשריפט,*) — גלענצענד ווי לויט

*) פון דער וואָכענשריפט איז גאָרנישט געוואָרען און אויף איהר פּלאַץ איז ערשינען אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל „די רעוואָלוציע“, און דער „18טער בריומער“ האָט פאַרנומען דעם גאַנצען צווייטען (און לעצטען) העפט פון דעם זשורנאַל. רעדאַקטאָר פון דעם זשורנאַל איז געוועזען מאַרקס׳ פּערזענליכער פריינד יאָזעף ווערדעמייער, שפּעטער אַקטיווער קעמפער אין דעם אַמעריקאַנער „בירגער־קריעג“.

דעם טיפען, קלאָרען און גרונטאָוונעם אַנאַליז פון די טרייב־כחות פון דער רעוואָלוציע און קאָנטער־רעוואָלוציע אין 1851—1848 אין פראַנק־רייך, אַזוי לויט דעם מערקווירדיגען סטיל, וועלכען דער אַלטער (וויל־העלם) ליעבקנעכט האָט כאַראַקטעריזירט אויף דעם פאָלגענדען אופן אין זיינע „עראינערונגען וועגען קאַרל מאַרקס“:

„די ווערטער פון ‚18טען בריומער‘ זיינען פיילען, שפּיזען, — דאָס „איז אַ סטיל, וואָס בראַנדמאַרקט, מאַכט טויט. אויב האַס, אויב פאַר־„ניכטונג, אויב זודיגע ליעבע צו פרייהייט האָבען ווען עס איז געפונען „אויסדרוק אין ווערטער, — פלאַמיגע, פאַרניכטענדע, דערהויבענע ווער־„טער, — איז עס זיכער אין דעם ‚18טען בריומער‘, וואו ס'טרעפען „זיך צונויף דער טיפער ערנסט פון אַ טאַציטוס און דער טויטענדער „וויץ פון אַ יואווענאַל מיט דעם הייליגען צאָרן פון אַ דאַנטע. דער „סטיל אין דעם ‚18טען בריומער‘ איז דאָס וואָס ער — דער סטילוס — „איז לכתחילה געווען אין די הענט פון די רוימער, אַ פאַרשפּיצטער „שטאָלענער שטיפט צו שרייבען און צו שטעכען.“

ווי מאַרקס דריקט זיך אויס, קאָן כמעט יעדער פיעל־וועניג באַדיי־טענדער קאַפּיטעל פון דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציע אין 1849־1848 באַצייכענט ווערען: „דער דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע“. און „דער 18טער בריומער פון לואי באָנאַפּאַרט“, אַזוי גוט ווי די „רעוואָ־לוציע און קאָנטער־רעוואָלוציע, אָדער דייטשלאַנד אין 1848“, זיינען דאָך באמת געשיכטען פון רעוואָלוציאָנערע נידערלאַגען. אָבער דאָס מאַכט ניט וועניגער וויכטיג דעם שטודיום פון די נידערלאַגען. זאָגט מאַרקס (איינ־לייטונג צום „קלאַסען־קאַמף אין פראַנקרייך“):

„די נידערלאַגען האָבען ניט דערשלאָגען די רעוואָלוציע. אַ טויט־„קלאַפּ האָבען געקראָגען די טראַדיציעס און אָפּגעלעבטע געדאַנקען פון „פאַר־דער־רעוואָלוציע, אַלץ וואָס האָט געשטאַמט פון די געזעלשאַפטליכע „פאַרהעלטענישען, וואָס זיינען נאָך ניט אַנטוויקעלט און פאַרשאַרפט „געוואָרען ביז צו דער מדרגה פון ענטשיידענע קלאַסען־געגענזאַצען; „עס זיינען געווען טויט־געשלאָגען די פּערזאָנען, איינבילדונגען, באַ־„גריפען און פּראָיעקטען, פון וועלכע די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי האָט „זיך ניט געהאַט באַפרייט, און פון וועלכע ס'וואָלט זי געקאָנט באַפרייען „ניט דער זיעג אין די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע (פעברואַר־רעוואָ־„לוציע), נאָר אַ גאַנצע רייה נידערלאַגען, וואָס האָבען נאָכגעפאָלט דעם „ערשטען זיעג.

„אין קורצען, דער פאָרטשריט פון דער רעוואָלוציע האָט זיך דורכ־„געשלאָגען אַ וועג ניט אַ דאַנק איהר אוממיטעלבאַרען טראַגי־קאָמישען „זיעג, נאָר, אין געגענטייל, אַ דאַנק דעם, וואָס זי האָט אַרויסגערופען „צום לעבען אַ מעכטיגע, ענג־געשלאָסענע קאָנטער־רעוואָלוציע און באַ־„שאַפען זיך אַ שונא, וואָס אין קאַמף מיט איהם איז די פּאַרטיי פון אַ

„פאַראיין פון בונטאַרען אויסגעוואַקסען און געוואָרען אַ רעוואָלוציאָנערע
„פאַרטיי".

דער „18טער בריומער" האָט נאָך עד היום ניט פאַרלאָרען זיין ווערט,
אַלס קוואַל און אָנציייגער פון רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק פאַר דעם רע־
וואָלוציאָנערען אַרבייטער־קלאַס און דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע
אין אַלע לענדער.

מאַרקס איז געווען אַ גרינדליכער קענער פון דער פראַנצויזישער
געשיכטע. בעת ער האָט געשריבען דעם „18טען בריומער", איז ער גע־
ווען אינגאַנצען וואָסערע 18 מאָנאַטען אין ענגלאַנד און האָט נאָך ניט
געהאַט, ווי שפּעטער, זיך פאַרטיפט אין דעם שטודיום פון ענגלישער עקאָ־
נאָמישער געשיכטע און עקאָנאָמישער ווירקליכקייט. זיינע מאַטעריאַלען
וועגען דעם קלאַסען־קאַמף און די קלאַסען־פאַרהעלטענישען, אַזוי גוט ווי
זיין אַנאַליז פון דער סאָציאַלער געשיכטע, האָט ער ביי יענער צייט געצוי־
גען פון דער ערפאַהרונג, וואָס פראַנקרייך האָט דורכגעמאַכט אין די 60
יאָהר, וואָס נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע (פון 1789). דערפאַר האָט
ער געהאַלטען פאַר אַזוי וויכטיג צו שטודירען און גרינדליך אויפקלערען
די איינצעלהייטען פון די פראַנצויזישע געשעהענישען. דאָס זאָגט ער
אַרויס אין אַ באַמערקונג צו אַ שפּעטערדיגער אויסגאַבע פון דעם „18טען
בריומער":

„... פראַנקרייך איז בכלל אַ לאַנד, וואו דער קאַמף פון די קלאַסען
„אין דער געזעלשאַפט האָט זיך אַלע מאָל אַרויסגעוויזען דייטליכער, איי־
„דער וואו־עס־איז אַנדערש, און וואו די פאַרשיידענע פּאָליטישע פאָרמען
„פון דעם קלאַסען־קאַמף און זיינע רעזולטאַטען זיינען אַלעמאָל געווען
„זעהר קענטיג. די היים פון דער פעאָדאַלער אָרדנונג אין דעם מיטעל־
אַלטער, און דאָס קלאַסישע לאַנד פון אַן איינהייטליכער שטאַנדען־מאָנאַר־
„כיע זינט דער צייט פון „רענעסאַנס", האָט פראַנקרייך אין דער גרויסער
„רעוואָלוציע גרינדליך אָפּגעשאַפט דעם פעאָדאַליזם און באַפעסטיגט די
„ריינע הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע אַזוי מוסטערהאַפט־טיפּיש, ווי אין
„קיין אַנדער לאַנד אין אייראָפּאַ. און פּונקט אַזוי קלאָר און שאַרף, קלאָ־
„רער און שאַרפער ווי אין וועלכען אַנדער לאַנד, טרעט אַרויס אין פראַנק־
„רייך אין אַלע קעמפע, זינט נאָך דער רעוואָלוציע, דער קאַמף צווישען
„דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס ווערט אַלץ קרעפטיגער, און דער הערשענדער
„בורזשואַזיע. אָט פאַר וואָס עס איז אינטערעסאַנט צו לערנען די פאַר־
„גאַנגענהייט פון פראַנקרייך. וואָס איז שייך דעם שטאַאַטס־שטרייך פון
„1851, האָט ער דעמאָלט געטראָפען די גאַנצע פּאָליטישע וועלט, ווי אַ
„בליץ פון העלען הימעל. איינציגע האָבען איהם פאַרדאַמט מיט דער
„טיפסטער ענטריסטונג; אַנדערע האָבען איהם באַגריסט, ווי אַ געגען־
„גיפט צו דער רעוואָלוציע און ווי אַ שטראָף פאַר איהרע פעהלערן, —

„אָבער אַלע אָהן אויסנאַם האָבען זיך אויף איהם געוואונדערט, ניט האָ־
בענדיג פאַרשטאַנען זיין זינען....“

עס פאָדערט זיך וועניגער פון אַלץ אַן ערקלערונג, פאַר וואָס „דער
אַכֿצעהנטער בריומער“ זאָל ערשיינען אין אידיש צווישען די אויסגע־
וועהלכֿע שריפטען פון מאַרקס'ן. אוויף וויפיעל אַזאַ ערקלערונג איז
ווירקליך נויטיג, וועלען די ביז־אַהעריגע פאָר באַמערקונגען געוויס גע־
נוגענד זיין. עס לאָזט זיך נאָך צוגעבען, אַז גראָד איצטער, נאָכֿדעם ווי
דער וועלט־קריעג און די רוסישע רעוואָלוציע האָבען געשטעלט אַזוי פיעל
פּאָליטישע ערפאַהרונגען אויף דעם פּרוביר־שטיין פון דער ווירקליכֿקייט,
וועט מאַרקס'עס „דער אַכֿצעהנטער בריומער“ אַרויסרופען אַזוי פיעל
פרוכֿטבאַרע געדאַנקען, ווי וועניג אַנדערע ווערק פון דעם כֿאַראַקטער.
האָפענטליך וועט עס דעם אידישען לעזער „גוט־טאָן“.

י. ב. ס.

# I

העגעל בעמערקט ערגעץ, אז אלע גרויסע היסטארישע געשע־
הענישען און פערזאנען קומען פאר אזוי צו זאגען צוויי מאל. ער
האט נאר פארגעסען צוצוגעבען: „איינמאל אלס טראגעדיע, דאס
צווייטע מאל אלס פארס“. קאסידיאער אנשטאט דאנטאן,
לואי בלאן אנשטאט ראבעספיער, די „מאנטאניארען“ פון
1848־51 אנשטאט די „מאנטאניארען“ פון 1793־95, דער פלי־
מעניק אנשטאט דעם גרויסען פעטער. און די זעלביגע קארי־
קאטור מערקט זיך אויך אין די אומשטאנדען, ביי וועלכע עס איז
ארויסגעגעבען געווארען די צווייטע אויפלאגע פון דעם אכצענטען
ברומער.

די מענשען מאכען זייער אייגענע געשיכטע, אבער זיי מאכען
זי ניט פון פרייען שטאף; זיי מאכען זי אונטער אומשטאנדען,
וועלכע זיי וועהלען ניט אליין, נאר וועלכע זיי געפינען גרייט. די
טראדיציע פון אלע פארגאנגענע דורות ליעגט ווי א
שווערע לאסט אויף דעם מח פון דעם לעבעדיגען מענשען. און בשעת
מענשען ווייזען אויס צו זיין בעשעפטיגט מיט רעוואלוציאניזירען
זיך אליין און די זאכען ארום, מיט שאפען נייעס, וואס איז נאך
קיינמאל פריהער ניט געווען, גראד אין אזעלכע צייטען פון א רע־
וואלוציאנערען קריזיס רופען זיי ארויס, מיט מורא און אפשיי, זיך
צו הילף, די גייסטער פון דער פערגאנגענהייט; זיי לייהען זייערע
נעמען, לאזונגען און אפילו קאסטיומען, כדי אויפצופיהרען נייעס
אויף דער געשיכטליכער סצענע, אין א געליהענער שפראך און אין
קליידונג, וואס איז פארעהרט צוליב איהר טיפען עלטער. אזוי
האט זיך לוטער מאסקירט אלס אפאסטאל פאוועל; אזוי האט
די רעוואלוציע פון 1789־1814 זיך דראפירט איין צייט אלס
רוימישע רעפובליק און איין צייט אלס רוימישע אימפעריע; אזוי
האט די רעוואלוציע פון 1848 ניט געפונען קיין בעסערס ווי צו
פארודירען איין צייט דאס יאהר 1789 און איין צייט די רע־

וואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון 1793-95. אזוי איבערזעצט דער אָנפאַנגער, וואָס לערנט אַ נייע שפּראַך, אַלץ צוריק אין זיין מוטערשפּראַך; אָבער ערסט דאַמאָלסט באַהערשט ער דעם גייסט פון דער נייער שפּראַך און איז בכח פריי אויסצודריקען זיך אין איהר, ווען ער קאָן זיך בעוועגען אין איהר, ניט דערמאָנענדיג זיך אָן דער אַלטער שפּראַך; ווען ער פערגעסט אין איהר זיין מוטער־שפּראַך.

ביים בעטראַכטען די וועלט־געשיכטליכע בעשווערונגען פון די פאַרשטאָרבענע דורות ווייזט זיך גלייך אַרויס אַ בולט'ער אונטער־שייד צווישען דער פאַרגאַנגענהייט און דער געגענוואַרט. קאַמיל דעמולען, דאַנטאָן, ראָבעספּיער, סען־זשוסט, נאַפּאָלעאָן, די העלדען אזוי גוט ווי די פּאַרטייען און די מאַסען פון דער אַלטער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבען אין רוימישע קאָסטיומען און מיט רוימישע פראַזען ערפילט די אויפגאַבע פון זייער צייט — די בעפרייאונג און די אויפבויאונג פון דער מאָדערנער בורזשואַזער געזעלשאַפט. פון זיי האָבען די ערשטע (קאַמיל דעמולען, דאַנטאָן א. א.) צוטיילט אויף שטיקער דעם פעאָדאַלען לאַנד־בעזיץ און האָבען אָפּגעשניטען די פעאָדאַלע קעפּ, וואָס זיינען אויף איהם געוואַקסען. און נאַפּאָלעאָן האָט געשאַפען אין פראַנקרייך גופא די בעדינגונגען, ביי וועלכע די פרייע קאָנקורענץ האָט זיך ערשט געקאָנט ענטוויקלען, דאָס צוטיילטע לאַנד — געקאָנט עקס־פּלואַטירט ווערען, די בעפרייטע פּראָדוקציאָנס־קראַפט פון פאָלק — געקאָנט אויסגענוצט ווערען; און אויסער די גרעניצען פון פראַנקרייך האָט ער אומעטום בעזייטיגט די פעאָדאַלע איינ־ריכטונגען, אויף וויפיעל דאָס איז נויטיג געווען צו שאַפען פאַר דער בורזשואַזער געזעלשאַפט אין פראַנקרייך אַ פּאַסענדע און צו דער צייט צוגעפּאַסטע סביבה אויף דעם אייראָפּעאישען קאָנטינענט. און איז די נייע געזעלשאַפטליכע פאָרמאַציע איינמאָל געבראַכט געוואָרען צום לעבען, זיינען פאַרשוואונדען די ריזען פון פאַר'ן דור המבול און צוזאַמען מיט זיי די רוימישע וועלט, וואָס איז צו תחית המתים אויפגעשטאַנען — די אַלע ברוטוסען, גראַקכען, פּובלי־קאָלאַס, די טריבונען, סענאַטאָרען און אויך צעזאַר אַליין. די בור־זשואַזע געזעלשאַפט האָט אין איהר ניכטערער ווירקליכקייט אַרויס־

געגעבען איהרע אייגענע אויסטייטשער און וואָרט־פיהרער אין דער פּערזאָן פון די סעיס, קוזענס, רואיע־קאָלאַרד׳ס, בענזשעמען־קאָנסטאַנס און גיזאָס; איהרע אמת׳ע גענעראַלען האָבען זיך אַוועקגעזעצט אין די קאַנצעלאַריעס הינטער די שרייבטישען, מיט לואי XVIII אַלס פּאַפּירענעם פּאָליטישען פיהרער. אריינ־געטאָן מיט אַלע איהרע כחות אין דער פּראָדוקציאָן פון רייכטום און אין דעם פרידליכען קאָנקורענץ־קאַמף האָט די בורזשואזע גע־זעלשאַפט ניט געקענט מעהר בעגרייפען, אז די גייסטער פון דער צייט פון די רוימער זיינען געשטאַנען ביי איהר וויגעלע. אָבער ווי אונהעלדיש די בורזשואזע געזעלשאַפט איז ניט, איז דאָך נויטיג געווען גענוג העלדישקייט, אָפּפערפעהיגקייט, טעראָר, בירגערקריג און פעלקער־שלאַכטערייען, כדי זי אויף דער וועלט צו ברענגען. און איהרע גלאַדיאַטאָרען האָבען אין די שטרענגע קלאַסישע טראַ־דיציעס פון דער רוימישער רעפּובליק געפונען די אידעאַלען און די קונסטפאָרמען, די מעגליכקייטען צו אָפּנאַרען זיך אליין, וואָס זיי האָבען בעדאַרפט, כדי צו פערבאָרגען פון זיך אליין דעם ענגען בורזשואזען אינהאַלט פון זייער קאַמף און צו האַלטען זייער ליידענ־שאַפט אויף דער הויך פון אַ גרויסער היסטאָרישער טראַגעדיע. אזוי האָבען מיט הונדערט יאָהר פריהער, אויף אַן אנדער ענטוויקלונגס־שטופע, קראָמוועל און דאָס ענגלישע פאָלק ארויסגענומען פון דעם תנך די שפּראַך, די ליידענשאַפטען און אילוזיעס פאַר זייער בורזשואזער רעוואָלוציע. אָבער ווען די אמת׳ע צייט איז געקומען, ווען די בורזשואזע איבערבויאונג פון דער ענגלישער געזעלשאַפט איז פאַרענדיגט געוואָרען, האָט לאָק ארויסגעשטויסען חבקוק׳ן.

דאָס ארויסרופען צום לעבען די טויטע אין דער צייט פון יענע רעוואָלוציעס האָט אַלזאָ געהאַט אַלס ציעל צו פאַרשענערען דעם נייעם קאַמף און ניט נאָכצומאַכען דעם אַלטען; צו מאַכען גרעסער אין דער פאַנטאַזיע די געגעבענע אויפגאַבע און ניט צוריק־ציהען זיך פאַר איהר פּראַקטישער לעזונג; צו געפינען פון דאָס ניי דעם גייסט פון דער רעוואָלוציע און ניט בלויז צו לאָזען איהר שאָטען אומוואַנדערן איבער דער וועלט.

אין 1848-51 האָט נאָר ארומגעוואַנדערט דער שאָטען פון דער אַלטער רעוואָלוציע, אָנהויבענדיג פון מאַראַסט, דעם „רע־

פּובליקאַנער אין געלע האַנטשעך", וואָס האָט זיך מאַסקירט אַלס דער אַלטער באַיללי, און ענדיגענדיג מיט דעם אַוואַנטוריסט, וואָס האָט בעהאַלטען זיינע געמיין־העסליכע שטריכען אונטער דער אייזערנער טויטענמאַסקע פון נאַפּאָלעאָנען. אַ גאַנץ פאָלק, וואָס האָט געדענקט, אַז עס האָט זיך דורך אַ רעוואָלוציע פערשאַפען אַ פאַרשנעלערטע בעוועגונגס־קראַפט, האָט זיך פּלוצלונג אַרומגעזעהן, אַז עס איז צוריקגעשטויסען געוואָרען אין אַ פאַרשטאָרבענע עפּאָכע; און כדי עס זאָל קיין טעות ניט מעגליך זיין וועגען דעם צוריקשטויס, זיינען אויפגעשטאַנען תחית המתים די אַלטע דאַטען, דער אַלטער לוח, די אַלטע נעמען, די אַלטע דעקרעטען, וואָס זיינען שוין לאַנג אַוועק אין רשות פון דער אַנטיקוואַרישער לומדות, און אפילו דער אינסטיטוט פון די אַלטע דאָרפסריכטער, וואָס האָבען שוין לאַנג געשיינט צו זיין צופוילט. דאָס פאָלק האָט בעקומען דעם אויסזעהן פון דעם משוגע'נעם ענגלענדער אין בעדלאַם, וואָס האָט זיך איינגערעדט, אַז ער לעבט אין דער צייט פון די אַמאָליגע פרעה'ס און האָט זיך יעדען טאָג צו בעקלאָגען אויף דער שווערער אַרבייט, וואָס ער מוז טאָן אין די מצרישע בערג־גרובען אַלס גאָלד־גרעבער; ער איז איינגעמויערט אין אַן אונטערערדישע טורמע; זיין קאָפּ צוגעבונדען מיט אַ טונקעל־לייכטענד לעמפעל; הינטער איהם שטעהט אַ שקלאַפען־אויפזעהער מיט אַ בייטש אין דער האַנט; ביים אַרויסגאַנג פון גרוב געפינט זיך אַ גאַנצע מחנה באַרבאַרישע קנעכט, וואָס פאַרשטעהען ניט די צוואַנג־אַרבייטער אין גרוב און ניט איינער דעם אַנדערען, ווייל זיי רעדען ניט אויף איין און דערזעלביגער שפּראַך. „און דאָס אַלץ — זיפצט נעבעך דער משוגע'נער ענגלענדער, — ווערט געפאָדערט פון מיר, דעם פרייגעבאָרענעם ענגלענדער, כדי צו צאָהלען די חובות פאַר די פרעה'ס." „כדי צו צאָהלען די חובות פון דער פאַמיליע באָנאַפּאַרט" — זיפצט דאָס פראַנצויזישע פאָלק. דער ענגלענדער האָט זיך ניט געקאָנט בעפרייען פון זיין אידעע־פיקס פון גאָלד־גראָבען, כל זמן ער איז געווען ביים זינען: די פראַנצויזען האָבען זיך ניט געקאָנט בעפרייען פון נאַפּאָלעאָנס אַנדענקען, כל זמן זיי זיינען געווען אַריינגעטאָן אין רעוואָלוציע, ווי עס האָבען בעוויזען די וואַהלען פון 10־טען דעצעמבער. זיי האָבען געשטרעבט צו אַנט־

לויפען פון די נעפאהרען פון דער רעוואָלוציע צוריק צו דעם סיר־הבשר, דעם פלייש־טאָפּ פון מצרים, און דער 2־טער דעצעמבער 1852 איז געווען דער ענטפער. זיי האָבען אפילו ניט בעקומען די קאריקאטור פון דעם אלטען נאפּאָלעאָן; זיי האָבען בעקומען דעם אלטען נאפּאָלעאָן אליין, ווי ער האָט געמוזט ערשיינען אין קאריקאטור אין מיטען פונ׳ם ניינצעהנטען יאהרהונדערט.

די סאָציאלע רעוואָלוציע פונ׳ם 19־טען יאהרהונדערט קאָן ניט שעפּען איהר פּאָעזיע פון דער פארגאנגענהייט, נאָר בלויז פון דער צוקונפט. זי קאָן ניט אָנגעהן מיט איהר אַרבייט כל זמן זי האָט ניט אויסגעשטראָכען אלע אבערגלויבענס פון דער פארגאנ־גענהייט. די פריהערדיגע רעוואָלוציעס האָבען זיך גענויטיגט אין די אלטע געשיכטליכע זכרונות, כדי צו פארשיכור׳ן זיך מיט זייערע אייגענע לאָזונגען. די רעוואָלוציע פונ׳ם 19־טען יאָהרהונדערט דארף לאָזען די טויטע מקבר זיין זייערע טויטע, כדי אַרויסצוגעהן מיט איהרע אייגענע לאָזונגען. דאָרטען איז די פראזע געשטאנען העכער, איבער דעם אינהאלט, דאָ שטעהט דער אינהאלט העכער פון דער פראזע.

די פעברואר־רעוואָלוציע איז געווען א פּלוצלונגדיגע, אן אי־בעררּאשונג פאר דער אלטער געזעלשאפט, און דאָס פאָלק האָט פּראָקלאמירט אָט די אונערוואַרטעטע מלוכה־איבערקעהרעניש אלס היסטאָרישע פּאסירונג, וואָס האָט געפענט א נייע עפּאָכע. דעם 2־טען דעצעמבער איז די פעברואר־רעוואָלוציע אויסגעשפּאסט און אויסגעלאַכט געוואָרען דורך די קונצען פון א פאלשען פאר־בלענדער; און אויב עטוואָס איז אומגעוואָרפען געוואָרען, איז דאָס ניט די מאָנארכיע, נאָר די ליבעראלע קאָנצעסיעס, וואָס זיינען ביי איהר אַרויסגעריסען געוואָרען דורך א לאנגען קאמף אין משך פון יאהרהונדערטער. אנשטאט דעם, אז די געזעלשאפט זאָל פאר זיך אליין עראָבערן א נייעם אינהאלט, האָט זיך די מלוכה צוריק־געקעהרט צו איהר גאָר אלטער פאָרם, צו דער אונפארשעמטער הערשאפט פון דער סאבליע און דעם קנוט. אזוי האָט אויף דעם מלוכה־קלאפּ (קו־דע־מען) פון פעברואר 1848 געענטפערט די מלוכה־איבערקעהרעניש (קו־דע־טעט) פון דעצעמבער 1851. ווי גע־וואונען אזוי פארשפּילט. די צווישענצייט איז דערווייל פאָרי־

בער ניט אָהן נוצען. די פראַנצויזישע געזעלשאַפט האָט אין משך פון די יאָהרען 1848־1851 דורכגעמאַכט אויף אַ קירצערען, ווייל רעוואָלוציאָנערען, אופן די לעקציעס און ערפאַהרונגען, וואָס וואָל־טען ביי אַ געוועהנליכער, אַזוי צו זאָגען — שולמעסיגער ענט־וויקלונג געדאַרפט קומען פאַר דער פעברואַר רעוואָלוציע, ווען זי וואָלט נאָר געווען עפּעס מעהר איידער אַן אויבערפלעכליכע אויפרו־דערונג. די פראַנצויזישע געזעלשאַפט, ווייזט אויס, איז איצט צו־ריקגעטראָטען הינטער איהר אויסגאַנגס־פונקט; אין דער אמת'ען אָבער האָט זי געדאַרפט צוערשט שאַפען איהר רעוואָלוציאָנערען אויסגאַנגס־פונקט, די לאַגע, די פאַרהעלטנישען, די בעדינגונגען, וואָס נאָר אונטער זיי אַליין ווערט די מאָדערנע רעוואָלוציע ערנסט.

בורזשואַזע רעוואָלוציעס, ווי די רעוואָלוציעס פונ'ם 18־טען יאָהרהונדערט, געהען אַלץ שנעלער און מיט שטורעם פון ערפאָלג צו ערפאָלג; זייערע סצענישע עפעקטען איבערשטייגען איינער דעם אַנדערען; עס זעהט אויס, ווי מענשען און זאַכען וואָלטען פאַר־וואַנדעלט געוואָרען אין פייערדיגע בריליאַנטען. עקסטאַז איז דער הערשענדער גייסט. אָבער אַזעלכע רעוואָלוציעס דויערן ניט לאַנג; זיי דערגרייכען באַלד זייער העכסטען פונקט, און דאַמאַלסט נעהמט אַ היסטערישע רעאַקציע אַרום די געזעלשאַפט, איידער זי לערנט זיך נאָך אויס רוהיג צו בענוצען זיך מיט די רעזולטאַטען פון איהר שטורם און דראַנג־פעריאָד. פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס, פאַר־קעהרט, ווי די רעוואָלוציעס פון 19־טען יאָהרהונדערט, קריטיקי־רען כסדר זיך אַליין; רייסען זיך אַליין איבער אין זייער גאַנג, קו־מען צוריק צו דעם, וואָס עס האָט אויסגעזעהן, אַז עס איז שוין דורכגעפיהרט, כדי עס אָנצוהויבען פון דאָס ניי; לאַכען גרויזאַם־גרינדליך אויס אַלע האַלבקייטען, שוואַכקייטען און רחמנות'ן פון זייערע ערשטע פּראָבען; זיי וואַרפען, דוכט זיך, נאָר אום זייער געגנער, כדי ער זאָל זיך אָנזויגען מיט נייער קראַפט פון דער ערד און ווי אַ ריז זיך ווידער שטעלען זיי אַנטקעגען; זיי טרעטען אַלץ ווידער אָפּ אין שרעק פאַר דער אונבעגרענעצטער אונגעהייערער גרויס פון זייער ציעל, ביז עס ווערט געשאַפען אַ לאַגע, וואָס מאַכט אוממעגליך יעדען אומקעהר צוריק, און די פאַרהעלטניסען אַליין רופען אויס:

„דאָ איז ראָדאָס, דאָ שפּרינג”.*)

יעדער דורכשניטליכער בעאָבאַכטער האָט אויך געמוזט בע־נעהמען, ווען ער האָט אפילו ניט טריט ביי טריט נאָכגעפאָלגט דעם גאַנג פון דער פראַנצויזישער ענטוויקלונג, אַז דער רעוואָלוציע איז בּאַרגעשטאַנען אַן אונערהערטער דורכפאַל. עס איז געווען גענוג צוצוהערען זיך צו די זעלבסטצופרידענע נצחון־אויסגעשרייען, מיט וועלכע די דעמאָקראַטען האָבען איינער דעם אַנדערען בעגריסט מיט די בעגנעדיגונגען פון דעם 2־טען מאַי פון 1852, כדי דאָס צו פערשטעהן. דער 2־טער מאַי איז אין זייערע קעפּ געוואָרען אַן אידעע פיקס, א דאָגמע, פּונקט אזוי ווי דער טאָג, אין וועלכען קריסטוס דאַרף ווידער ערשיינען און ווען עס דאַרף אָנקומען משיח’ס צייט אויף דער ערד, — איז געוואָרען א דאָגמע אין די קעפּ פון די כיליאַסטישע סעקטאַנטען. די שוואַכקייט האָט ווי אַלע מאָל גע־פונען איהר עיר מקלט אין א נס; זי האָט גערעכענט דעם פיינד פאַר בעזיגט, ווען זי האָט איהם פאַר’כשופ’ט אין איהר אייגענער פאַנ־טאַזיע, און זי האָט פאַרלאָרען יעדען חוש פאַר דער געגענוואַרט איבער איהר פאַסיווער פאַרהימלונג פון דער צוקונפט, וואָס איז פאַר איהר געשטאַנען, און פון די מעשים, וואָס זי אָט געהאַט גרייט אין געהיים, אָבער וואָס זי האָט נאָך ניט געוואָלט ארויס־וויזען. די העלדען, וואָס האָבען געוואָלט אָפּלייקענען זייער בע־וויזענע אומפעהיגקייט דערמיט, וואָס זיי האָבען איינער דעם אַנ־דערען אַרויסגעוויזען זייער מיטלייד און פאַרקליבען זיך צוזאַמען, האָבען איינגעפּאַקט זייערע פּעקלעך, גענומען מיט זיך זייערע לאָר־בער־קראַנצען, אויפ’ן חשבון פון צוקינפטיגע פאַרדינסטען, און זיינען געווען בעשעפטיגט מיט דיסקאָנטירען אויף דער בערזע „אין פּאַרטיבוס” (אין דער פרעמד), די רעפּובלי־קען, פאַר וועלכע זיי האָבען אין דער שטיל, בעשיידען און פאַר־זיכטיג אָרגאַניזירט דעם גאַנצען רעגירונג־אַפּאַראַט און פערסאָנאַל. — אָט די העלדען האָט דער 2־טער דעצעמבער געטראָפען ווי א דונער פון לויטערן הימעל; און די פעלקער, וואָס לאָזען גערן אין די צייטען פון אראָפּגעפאַלענקייט פערטויבען זייער שרעק דורך

*) אָנדייטונג אויף עזאָפּ’ס א פאַבעל. — איבערז.

שרייער און פּילדרעער, וועלען זיך פּילייכט איבערצייגען, אז עס זיינען פאַריבער די צייטען, ווען דער געשריי פון גענז האָט געקאָנט ראַטעווען א שטאָדט.

די קאָנסטיטוציע, די נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג, די דינאַסטישע פּאַרטייען, די בלויע און רויטע רעפּובליקאַנער, די העלדען פון אַפ־ריקע, דאָס דונערן פון דער טריבונע, די בליצען פון דער טעגליכער פּרעסע, די גאַנצע ליטעראַטור, די פּאָליטישע נעמען און די גייס־טיגע רענאָמעען, דאָס בירגערליכע און קרימינעלע געזעץ, די פריי־הייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט און דער 2־טער מאַי פון 1852 — אַלץ איז פערשוואונדען ווי א פאַנטאַסמאַגאָריע פאַר דעם שפּרוך פון א מאַן, וועמען אפילו זיינע פיינד האָבען ניט געהאַלטען פאַר קיין מכשף. דאָס אַלגעמיינע וואהל־רעכט איז נאָר אויף א ווײַלע, ווייזט אויס, פאַרבליבען, כדי עס זאָל מיט זיינע אייגענע הענט און פאַר די אויגען פון דער גאַנצער וועלט אָנשרייבען זיין צוואה און זאָל אינ׳ם נאָמען פונ׳ם פאָלק אליין ערקלערען: „אַלץ, וואָס עקזיסטירט, פאַרדיענט נאָר פאַרלאָרען צו געהן“.

עס איז ניט גענוג צו פאַרענטפערען זיך, ווי די פראַנ־צויזען טוען עס, אז זייער נאַציאָן איז געוואָרען איבערראַשט. א נאַציאָן קאָן מען פונקט אזוי ווייניג פאַרגעבען, ווי א פרוי, די אומפאַרזיכטיגקייט און ניטאָפּגעהיטקייט, ווען דער ערשטער בעס־טער אַוואַנטיוריסט קאָן זי פאַרגוואַלטיגען. די רעטעניש ווערט מיט אַזעלכע איינווענדונגען ניט געלעזט, זי ווערט דערמיט נאָר אַנדערש פאָרמולירט. עס בלייבט דאָך צו ערקלערען, ווי אזוי האָט א נאַציאָן פון 36 מיליאָן געקאָנט איבערראַשט ווערען פון דריי שווינדלער און פערשפאַרט ווערען אין געפענגניש אָהן ווידערשטאַנד.

לאָמיר אין קורצען און אין אַלגעמיינע שטריכען איבערגעבען די פאַזען, וועלכע די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט דורכגעמאַכט פון 24־טען פעברואַר 1848 ביז דעצעמבער 1851.

דריי פעריאָדען לאָזען זיך לייכט אָנצייכענען: 1) ד ע ר פ ע ב ר ו א ר־פ ע ר י אָ ד, פ ו ן 2 4 ־ט ע ן פ ע ב ר ו א ר ב י ז ד ע ם 4 ־ט ע ן מ אַ י 1 8 4 8; 2) ד ע ר פ ע ר י אָ ד פ ו ן ק אָ נ ס ט י ט ו א י ר ע ן ד י ר ע פ ו ב ל י ק, אָ ד ע ר פ ו ן ד ע ר ק אָ נ ס ט י ט ו א י ר ע נ ד ע ר פ א ר ז א מ־

זאַמלונג — פון 4־טען מאַי 1848 ביז צום 29־טען מאַי 1849; 3) דער פּעריאָד פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער רעפּובליק אָדער פון דער געזעצגעבערישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג — פון 29־סטען מאַי ביז צום 2־טען דעצעמבער 1851.

דער ערשטער פּעריאָד — פונ'ם 24־סטען פעברואַר, ווען מען האָט אַרונטערגעוואָרפען לואי פיליפּ'ען, ביז צום 4־טען מאַי 1848, ווען די קאָנסטיטואירענדע פאַרזאַמלונג האָט זיך צונויפגעקליבען. דער איינגענטליכער פעברואַר־פּעריאָד קאָן פאַררעכענט ווערען אַלס פאָרשפּיעל צו דער רעוואָלוציע. זיין כאַראַקטער האָט זיך אָפיציעל אויסגעדריקט אין דעם, וואָס די רעגירונג, וועלכע ער האָט צוזאַמענגעשטעלט, האָט זיך ערקלערט אַלס צייטווייליגע; און ווי די רעגירונג, אַזוי האָט אויך אַלץ, וואָס איז אין דעם פּעריאָד אָנגעמערקט, געפּרובירט און פאַרעפענטליכט געוואָרען, זיך ערקלערט פאַר צייטווייליג. קיינער און קיינזאַך האָט ניט געוואַגט צו נעהמען זיך דאָס רעכט פון שטענדיגער עקזיסטענץ און פון ווירקליכע מעשים. אַלע עלעמענטען, וואָס האָבען צוגעגרייט אָדער בעשטימט די רעוואָלוציע — די דינאַסטישע געגנער, די רעפּובליקאַנישע בורזשואַזיע, די דעמאָקראַטיש־רעפּובליקאַנישע קליינבירגער, די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבייטער, — אַלע האָבען צייטווייליג בעקומען אַ פּלאַץ אין דער פעברואַר־רעגיערונג.

און אַנדערש האָט ניט געקאָנט זיין. די פעברואַר־טעג האָבען צוערשט געהאַט אַלס ציעל צו רעפאָרמירען דאָס וואַהל־געזעץ, אַזוי אַז עס זאָל פאַרברייט ווערען דער קרייז פון די פּאָליטיש־פּריווילעגירטע צווישען דעם פאַרמעגליכען קלאַס און עס זאָל אַרונטערגעוואָרפען ווערען די הערשאַפט פון דער פינאַנץ־אַריסטאָקראַטיע. ווען עס איז אָבער געקומען צום אמת'ען קאָנפליקט, ווען דאָס פאָלק האָט אויפגעבויט באַריקאַדען, ווען די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע האָט זיך פערהאַלטען פּאַסיוו, ווען די אַרמיי האָט ניט אַרויסגעוויזען קיין ערנסטען ווידערשטאַנד און די קעניגליכע רעגירונג איז אַנטלאָפען — איז די רעפּובליק געוואָרען אַ זעלבסטפאַרשטענדליכע זאַך. יעדע פּאַרטיי האָט אויסגעטייטשט די רעפּובליק אויף איהר

איינגענעם אופן. דער פּראָלעטאַריאַט האָט זי געוואונען מיט געוועהר אין דער האַנט און האָט אויף איהר דעריבער ארויפגעלעגט זיין שטעמפּעל און פּראָקלאַמירט זי אַלס ס אָ צ י אַ ל ע ר ע פּ ו ב־ ל י ק. אַזוי איז אָנגעוויזען געוואָרען דער אַלגעמיינער אינהאַלט און ציעל פון דער מאָדערנער רעוואָלוציע, דער ציעל, וואָס איז געווען אין פולסטען ווידערשפּרוך מיט אַלץ, וואָס האָט געקאָנט אונמיטעלבאַר דורכגעפיהרט ווערען ביי דעם געגעבענעם מאַטע־ ריאַל, ביי דער דערגרייכטער בילדונגסשטופע פון דער מאַסע און ביי די געגעבענע אומשטאַנדען און פאַרהעלטניסען. פון דער אַנ־ דער זייט זיינען אנערקענט געוואָרען די פּרעטענזיעס פון די איבע־ ריגע עלעמענטען, וואָס האָבען בייגעהאָלפען דער פעברואַר־רעוואָ־ לוציע, דורך דעם גרויסען פּלאַץ, וואָס זיי האָבען בעקומען אין דער רעגירונג. מיר געפינען דעריבער ניט אין קיין אַנדער פּעריאָד אַ מעהר פאַרשיעדענפאַרביגען געמיש פון הויך־קלינגענדיגע פראַזען און פאַקטישער אונזיכערהייט און אומבעהאָלפענקייט; פון ענטו־ זיאַסטישערע שטרעבונגען צו נייעם און פון גרינדליכערער הער־ שאַפט פון אַלטער רוטינע; פון מעהר שיינליכער האַרמאָניע פון דער גאַנצער געזעלשאַפט און פון טיעפערער פאַרפרעמדונג פון איהרע עלעמענטען. בשעת דער פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט האָט בע־ גייסטערט אָנגעקוואָלען פון די ברייטע פּערספּעקטיווען, וואָס האָבען זיך פאַר איהם געעפענט, און האָט זיך אריינגעלאָזען אין ערנסטע דיסקוסיעס וועגען די סאָציאַלע פּראָבלעמען, האָבען די אַלע כחות פון דער געזעלשאַפט זיך גרופּירט, געזאַמעלט, בעדענקט און גע־ פונען אַן אונערוואַרטעטע שטיצע אין דער פאָלקס־מאַסע, אין די פויערים און קליינבירגער, וואָס האָבען זיך אַלע מיט אַמאָל אַ וואָרף געטאָן אויף דער פּאָליטישער סצענע, נאָכדעם ווי עס זיינען געפאַלען די צוימען פון דער יולי־מאָנאַרכיע.

דער צ ו ו י י ט ע ר פּ ע ר י אָ ד — פון׳ם 4־טען מאַי 1848 ביז סוף מאַי 1849 — איז דער פּעריאָד פון ק אָ נ ס ט י־ ט ו א י ר ע נ, פון ב ע ג ר י נ ד ע ן ד י ב י ר ג ע ר־ ל י כ ע ר ע פּ ו ב ל י ק. גלייך נאָך די פעברואַר־טעג האָבען ניט נאָר די רעפּובליקאַנער איבעראַשט די אָפּאָזיציע, און די סאָ־ ציאַליסטען די רעפּובליקאַנער, נאָר פּאַריז האָט איבעראַשט גאַנץ

פראַנקרייך. די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, וואָס האָט זיך צונויפ־
געקליבען דעם 4־טען מאַי 1848 און איז געווען געוועהלט פונ'ם
גאַנצען פאָלק, האָט רעפּרעזענטירט די נאַציאָן. זי איז געווען א
לעבעדיגער פּראָטעסט געגען די פּרעטענזיעס פון די פעברואר־טעג
און האָט געזאָלט צוריקברייגגען די רעזולטאַטען פון דער רעוואָלו־
ציע צום בורזשואַזען מאַסשטאַב. דער פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט,
וואָס האָט גלייך נאָכדעם, ווי די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג איז זיך
צונויפגעקומען, פאַרשטאַנען איהר אמת'ען כאַראַקטער, האָט אומ־
זיסט געפּרובירט אין עטליכע טעג נאָך איהר צונויפקומען זיך.
דעם 15־טען מאַי, מיט געוואַלד צו פאַרניכטען איהר עקזיסטענץ,
אויפלעזען זי, צושטרייען אויף איהרע בעזונדערע איינצעלנע טיי־
לען די אָרגאַנישע, גאַנצע פאָרם, דורך וועלכע דער רעאַגירענדער
גייסט פונ'ם פאָלק האָט איהם, דעם פּראָלעטאַריאַט, געדראָהט.
דער רעזולטאַט פון דעם 15־טען מאַי איז, ווי בעוואוסט, געווען
ניט מעהר ווי דאָס, אז בלאַנקי און זיינע חברים, ד. ה. די אמת'ע
פיהרער פון דער פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי זיינען בעזייטיגט געוואָ־
רען פון דער געזעלשאַפטליכער סצענע אויף דער גאַנצער צייט פונ'ם
פּעריאָד, וואָס מיר בעטראַכטען איצט.

נאָך דער בורזשואַזער מאָנאַרכיע פון לואי
פיליפּ קאָן נאָר קומען די בורזשואַזע רעפּובליק;
ד. ה. אויב אונטער דעם נאָמען פונ'ם קעניג האָט געהערשט א
בעגרענעצטער טייל פון דער בורזשואַזיע, האָט איצט אינ'ם נאָמען
פונ'ם פאָלק געדאַרפט הערשען די גאַנצע בורזשואַזיע. די פאָדע־
רונגען פון דעם פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט זיינען אָבער אוטאָפּישע,
נאַרישע פּרעטענזיעס, צו וועלכע מען דאַרף מאַכען א סוף. אויף אָט
דער דערקלערונג פון דער קאָנסטיטואירענדער נאַציאָנאַלער פאַר־
זאַמלונג האָט דער פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט געענטפערט מיט דעם
יוני־אויפשטאַנד, מיט דער ריזיגסטער געשעהעניש אין דער גע־
שיכטע פון דעם אייראָפּעאישען בירגער קריג. די בורזשואַזע רע־
פּובליק האָט געזיגט. אויף איהר זייט איז געשטאַנען די פינאַנציעלע
אַריסטאָקראַטיע, די אינדוסטריעלע בורזשואַזיע, די מיטעלע בור־
זשואַזיע, די קליינבירגער, די אַרמיי, דער לומפּענפּראָלעטאַריאַט,
אָרגאַניזירט אַלס „גאַרד מאָביל“ (בעוועגליכע גוואַרדיע), די גייס־

טינע בעריהמטהייטען, די גלחים און די דאָרפישע בעפעלקערונג.
אויף דער זייט פונ׳ם פאַריזער פּראָלעטאַריאַט איז קיינער ניט גע־
שטאַנען, אויסער איהם אַליין. העכער 3000 רעוואָלוציאָנערען זיי־
נען אויסגעשלאָכט געוואָרען נאָך דעם זיג, 15000 פון זיי זיינען
אָהן יעדען געריכט פאַרשיקט געוואָרען. נאָך אָט דער מפּלה איז
דער פּראָלעטאַריאַט אָפּגעטראָטען אין הינטערגרונד פון דער רע־
וואָלוציאָנערער ביהנע. ער האָט יעדעסמאָל, ווען ס׳האָט זיך גע־
דוכט, אַז די בעוועגונג האָט אָנגענומען אַ שנעלערן אימפּעט, געפּרו־
בירט אַרויסרוקען זיך פאָרויס, אָבער יעדעס מאָל איז זיין אנשטרענ־
גונג געווען אַלץ שוואַכער און דער רעזולטאַט אַלץ קלענער. באַלד ווי
איינע פון די געזעלשאַפטליכע שיכטען, וואָס ליגען איבער איהם,
פלעגט אָנהויבען אַרויסצואווייזען רעוואָלוציאָנערע אויפרודערונג,
פלעגט דער פּראָלעטאַריאַט אַריין אין פאַרבינדונג מיט איהר און
האָט אויף אַזאַ אופן גענומען אַן אנטייל אין אַלע מפּלות, וואָס די
פאַרשיעדענע פאַרטייען האָבען איינע נאָך דער אַנדערער געליטען.
אָבער אָט די כסדר׳דיגע קלעפּ זיינען אַלץ שוואַכער געוואָרען,
וואָס אויף אַ גרעסערען טייל פון דער גאַנצער געזעלשאַפט זיי
פלעגען זיך פאַרשפּרייטען. די מעהר בעדייטענדע פיהרער פונ׳ם
פּראָלעטאַריאַט אין דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג און אין דער
פּרעסע זיינען איינער נאָכ׳ן אַנדערען געפאַלען אַלס קרבנות פון
די געריכטען, און אַלץ מעהר צווייידייטיגע פיגורען האָבען איבער־
גענומען די פיהרערשאַפט: טיילווייז האָט דער פּראָלעטאַריאַט
זיך אַוואָרף געטון אויף דאָקטרינערע עקספּע־
רימענטען, קאָאָפּעראַטיווע בענק און
אַרבייטער־גענאָסענשאַפטען, ד. ה. אין
אַ בעוועגונג, וואָס האָט זיך אָפּגע־
זאָגט צו רעוואָלוציאָניזירען די אַל־
טע וועלט מיט איהרע אייגענע גרוי־
סע קאָלעקטיווע מיטלען און האָט,
פאַרקעהרט, געזוכט צו ברייננען זיין
ערלעזונג הינטער דעם רוקען פון דער
געזעלשאַפט, אויף אַ פּריוואַטען
אופן, אין זיינע בעגרענצטע ער־

זיסטענץ־בעדינגונגען, און האָט דעריבער אומבעדינגט געמוזט האָבען א דורכפאַל. עס ווייזט אויס, אַז דער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט געקאָנט ווידער געפינען די רעוואָלוציאָנערע גרויסקייט אין זיך אליין, און ניט געקאָנט שעפּען קיין נייע ענערגיע אין די ניי־געשאַפענע פאַרבינדונגען, כל זמן די אַלע קלאַסען, מיט וועלכע ער האָט געקעמפט אין יוני, זיינען ניט געלעגען נעבען איהם, און צוזאַמען מיט איהם אויף דער ערד. אָבער ער, דער פּראָלעטאַריאַט, איז בעזיגט געוואָרען און געפאַלען ווענינגסטענס מיט עהרע פון א גרויסען קעמפער אין א גרויסען וועלט־היסטאָרישען קאַמף; ניט נאָר פראַנקרייך, נאָר גאַנץ אייראָפּע איז פאַר־ציטערט געוואָרען פון דעם יוני־אויסברוך, אין דער צייט וואָס די ווייטערדיגע מפּלות פון די העכערע קלאַסען זיינען געקויפט געוואָרען אזוי ביליג, אַז עס האָט זיך גענויטיגט א גראָבע איבערטריי־בונג מצד דער זיגענדער פּאַרטיי, כדי מען זאָל אָט די מפּלות בכלל קאָנען אָנרופען ערשיינונגען; און די מפּלות זיינען געוועזען אַלץ מיאוס׳ער, וואָס ווייטער די פּאַרטיי, וואָס האָט די מפּלה גע־כאַפּט, איז געשטאַנען פון׳ם פּראָלעטאַריאַט.

די מפּלה פון דעם יוני־אויפשטאַנד האָט, אמת, צוגעגרייט און אויסגעגלייכט דעם באָדען, אויף וועלכען עס האָט געקאָנט נעגרינדעט ווערען די בורזשואַזע רעפּובליק; אָבער צו דערזעלבער צייט האָט זי געוויזען, אַז אין אייראָפּע זיינען פאַרהאַן אויך אַנ־דערע פראַגען, אויסער די פראַגען פון א „רעפּובליק אָדער א מאָ־נארכיע“. זי האָט קלאָר בעוויזען, אַז די בורזשואַזע רעפּובליק מיינט דאָ דעם אומבעשרענקטען דעספּאָטיזם פון איין קלאַס איבער אַלע אַנדערע. זי האָט בעוויזען, אַז אין אלטע ציוויליזירטע לענדער מיט אַן ענטוויקעלטער קלאַסען־צוטיילונג, מיט מאָדערנע פּראָדוקציאָנס־בעדינגונגען און מיט א גייסטינען בעוואוסטזיין, אין וועלכען די אַלע אַלטע טראַדיציעס זיינען אויפ־געלעזט געוואָרען דורך דער לאַנגער ארבייט פון הונדערטער יאָה־רען, אַז אין אַזוינע לענדער בעדייט די רעפּובליק בכלל בלויז א פּאָליטישע רעוואָלוציאָנס־פאָרם פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט אָבער ניט איהר קאָנסערוואַטיווע לעבענספאָרם, ווי צ. ב. אין די

פאראייניגטע שטאאטען פון אמעריקע, וואו עס זיינען שוין אפילו פארהאן פערשיעדענע קלאסען, אבער זיי האבען זיך נאך ניט אויסגעקריסטאליזירט און זיינען נאך ניט פעסטגעשטעלט און האל־טען אין א צושטאנד פון פליסען, פון שטענדיג ענדערן זייערע טיילען און אפטרעטען זיי איינער דעם אנדערען; וואו די מאדער־נע פראדוקציאנס־מיטלען פאלען ניט צוזאמען מיט א שטענדיגער איבערבעפעלקערונג, נאר זיי פארבייטען גיכער דעם מאנגעל אין קעפ און אין הענט; און ענדליך, וואו די פיבערישע יוגענד פון דער מאטעריעלער פראדוקציאן, וואס האט צו פארנעהמען פאר זיך א נייע וועלט, האט ניט געהאט קיין צייט, ניט קיין גע־לעגענהייט צו אפשאפען די אלטע אילוזיעס.

אלע קלאסען און פארטייען האבען זיך פאראייניגט אין די יוני־טעג אין א „פ א ר ט י י פ ו ן א ר ד נ ו נ ג“ געגען דעם קלאס פונ׳ם פראלעטאריאט, וועלכען מען האט בעצייכענט אלס „פ א ר ט י י פ ו ן א נ א ר כ י ע“, פון סאציאליזם, פון קאמוניזם. זיי האבען „געראטעוועט“ די געזעלשאפט פון די „פ י י נ ד פ ו ן ד ע ר ג ע ז ע ל ש א פ ט“. זיי האבען די לאזונגען פון דער אלטער געזעלשאפט: „א י י ג ע נ ט ו ם, פ א מ י ל י ע, ר ע ל י ג י ע א ו ן א ר ד נ ו נ ג“ אויס־געטיילט אלס פאראליע צווישען זייערע סאלדאטען און זיי האבען אויסגערופען צו די קאנטער־רעוואלוציאנערע „העלדען“: „אונטער אט דעם צייכען וועט איהר זיגען!“ פון דעם מאמענט, ווי נאר איינע פון די פיעלע פארטייען, וואס האט זיך אונטער אט דעם ציי־כען פארזאמעלט געגען די יוני־רעוואלוציאנערען, פלעגט פרובירען אין איהרע אייגענע קלאסען־אינטערעסען פארנעהמען א רעוואלו־ציאנערע שטעלונג, פלעגט זי גלייך געשלאגען ווערען אונטער דעם לאזונג פון „אייגענטום, פאמיליע, רעליגיע, ארדנונג“. אזוי ווערט די געזעלשאפט אלץ אפטער געראטעוועט, וואס שמעלער עס ווערט דער קרייז פון די הערשער און וואס מעהר דער פריוואטער אויס־נאהמס־אינטערעס ווערט געשטעלט געגען דעם אלגעמיינעם. יע־דע פאדערונג פון א פשוט׳סטער בורזשואזער פינאנץ־רעפארם, פון סאמע געוועהנליכען ליבעראליזם, פון פארמעלסטען רעפובליקאניזם, פון פלאכסטער דעמאקראטיע, — יעדע פאדערונג אזא ווערט גלייך

בעשטראָפט אַלס „אַטענטאַט אויף דער געזעלשאַפט“ און געשטעמ־פּעלט אַלס „סאָציאַליזם“. און לסוף ווערען די כהנים גדולים פון „רעליגיע און אָרדנונג“ אַליין פאַרטריבען פון זייער משכן; זיי ווע־רען ביינאַכט אין דער פינסטערניש ארויסגעשלעפּט פון זייערע בע־טען, אריינגעשטופּט אין פּאָליציי־וואָגען, אריינגעזעצט אין תפיסה אָדער פאַרשיקט; זייער בית־המקדש ווערט צושטערט ביז'ן גרונד, אויף זייער מויל טוט מען אָן א שלאָס, זייער פּען ווערט צובראָכען, זייער תורה ווערט צוריסען; און דאָס אַלץ ווערט געטאָן אינ'ם נאָמען פון „רעליגיע, אייגענטום, פאַמיליע און אָרדנונג“. בור־זשויען, וואָס האַלטען זיך פאַנאַטיש פאַר „אָרדנונג“, ווערען אויף זייערע אייגענע באַלקאָנעס צוריסען פון שיכור'ע סאָלדאַטען, זייערע פאַמיליען־הייליגטהימער ווערען פאַרשוועכט, זייערע הייזער ווערען באָמבאַרדירט צוליעב פּשוט'ען צייט־פאַרטרייב, און דאָס אַלץ — אין נאָמען פון „אייגענטום, פאַמיליע, רעליגיאָן און אָרדנונג“. די אויסוואורפען פון דער בורזשואזער געזעלשאַפט בילדען ענדליך א „ה י י ל י ג ע  אָ ר ד נ ו נ ג ס ־ א ר מ י י“ און דער העלד קראַפּאַלינסקי מאַרשירט אריין אין טיואילרי אַלס  ד ע ר „ר ע ט ע ר  פ ו ן  ד ע ר  ג ע ז ע ל ש א פ ט“.

---

## II

לאָמיר ווידער בעטראַכטען די אַלע געשעהענישען.

די געשיכטע פון דער ק אָ נ ס ט י ט ו א י ר ע נ ד ע ר נ א צ י אָ נ א ל ע ר  פ א ר ז א מ ל ו נ ג  איז פון די יוני־טעג אָן געוועזן  ד י  ג ע ש י כ ט ע  פ ו ן  ד ע ר  ה ע ר ש א פ ט א ו ן  פ ו ן  ד ע ר  א ו י פ ל ע ז ו נ ג  פ ו ן  ד ע ר  ר ע פּ ו ב־ל י ק א נ י ש ע ר  ב ו ר ז ש ו א ז ע ר  פראַקציע, וועלכע איז בע־קאַנט אונטער דעם נאָמען: „דרייקאָלירטע רעפּובליקאַנער“, „ריי־נע רעפּובליקאַנער“, „פּאָליטישע רעפּובליקאַנער“, א. ד. ג.

זי האָט מיט זיך אין דער צייט פון דער בורזשואזער מאָנאר־כיע פון לואי פיליפּ פאָרגעשטעלט די  אָ פ י צ י ע ל ע  רעפּוב־ליקאַנישע  אָ פּ אָ ז י צ י ע  און דעריבער אַן אנערקענטען טייל פון דער דאַמאַלסדיגער פּאָליטישער וועלט. זי האָט געהאַט איהרע

פּאַרטרעטער אין די געזעצגעבערישע הייזער און א בעדייטענדען
ווירקונגס־קרייז אין דער פּרעסע. איהר פּאַריזער צייטונג, דער
„נאַסיאָנאַל“, האָט אויף איהר אופן געהאַט אַזאַ שענעם אנזעהען
ווי דער „זשורנאַל דע דעבאַ“. אַט די פּאָזיציע איהרע אונטער דער
קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנארכיע האָט ענטשפּראָכען איהר כאַראַק־
טער. דאָס איז ניט געווען קיין בורזשואַזע פראַקציע, וואָס זאָל גע־
ווען זיין צוזאַמענגעבונדען דורך געמיינשאַפטליכע אינטערעסען און
אָבגעגרעניצט דורך אייגענטימליכע פּראָדוקציאָנס־בעדינגונגען.
דאָס איז געווען א קרייזעל פון רעפּובליקאַניש געשטימטע בורזשויען,
שרייבער, אַדוואָקאַטען, אָפיצירען און בעאַמטע, וועמעס איינפלוס
עס האָט זיך געשטיצט אויף די פּערזענליכע אַנטיפּאַטיעס פון׳ם
לאַנד צו לואי־פיליפּ׳ען, אויף די זכרונות וועגען דער אַלטער
רעפּובליק, אויף דעם רעפּובליקאַנישען גלויבען פון איינציגע בעלי־
חלומות, אָבער פריהער פאַר אַלץ אויף דעם פ ר א נ צ ו י ז י ש ע ן
נ א צ י אָ נ א ל י ז ם, וואָס די שנאה געגען די ווינער אָפּמאַכען
און דעם בונד מיט ענגלאַנד האָט איהם ניט געלאָזט אויסלעשען.
א גרויסען טייל פון די אנהענגער, וואָס דער „נ א ס י אָ נ א ל“
האָט געהאַט אונטער לואי־פיליפּ׳ן, האָט ער געהאַט צו פאַרדאַנקען
אַט דעם באַהאַלטענעם אימפּעריאַליזם, וואָס האָט דעריבער געקאָנט
שפּעטער, אין דער צייט פון דער רעפּובליק, אַרויסטרעטען נעגען
איהם אַלס פאַרניכטענדער קאָנקורענט אין דער פּערזאָן פון לואי
באָנאַפּאַרט. ער האָט באַקעמפּט די פינאַנס־אַריסטאָקראַטיע, ווי
דאָס האָט געטאָן די גאַנצע איבעריגע בורזשואַזע אָפּאָזיציע. די
פּאָלעמיק געגען דעם ביודזשעט, וועלכע איז אין פראַנקרייך ענג
צוזאַמענגעבונדען מיט דער בעקעמפונג פון דער פינאַנס־
אַריסטאָקראַטיע, פלעגט שאַפען צו ביליגע פּאָפּולאַריטעט
און צו רייכען שטאָף פאַר פּוריטאַנישע לייטאַרטיקלען, אַז
מען זאָל זיי ניט אויסנוצען. די אינדוסטריעלע בורזשו־
אַזיע איז איהם געווען דאַנקבאַר פאַר זיין שקלאַפישער
פאַרטיידיגונג פון דער פראַנצויזישער שוץ־טאַריף־סיסטעם, וואָס
ער האָט אויפגענומען מעהר אויס נאַציאָנאַלע איידער נאַציאָנאַל־
עקאָנאָמישע מאָטיוון; די גאַנצע בורזשואַזיע איז איהם געווען
דאַנקבאַר פאַר זיינע מיט שנאה פולע אָנפאַלען אויף׳ן קאָמוניזם

און סאָציאַליזם. אין אַלעם אַנדערען איז די פּאַרטיי פון'ם „נאַסיאָנאַל" געווען רייןֹ רעפּובליקאַניש, ד. ה. זי האָט פאַרלאַנגט אַ רעפּובליקאַנישע רעגירונגס־פאָרם אַנשטאָט דער מאָנאַרכישער פאָרם פון דער בורזשואַזער הערשאַפט און פריהער פאַר אַלץ אַ גרויסען טייל אין אָט דער הערשאַפט. די בעדינגונגען פון אָט דער ענדערונג זיינען פאַר זיי בשום אופן ניט קלאָר געווען. וואָס עס איז אָבער פאַר זיי געווען זעהר קלאָר און וואָס עס איז אויף די רעפאָרם־באַנקעטען אין דער לעצטער צייט פון לואי פיליפּ אָפען ערקלערט געוואָרען, איז געווען זייער אומפּאָפּולאַריטעט צווישען די דעמאָקראַטישע קליינבירגער און בעזונדערס צווישען דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט. אָט די ריינע רעפּובליקאַנער זיינען, ווי עס פּאַסט פאַר ריינע רעפּובליקאַנער, צוערשט געווען גרייט צו בענוגענען זיך מיט דעם, אַז די הערצאָגין פון אָרלעאַנס זאָל זיין רעגענט; האָט אָבער פּלוצלונג אויסגעבראָכען די פעברואַר־רעוואָלוציע און האָט פאַרשאַפען פאַר זייערע בעקאַנטעסטע פאַרטרעטער אַן אָרט אין דער צייטווייליגער רעגירונג. זיי האָבען נאַטירליך לכתחילה געהאַט דעם צוטרוי פון דער בורזשואַזיע און די מאַיאָריטעט אין דער קאָנסטיטואירענדער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, וואָס די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט געבילדעט, ווען זי איז זיך צוזאַמענגעקומען, זיינען גלייך אויסגעשלאָסען געוואָרען די סאָציאַליסטישע עלעמענטען פון דער צייטווייליגער רעגירונג; און די פּאַרטיי פון דעם „נאַסיאָנאַל" האָט זיך בענוצט מיט דעם אויסברוך פון'ם יוני־אויפשטאַנד, כדי פאַרנאַנדערצולאָזען דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט און צו בעפרייען זיך אויף אַזאַ אופן פון איהרע קאָנקורענטען — די קליינבירגערליכע אָדער דעמאָקראַטישע רעפּובליקאַנער (לעדריו־ראָלען א. ד. ג.). קאַוואַניאַק, דער גענעראַל פון דער בורזשואַז־רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי, וועלכע האָט אָנגעפיהרט די יוני־אויסשלאַכטונג, האָט פאַרנומען דעם אָרט פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט מיט אַ געוויסער אַרט דיקטאַטאָרישער מאַכט. מאַראַסט, דער געוועזענער הויפּט־רעדאַקטאָר פון דעם „נאַסיאָנאַל" איז געוואָרען דער שטענדיגער פּרעזידענט פון דער קאָנסטיטואירענדער נאַציאָנאַלער פאַר־

זאמלונג, און די מיניסטער־שטעלען ווי אויך אלע אנדערע וויכ־
טיגע מלוכה־פאסטען זיינען איבערגעגעבען געווארען אין די הענט
פון די ריינע רעפובליקאנער.

די רעפובליקאנישע בורזשואזע פראקציע, וואס האט זיך שוין
פון לאנג אן געהאלטען פאר דעם געזעצליכען יורש פון דער יולי־
מאנארכיע, האט איצט נאך מעהר ווי דערגרייכט איהר אידעאל;
אבער זי איז געקומען צו איהר הערשאפט ניט ווי זי האט גע־
טרוימט אין דער צייט פון לואי פיליפ׳ן — דורך א ליבעראלען
אויפשטאנד פון דער בורזשואזיע געגען דעם טראן, נאר דורך א
גוואלד־רעוואלוציע פונ׳ם פראלעטאריאט געגען דעם קאפיטאל.
דאס, וואס זי האט זיך פארגעשטעלט אלס ר ע ו ו א ל ו צ י א ־
נ ע ר ס ט ע געשעהעניש, איז אין דער אמת׳ן געווען דאס סאמע
ק א נ ט ר ־ ר ע ו ו א ל ו צ י א נ ע ר ע. די פרוכט זיינען
איהר אריינגעפאלען אין שויס, אבער אריינגעפאלען זיינען זיי
פונ׳ם עץ הדעת, ניט פונ׳ם עץ החיים, ניט פונ׳ם לעבענסבוים.

די אויסשליסליכע ה ע ר ש א פ ט פ ו ן ד י ב ו ר ־
ז ש ו א ז ־ ר ע פ ו ב ל י ק א נ ע ר האט געדויערט בלויז פון
24־סטען יוני ביז צום 10־טען דעצעמבער 1848. זי דריקט זיך
אין קורצען אויס אין א ו י ס א ר ב י י ט ע ן א ב ו ר ־
ז ש ו א ז ע ק א נ ס ט י ט ו צ י ע א ו ן א י ן ד ע ר ק ל ע ־
ר ע ן פ א ר י ז א י ן ב ע ל א ג ע ר ו נ ג ־ צ ו ש ט א נ ד.

די נייע קאנסטיטוציע איז אין גרונד געווען בלויז א רעפוב־
ליקאניזירטע אויסגאבע פון דער קאנסטיטוציאנעלער פארטיי פון
1830. דאס בעגרעניצטע וואהל־רעכט פון דער יולי־מאנארכיע,
וואס האט אויסגעשלאסען אפילו א גרויסען טייל פון דער בורזשוא־
זיע פון דער פאליטישער הערשאפט, איז געווען אוממעגליך ביי
דער עקזיסטענץ פון א בורזשואזער רעפובליק. די פעברואר־רעווא־
לוציע האט דעריבער גלייך אנשטאט אט דעם בעגרעניצטען וואהל־
רעכט פראקלאמירט דאס דירעקטע אלגעמיינע וואהלרעכט. די
בורזשואז־רעפובליקאנער האבען ניט געקאנט אפשאפען אט דעם
אקט. זיי האבען זיך געמוזט בעגנוגענען נאר דערמיט וואס זיי
האבען אריינגעשטעלט די בעגרעניצונג, אז מען דארף וואוינען זעקס
מאנאטען אינ׳ם וואהל־קרייז. די אלטע ארגאניזאציע פון דער אד־

מיניסטראַציע, פון דער געמיינדע־פּאַרוואַלטונג, פון געריכט־פאָרם, פון דער אַרמיי א. ד. ג. איז געבליבען אומבעריהרט, אָדער וואו די קאָנסטיטוציע האָט זיי יאָ געענדערט, האָט די ענדערונג אָנגעריהרט בלויז זייער אינהאַלטספאַרצייכעניש, ניט זייער אינהאַלט; זייער נאָמען, ניט די זאַך אַליין.

דער אומפאַרמיידליכער „גענעראַל־שטאַב" פון די פרייהייטען פון 1848 — די פרייהייט פון פּערזאָן, פון פּרעסע, פון רעדען, פון פאַראייניגונג, פון פאַרזאַמלונגען, פון אונטערריכט, פון רע־ליגיאָן א. ד. ג. — האָט בעקומען אַ קאָנסטיטוציאָנעלען מאַנטעל, וואָס האָט זיי געמאַכט אומבעריהרבאַר. יעדע איינע פון אָט די פרייהייטען איז ערקלערט געוואָרען אַלס דאָס אומבעדינג־טע רעכט פון דעם פראַנצויזישען בירגער, אָבער יעדעס מאָל מיט דעם צוגאָב, אַז זי, די פרייהייט, איז אומבעשרענקט אויף אַזוי וויט, אויף וויפיעל זי ווערט ניט בעשרענקט דורך „די גלייכע רעכט פון אַנדערע און דער עפענט־ליכער זיכערהייט", אָדער דורך „געזעצען", וועלכע דאַרפען איינשטעלען אָט די האַרמאָניע. צ. ב.:

„די בירגער האָבען אַ רעכט צו פאַראייניגען זיך, צו פאַר־זאַמלען זיך פרידליך און אָן געווער, צו דערלאַנגען פּעטיציעס און אַרויסזאָגען זייערע מיינונגען אין דער פּרעסע אָדער אויסדרי־קען זיי אויף אַן אַנדער אופן. דאָס געניסען פון אָט די רעכט האָט ניט קיינע אַנדערע בעשרענקונגען, ווי די גלייכע רעכט פון אַנדערע און די עפענטליכע זיכערהייט". (קאַפּיטעל II פון דער פראַנצויזישער קאָנסטיטוציע, §8.)

„דער אונטערריכט איז פריי. מיט דער פרייהייט פון אונ־טערריכט זאָל מען זיך בענוצען אונטער די בעדינגונגען, וואָס זיי־נען איינגעשטעלט דורכ'ן געזעץ, און אונטער דער אויבעראויפזיכט פון דער מלוכה". (דאָרטען, §9.)

„די וואוינונג פון יעדען בירגער איז אומבעריהרבאַר, אויסער אונטער די פאָרמען, וואָס זיינען פאָרגעשריבען פון געזעץ". (קאַפּ. I, §3). א. א. וו., א. א. וו.

די קאָנסטיטוציע ווייזט דעריבער שטענדיג אָן אויף צוקינפ־טיגע אָרגאַנישע געזעצען, וועלכע דאַרפען אויספיהרען

די צונגאָבען און רעגולירען דאָס געניסען פון די אומבעשרענקטע
פרייהייטען אזוי, אז זיי זאָלען ניט קומען אין א צוזאמענשטויס
איינע מיט דער אַנדערער אָדער מיט דער עפענטליכער זיכערהייט.
און שפּעטער האָבען די „פריינד פון אָרדנונג“ די אַלע אָרגאַנישע
געזעצען ארויסגעגעבען, און די אַלע דערמאַנטע פרייהייטען זיינען
אזוי רעגולירט געוואָרען, אז די בורזשואזיע האָט ביים געניסען פון
זיי ניט בעגעגענט קיין ווידערשטאַנד מצד די זעלבע רעכט פון די
אַנדערע קלאַסען. וואו זי האָט „די אַנדערע“ אינגאַנצען ניט ער־
לויבט צו בענוצען זיך מיט די פרייהייטען אָדער ערלויבט צו בע־
נוצען זיך מיט זיי בלויז אונטער געוויסע בעדינגונגען, וואָס האָבען
פאַרגעשטעלט מיט זיך נאָר א רייהע פּאָליצייאישע־דריידלעך, האָט
זי עס שטענדיג געטון בלויז אין די אינטערעסען פון דער „ע פ ע נ ט־
ל י כ ע ר ז י כ ע ר ה י י ט“, ד. ה. דער זיכערהייט פון דער בור־
זשואזיע, ווי דאָס פאָדערט די קאָנסטיטוציע. אַלס רעזולטאַט דער־
פון האָבען ביידע זייטען מיט פולע רעכט געקאָנט אַפּעלירען צו דער
קאָנסטיטוציע: סיי די פריינד פון אָרדנונג, וואָס האָבען די אַלע
פרייהייטען אָפּגעשאַפען, סיי די דעמאָקראַטען, וואָס האָבען די פריי־
הייטען פּאַרלאַנגט. ווייל יעדער פּאַראַגראַף פון דער קאָנסטיטוציע
האָט אין זיך גופא אַנטהאַלטען זיין אייגענע אַנטיטעזע (זיין
געגענזאַץ), זיין אייגענע אויבערשטע און אונטערשטע קאַמער:
אין דער אַלגעמיינער פראַזע — די פרייהייט, אין דעם צוגאָב —
די אָפּשאַפונג פון דער פרייהייט. כל זמן דעריבער מען האָט נאָך
געהאַט רעספּעקט פאַר דעם נ אָ מ ע ן פרייהייט, נאָר מען האָט —
אויף א געזעצליכען וועג, נאַטירליך — ניט געלאָזט דורכפיהרען די
פרייהייט אין לעבען, איז די קאָנסטיטוציאָנעלע עקזיסטענץ פון די
פרייהייטען געבליבען אומבעשעדיגט, אומבעריהרט, ווי שטאַרק איהר
א ל ג ע מ י י נ ע עקזיסטענץ איז ניט געוואָרען אונטערדריקט.

אָבער אָט די אומבעריהרבאַרע קאָנסטיטוציע, וועלכע איז גע־
מאַכט געוואָרען אויף אזא קלוגען אופן, האָט געהאַט, ווי אַכילעס,
איין פונקט, וועלכען מען האָט געקאָנט פאַרוואונדען, און געהאַט
האָט זי דעם פונקט ניט אין פוס־זויל, נאָר אין קאָפּ, ריכטיגער
אין די צוויי קעפּ, אין וועלכע זי איז איינגעטיילט — פון איין
זייט אין דער געזעצגעבענדער פאַרזאַמלונג, פון דער אַנדער זייט —

אינ'ם פּרעזידענט. ווען מיר לעזען דורך די קאָנסטיטוציע, זעהען מיר, אז נאָר יענע פּאַראַגראַפען, אין וועלכע עס ווערט בעשטימט די בעציהונג פונ'ם פּרעזידענט צו דער געזעצגעבענדער פאַרזאַמ־לונג, זיינען אבסאָלוטע, פּאָזיטיווע, אָהן ווידערשפּרוכען און ניט־פאַרדרעהט. דאָ זיינען די בורזשואַז־רעפּובליקאַנער אליין געווען פאַראינטערעסירט צו פאַרזיכערן זיך. די פּאַראַגראַפען 45-70 פון דער קאָנסטיטוציע זיינען אזוי צונויפגעשטעלט, אז די נאַ־ציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט געקאָנט בעזייטיגען דעם פּרעזידענט קאָנסטיטוציאָנעל, דער פּרעזידענט אָבער האָט געקאָנט בעזייטיגען די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג בלויז אומקאָנסטיטוציאָנעל, בעזייטענ־דיג דערביי די קאָנסטיטוציע גופא. אויף אזא אופן האָט די נאַ־ציאָנאַלע פאַרזאַמלונג ווי פּאַרויסגערופען איהר פאַרניכטונג דורך געוואַלד. זי האָט ניט נאָר פאַרהייליגט די צוטיילונג פון דער מאַכט, ווי דאָס האָט געטון די פאַרטיי פון 1830, נאָר זי האָט אָט די צוטיילונג דערפיהרט ביז צו אַן אונערטרעגליכען ווידער־שפּרוך. „די שפּיעל פון די קאָנסטיטו־ציאָנעלע קרעפטען", ווי גיזאָ האָט גערופען די פאַרלאַמענטאַרישע סכסוכים צווישען דער געזעצגעבענדער און אויס־פיהרענדער מאַכט, שפּיעלט שטענדיג אין דער קאָנסטיטוציע פון 1848 וואַ־באַנק. פון איין זייט שטעהען 750 פאָלקספאָרשטעהער, וואָס ווערען געוועהלט אויפ'ן יסוד פון אלגעמיינעם וואַהלרעכט. זיי קאָנען נאָך אמאָל און ווידער אמאָל ערוועהלט ווערען און בילדען א נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, וועלכע מען קאָן ניט קאָנטראָלירען, פונאַנדערלאָזען אָדער צוטיילען; א נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, וועל־כע האָט אלמעכטיגע געזעצגעבערישע רעכט; בעשליסט אלס לעצטע אינסטאַנציע וועגען מלחמה, פרידען און האַנדעלסאָפּמאַכען; האָט אליין נאָר דאָס רעכט פון אַמנעסטיע און פאַרנעהמט דורך איהר שטענדיגער עקזיסטענץ נאָכאַנאַנד דעם פאָרערגרונד פון דער ביהנע. און פון דער אַנדער זייט שטעהט דער פּרעזידענט, מיט אלע אַט־ריבוטען פון קעניגליכער מאַכט, מיט זיין רעכט אונאָפּהענגיג פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג צו בעשטימען און אָפּזאָגען זיינע מיניסטאָרען, מיט אלע מיטלען פון אויספיהרענדער מאַכט אין זיינע הענט, מיט'ן רעכט אויסצוטיילען אלע מלוכה־שטעלען און

דערמיט צו שאפען זיך מיט דער עקזיסטענץ פון װעניגסטענס אנדערהאלבען מיליאָן מענשען אין פראנקרײך, װײל אזױ פיעל מענשען הענגען אָפּ פון די 500,000 בעאמטע און אָפיצירען פון אלע גראדען. ער האָט די גאנצע בעװאפענטע מאכט הינטער זיך. ער האָט די פּריװילעגיע צו בעגנעדיגען אײנצעלנע פארברעכער, פונאנדערצולאָזען די נאציאָנאלע גװארדיע, ארונטערצוזעצען — לױט אַן אײנפארשטענדניש מיט דעם מלוכה־ראט — די אלע אלגעמײנע, קאנטאָנאלע און געמײנדע־ראטען, װאָס די בירגער אלײן האָבען ערװעהלט. איהם איז אײנגעטײלט דאָס רעכט פון איניציאַ־טיװ און פון אָנפיהרען די פארהאנדלונגען װעגען אלע אָפּמאכען מיט די אױסלענדישע מלוכות. און בשעת די פארזאמלונג שפּיעלט שטענדיג אָפּען אױף דער ביהנע און איז אונטערגעװאָרפען דעם קריטיש־געמײנעם טאָג־ליכט, פיהרט דער פּרעזידענט א פארבאָרגען לעבען אין דעם עליזײאישען פּאלאַץ, נאָר ער האָט שטענדיג פאר זײ־נע אױגען און אין הארצען דעם ארטיקעל 45 פון דער קאָנסטי־טוציע, װאָס רופט צו איהם טעגליך אױס: „ברודער, דו דארפסט שטארבען! דײן מאכט הערט אױף דעם צװײטען זונטאג אין׳ם שענעם מאָנאט מאַי אױפ׳ן פערטען יאהר פון דײן ערװעהלונג! דאמאלסט איז א סוף צו דײן הערליכקײט; די פּיעסע װערט ניט געשפּיעלט צװײ מאָל; און אױב דו האָסט חובות, זעה בעצאָהל זײ בּאצײטענס פון די 600,000 פראנק, װאָס די קאָנסטיטוציע האָט דיר צוגעװאָרפען; און טוסטו עס ניט, װעסטו דעם צװײטען מאָנטאָג אינ׳ם שענעם מאָנאַט מאַי דארפען אריבערװאנדערן אין קלישי (טורמע פאַר בעלי־חובות. — איבער.)

אױב די קאָנסטיטוציע האָט איבערגעגעבען דעם פּרעזידענט די פּאקטישע מאכט, האָט זי זיך געפלײסט צו פארזיכערען פאר דער נאציאָנאלער פארזאמלונג די מאָראלישע מאכט. אָבער אונאָפּ־הענגיג דערפון, װאָס עס איז אונמעגליך צו שאפען א מאָראלישע מאכט דורך פּאראגראפען פון געזעץ, האָט די קאָנסטיטוציע דאָ װידער זיך אלײן אָפּגעשאפט דערמיט, װאָס זי האָט איבערגעגעבען אלע פּראנצױזען צו װעהלען א פּרעזידענט דורך דירעקטע װאהלען. אין דער צײט װאָס פון אײן זײט װערען די שטימען פון פראנק־רײך צוברעקעלט צװישען 750 מיטגליעדער פון דער נאציאָנאלער

פּאַרזאַמלונג, ווערען זיי דאָ פּאַרקעהרט קאָנצענטרירט אויף איין אינדיווידואום. אין דער צייט וואָס יעדער איינצעלנער פּאָלקס־פּאַרשטעהער פּאַרטרעט נאָר די אָדער יענע פּאַרטיי, די אָדער יענע שטאָדט, דעם אָדער יענעם ווינקעל אָדער גאָר ניט מעהר ווי די נויטיגקייט צו ערוועהלען דעם אָדער יענעם זיבענהונדערטאונ־פופציגסטען, אין וועלכען עס ווערט זיך ניט שטארק אָנזעהן ניט די זאַך, ניט דער מאַן, — אין דער זעלבער צייט איז „ע ר“, דער איינער, דער ערוועהלטער פון דער נאַציאָן, און דער אַקט פון זיין ערוועהלונג איז דער קאָזיר, אויף וועלכען דאָס פּאָלק שפּיעלט יעדע 4 יאָהר. די ערוועהלטע נאַציאָנאַלע פּאַרזאַמלונג שטעהט אין אַ מעטאַפּיזישער בעציהונג צו דער נאַציאָן, אָבער דער ערוועהלטער פּרעזידענט אין אַ פּערזענליכער בעציהונג. די נאַציאָנאַלע פּאַרזאַמלונג שטעלט מיט זיך פאַר אין איהרע איינ־צעלנע פּאַרשטעהער די פאַרשיעדענסטע זייטען פון דעם נאַציאָנאַ־לען גייסט, אָבער דעם לעבעדיגען אויסדרוק געפינט אָט דער גייסט אינ׳ם פּרעזידענט. ווי להיפּוך צו דער נאַציאָנאַלער פּאַר־זאַמלונג, פּערמאָגט ער געוויסע געטליכע רעכט, ער איז פון פּאָלקס־גענאָד.

פּעטיס, די ים־געטין, האָט פאָרויסגעזאָגט אַכילעס׳ן, אז ער וועט שטאַרבען אין זיין פריהער יוגענד. די קאָנסטיטוציע וואָס האָט אויך, ווי אַכילעס, געהאַט איהר שוואַכען פונקט, האָט אויך געהאַט איהר אהנונג, ווי אַכילעס, אז זי וועט שטאַרבען מיט אַ פריהען טויט. פאַר די קאָנסטיטואירענדע ריינע רעפּובליקאַנער איז גענוג געווען אַ קוק צו טון פון די הימלען פון זייער אידעאַלער רעפּובליק אויף דער אומריינער וועלט, כדי זיי זאָלען בענעהמען, ווי די חוצפּה פון די ראָיאַליסטען, באָנאַפּאַרטיסטען, דעמאָקראַטען און קאָמוניסטען און אין דער זעלבער צייט אויך דער אונצוטרוי צו זיי אליין וואַקסט מיט יעדען טאָג, וואָס נעהענטער זיי, די ריינע רעפּובליקאַנער, קומען צו צו דער פּאַרענדיגונג פון זייער גרוי־סען געזעצגעבערישען קונסטווערק; און זיי האָבען דאָס געקאָנט בענעהמען אָהן דעם אַז פּעטיס זאָל דאַרפען ארויס פון ים, כדי זיי אָט דעם סוד צו אַנטפּלעקען. זיי האָבען געוואָלט איבערכיטרעווען דעם מזל דורך אַ קאָנסטיטוציאָנעל־קונציגען מיטעל, דורך דעם

§111 פון דער קאָנסטיטוציע, אין וועלכען עס ווערט פאָרויסגעזעהן, אז יעדער פאָרשלאַג צו רעווידירען די קאָנסטיטוציע, מוז דורכגעהן דריי דעבאַטען, וואָס צווישען איינער און דער אנדערער מוז פאַרביי־געהן ניט ווייניגער פון א מאָנאַט, און קאָן בעשלאָסען ווערען ווייניגסטענס מיט ¾ פון שטימען, פאָרויסגעזעהן, אז אין דער אָפּ־שטימונג נעהמען אַן אנטייל ניט ווייניגער פון 500 מיטגליעדער פון דער נאַציאָנאַלער פארזאַמלונג. זיי האָבען דערמיט נאָר גע־מאַכט די אָהנמעכטיגע פּראָבע אויסצואיבען שפּעטער אלס פּאַר־לאַמענטאַרישע מינאָריטעט (און זיי האָבען שוין פאָרויסגעזעהן, אז זיי וועלען אזא מינאָריטעט ווערען), א מאַכט, וואָס האָט זיך אין דעם מאָמענט, ווען זיי האָבען נאָך געהאַט צו שאַפען איבער דער מעהרהייט אין פּאַרלאַמענט און איבער אַלע מיטלען פון רעגירונגס־מאַכט, אַלץ מעהר ארויסגעגליטשט פון זייערע שוואַכע הענט.

לסוף טרויט אַן די קאָנסטיטוציע אין א מעלאָדראַמאַטישען פּאַראַגראַף זיך אַליין צו „דער וואַכזאַמקייט און דעם פּאַטריאָטיזם פונ'ם גאַנצען פראַנצויזישען פאָלק און פון יעדען איינצעלנעם פראַנצויז", נאָכדעם ווי זי האָט פריהער שוין אנפערטרויט אין אַן אנדער פּאַראַגראַף די „וואַכזאַמע" און „פּאַטריאָטישע" פראַנצויזען אליין צו דער איידעלער, אינקוויזיטאָרישער אויפמערקזאַמקייט פון דעם הויכגעריכט, וואָס זי האָט אליין געשאַפען.

דאָס איז געוועזען די קאָנסטיטוציע פון 1848, וועלכע איז דעם 2־טען דעצעמבער 1851 ניט אומגעוואָרפען געוואָרען פון א צו־זאַמענשטויס מיט א קאָפּ, נאָר איז אומגעפאַלען בלויז דורך דער בעריהרונג מיט א הוט; אמת דאָס איז געוועזען א דרייעקיגער הוט, א נאַפּאָלעאָנישער.

בשעת די בורזשואַז־רעפּובליקאַנער זיינען געווען בעשעפטיגט אין דער פאַרזאַמלונג מיט צוגרייטען, דיקטירען און שטימען אָט די קאָנסטיטוציע, האָט קאַוואַניאַק אויסער דער פאַרזאַמלונג אויפ־געהאַלטען דעם בעלאַגערונגס־צושטאַנד אין פּאַריז. דער בעלאַגערונגס־צושטאַנד פון פּאַריז איז געווען דער אקושאָר פון דער קאָנסטיטואירענדער פאַרזאַמלונג ביי איהרע רעפּובליקאַנישע שאַפונגס־וועהען. אויב די קאָנסטיטוציע איז שפּעטער דורך באַיאָנעטען פון דער וועלט געגאַנגען, דאַרף מען

ניט פאַרגעסען, אַז זי איז דורך באַיאָנעטען, וואָס זיינען אָנגעוועזען געווענדעט געגען פאָלק — שוין געוועזען געשיצט אין דער מוטערס לייב, און אַז דורך באַיאָנעטען האָט מען זי געדאַרפט איינפיהרען אין לעבען. די אבות פון די „עהרליכע רעפּובליקאַנער" האָבען געלאָזט זייער סימבאָל, די דרייקאָלירטע פאָהן, מאַכען אַ טור איבער אייראָפּע. און זיי אַליין פון זייער זייט האָבען אויך געמאַכט אַן ערפינדונג, וועלכע האָט פון זיך אַליין געפונען דעם וועג איבער דעם גאַנצען אייראָפּעאישען קאָנטינענט, האָט זיך אָבער מיט אַלץ נייער ליעבע צוריקגעקעהרט קיין פראַנקרייך, ביז זי האָט איצט אין אַ העלפט פון איהרע פּראָווינצען זיך ערוואָרבען בירגער־רעכט—איך מיין דעם באַלאַגערונגס־צושטאַנד. אַ וואונדערבאַרע ערפינדונג, וואָס איז פּעריאָדיש אָנגעווענדט געוואָרען אין יעדען וויכטיגען קריזיס אין דעם גאַנג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. אָבער די קאַזאַרמע און דער לאַגער, וואָס מען האָט פּעריאָדיש אַרויפגעלעגט דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט אויפ'ן קאָפּ, כדי איהר דעם מח צונויפצופּרעסען און זי צו מאַכען שטיל; די סאַבלעס און ביקסען, וואָס מען האָט פּעריאָדיש געמאַכט פאַר ריכטער און פאַרוואַלטער, פאַר אַפּעקונעס און צענזאָרס, פאַר פאָליציי־בעאַמטע און נאַכטוועכטער; די מיליטערישע וואָנצעס און רעק, וואָס מען האָט פּעריאָדיש פּראָקלאַמירט אַלס די העכסטע חכמים און פיהרער פון דער געזעלשאַפט, — האָט דען ניט אָט דער קאַזאַרמע, לאַגער, סאַבליע, ביקס, וואָנצעס און רעק געדאַרפט איינפאַלען לסוף, אַז זיי דאַרפען בעסער איין מאָל פאַר אַלע מאָל ראַטעווען די געזעלשאַפט, ערקלערענדיג זייער רעזשים אַלס דעם העכסטען און בעפרייענדיג אינגאַנצען די בורזשואַזע געזעלשאַפט פון דער דאגה צו רעגירען מיט זיך אַליין? און דער קאַזאַרמע, לאַגער, סאַבליע, ביקס, וואָנצעס און רעק האָט אָט דער געדאַנק נאָך זיכערער געמוזט איינפאַלען, ווייל זיי וואָלטען דאמאָלסט געקאָנט ערוואַרטען אַ בעסערען געצאָהלט פאַר זייער געהעכערטער דיענסט, אינדערצייט וואָס ביי דעם בלויז פּעריאָדישען בעלעגערונגס־צושטאַנד און ביים צייטווייליגען ראַטעווען די געזעלשאַפט אויפ'ן בעפעהל פון דער אָדער יענער בורזשואַזער פראַקציע, פלעגט צו זיי איבערפאַלען זעהר

וועניג וויכטיגעס, אויסער עטליכע טויטע און פּאַרוואונדעטע און עטליכע פריינדליכע בורזשואזע גרימאַסען. האָט דאָס מיליטער לסוף ניט געזאָלט איינמאָל דורכפיהרען אין זיינע אייגענע אינ־טערעסען די שפּיעל פון בעלאַגערונגס־צושטאַנד און אין דערזעלבער צייט בעלאַגערען די בערזעס פון דער בורזשואזיע? מען דאַרף אגב ניט פאַרגעסען — זאָל עס פאַרבייגעהענדיג בעמערקט ווערען, — אַז דער פּאָלקאָווניק בערנאַר, דער זעלבער פּרעזיצענדער פון דער מיליטערישער קאָמיסיע, וואָס האָט אונטער קאַוואַניאַקען געהאָל־פען אָהן יערען געריכט פאַרשיקען 15,000 אינסורגענטען, האָט זיך אין דעם מאָמענט ווידער געשטעלט אין דער שפּיצע פון די מיליטערישע קאָמיסיעס, וואָס זיינען געוועזען טעטיג אין פּאַריז.

אויב די עהרליכע, ריינע רעפּובליקאַנער האָבען מיט דעם בעלאַגערונגס־צושטאַנד אויפגעבויט די פּלאַנצען־שול, אין וועלכער עס האָבען זיך געדאַרפט אויסהאָדעווען די פּרעטאָריאַנער פון 2־טען דעצעמבער 1851, פאַרדיענען זיי אָבער פון דער אנדער זייט געלויבט צו ווערען. ווייל איצט, בעזיצענדיג די נאַציאָנאַלע מאַכט, זיינען זיי, אנשטאַט איבערצוטרייבען דאָס נאַציאָנאַלע געפיהל, ווי אין דער צייט פון לואי פּיליפּ, געקראָכען אויף אַלע פיער פאַר אויסלאַנד, און אנשטאַט צו בעפרייען איטאַליען האָבען זיי געלאָ־זען, אַז די עסטרייכער און נעאַפּאָליטאַנער זאָלען זי ווידער בע־הערשען. די אויסוועהלונג פון לואי באָנאַפּאַרט פאַר פּרעזידענט דעם 10־טען דעצעמבער 1848 האָט געמאַכט אַ סוף צו דער דיקטאַ־טור פון קאַוואַניאַק'ן און פון דער קאָנסטיטואירענדער פאַרזאַמלונג.

אין §44 פון דער קאָנסטיטוציע ווערט געזאָגט: „דער פּרע־זידענט פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק זאָל קיינמאָל ניט האָבען פאַרלאָרען זיין אייגענשאַפט אלס פראַנצויזישער בירגער“. דער ערשטער פּרעזידענט פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק האָט ניט נאָר פאַרלאָרען זיין אייגענשאַפט אלס פראַנצויזישער בירגער, ער איז ניט נאָר געוועזען אַן ענגלישער ספּעציעלער פּאָליציימאַן; ער איז אפילו געוועזען אַ נאַטוראַליזירטער שווייצערישער בירגער.

איך האָב אין אַ צווייטען פּלאַץ ערקלערט די בעדייטונג פון דער ערוועהלונג פונ'ם 10־טען דעצעמבער. איך וועל זיך דאָ אויף דעם דעריבער ניט אָפּשטעלען. עס איז גענוג דאָ צו בעמערקען,

אַז דאָס איז געווען אַ רעאַקציע פון די פויערים, וואָס האָבען געמוזט צאָהלען די קאָסטען פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע, געגען די אַנדערע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט, אַ רעאַקציע פונ'ם דאָרף געגען דער שטאָדט. זי האָט בעגעגענט פיעל צושטימונג אין דער אַרמיי, וועלכער די רעפּובליקאַנער פון דעם „נאַסיאָנאַל“ האָבען ניט פאַרשאַפט ניט קיין כבוד, ניט קיין געלט; צווישען דער גרויסער בורזשואזיע, וואָס האָט בעגריסט באָנאַפּאַרטען אַלס בריק צו דער מאָנאַרכיע; צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט און די קליינבירגער, וואָס האָבען איהם בעגריסט אַלס אַ רוט פאַר קאַוואַניאַקען. איך וועל נאָך שפּעטער האָבען אַ געלעגענהייט ברייטער אָפּצושטעלען זיך אויף דער בעציהונג פון די פויערים צו דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

די עפּאָכע פון 20־סטען דעצעמבער 1848 ביז דער אויפלעזונג פון דער קאָנסטיטואירענדער פאַרזאַמלונג אין מאַי 1849 נעהמט אַרום די געשיכטע פון דעם אונטערגאַנג פון די בורזשואַז־רעפּובליקאַנער. נאָכדעם ווי זיי האָבען געגרינדעט אַ רעפּובליק פאַר דער בורזשואזיע, פאַרטריבען פון פעלד דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט און דערווייל איינגעשטילט די דעמאָקראַטישע קליינבירגער, זיינען זיי אַליין אָפּגעשטויסען געוואָרען אָן אַ זייט פון דער גרויסער מאַסע פון דער בורזשואזיע, וואָס האָט אָט די רעפּובליק מיט רעכט געהאַלטען פאַר איהר איינענטום. אָבער אָט די בורזשואזע מאַסע איז געווען ראָיאַליסטיש. אַ טייל פון איהר, די ערדאייגענטימער, האָט געהערשט אין דער צייט פון דער רעסטאַוראַציע און איז דעריבער געווען לעגיטימיסטיש. אַן אַנדער טייל, די פינאַנץ־אַריסטאָקראַטען און די גרויסע פאַבריקאַנטען, האָט געהערשט אין דער צייט פון דער יולי־מאָנאַרכיע און איז דעריבער געווען אָרלעאַניסטיש. די העכסטע בעאַמטע פון דער אַרמיי, פון די אוניווערסיטעטען, פון דער קירכע, פון דער בירגערליכער אַדמיניסטראַציע, פון דער אַקאַדעמיע און פון דער פּרעסע זיינען געווען איינגעטיילט צווישען ביידע זייטען, הגם ניט אין גלייכע טיילען. אָט דאָ, אין דער בורזשואַזער רעפּובליק, וואָס האָט געטראָגען ניט דעם נאָמען

כ ו ר ב אַ ן, ניט דעם נאָמען אַ ר ל ע א ן, נאָר דעם נאָמען ק אַ פּ י ט א ל, האָבען זיי געפונען די מלוכה־פאָרם, אין וועלכער זיי האָבען געקענט הערשען געמיינשאַפטליך. דער יוני־אויפשטאַנד האָט זיי שוין פאראייניגט אין דער „פּארטיי פון אָרדנונג". איצט האָט מען געדארפט בעזייטיגען די חברה בורזשואַז־רעפּובליקאנער, וואָס האָבען נאָך פארנומען די פּלעצער אין דער נאַציאָנאַלער פאר־זאמלונג. ווי גראָב און ברוטאל אַט די ריינע רעפּובליקאנער האָ־בען מיסברויכט מיט דער פיזישער קראַפט געגען דעם פאָלק, אַזוי פּחד'ניש, מוטלאָז, געבראָכען, געפאַלען און אומפעהיג צום קאַמף זיינען זיי איצט אָפּגעטראָטען צוריק, ווען מען האָט געדארפט אונ־טערשטיצען און אויפהאַלטען זייער איינענעם רעפּובליקאניזם און זייער געזעצגעבערישע רעכט געגען דער אויספיהרענדער מאַכט און געגען די רויאַליסטען. איך דאַרף האָ ניט דערצעהלען די שענד־ליכע געשיכטע פון זייער אויפלעזונג. דאָס איז געווען ניט קיין אונטערגאַנג, נאָר אַ גסיסה. זייער געשיכטע האָט זיך געענדיגט אויף אייביג, און אין דעם נעכסטען פעריאָד האָבען זיי פיגורירט סיי אין דער פארזאמלונג, סיי אויסער איהר בלויז אַלס אַן ערינע־רונג, — אַן ערינערונג, וואָס פלעגט ווידער אויפלעבען, ווען עס פלעגט זיך נאָך האַנדלען בלויז וועגען דעם נאָמען רעפּובליק, און ווען דער רעוואָלוציאָנערער קאָנפליקט פלעגט האַלטען ביים אראָפּ־פאַלען ביז צום נידעריגסטען גראַד. פארבייגעהענדיג וויל איך בע־מערקען, אַז די צייטונג, וועלכע האָט אַט דער פּארטיי געגעבען איהר נאָמען, דער „נאַסיאָנאַל", איז אין דעם נעכסטען פעריאָד גע־וואָרען בעקעהרט צום סאָציאַליזם.

איידער מיר פארענדיגען מיט אַט דעם פעריאָד, דאַרפען מיר נאָך אַ קוק טון צוריק אויף דיביידע קרעפטען, פון וועלכע איינע האָט פארניכטעט די צווייטע דעם 2־טען דעצעמבער 1851, אין דער צייט וואָס פונ'ם 20־סטען דעצעמבער 1848 און ביז די קאָנסטי־טואירענדע פארזאמלונג איז אויפגעלעזט געוואָרען האָבען זיי ביי־דע געלעבט צווישען זיך ווי אַ פארהייראַטע פּאָר. מיר מיינען דאָ לואי באָנאַפּארט פון איין זייט און די פּארטיי פון די פאראייניגטע רויאַליסטען, די פּארטיי פון אָרדנונג, פון דער גרויסער בורזשואַ־זיע פון דער צווייטער זייט. ווען לואי באָנאַפּארט איז געוואָרען

פרעזידענט, האט ער גלייך געגרינדעט א מיניסטעריום פון דער פארטיי פון ארדנונג, און אוועקגעשטעלט אין דער שפיץ פונ'ם מיניסטעריום אדילאן בארא, דעם אלטען פיהרער פון דעם ליבעראל־סטען פליגעל פון דער פארלאמענטארישער בורזשואזיע. הער בארא האט ענדליך דערגרייכט א מיניסטער־שטעל, דער שאטען פון וועל־כען עס האט איהם פערפאלגט זינט 1830, און נאך מעהר — ער האט דערגרייכט די פארזיצענדעריי אין דעם מיניס־טעריום. אבער דערגרייכט האט ער זי ניט ווי דער פארטגעשרי־טענסטער אנפיהרער פון דער פארלאמענטארישער אפאזיציע, ווי ער האט זיך אליין איינגערעדט אין דער צייט פון לואי פיליפ, נאר מיט דער אויפגאבע דעם פארלאמענט צו טויטען און אלס אן אליאירטער מיט זיינע גרעסטע פיינד, מיט די יעזואיטען און לעגיטימיסטען. ער האט ענדליך געבראכט די כלה אהיים, אבער ערשט נאכדעם, ווי זי איז פארגוואלדיגט געווארען. וואס איז שייך באנאפארטען, האט עס אויסגעזעהן, אז ער האט זיך אינ־גאנצען בעהאלטען. די פארטיי פון ארדנונג האט געהאנדעלט פאר איהם.

גלייך אויף דער ערשטער זיצונג פונ'ם מיניסטארען־ראט האט מען בעשלאסען וועגען דער עקספעדיציע קיין רוים, וועלכע מען האט געדארפט אויספיהרען הינטער די פלייצעס פון דער נאציא־נאלער פארזאמלונג, און די מיטלען אויף דער עקספעדיציע, האט מען אפגערעדט, ארויסצובעקומען פון דער פארזאמלונג אונטער א פאלשען אויסרעד. אזוי האט מען אנגעהויבען מיט בעשווינדלען די נאציאנאלע פארזאמלונג און מיט א פארשווערונג צוזאמען מיט די אבסאלוטע מלוכות פון אויסלאנד געגען דער רעוואלוציאנערער רוימישער רעפובליק. אויף דעם זעלבען אופן און מיט אן עהנליכען מאנעוור האט באנאפארט צוגעגרייט זיין מלוכה־איבערקעהרעניש פונ'ם 2־טען דעצעמבער געגען דער ראיאליסטישער געזעצגעבע־רישער פארזאמלונג און איהר קאנסטיטוציאנעלער רעפובליק. מיר דארפען ניט פארגעסען, אז דיזעלבע פארטיי, וואס האט דעם 20־טען דעצעמבער 1848 אויסגעבילדעט באנאפארט'ס מיניסטעריום, האט דעם 2־טען דעצעמבער 1851 אויסגעבילדעט די מעהרייט פון דער געזעצגעבערישער נאציאנאלער פארזאמלונג.

די קאָנסטיטואירענדע פאַרזאַמלונג האָט אין אויגוסט בע־שלאָסען אויפצולעזען זיך ערשט נאָכדעם, ווי זי וועט אויסאַרבייטען און פאַרעפענטליכען אַ גאַנצע רייהע פון אָרגאַנישע געזעצען, וואָס זאָלען דערגענצען די קאָנסטיטוציע. די פאַרטיי פון אָרדנונג האָט דעם 6־טען יאַנואַר 1849 דורך איהר פאָרשטעהער ראַטאָ פאָרגע־שלאָגען דער פאַרזאַמלונג זי זאָל לאָזען די אָרגאַנישע געזעצען און בילכער בעשליסען וועגען איהר א י י ג ע נ ע ר א ו י פ ל ע־ו ו נ ג. ניט בלויז דאָס מיניסטעריום מיט אָדילאָן באַראָ אין דער שפּיץ, נאָר אויך אַלע האָיאַליסטישע מיטגליעדער פון דער נאַציאָנאַ־לער פאַרזאַמלונג האָבען איהר אין דעם מאָמענט אונטערגעזאָגט, אַז איהר אויפלעזונג איז נויטיג, כדי צוריקצושטעלען דעם מלוכה־קרעדיט, צו פאַרפעסטיגען די אָרדנונג; צו מאַכען אַ סוף צו דעם צושטאַנד פון צייטווייליגקייט און איינצושטעלען אַן ענטגילטיגע אָרדנונג. זיי האָבען אויך בעשולדיגט די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, אַז זי לאָזט ניט די נייע רעגירונג צו זיין פּראָדוקטיוו; אַז זי שטרעבט צו פאַרלענגערען איהר אייגענע עקזיסטענץ בלויז אויס בייזוויליגקייט, און אַז דאָס לאַנד איז שוין מיד פון איהר. באָנאַ־פּאַרט האָט ביי זיך בעמערקט די אַלע בעליידיגונגען געגען דער געזעצגעבערישער מאַכט, האָט זיי אויסגעלערנט אויף אויסווענדיג און האָט דעם 2־טען דעצעמבער 1851 בעוויזען די פּאַרלאַמענטאַרי־שע ראָיאַליסטען, אַז ער האָט פון זיי עטוואָס געלערנט. ער האָט אַלע זייערע שאַרפע ווערטער אַרויסגעזאָגט געגען זיי.

דאָס מיניסטעריום פון באַראָ און די אָרדנונגס־פּאַרטיי איז געגאַנגען ווייטער. זיי האָבען אין גאַנץ פראַנקרייך אויפגעפּאָ־דערט די בעפעלקערונג צו שיקען פּ ע ט י צ י ע ס צ ו ד ע ר נ א צ י אָ נ א ל ע ר פ א ר ז א מ ל ו נ ג, אין וועלכע מען האָט די לעצטע זעהר פריינדליך געבעטען צו פאַרשווינדען. אַזוי האָבען זיי געגען דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, אָט דעם קאָנסטי־טוציאָנעל אָרגאַניזירטען אויסדרוק פונ׳ם פאָלק, געפיהרט די אונ־אָרגאַניזירטע מאַסען פונ׳ם פאָלק. זיי האָבען אויסגעלערנט באָנאַ־פּאַרט׳ען צו אַפּעלירען צום פאָלק געגען דעם פּאַרלאַמענט. ענדליך איז דעם 29־טען יאַנואַר 1849 געקומען דער טאָג, ווען די קאָנ־סטיטואירענדע פאַרזאַמלונג האָט געדאַרפט בעשליסען וועגען

איהר אייגענער אויפלעזונג. די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט גע־טראָפען די געביידע, וואו זי האָט אָפּגעהאַלטען איהרע זיצונגען, פאַרנומען פון מיליטער; שאַנגאַרניע, דער גענעראַל פון דער אָרד־נונגספּאַרטיי, אין וועמעס הענט עס איז געוועזען פאַראייניגט די קאָ־מאַנדע איבער דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע און איבער די רעגולערע רעגימענטען, האָט דעם טאָג געמאַכט אַ גרויסע מיליטערישע פּאַראַד אין פּאַריז, אַזוי ווי מען וואָלט דאָרט ערוואַרט אַ שלאַכט, און די פאַראייניגטע ראָיאַליסטען האָבען מיט דראָהונגען דערקלערט דער קאָנסטיטואירענדער פאַרזאַמלונג, אַז מען וועט בענוצען מאַכט גע־גען איהר, ווען זי וועט ניט מסכים זיין צו אויפלעזען זיך. זי האָט מסכים געווען און האָט אויסגעדונגען פאַר זיך בלויז נאָר אַ קורצע צייט פאַר איהר עקזיסטענץ. וואָס איז דער 29־סטער יאַנואַר געווען מעהר, ווי די מלוכה־איבערקעהרעניש פונ'ם 2־טען דע־צעמבער 1851 נאָר אויסגעפיהרט פון די ראָיאַליסטען צוזאַמען מיט באָנאַפּאַרטען געגען דער רעפּובליקאַנישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמ־לונג? אָט די הערען האָבען ניט בעמערקט אָדער ניט געוואָלט בעמערקען, אַז באָנאַפּאַרט האָט אויסגענוצט דעם 29־סטען יאַנואַר 1849 צו לאָזען אַ טייל מיליטער־אָפּטיילונגען דורכגעהן פאַרביי איהם אין פּאַראַד נעבען דעם טיואילרי־פּאַלאַץ, און אַז ער האָט זיך זשעדנע אָנגעכאַפּט גראָד אָן דער ערשטער אָפענער פאַר־מעסטונג פון דער מיליטערישער מאַכט נעגען דער ציווילער, כדי צו געבען אַ וואונק אויף קאַליגולען. זיי, די ראָיאַליסטען, האָבען נאָר געזעהן און געקוואָלען פון זייער אייגענעם שאַנגאַרניע.

איין מאָטיוו, וואָס האָט בעזונדערס געטריבען די אָרדנונגס־פּאַרטיי מיט גוואַלד צו פאַרקירצען דאָס לעבען פון דער קאָנסטי־טוציאָנעלער פאַרזאַמלונג, איז געווען — די אָ ר ג אַ נ י ש ע געזעצען, וואָס האָבען דערגענצט די קאָנסטיטוציע, ווי דאָס גע־זעץ וועגען שול־אונטערריכט, וועגען רעליגיאָן א. ד. ג. די פאַר־אייניגטע ראָיאַליסטען האָבען דורכאויס געוואָלט אַליין אָט די געזעצען ארויסגעבען, און ניט לאָזען, אַז די רעפּובליקאַנער, וואָס האָבען פאַרלאָרען דעם צוטרוי, זאָלען זיי ארויסגעבען. צווישען אָט די אָרגאַנישע געזעצען האָט זיך אויך געפונען איינס וועגען דער פאַראַנטוואָרטליכקייט פון דעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. אין

1851 איז די געזעצגעבערישע פֿאַרזאַמלונג גראַד געווען פֿאַרנומען מיט דורכפֿיהרען אַזאַ געזעץ, ווען באָנאַפּאַרט האָט זיך פֿאַרמאָסטען מיט זיין מלוכה־איבערקעהרעניש פֿונ'ם 2־טען דעצעמבער. וואָס וואָלטען די פֿאַראייניגטע ראָיאַליסטען אין זייער ווינטערדיגען פֿאַר־לאַמענטאַרישען קאַמפּיין פֿון 1851 ניט געגעבען, ווען זיי וואָלטען נאָר אָט דאָס פֿאַראַנטוואָרטליכקייט־געזעץ געפֿונען פֿאַרטיג און אַרויסגעגעבען פֿון דער פֿאַרדעכטיגער און פֿאַרהאַסטער רעפּובליקאַ־נישער פֿאַרזאַמלונג!

נאָכדעם ווי די קאָנסטיטואירענדע פֿאַרזאַמלונג האָט דעם 29־סטען יאַנואַר 1849 אַליין צובראָכען איהר לעצט געוועהר, האָט דאָס מיניסטעריום פֿון באַראָ און די „פֿריינד פֿון אָרדנונג“ זי געפּייניגט צום טויט; זיי האָבען גאָרנישט ניט דורכגעלאָזט, מיט וואָס זיי האָבען זי נאָר געקאָנט דערנידעריגען, און האָבען פֿון איהר פֿאַרצווייפֿעלטער שוואַכקייט אַרויסגעפּרעסט געזעצען, וואָס האָבען איהר געקאָסט דאָס לעצטע ביסעל אַכטונג פֿונ'ם פּובליקום. באָנאַפּאַרט, פֿאַרנומען מיט זיין נאַפּאָלעאָנישער אידעע־פֿיקס, איז געווען גענוג העזה'דיג צו עקספּלואַטירען עפֿענטליך אָט די דער־נידערונג פֿון דער פּאַרלאַמענטאַרישער מאַכט. אַזוי צ. ב. ווען די נאַציאָנאַלע פֿאַרזאַמלונג האָט דעם 8־טען מאַי 1849 געשטימט אונצוטרוי געגען דעם מיניסטעריאום פֿאַר אודינאָ'ס בעלאַגערונג פֿון טשיוויטאַ־וועקיאַ און האָט בעפֿוילען צוריקפֿיהרען די רוימישע עקספּעדיציע צו איהר בעשטימטען ציעל, האָט באָנאַפּאַרט דעמזעל־בען אָוונד פֿאַרעפֿענטליכט אין „מאָניטעור“ אַ בריף צו אָדינאָ, אין וועלכען ער האָט איהם בעגריסט מיט זיינע העלדישע מעשים און האָט זיך, אין געגענזאַץ צו די פֿענקריצערישע פּאַרלאַמענטאַ־ריער, אַרויסגעשטעלט אַלס איידעלער פֿאַרטיידיגער פֿון דער אַר־מיי. די ראָיאַליסטען האָבען דערביי צוגעשמייכעלט, זיי האָבען איהם פּשוט געהאַלטען פֿאַר זייער נאַר. און ענדליך, ווען מאַראַסט, דער פֿאָרזיצענדער פֿון דער קאָנסטיטואירענדער פֿאַרזאַמלונג, האָט איין מאָמענט גערעכענט, אַז די זיכערהייט פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿאַרזאַמלונג איז אין געפֿאַהר, און האָט, שטיצענדיג זיך אויף דער קאָנסטיטוציע, אויפֿגעפֿאָדערט אַ פּאָלקאָווניק מיט זיין רעגימענט צו קומען אויף דער וואַך, האָט דער פּאָלקאָווניק זיך אָפּגעזאָגט

צו פאָלגען; ער האָט זיך בערופען אויף דער דיסציפּלין און האָט אָנגעוויזען מאַראַסטען אויף שאַנגאַרניע, און דער לעצטער האָט איהם איראָניש אַנטזאַגט מיט דער בעמערקונג, אַז ער האָט ניט ליעב קיין „אינטעליגענטע באַיאָנעטען“. אין נאָוועמבער 1851, ווען די פּאַראיינינגטע ראָיאַליסטען האָבען געוואָלט אָנהויבען זייער ענטשיידענעם קאַמף מיט באָנאַפּאַרטען, האָבען זיי אין זייער בעוואוסטען „קוועסטאָרען־ביל“ געזוכט דורכצופיהרען דעם פּרינציפּ פון רעכט פאַר דעם פּאָרזיצענדען פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג דירעקט צו ווענדען זיך נאָך מיליטער. איינער פון זייערע גע־נעראַלען, לעפלאָ, האָט אונטערגעשריבען דעם געזעצפּראָיעקט. אומ־זיסט האָט שאַנגאַרניע געשטימט פאַר דעם פּראָיעקט, און אומזיסט האָט טיער אַפּעלירט צו דער פאָרזיכטיגער קלוגקייט פון דער אמאָ־ליגער קאָנסטיטואירענדער פאַרזאַמלונג. דער ק ר י ג ס מ י נ י ס־ט ע ר סט. אַרנאָ האָט איהם געענטפערט, ווי שאַנגאַרניע האָט געענטפערט מאַראַסטען, און — האָט דערביי אַרויסגערופען די אַפּלאָדיסמענטען פון די מאָנטאַניאַרען.

אַזוי האָט די אָרדנונגספּאַרטיי אַליין, ווען זי האָט נאָך ניט קאָנטראָלירט די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, נאָר בלויז דאָס מיניסטע־ריאום, געבראַנדמאַרקט די פּאַרלאַמענטאַרישע אָרדנונג. און אָט די פּאַרטיי האָט דאָס פּראָטעסטירט, ווען דער 2־טער דעצעמבער 1851 האָט פאַרטריבען אָט די פּאַרלאַמענטאַרישע אָרדנונג פון פראַנקרייך!

מיר ווינשען איהר א גליקליכע רייזע!

---

## III

דעם 29־סטען מאַי איז זיך צונויפגעקומען די געזעצגעבענדע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג; דעם 2־טען דעצעמבער 1851 איז זי צו־טריבען געוואָרען. אָט דער פּעריאָד נעהמט אַרום די לעבענס־צייט פון דער ק אָ נ ס ט י ט ו צ י אָ נ ע ל ע ר  אָ ד ע ר  פּ אַ ר־ל אַ מ ע נ ט אַ ר י ש ע ר  ר ע פּ ו ב ל י ק.

אין דער ערשטער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז נאָך דער הערשאַפט פון די  ק אָ נ ס ט י ט ו צ י אָ נ אַ ל י ס ט ע ן  גע־

קומען די הערשאַפט פון די ז ש י ר אָ נ ד י ס ט ע ן און נאָך דער הערשאַפט פון די ז ש י ר אָ נ ד י ס ט ע ן — די הער־שאַפט פון די י אַ ק אָ ב י נ ע ר. יעדע פון אַט די פּאַרטייען האָט זיך געשטיצט אויף אַ מעהר פּראָגרעסיווען עלעמענט. אַזוי ניך ווי זיי פלעגען די רעוואָלוציע אוועקפיהרען צו ווייט, זיי זאָלען איהר קאָנען נאָכגעהן אָדער, נאָך וועניגער, אָנפיהרען, פלעגען זיי אָפּגעשטויסען ווערען אָן אַ זייט אָדער געשיקט ווערען אויף דער גיליאָטינע פון זייערע מעהר געוואַגטע מיטקעמפער, וואָס זיינען געשטאַנען הינטער זיי. די רעוואָלוציע איז אויף אַזא אופן אַלץ געגאַנגען אַרויף און אַרויף.

גראָד פאַרקעהרט איז געווען מיט דער רעוואָלוציע פון 1848. די פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי איז ערשיענען אַלס צוגאָב צו דער קליינ־בירגערליך־דעמאָקראַטישער. און די לעצטע האָט זי פאַרראַטען און געלאָזען פאַלען דעם 16־טען אַפּריל, דעם 15־טען מאַי און אין די יוני־טעג. די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון איהר זייט האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף די אַקסלען פון דער בורזשואַז־רעפּובליקאַני־שער פּאַרטיי. נאָר קוים האָבען די בורזשואַז־רעפּובליקאַנער דער־פיהלט, אַז זיי קאָנען שטעהן פעסט אויף זייערע אייגענע פיס, האָ־בען זיי אָראָפּגעטרייסעלט פון זיך די אומבעקוועמע חברים און האָ־בען זיך אַליין אָנגעשפּאַרט אויף די אַקסלען פון דער אָרדנונגס־פּאַרטיי. און די אָרדנונגס־פּאַרטיי האָט איינגעצויגען איהרע אַקס־לען, האָט געלאָזט די בורזשואַז־רעפּובליקאַנער זיך איבערקוליען מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און האָט זיך אַליין אָנגעכאַפּט אָן דער בעוואַ־פענטער מאַכט. און ווען זי האָט גערעכענט, אַז זי זיצט אויפ'ן אַקסעל פון דער בעוואַפענטער מאַכט, האָט זי אין איין שענעם פריהמאָרגען בעמערקט, אַז די אַקסלען האָבען זיך פאַרוואַנדעלט אין באַיאָנעטען. יעדע פּאַרטיי האָט פון הינטען געשטויסען די, וואָס האָבען זיך גערוקט פאָרויס, און האָט זיך אָנגעשפּאַרט פון פאָרנט אויף די, וואָס האָבען זיך גערוקט צוריק. עס איז ניט קיין וואונדער, וואָס זיי האָבען אין אָט דער לעכערליכער פּאָזע פאַר־לאָרען זייער גלייכגעוויכט און זיינען געפאַלען, נאָכדעם ווי זיי האָ־בען דורכגעמאַכט די אומפאַרמיידליכע גרימאַסען. די רעוואָלוציע איז אויף אַזא אופן געגאַנגען אַלץ אַראָפּ און אַראָפּ. זי איז געווען

אין אָט דער בעוועגונג אַראָפּצוצו שוין איידער די לעצטע פּעברואַר־באַריקאַדע איז אָפּגערוימט געוואָרען און עס איז געגרינדעט געוואָרען די ערשטע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג.

דער פּעריאָד, וואָס מיר האָבען פאַר זיך, נעהמט אַרום דעם פּיעלפאַכיגסטען געמיש פון בולט׳סטע ווידערשפּרוכען: קאָנסטיטוציאָנאַליסטען, וואָס קאָנספּירירען אָפען געגען דער קאָנסטיטוציע; רעוואָלוציאָנערען, וועלכע גיבען צו, אַז זיי זיינען קאָנסטיטוציאָנעל; אַ נאַציאָנאַלע פּאַרזאַמלונג, וועלכע וויל זיין אַלמעכטיג און בלייבט שטענדיג פּאַרלאַמענטאַריש; מאָנטאַניאַרען (אַן אָפּאָזיציע), וואָס געפינען, אַז זייער אויפגאַבע איז געדולדיג צו וואַרטען, און רעכטפערטיגען זייערע איצטיגע מפּלות דורך פּאָרויס־זאָגען קינפטיגע נצחונות; ראָיאַליסטען, וועלכע בילדען אויס די „פּאַטרעס קאָנסקריפּטי" (די סענאַטאָרען) פון דער רעפּובליק און זיינען געצוואונגען דורך דער סיטואַציע אונטערצושטיצען אין אויסלאַנד די פיינדליכע קעניגליכע הויפען, פון וועלכע זיי זיינען אָנהענגער, און אין פראַנקרייך די רעפּובליק, וועלכע זיי האַסען; אַן אויספיהרענדע מאַכט, וועלכע געפינט איהר מאַכט אין איהר שוואַכקייט און איהר ווירדיגקייט אין דער פעראַכטונג, וועלכע זי רופט אַרויס; אַ רעפּובליק, וועלכע איז ניט מעהר, ווי אַ קאָמבינירטע שמאַך און שאַנדע פון די ביידע מאָנאַרכיעס — פון דער רעסטאַווראַציע און פון דער יולי־מאָנאַרכיע — מיט אַ צוגאָב פון אַן אימפּערישען עטיקעט; פאַראייניגונגען, וועמעס ערשטער פּונקט איז — פאַרנאַנדערגעהן זיך; קאַמפען, וועמעס ערשטער געזעץ איז אונענטשלאָסענהייט; אין נאָמען פון שלום — נאַרישע, אינהאַלטסלאָזע אַגיטאַציע; אין נאָמען פון רעוואָלוציע — פייערליכע דרשות פון אָרדנונג; ליידענשאַפטען אָהן אמת; אמת אָהן ליידענשאַפטען; העלדען אָהן העלדענטאַטען; געשיכטע אָהן געשעהענישען; ענטוויקלונג, וועמעס איינציגע טרייב־קראַפט, ווייזט אויס, איז דער קאַלענדאַר, און וועלכע פאַרמאַטערט מיט דער שטענדיגער איבער־חזר׳ונג פון די זעלבע אנשטרענגונגען און אָפּשוואַכונגען; היפּוכים, וועלכע, ווייזט אויס, דערהויבען זיך פּעריאָדיש נאָר כדי אָפּצוטעמפּען איינע די אַנדערע און פאַרניכט ווערען, ניט קאָנענדיג זיך לעזען; פּרעטענציעזע אַנשטרענגונגען, געמאַכט לפּנים וועגען, און בורזשו־

אזע שרעקען פאר דער געפאהר פון דעם וועלט־אונטערגאנג צוגלייך מיט קליינליכע אינטריגעס און הויפקאמעדיעס, געשפיעלט פון די וועלט־רעטער, וועלכע דערמאנען מיט זייער טאקטיק פון „זאל זיך געהן, ווי עס געהט“, ניט אזוי פיעל דעם יום־הדין, ווי די צייטען פון דער אלטער פראנדע; דער אפיציעלער קאלעקטיווער געניוס פון פראנקרייך איז געמאכט געווארען צו שאנד דורך דער קונציגער נארישקייט פון אן איינצעלנעם אינדיווידואום; דער קאלעקטיווער ווילען פון פאלק, ווי ער דריקט זיך אויס אין אלגעמיינע וואהלען, זוכט א געהעריגען אויסדרוק אין די אלטע פריינד פון די מאסען־אינטערעסען, ביז ער געפינט איהם ענדליך אין דעם ווילקירליכען ווילען פון א ניט־פאראנטווארטליכען צושטערער. דאס איז געווען א געשיכט־שטיק, געמאהלט שווארץ אויף שווארץ. מענשען און געשעהענישען קומען דא פאר ווי פארענדערטע „שלעמילס“, ווי שאטענס, וואס האבען פארלארען זייערע קערפערס. די רעוואלוציע אליין פאראליזירט איהרע אייגענע טרעגער און בעוואפענט נאר איהרע געגנער מיט ליידענשאפטליכער גוואלדטאט. ווען דער „רויטער שרעקענס־גייסט“, וואס איז פון די קאנטר־רעוואלוציאנערען כסדר בעשווארען און נאכדעם פארטריבען געווארען, ערשיינט ענדליך, ערשיינט ער ניט מיט אן אנארכישער פריגישער מיץ אויפ'ן קאפ, נאר אינ'ם מונדיר פון ארדנונג, אין ר ו י ט ע ל א מ פ א ס ע ן ־ ה ו י ז ע ן פונ'ם פראנצויזישען סאלדאט.

מיר האבען געזעהן, אז דאס מיניסטעריום, וואס באנאפארט האט בעשטימט דעם 20־סטען דעצעמבער 1848 אינ'ם טאג פון זיין אויפשטייגען, איז געווען א מיניסטעריום פון דער ארדנונגס־פארטיי, פון דער לעגיטימיסטישער און ארלעאניסטישער קאאליציע. דאס מיניסטעריום פון בארא־פאלו האט אויסגעהאלטען דעם קאמף מיט דער רעפובליקאנישער קאנסטיטוציאנעלער פארזאמלונג, וועמעס לעבען עס האט מעהר אדער ווייניגער פארקירצט, און האט זיך נאך געפונען ביים רודער. שאנגארניע, דער גענעראל פון די פאראייניגטע ראיאליסטען, איז נאך אלץ געווען דער אויבערקאמאנדיר פון דער ערשטער מיליטערישער דיוויזיע און פון דער פאריזער נאציאנאלער גווארדיע. לסוף האבען די אלגעמיינע וואהלען פאר־

זיכערט פאַר דער אָרדנונגס־פּאַרטיי אַ גרויסע מעהרהייט אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. דאָ האָבען די דעפּוטאַטען און די פּערס (סענאַטאָרען) פון לואי פיליפּ בעגעגענט אַ היילינע מחנה פון לעגיטימיסטען, פאַר וועלכע די גרויסע צאָהל וואַהלצעטלעך פון'ם פאָלק האָבען זיך פערוואַנדעלט אין איינטריטסקאַרטעס אויף דער פּאָליטישער ביהנע. די באָנאַפּאַרטיסטישע פאָלקס־פאַר־שטעהער זיינען געווען צו ווייניג, אַז זיי זאָלען קאָנען אויסבילדען אַ זעלבסטשטענדיגע פּאַרלאַמענטאַרישע פּאַרטיי. זיי זיינען דער־ריבער געווען בלויז אַ נאָכשלעפּעניש ביי דער אָרדנונגספּאַרטיי. אויף אַזאַ אופן האָט די אָרדנונגספּאַרטיי געהאַט אין איהרע הענט די רעגירונגסמאַכט, די אַרמיי און די געזעצגעבערישע קערפּערשאַפ־טען, קורץ — די גאַנצע מלוכה־מאַכט; און דערצו איז זי מאָראַליש בעפעסטיגט געוואָרען דורך די אַלגעמיינע וואַהלען, וואָס האָבען פאַר איהר הערשאַפט געשאַפען דעם אויסזעהן פון'ם פאָלקס־ווילען, און דורך דעם, וואָס צו דערזעלבער צייט האָט אויפ'ן גאַנצען קאָנ־טינענט געזיגט די קאָנטער־רעוואָלוציע.

קיינמאָל האָט אַ פּאַרטיי ניט אָנגעפאַנגען איהר קאַמף מיט גרעסערע מיטלען און אונטער גינסטיגערע סמנים.

די ריינע רעפּובליקאַנער, וואָס האָבען איבערגעלעבט אַ שיפס־ברוך, זיינען איינגעשרומפּען געוואָרען אין דער נאַציאָנאַלער פאַר־זאַמלונג ביז אַ קליקע פון אַ מאַן 50 מיט די אַפריקאַנישע גענעראַ־לען: קאַוואַניאַק, לאַמאָרסיער, בעדאָ אין דער שפּיץ. עס האָט זיך אָבער דאָך אויסגעבילדעט אַ גרויסע אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטיי — די פּאַרטיי פון די מאָנטאַניאַרען. אָט דעם פּאַרלאַמענטאַרישען נאָמען האָט זיך געגעבען די ס אָ צ י אַ ל ־ ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ש ע פּאַרטיי. זי האָט געהאַט העכער 200 פון די 750 שטימען פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און איז דעריבער געווען ווייניגסטענס אַזוי שטאַרק ווי יעדע פון די דריי פראַקציעס פון דער אָרדנונגס־פּאַרטיי, גענומען פאַר זיך אַליין. און איהר פאַרהעלטניסמעסיגע מינדערהייט אין פאַרגלייך מיט דער גאַנצער ראָיאַליסטישער קאָאַ־ליציע, האָט זיך געדוכט, ווערט באַלאַנסירט דורך בעזונדער גינסטי־גע אומשטענדען. די וואַלען אין די דעפּאַרטאַמענטען האָבען בע־וויזען, אַז ניט נאָר האָט זי געוואונען אַ בעדייטענדע אנהענגער־

שאפט צווישען דער דארפס־בעפעלקערונג, נאר אויך, אז זי האט אריינגעקראגען אין איהרע רייהען כמעט אלע פאריזער דעפוטאטען. די ארמיי, ווידער, האט דורך דער ערוועהלונג פון דריי אונטער־אפיצירען בעוויזען, אז זי האט אנגענומען דעם דעמאקראטישען גלויבען, און דער שעף פון די מאנטאניארען — לעדרו־ראלען — איז, להיפוך צו די דעפוטאטען פון דער ארדנונגס־פארטיי, דערהויבען געווארען צום „פארלאמענטארישען אדעלשטאנד" דערמיט, וואס פינף דעפארטאמענטען האבען איינצייטיג אויף איהם פאר־איינינגט זייערע שטימען. עס האט זיך אויף אזא אופן דעם 29־סטען מאי 1849 געדוכט, אז ביי די אומפארמיידליכע צוזאמענ־שטויסען פון די ראיאליסטען צווישען זיך און פון דער גאנצער ארד־נונגספארטיי מיט באנאפארטען, האט די מאנטאניארישע פארטיי פאר זיך אלע אויסזיכטען אויף ערפאלג. און מיט פערצעהן טעג שפעטער האט זי פארלארען אלץ, אריינגערעכענט אויך איהר עהרע.

איידער מיר וועלען ווידער בעטראכטען די פארלאמענטארישע געשיכטע, דארפען מיר מאכען איניגע בעמערקונגען, כדי צו פאר־מיידען די געוועהנליכע טעות'ן וועגען דער גאנצער עפאכע, וואס מיר האבען פאר זיך. לויט דער אנשויאונג פון די דעמאקראטען האט זיך אינ'ם פעריאד פון דער געזעצגעבערישער נאציאנאלער פארזאמלונג געהאנדעלט וועגען דאסזעלבע, וועגען וואס עס האט זיך געהאנדעלט אין דער קאנסטיטואירענדער פארזאמלונג, ד. ה. וועגען דעם פשוט'ען קאמף צווישען רעפובליקאנער און ראיאליסטען. די בעוועגונג גופא אבער האבען זיי געקרוינט מיט'ן נאמען „רעאק־ציע", נאכט, ווען אלע קעץ זיינען גרוי, און ווען עס איז פאר זיי מעגליך צו פלאפלען זייערע שלעפעריגע אלגעמיינהייטען. און ווירקליך, אויפ'ן ערשטען בליק דוכט זיך, אז די ארדנונגספארטיי שטעלט מיט זיך פאר א קנויל פון פערשיעדענע ראיאליסטישע פראקציעס, וועלכע אינטריגירען צווישען זיך כדי ארויפצוזעצען יעדע איינע איהר פרעטענדענט אויפ'ן טראן און אויסצושליסען דעם פרעטענדענט פון דער געגנערישער פארטיי, און זיינען דערצו אלע פאראייניגט אין זייער שנאה געגען דער „רעפובליק" און אין געמיינשאפטליכע אנפאלען אויף איהר. די מאנטאניארישע פאר־טיי, להיפוך צו אט דער ראיאליסטישער קאנספיראציע, האט אויס־

געזעהן אַלס פּאַרטרעטערין פון דער „רעפּובליק". די אָרדנונגס־פּאַרטיי איז שטענדיג ווי געוועזן פאַרנומען מיט א „רעאַקציע", וועל־כע איז ניט מעהר און ניט וועניגער, ווי אין פּרייסען, געוועזן גע־ווענדעט געגען דער פּרעסע, געגען דעם רעכט פון פאַראייניגונג א. ד. ג., און איז דורכגעפיהרט געוואָרען, אויך ווי אין פּרייסען, דורך ברוטאַלער פּאָליציייאישער אריינמישונג פון דער ביוראָקראַטיע, דער זשאַנדאַרמעריע און דער פּראָקוראַטור. און די „מאָנטאַניא־רישע" פּאַרטיי איז פון איהר זייט געוועזן כסדר פאַרנומען מיט אָפּ־שלאָגען אָט די אָנפּאַלען און אויף אַזאַ אופן פאַרטיידיגען די „מענ־שען־רעכט", ווי עס האָט מעהר אָדער וועניגער געטון יעדע פּאָלקס־פּאַרטיי פאַר די לעצטע הונדערט פופציג יאָהר. אָבער ביי א נעהענטערער בעטראַכטונג פון דער לאַגע און פון די פּאַרטייען פאַר־שווינדט אָט די אילוזיע, וואָס האָט פּאַרשלייערט דעם ק ל א ־ ס ע נ ק א מ ף און די בעזונדערע פיזיאָנאָמיע פון אָט דעם פּע־ריאָד.

די לעגיטימיסטען און די אָרלעאַניסטען האָבען, ווי געזאָגט, אויסגעבילדט די צוויי גרויסע פראַקציעס פון דער אָרדנונגספּאַרטיי. וואָס אָבער האָט די צוויי פראַקציעס צוגעבונדען יעדע צו איהר פּרעטענדענט און זיי געהאַלטען בעזונדער איינע פון דער אנדערער? איז עס געוועזן ניט מעהר ווי די „לילעי" און דער „דרייקאָליר", די בורבאָנישע דינאַסטיע און די אָרלעאַנישע, פאַרשיעדענע שאַטירונגען פון ראָיאַליזם? אין דער צייט פון די בורבאָנען האָבען רעגירט די גרויסע ערדבעזיצער מיט זייערע גלחים און לאַקייען; אין דער צייט פונ'ם אָרלעאַניסט — די גרויסע פינאַנסיסטען, די גרויסע פאַבריקאַנטען און די גרויסע סוחרים, ד. ה. די קאַפּיטאַליסטען מיט זייער גאַנצער סוויטע פון אדוואָקאַטען, פּראָפעסאָרען און אָראַטאָרען. דאָס לע־גיטימיסטישע קעניגטום איז בלויז געוועזן דער פּאָליטישער אויס־דרוק פאַר דער בירושה בעקומענער הערשאַפט פון די פּריצים, אַזוי ווי די יולי־מאָנאַרכיע איז געוועזן בלויז דער פּאָליטישער אויסדרוק פאַר דער אוזורפּירטער הערשאַפט פון די בורזשואַזע אופגעקומענע גבירים. אָט די ביידע פראַקציעס האָבען אַלזאָ אָפּגעשיידט און געהאַלטען בעזונדער ניט וועלכע עס איז אַזוינגערופענע פּרינציפּען,

נאָר די מאַטעריעלע בעדינגונגען פון זייער עקזיסטענץ, די צוויי פאַרשיעדענע מינים פון אייגענטום; דאָס איז געווען דער אַלטער געגענזאַץ פון שטאָדט און דאָרף, די קאָנקורענץ צווישען קאַפּיטאַל און ערדאייגענטום. קיינער לייקענט ניט, אז צו דערזעלבער צייט האָט זיי צוגעבונדען צו דער אָדער דער אַנדערער קעניגליכער דינאַסטיע אויך אַלטע זכרונות, פּערזענליכע פיינדשאַפט, מורא און האָפנונגען, פאָראורטיילען און אילוזיעס, סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס, איבערצייגונגען, גלויבונגען און פּרינציפּען. אויף די פאַרשיעדענע פאָרמען פון אייגענטום, אויף די סאָציאַלע בעדינגונגען פון עקזיסטענץ הויבט זיך אויף אַ גאַנצער „איבערבוי" פון פאַרשיעדענע און אייגענטימליכע געפיהלען, אילוזיעס, פאָרמען פון דענקען און אַנשויאונגען אויפ'ן לעבען. דער גאַנצער קלאַס שאַפט זיי און פאָרמירט זיי פון זיינע מאַטעריעלע יסודות און פון די געזעלשאַפטליכע פאַרהעלטעניסען, וועלכע ענטשפּרעכען זיי. דער איינציגער אינדיווידואום, וועלכער זאַפּט זיי איין דורך טראַדיציע און ערציהונג, קאָן זיך איינרעדען, אז זיי שאַפען דאָס דעם יסוד און דעם אויסגאַנגספּונקט פון זיינע מעשים. אויך יעדע פון דיביידע פראַקציעס — די אָרלעאַניסטען און די לעגיטימיסטען — האָט געוואָלט זיך און אַנדערע איינרעדען, אז זיי שיידט פונאַנדער דאָס, וואָס זיי זיינען אנהענגער פון די צוויי קעניגליכע דינאַסטיעס; האָבען שפּעטער די פאַקטען בעוויזען, אז דער פאַראייניגונג פון די אנהענגער פון די ביידע קעניגליכע דינאַסטיעס האָבען פיעל מעהר געשטערט זייערע געגענזעצליכע אינטערעסען. און אזוי ווי מען שיידט אונטער אין פּריוואַטען לעבען צווישען דעם, וואָס אַ מענש מיינט און זאָגט וועגען זיך, און צווישען דעם, וואָס ער איז און וואָס ער טוט אין דער ווירקליכקייט, אזוי מוז מען נאָך מעהר אין די געשיכטליכע קאַמפּען אונטערשיעדען די פראַזען און איינרעדענישען פון די פּאַרטייען פון זייער ווירקליכען אָרגאַניזם און פון זייערע ווירקליכע אינטערעסען, זייערע פאָרשטעלונגען פון זייער רעאַלער ווירקליכקייט. די אָרלעאַניסטען און לעגיטימיסטען זיינען אין דער רעפּובליק געווען איינע נעבען די אַנדערע מיט גלייכע פּרעטענזיעס. ווען יעדע פון די צוויי פראַקציעס האָט געוואָלט געגען דער אַנדערער דורכפיהרען די **רעסטאַוראַציע**

פון איהר א י י נ ע נ ע ר קעניגליכער דינאַסטיע, האָט דאָס בלויז בעדייט אז יעדע פון די צוויי ג ר ו י ס ע א י נ ט ע ר ע־ ס ע ן ־ ר י כ ט ו נ ג ע ן, אויף וועלכע די בורזשואַזיע טיילט זיך — ערד־אייגענטום און קאַפּיטאַל — האָט געוואָלט רעסטאַוו־ רירען איהר אויבערהערשאַפט און די אונטערגעוואָרפענקייט פון דער צווייטער ריכטונג. מיר רעדען וועגען די צוויי אינטערעסען־ ריכטונגען פון דער בורזשואַזיע, ווייל די גרויסע ערדאייגענטימער זיינען ניט קוקענדיג אויף זייער פעאָדאַלער קאָקעטעריי און זייער יחוס־שטאָלץ אינגאַנצען פאַרבורזשואַזירט געוואָרען א דאַנק דער ענטוויקלונג פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט. אזוי האָבען די טאָריער אין ענגלאַנד א לאַנגע צייט זיך איינגערעדט, אז זיי זיינען ענטוזיאַסטיש פאַר דאָס קעניגטום, פאַר דער קירכע און פאַר דער אַלטער ענגלישער קאָנסטיטוציע, ביז דער טאָג פון געפאַהר איז געקומען און האָט זיי געצוואונגען מודה צו זיין זיך, אז זיי זיינען ענטוזיאַסטיש נאָר פאַר דער ערד־רענטע.

די פאַראייניגטע ראָיאַליסטען האָבען אינטריגירט איינע גע־ גען די אַנדערע אין דער פּרעסע, אין עמס, אין קלערמאָן, אַלץ אויסער דעם פּאַרלאַמענט. הינטער די קוליסען פלעגען זיי ווידער אָנטון זייערע אַלטע אָרלעאַניסטישע און לעגיטימיסטישע ליוורייען און פלעגען ווידער דורכפיהרען זייערע אַלטע טורנירען. אָבער אויף דער עפענטליכער ביהנע, אין זייערע הויפּט־מעשׂים און מלוכה־ אַקטען, אַרויסטרעטענדיג אַלס גרויסע פּאַרלאַמענטאַרישע פּאַרטיי, פלעגען זיי אָפּ׳פּטר׳ן זייערע ביידענס קעניגליכע דינאַסטיעס בלויז מיט רעווערענסען און אָפּלעגען די רעסטאַוראַציע פון דער מאָ־ נאַרכיע אויף אַן אונבעשטימטער צייט. זיי האָבען זייער ווירקליכע אַרבייטס־אויפגאַבע אויסגעפיהרט אַלס פּאַרטיי פון אָרדנונג, ד. ה. אונטער א סאָציאַלער פאָהן, ניט אונטער א פּאָליטישער; אַלס פאַרטרעטער פון דער בורזשואַזער וועלט־אָרדנונג, ניט אַלס ריטער פון רייזענדע פּרינצעסינס; אַלס בורזשואַזער קלאַס, אַנטקעגען די אַנדערע קלאַסען און ניט אַלס ראָיאַליסטען אַנטקעגען רעפּובליקאַ־ נער. און אַלס פּאַרטיי פון אָרדנונג האָבען זיי געהערשט איבער די אַנדערע קלאַסען מיט מעהר רעספּעקטיזם און אַכזריות, איידער ווען עס איז פריהער אין דער צייט פון דער רעסטאַוראַציע אָדער פון

דער יולי־מאָנאַרכיע, אַ זאַך, וואָס איז מעגליך געווען נאָר אונטער
אַ פּאַרלאַמענטאַרישער רעפּובליק, ווייל נאָר אונטער דער לעצטער
האָבען די צוויי גרויסע אָפּטיילונגען פון דער פראַנצויזישער בור־
זשואַזיע זיך געקאָנט פאַראייניגען און אויף אַזאַ אופן אַרויפ־
שטעלען אויף דער טאַגעסאָרדנונג די הערשאַפט פון זייער גאַנצען
קלאַס אנשטאט דער הערשאַפט פון איין פּריווילעגירטער פראַקציע
זייערער. און אויב זיי האָבען, ניט קוקענדיג אויף דעם, אויך אַלס
פּאַרטיי פון אָרדנונג בעליידיגט די רעפּובליק און אויסגעדריקט זיי־
ער פאַראַכטונג צו איהר, איז דאָס געווען ניט בלויז אויס ראָיאַליס־
טישער טראַדיציע. זייער אינסטינקט האָט זיי אונטערגעזאָגט,
אַז הגם די רעפּובליק האָט פאַר־פול געמאַכט זייער פּאָליטישע הער־
שאַפט, האָט זי אין דערזעלביגער צייט אונטערגעשוויינקט דעם סאָ־
ציאַלען יסוד פון אָט דער הערשאַפט, ווייל זיי האָבען פון איצט אָן
זיך געדאַרפט שטעלען אַנטקעגען די אונטערדריקטע קלאַסען און
קעמפען מיט זיי דירעקט, אָהן אַ פאַרמיטלער, אָהן דער מעגליכקייט
צו באַהאַלטען זיך הינטער דער קעניגליכער קרוין אָדער צוזשטוקע־
ווען די פאָלקס־אינטערעסען צו זייער אייגענעם קרייזעל־קאַמף צווי־
שען זיך אָדער מיט דער מאָנאַרכיע. דאָס געפיהל פון זייער אייגע־
נער שוואַכקייט האָט זיי דאָס געצוואונגען אָפּצוקעהרען זיך פון די
קלאָרע אָפענע בעדינגונגען פון זייער אייגענער קלאַסען־
הערשאַפט און צוריקציהען זיך צו די וועניגער פולשטענ־
דיגע און ענטוויקעלטע, און דעריבער אויך וועניגער געפעהרליכע
פאָרמען פון אָט דער הערשאַפט. יעדעס מאָל, פאַרקעהרט, ווען די
פאַראייניגטע ראָיאַליסטען פלעגט אויסקומען צו קומען אין אַ
קאָנפליקט מיט דעם פּרעזידענט, וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגען
זיי, ד. ה. מיט באָנאַפּאַרטען; יעדעס מאָל ווען זיי האָבען גערע־
כענט אַז זייער פּאַרלאַמענטאַרישער אַלמעכטיגקייט דראָהט אַ גע־
פאַהר מצד דער אויספיהרענדער מאַכט; יעדעס מאָל, הייסט דאָס,
ווען זיי האָבען געדאַרפט פונאַנדערוויקלען די פּאָליטישע פאָהן פון
זייער הערשאַפט, — פלעגען זיי אַרויסטרעטען אַלס ר ע פּ ו ב־
ל י ק אַ נ ע ר און ניט אַלס ר אָ י אַ ל י ס ט ע ן, אָנהויבענדיג
מיט דעם אָרלעאַניסט טיער, וואָס האָט געוואָרנט די נאַציאָנאַלע
פאַרזאַמלונג, אַז די רעפּובליק צוטיילט זיי אַמווענינגסטען, און ענ־

דיגענדיג מיט דעם לעגיטימיסט בעריע, וואָס האָט דעם 2־טען דע־
צעמבער 1851 זיך אַרומגעוויקעלט מיט דעם דרייפאַרביגען שאַרף
און האָט אַלס טריבון אין׳ם נאָמען פון דער רעפּובליק געהאַלטען
אַ רעדע פאַר דעם פּאָלק, וואָס האָט זיך פאַרזאַמעלט פאַר׳ן ראַט־
הויז פונ׳ם צעהנטען וואהל־קרייז. אמת, דער ווידערקלאַנג האָט
איהם מיט שפּאָט געענטפערט: „הענרי V! הענרי V!“

אנטקעגען דער פאַראייניגטער בורזשואזיע האָט זיך אויסגע־
בילדט אַ פאַראייניגונג פון די קליינבירגער מיט די ארבייטער, אַ
פאַראייניגונג אונטער׳ן נאָמען „ס אָ צ י אַ ל ־ ד ע מ אָ ק ר אַ־
ט י ש ע“ פּאַרטיי. די קליינבירגער האָבען נאָך די יוני־טעג פון
1848 זיך אַרומגעזעהן, אַז זיי זיינען גאָר שלעכט בעלוינט געוואָ־
רען, אַז עס שטעהען אין סכנה זייערע מאַטעריעלע אינטערעסען
און אַז די דעמאָקראַטישע גאַראַנטיעס, וועלכע דאַרפען זיכערען די
פאַרווירקליכונג פון אָט די אינטערעסען, זיינען פון דער קאָנטר־
רעוואָלוציע געשטעלט געוואָרען אונטער אַ פראַגע־צייכען. זיי
האָבען זיך דעריבער נעהענטער צוגערוקט צו די אַרבייטער. און פון
דער אַנדער זייט האָט זייער פאָרשטעהערשאַפט אין פּאַרלאַמענט,
די מאָנטאַניאַרישע פּאַרטיי, וואָס איז אין דער צייט פון דער בור־
זשואַז־רעפּובליקאַנער דיקטאַטור אוועקגעשטויסען געוועזען אָן אַ זייט,
ווידער בעקומען איהר פאַרלאָרענע פּאָפּולאַריטעט אין דער לעצטער
העלפט פון דער עקזיסטענץ פון דער קאָנסטיטואירענדער פערזאַמ־
לונג אַ דאַנק איהר קאַמף מיט באָנאַפּאַרטען און מיט די ראָיאַליס־
טישע מיניסטאָרען. די מאָנטאַניאַרישע פּאַרטיי האָט געמאַכט אַ
בונד מיט די סאָציאַליסטישע פיהרער. אין פעברואַר 1849 האָט
מען אָפּגעהאַלטען פייערליכע שלום־באַנקעטען. מען האָט אָנגעצייי־
כענט אַ געמיינשאַפטליכע פּראָגראַם, אויסגעקליבען געמיינשאַפט־
ליכע וואהל־קאָמיטעטען און אַרויסגעשטעלט געמיינשאַפטליכע קאַנ־
דידאַטען. ביי די סאָציאַלע פאָדערונגען פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט האָט
מען אָפּגעבראָכען זייער רעוואָלוציאָנערע שאַרפקייט און מען האָט
זיי צוגעגעבען אַ דעמאָקראַטישע ריכטונג, און פון די דעמאָקראַטי־
שע פּרעטענזיעס פון די קליינבירגער האָט מען אַראָפּגעשאָבען זייער
בלויז פּאָליטישע פאָרם און צוגעגעבען זיי אַ סאָציאַליסטישען קאָ־
ליר. אַזוי איז אַנטשטאַנען די ס אָ צ י אַ ל ־ ד ע מ אָ ק ר אַ־

ט י ע. די נייע מאָנטאַניאַרישע פּאַרטיי, דער פּראָדוקט פון אַט
דער קאָמבינאַציע, איז מיט דער אויסנאַהם פון איינינגע פאָרשטע־
הער פון דעם אַרבייטערקלאַס און איינינגע סאָציאַליסטישע סעקטאַנ־
טען בעשטאַנען פון די זעלבינגע עלעמענטען, וואָס די אַלטע מאָנ־
טאַניאַרישע פּאַרטיי; נאָר זי איז געוועזן שטאַרקער אין צאָהל.
אָבער מיט דעם גאַנג פון דער ענטוויקלונג האָט זיך די פּאַרטיי
פּאַרענדערט צוזאַמען מיט דעם קלאַס, וועלכען זי האָט פּאַרטראָטען.
דער אייגענטימליכער כאַראַקטער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע
דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס זי פּאַרלאַנגט דעמאָקראַטיש־רעפּוב־
ליקאַנישע אינסטיטוציעס ניט צוליעב אָפּשאַפעןביידע עקסטרעמי־
טעטען — קאַפּיטאַל און לוינאַרבייט, — נאָר צוליעב אָפּשוואַכען
זייער געגענזעצליכקייט און פערוואַנדלען די לעצטע אין האַרמאָניע.
ווי פערשיעדען עס זאָלען ניט זיין די מיטלען, וואָס זיינען פאָרגע־
שלאָגען געוואָרען, כדי צו דערגרייכען אָט דעם ציעל, און ווי שען אָט
דער ציעל זאָל ניט זיין בעפּוצט מיט מעהר אָדער ווענינגער רעוואָלו־
ציאָנערע פאָרשטעלונגען, דער אינהאַלט בלייבט אַלץ דערזעלבער.
אָט דער אינהאַלט בעשטעהט אין אומענדערען די געזעלשאַפט אויף
אַ דעמאָקראַטישען וועג, אָבער אומענדערן זי אין די גרעניצען פון
דעם קליינבירגערטום. מען דאַרף נאָר זיך ניט ענג פאָרשטעלען, אַז
די קליינבירגער האָבען פּרינציפּיעל געוואָלט דורכפיהרען זייער עגאָ־
איסטישען קלאַסען־אינטערעס. זיי האָבען פאַרקעהרט געגלויבט,
אַז די ב ע ז ו נ ד ע ר ע בעדינגונגען פון זייער בעפרייאונג זיינען
די אַ ל ג ע מ י י נ ע בעדינגונגען, וואָס בלויז אונטער זיי
קאָן מען ראַטעווען די מאָדערנע געזעלשאַפט און אויסמיידען דעם
קלאַסענקאַמף. מען דאַרף זיך אויך ניט פאָרשטעלען, אַז די דעמאָ־
קראַטישע פאָרשטעהער זיינען אַלע געוועזן קרעמער אָדער ענטוזיאַס־
טישע אנהענגער פון קרעמעריי. זיי האָבען לויט זייער בילדונג און
זייער אינדיווידועלער לאַגע געקאָנט זיין הימעלווייט פון די קרע־
מער. און פאַרטרעטער פון די קליינבירגער זיינען זיי געוואָרען
דערפאַר, וואָס זיי האָבען ביי זיך א י ן ק אָ פּ ניט געקאָנט
אַרויס פון די גרעניצען, פון וועלכע די קליינבירגער האָבען ניט גע־
קאָנט אַרויס א י ן ל ע ב ע ן; וואָס זיי זיינען דעריבער ט ע־
אָ ר ע ט י ש געקומען צו די זעלבינגע אויפגאַבען און לעזונגען,

צו וועלכע די קליינבירגער זיינען געקומען פּ ר א ק ט י ש דורך זייערע מאַטעריעלע אינטערעסען און זייער געזעלשאַפטליכער לאַגע. דאָס איז בכלל די פארהעלטעניש פון די פּ אָ ל י ט י ש ע און ל י ט ע ר א ר י ש ע פארטרעטער פון א קלאַס צו דעם קלאַס, וועלכען זיי פארטרעטען.

נאָך די געגעבענע ערקלערונגען ווערט שוין פארשטענדליך פון זיך אליין, אז ווען די מאָנטאַניארישע פּארטיי האָט כסדר גע־קעמפט מיט דער פּאַרטיי פון אָרדנונג פאַר דער רעפּובליק און פאַר די אזוי גערופענע מענשענרעכט, זיינען ניט די רעפּובליק און ניט די מענשענרעכט געווען איהר ענדציעל; פּונקט אזוי ווי אַן ארמיי, ביי וועלכער מען וויל אוועקנעהמען איהר געוועהר און וועל־בע שטעלט זיך אנטקעגען דעם, איז ניט ארויסגעטראָטען לכתחילה אויפ'ן מלחמה־פּלאַץ מיט דעם איין צוועק — צו בלייבען ביי איהר אייגענעם געוועהר.

די פּאַרטיי פון אָרדנונג האָט גלייך נאָכדעם, ווי די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג איז זיך צוזאַמענגעקומען, פּראָוואָצירט די מאָנטאַניא־רישע פּאַרטיי. די בורזשואַזיע האָט איצט געפיהלט, אז עס איז פאַר איהר נויטיג פּטור צו ווערען פון דעם דעמאָקראַטישען קליינ־בירגער, ווי זי האָט מיט איין יאָהר פריהער געפּיהלט, אז עס איז פאַר איהר נויטיג פּטור צו ווערען פון דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָ־לעטאַריאַט. נאָר די לאַגע פון דעם געגנער איז איצט געווען אַן אנדערע. די קראַפט פון דער פּראָלעטארישער פּאַרטיי איז געווען אויף דער גאַס, פון די קליינבירגער אָבער — אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג גופא. מען האָט זיי דעריבער געדאַרפט ארויסנאַרען פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אויף דער גאַס און לאָזען זיי אליין צוברעכען זייער פּאַרלאַמענטארישע מאַכט, איידער די צייט און די געלעגענהייט האָט נאָך די לעצטע פּאַרפעסטיגט. און די מאָנטאַניארישע פּארטיי האָט זיך אָהן א צוים א לאָז געטון און איז גלייך אין נעץ אריינגעפאַלען.

די באָמבאַרדירונג פון רוים דורך פראַנצויזישען מיליטער איז געווען די ביינדיל, וואָס מען האָט צוגעוואָרפען דער מאָנטאַניא־רישער פּאַרטיי. מיט דער באָמבאַרדירונג איז מען איבערגעטראָ־טען דעם ארטיקעל V פון דער קאָנסטיטוציע, וואָס האָט פאַרבאָטען

דער פראַנצויזישער רעפּובליק צו בענוצען איהר מיליטערישע קראַפט געגען דער פרייהייט פון אַן אַנדער פאָלק. אויסערדעם האָט נאָך דער אַרטיקעל IV פאַרבאָטען דער אויספיהרענדער מאַכט צו ערקלערען קריג אָהן דער צושטימונג פון דער נאַציאָנאַלער פאַר־זאַמלונג, און די קאָנסטיטואירענדע פאַרזאַמלונג האָט אין איהר בעשלוס פון 8־טען מאַי ארויסגעזאָגט זיך געגען דער רוימישער עקספּעדיציע. אויף אָט דעם גרונד איז לעדריו־ראָלען דעם 11־טען יוני 1849 ארויסגעטראָטען מיט אַ פאָרשלאַג אַרויסצוזעצען באָנאַ־פּאַרטען און זיינע מיניסטאָרען; און דערבייא איז ער אונטער די שטעכיגע בעמערקונגען פון טיער'ן דערגאַנגען ביז צו דער דראָהונג צו פאַרטיידיגען די קאָנסטיטוציע מיט אַלע מיטלען, אפילו מיט געוועהר אין די הענט. און די מאָנטאַניארישע פאַרטייא האָט זיך דערבייא אויפגעהויבען ווי איין מאַן און איבערגע'חזר'ט דעם זעלבען רוף צו געוועהר. דעם 12־טען יוני האָט די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג אָפּגעוואָרפען לעדריו־ראָלענס פאָרשלאַג און די מאָנטאַניארישע פאַרטייא האָט פאַרלאָזען דעם פאַרלאַמענט. די געשעהענישען פונ'ם 13־טען יוני זיינען בעקאַנט: אַ טייל פון דער מאָנטאַניארישער פאַרטייא האָט ארויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמאַציע, אין וועלכער באָנאַ־פּאַרט און זיינע מיניסטאָרען זיינען דערקלערט געוואָרען „אויסער דער קאָנסטיטוציע"; די גאַסענפּראָצעסיע פון דעם דעמאָקראַטישען טייל פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, וועלכע איז געווען אָהן גע־וועהר, איז זיך פונאַנדערגעלאָפען ביים ערשטען צוזאַמענשטויס מיט דעם מיליטער פון שאַנגאַרניע א. א. וו., א. א. וו. איין טייל פון דער מאָנטאַניארישער פאַרטייא איז אַנטלאָפען קיין אויסלאַנד, אַ צווייטער טייל איז איבערגעגעבען געוואָרען צום הויכען־געריכט אין באָרדאָ, און די איבעריגע מאָנטאַניארען האָט אַ פאַר־לאַמענטאַרישער רעגלאַמענט געשטעלט אונטער דעם פאָטערליכען אויפזיכט פונ'ם פּרעזידענט פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. פּאַריז האָט מען ווידער ערקלערט אין בעלאַגערונגס־צושטאַנד און דעם דעמאָקראַטישען טייל פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע האָט מען אויפגעלעזט. אזוי איז צובראָכען געוואָרען די ווירקונג פון די מאָנטאַניארען אין פאַרלאַמענט און די מאַכט פון די קליינבירגער אין פּאַריז

אין ליאָן, וואו דער 13־טער יוני האָט געגעבען אַ סיגנאַל פאַר

אַ בלוטיגען אויפשטאַנד פון די אַרבייטער, און אין זיינע פינף שכנ'ישע דעפּאַרטאַמענטען, איז אויך ערקלערט געוואָרען בעלאַגע־רונגס־צושטאַנד, וועלכער דויערט נאָך ביז היינטיגען טאָג (1852).

די מעהרהייט פון דער מאָנטאַניאַרישער פּאַרטיי האָט פאַר־ראַטען איהר אַוואַנגאַרד מיט דעם, וואָס זי האָט זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבען די פּראָקלאַמאַציע. די פּרעסע האָט דעזערטירט, און נאָר צוויי זשורנאַלען האָבען געוואַגט צו פּאַרעפּענטליכען די פּראָקלאַמאַציע. די קליינבירגער האָבען פאַרראַטען זייערע פאָר־שטעהער; זייער טייל פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע איז ניט גע־קומען, און וואו זיי זיינען יאַ געקומען, האָבען זיי ניט געלאָזען בויען קיין באַריקאַדען. און די פאָרשטעהער פון זייער זייט האָבען אָפּגענאַרט די קליינבירגער, ווייל זייערע צוגעזאָגטע פּאַרטיזאַנישע טיילען פון דער אַרמיי האָט מען אין ערגעץ ניט געקאָנט זעהן. און ענדליך האָט די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, אנשטאָט צו ווערען שטאַר־קער אויפ'ן חשבון פונ'ם פּראָלעטאַריאַט, אָנגעשטעקט דעם לעצטען מיט איהר אייגענער שוואַכקייט; און ווי געוועהנליך ביי הויכע דע־מאָקראַטישע טאַטען האָבען די פיהרער געמוזט טרייסטען זיך דער־מיט, וואָס זיי האָבען געקאָנט בעשולדיגען זייער „פאָלק“, אַז עס האָט דעזערטירט, און דאָס פאָלק — דערמיט, וואָס עס האָט גע־קאָנט בעשולדיגען זיינע פיהרער, אַז זיי האָבען איהם אָפּגענאַרט.

זעלטען ווען איז אַ געוויסע האַנדלונג אָנגעזאָגט געוואָרען מיט מעהר רעש, ווי דער אַרויסטריט פון די מאָנטאַניאַרען; זעלטען ווען האָט מען וועגען אַ געשעהעניש מיט מעהר זיכערהייט און מיט אַ לענגערע צייט פאָרויס געטרומייטערט, ווי וועגען אָט דעם „אומ־פאַרמיידליכען“ זיג פון דער דעמאָקראַטיע. געוויס, די דעמאָקראַ־טען האָבען געגלויבט אין די שופרות, וואָס פאַר זייערע קולות זיינען איינגעפאַלען די מויערן פון יריחו. און יעדעס מאָל, ווען זיי איז אויסגעקומען צו שטעלען זיך אַנטקעגען די מויערן פון דעספּאָטיזם, האָבען זיי זיך געפּליישט נאָכצומאַכען אָט דעם נס. אויב די מאָנ־טאַניאַרישע פּאַרטיי האָט געוואָלט זיגען אין פּאַרלאַמענט, האָט זי ניט געדאַרפט רופען צו געוועהר. אויב זי האָט אין פּאַרלאַמענט גערופען צו געוועהר, האָט זי זיך אויפ'ן גאַס ניט גע־דאַרפט פאַרהאַלטען פּאַרלאַמענטאַריש. אויב זי האָט מיט איהר

פרידליכער דעמאָנסטראַציע געמיינט ערנסט, איז געווען פון איהר זייט נאָריש ניט פאַרויסצוזעהן, אז מען וועט זי בעגעגענען פיינד־ליך. אויב זי האָט געמיינט אַן אמת'ען קאמף, איז געווען שוין צו אָריגינעל לכתחילה אוועקצוואוארפען דאָס געוועהר, מיט וועל־כען מען האָט געדאַרפט קעמפפען. אָבער די רעוואָלוציאָנערע דראָ־הונגען פון די קליינבירגער און פון זייערע דעמאָקראַטישע פאַר־טרעטער זיינען געווען ניט מעהר ווי פּראָבעס צו אָנשרעקען דעם געגנער. און ווען מען האָט זיי פאַרנאַרט אין זאַק, ווען זיי האָבען זיך גענוג קאָמפּראָמעטירט און האָבען געמוזט אויספיהרען זייערע דראָ־הונגען, האָבען זיי זיך געפיהרט צווייךייטיג, אַזוי ווי זיי וואָלטען וועלען גראַד אויסמיידען די מיטלען, וואָס פיהרען צום ציעל, און זוכען תירוצים צו אונטערגעבען זיך. די רוישיגע אוואווערטיור, וואָס האָט אָנגעזאָגט דעם קאמף, האָט זיך געענדיגט מיט אַ שטילען מורמלען, ווען דער קאמף האָט זיך געדאַרפט אָנהויבען, די אַרטיס־טען האָבען אויפגעהערט צו קוקען ערנסט אויף זייערע ראָלען, און די גאַנצע האַנדלונג איז דורכגעפאַלען, אַזוי ווי אַן אָנגעבלאָזענער לופטבאַלאָן, ווען מען שטעכט איהם דורך מיט אַ נאָדעל.

קיין פאַרטיי האָט ניט אַזוי פיעל מגזם געווען און איבער־טריבען איהרע מיטלען, ווי די דעמאָקראַטישע, און קיין פאַרטיי האָט זיך ניט אַזוי אָפּגענאַרט בנוגע צו דער לאַגע. אויב אַ טייל פון דער אַרמיי האָט ביי די וואַהלען געשטימט פאַר דער מאָנטאַניאַ־רישער פאַרטיי, איז די לעצטע שוין געווען איבערצייגט, אז די אַרמיי וועט צוליעב איהר רעוואָלטירען. און ביי וואָס פאַר אַ געלעגענ־הייט? ביי אַ געלעגענהייט, וואָס פונ'ם שטאַנדפּונקט פון דעם מי־ליטער האָט עס געקאָנט האָבען נאָר דעם זין, אז די רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די רוימישע סאָלדאַטען געגען די פראַנצויזישע סאָלדאַטען. פון דער אַנדער זייט איז נאָך געווען צו פריש אין זכרון דער יוני פון 1848, אז עס זאָל קאָנען אויסגעוואָרצעלט ווערען די אַנטיפּאַטיע פונ'ם פּראָלעטאַריאַט צו דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע און עס זאָל קאָנען פאַרשווינדען דאָס טיעפע געפיהל פון אונצוטרוי פון די פיהרער פון די געהיימע גע־זעלשאַפטען צו די פיהרער פון די דעמאָקראַטען. כדי אויסצוגלייכען אָט די אונטערשיעדען, האָט זיך געפאָדערט, אז עס זאָלען אַרויסטרע־טען גרויסע געמיינשאַפטליכע אינטערעסען. די איבערטרעטונג פון

אַן אַבסטראַקטען פּאַראַגראַף פון דער קאָנסטיטוציע האָט אָט די אינטערעסען ניט געשאַפען. איז מען רעדן שוין פריהער, לויט דער פאַרזיכערונג פון די דעמאָקראַטען אַליין, ניט פיעל מאָל איבער־טראָטען די קאָנסטיטוציע? האָבען רעדן די פּאָפּולערע זשורנאַלען ניט געבראַנדמאַרקט די קאָנסטיטוציע אַלס קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע קונצשטיק? אָבער דער דעמאָקראַט, וואָס האָט פאַרטראָטען די קליינבירגער, ד. ה. אַ ן א י ב ע ר ג אַ נ ג ס ק ל אַ ס, אין וועל־כען עס זיינען איין און דערזעלבער צייט געוועזן אָפּגעטעמפּט די אינטערעסען פון די צוויי אַנדערע קלאַסען, האָט געדענקט, אַז ער שטעהט איבער די קלאַסען־געגענזאַצען בכלל. די דעמאָקראַטען גיבען צו, אַז אַנטקעגען זיי שטעהט אַ פּריווילעגירטער קלאַס, אָבער דאָס פ אָ ל ק — דאָס זיינען זיי, די דעמאָקראַטען און די אַנדערע טיילען פון דער נאַציאָן. זיי פאַרטרעטען ד י ר ע ק ט ד אָ ס פ אָ ל ק און זיי אינטערעסירען זיך מיט די א י נ ט ע ר ע ס ע ן פ ו ן פ אָ ל ק. זיי דאַרפען דעריבער ביי אַ קאַמף, וואָס שטעהט זיי פאָר, ניט אויספּרובירען אפילו די אינטערעסען און שטעלונגען פון די פאַרשיעדענע קלאַסען. זיי דאַרפען דעריבער ניט צו פּינקט־ליך אָפּשאַצען זייערע מיטלען. זיי דאַרפען נאָר געבען אַ צייכען, אַז דאָס פ אָ ל ק מיט זיינע אונערשעפּליכע כוחות און מיטלען זאָל זיך אַרויפוואַרפען אויף זיינע ד ר י ק ע ר. ווען עס ווייזט זיך אָבער אַרויס ביי דער אויספיהרונג פון זייער פּראָגראַם, אַז זייע־רע אינטערעסען זיינען אונאינטערעסאַנט און אַז זייער מאַכט איז אָהנמעכטיג, בעשולדיגען זיי אין דעם אָדער די פאַרדאָרבענע סאָ־פיסטען, וועלכע צושפּאַלטען דאָס פאָלק, וואָס איז אַליין גאַנץ, אויף פיינדליכע לאַגערן; אָדער די אַרמיי, וועלכע איז צו ווילד און פאַרבלענדט צו פאַרשטעהן, אַז די הויכע ציעלען פון דער דעמאָ־קראַטיע זיינען צוגעפּאַסט צו איהרע, דער אַרמיי'ס, אייגענע אינטע־רעסען; אָדער זיי בעהויפּטען, אַז איבער אַ דעטאַל, איבער אַ קליי־ניגקייט איז דורכגעפאַלען די גאַנצע זאַך. אָדער אַזאַ ניט פאָרויס־געזעהענער צופאַל האָט געבראַכט די פּאַרטיי צו אַ דורכפאַל. אַלענפאַלס געהט דער דעמאָקראַט אַרויס פון זיין שענדליכער מפּלה פונקט אַזוי אומשולדיג, ווי אומשולדיג ער איז אין איהר אַריין; ער איז, פאַרקעהרט, נאָך מעהר איבערצייגט, אַז ער מוז געווינען;

אַבער ער רעכענט, אז ניט ער אָדער זיין פּארטיי דארפען בייטען זייערע אנשויאונגען, נאָר פארקעהרט, אז די אומשטאנדען דארפען איהם קומען צו הילף.

מען דארף זיך דעריבער ניט פּאַרשטעלען, אז די פּארקלענערטע און צובראָכענע מאָנטאַניארישע פּארטיי, ווען דער נייער פּאַר־לאַמענטארישער רעגלאמענט האָט דערנידעריגט, האָט זיך גע־פיהלט זעהר אומגליקליך. ווען דער 13־טער יוני האָט בעזייטיגט די פיהרער פון דער פּארטיי, האָט ער געשאַפען אַ מעגליכקייט פּאַר די מיטעלמעסיגע טוער איהרע, וואָס זיינען פריהער געווען אין שאָטען, צו ארויסרוקען זיך; און זייער נייע לאַגע אַלס פיהרער איז זיי זעהר געווען געפעלען. ווען מען האָט מעהר ניט געקאָנט צווייפלען, אז אין פּארלאַמענט זיינען די דעמאָקראטען אָהנמעכטיג, זיינען זיי געוואָרען בערעכטיגט צו בעגרענעצען זייערע האנדלונגען מיט אויסדריקען זייער מאָראַלישען צאָרן און מיט קלינגענדיגע מליצות. אויב די אָרדנונגס־פּארטיי האָט גערעכענט, אז אין זיי, אַלס די לעצטע אָפיציעלע פּאָרשטעהער פון דער רעוואָלוציע, זיינען פּארקערפּערט אַלע שרעקען פון אנאַרכיע, זיינען זיי אין דער ווירק־ליכקייט געווען די פלאַכקייט און בעשיידענקייט אַליין. ווענען דעם 13־טען יוני האָבען זיי זיך געטרייסט מיט דעם פּאָלגענדען טיעפען אויסדרוק: „אָבער ווען מען וועט וואגען אָנריהרען דאָס אַלגעמיינע וואהלרעכט, דאַמאָלסט! דאַמאָלסט וועלען מיר ווייזען, ווער מיר זיינען! מיר וועלען שוין זעהן!“

וואָס איז שייך די מאָנטאַניארען, וואָס זיינען אנטלאָפען אין אויסלאַנד, איז גענוג דאָ צו בעמערקען, אז לעדרו־ראָלען, הפנים, דערפאַר, וואָס איהם איז געלונגען אין איינע צוויי וואָכען פּאָל־שטענדיג חרוב צו מאַכען די מעכטיגע פּארטיי, אין דער שפּיץ פון וועלכער ער איז געשטאַנען, האָט ער זיך געהאַלטען פאַר בערופען צו גרינדען אַ פראַנצויזישע רעגירונג אין דער פרעמד; זיין פיגור האָט פון דערווייטענס, אויסער׳ן שלאַכטפעלד, געשיינט צו וואַקסען אין דערזעלבער מאָס, אין וועלכער דער טעמפּ פון דער רעוואָלוציע איז געפאַלען, און די אָפיציעלע גדולים פון דער אָפיציעלער פראַנק־רייך זיינען געוואָרען נישטיגער; אז ער האָט געקאָנט פיגורירען אַלס רעפּובליקאַנער פּרעטענדענט פּאַר דעם יאָהר 1852; אז ער

האָט צו די וואַלאַכען און אַנדערע פעלקער פעריאָדיש אַרויסגעלאָזען צירקולאַרען, אין וועלכע ער האָט געדראָהט דעם „דעספּאָט פונ׳ם קאָנטינענט“ מיט זיינע, לעדרו־ראָלענ׳ס, טאַטען און מיט די טאַטען פון זיינע אָנהענגער. און פּרודאָן איז געווען גאָר ניט איינגאַנצען אומגערעכט, ווען ער האָט צו די הערען געזאָגט: „איהר זייט ניט מעהר ווי וויצלער!“

די אָרדנונגס־פּאַרטיי האָט דעם 13־טען יוני צובראָכען ניט נאָר די מאָנטאַניאַרישע פּאַרטיי, זי האָט אויך די קאָנסטיטוציע אונטערגעוואָרפען אונטער די בעשלוסען פון דער מעהרהייט פון דער נאַציאָנאַלער פּאַרזאַמלונג. און זי האָט די רעפּובליק פאַרשטאַנען אויף אַזאַ אופן: דאָס איז אַן אָרדנונג, אין וועלכער די בורזשואַזיע הערשט אין פּאַרלאַמענטאַרישע פאָרמען, ניט זיינענדיג בעגרעניצט מיט אַ „וועטאָ“ פון דער אויספיהרענדער מאַכט, אָדער מיט דער מעגליכקייט צו פונאַנדערלאָזען דעם פּאַרלאַמענט, ווי אין אַ מאָנאַרכיע. דאָס איז געווען די פּאַרלאַמענטאַרישע רעפּובליק, ווי טיער האָט זי אָנגערופען. אָבער אויב די בורזשואַזיע האָט דעם 13־טען יוני פאַרזיכערט איהר אַלמעכטיגקייט אינוועניג אין פּאַרלאַמענט, האָט זי אין דערזעלבער צייט שטאַרק אָפּגעשוואַכט דעם פּאַרלאַמענט גופא אין די אויגען פון דער אויספיהרענדער מאַכט און פונ׳ם פאָלק דערמיט, וואָס זי האָט אַרויסגעטריבען דעם סאַמע פּאָפּולערען טייל זיינעם. דערמיט וואָס זי האָט אַ גרויסע צאָהל דעפּוטאַטען אָהן גרויסע צערעמאָניעס איבערגעגעבען אין די הענט פון דער פּראָקוראַטור, האָט זי פאַרניכטעט איהר אייגענע פּאַרלאַמענטאַרישע אומבעריהרליכקייט. דער בעליידיגענדער אויפזיכט, וואָס זי האָט בעשטימט פאַר דער מאָנטאַניאַרישער פּאַרטיי, האָט דעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק דערהויבען אין דערזעלבער מאָס, אין וועלכער ער, דער אויפזיכט, האָט דערנידעריגט די פאָרשטעהער פון פאָלק. דערמיט, וואָס זי האָט דעם אויפשטאַנד, וועלכער האָט געהאַט אַלס זיין ציעל צו באַשיצען די קאָנסטיטוציע, באַצייכענט אַלס אַנאַרכישע האַנדלונג, וועמעס צוועק עס איז צו אַרונטערוואַרפען די אָרדנונג, האָט זי זיך אַליין אָפּגעשניטען די מעגליכקייט צו

אפעלירען פאר אן אויפשטאנד, אין פאל די אויספיהרענדע מאכט וועט פארגוואלטיגען די קאנסטיטוציע געגען דעם ווילען פון דער בורזשואזיע. און די איראניע פון דער געשיכטע האט געוואלט, אז די ארדנונגספארטיי זאל דעם 2־טען דעצעמבער 1851 דארפען מיט תחנונים בעטען דאס פאלק, הגם אומזיסט, עס זאל איינלאדען אלס פארטיידיגער פון דער קאנסטיטוציע אודינא׳ן, דעם זעלבען גענעראל, וואס האט אויף דעם אויפטראג פון באנאפארטען באמ־בארדירט רוים און אויף אזא אופן געגעבען א דירעקטען שטויס צום קאנסטיטוציאנעלען אויפשטאנד פונ׳ם 13־טען יוני. אן אנדער העלד פונ׳ם 13־טען יוני, איינער ו ו י ע י ר א, וועמען מען האט שטארק געלויבט פון דער טריבונע פון דער נאציאנאלער פאר־זאמלונג פאר זיינע ווילדע מעשים אין די רעאקציעס פון די דעמא־קראטישע צייטונגען, וואוהין ער איז געגאנגען אין דער שפיץ פון א ראטע פון דער נאציאנאלער גווארדיע, וואס איז בעשטאנען פון קינדער פון רייכע פינאנסיסטען, אט דער זעלבער וויעירא איז געווען פארמישט אין באנאפארטס פארשווערונג און האט פיעל מיטגעהאלפען, אז די נאציאנאלע פארזאמלונג זאל אין איהר לעצ־טער שטונדע ניט קאנען בעקומען קיין הילף פון דער נאציאנאלער גווארדיע.

דער 13־טער יוני האט געהאט נאך אן אנדער בעדייטונג. די מאנטאניארישע פארטיי האט געוואלט, אז באנאפארט זאל אנגעקלאגט ווערען. איהר מפלה איז אלזא געווען א דירעקטער נצחון פאר באנאפארטען, זיין פערזענליכער טריאומף איבער זיינע דעמאקראטישע פיינד. אויסגעקעמפט דעם זיג האט די ארדנונגס־פארטיי, באנאפארט האט נאר געדארפט שניידען זיינע פרוכט. און ער האט דאס טאקע געטאן. דעם 16־טען יוני האט מען געקענט לעזען א פראקלאמאציע אויף די ווענט פון פאריז. אין דער פרא־קלאמאציע האט דער פרעזידענט, כלומר׳שט אומווילינ און בלויז אונטער דעם דרוק פון די געשעהענישען, דערקלערט, אז ער געהט ארויס פון זיין קלויסטערליכער איינזאמקייט; אלס בעליידיגטע אונשולד, קלאגט ער זיך, אז זיינע געגנער האבען איהם פערליימדט. און אידענטיפיצירענדיג אויפ׳ן ערשטען בליק זיין פערזאן מיט דער זאך פון ארדנונג, אידענטיפיצירט ער אין דער אמת׳ן פיעל מעהר

די זאַך פון אָרדנונג מיט זיין אייגענער פּערזאָן. אויסערדעם, הגם די נאַציאָנאַלע פֿאַרזאַמלונג האָט לאחר זמן גוטגעהייסען די רוימי־שע עקספּעדיציע, איז די איניציאַטיווע צו שיקען זי געווען באָנאַ־פּאַרט'ס. און נאָכדעם ווי ער האָט דעם כהן־גדול שמואל (דעם פּויפּסט) אריינגעפיהרט אין וואַטיקאַן צוריק, האָט ער געקאָנט האָ־פען אליין אריינצוטרעטען אין דעם טיואילרי־פּאַלאַץ אלס קעניג דוד; ער האָט שוין אויף זיין זייט געוואונען די סימפּאַטיעס פון די קלעריקאַלען.

דער אויפשטאַנד פון 13־טען יוני האָט זיך בעגרעניצט, ווי מיר האָבען געזעהן, מיט א פרידליכער דעמאָנסטראַציע. מען האָט פון איהם דערפאַר ניט געקאָנט ערוואַרטען קיין מיליטערישע לאָרבער־קראַנצען. און דאָך האָט די אָרדנונגס־פּאַרטיי אין אָט דער עפּאָכע, וואָס איז אזוי אָרים אין העלדען און געשעהענישען, פאַרוואַנדעלט אָט די שלאַכט, אין וועלכער עס איז אפילו קיין בלוט ניט פאַר־גאָסען געוואָרען, אין א צווייטען אויסטערליץ. פון דער טרי־בונע און אין דער פרעסע האָט מען געלויבט די ארמיי און געשטעלט זי, אלס מאַכט פון אָרדנונג, אנטקעגען די פאָלקסמאַסען, אָט דער אָהנמאַכט פון אנאַרכיע. און דעם גענעראַל שאַנגאַרניע האָט מען דערקלערט אלס „שטיצע און פונדאַמענט פון דער געזעלשאַפט"; און שאַנגאַרניע האָט לסוף אליין אָנגעהויבען צו גלויבען אין אָט דער מיסטיפיקאַציע. אָבער שטילערהייט האָט מען ארויסגעשיקט פון פּאַריז די קאָרפּוסען, אין וועמעס זיכערקייט מען האָט געקאָנט צווייפלען; די רעגימענטען, וואָס האָבען דערוועהלט דעמאָקראַטען, האָט מען פאַרשיקט פון פראַנקרייך קיין אלזשיר; די אומרוהיגע קעפּ צווישען די סאָלדאַטען האָט מען אריינגעזעצט אין די דיסציפּ־לינאַרע באַטאַליאָנען און מען האָט ענדליך סיסטעמאַטיש פאַרבאָטען דער פרעסע צו קומען אין בעריהרונג מיט דער קאַזאַרמע און דער קאַזאַרמע צו קומען אין בעריהרונג מיט דער בירגערליכער געזעל־שאַפט.

דאָ קומען מיר צום קריטישען ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פון דער פראַנצויזישער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע. אין 1830 האָט זי דאָס ארונטערגעוואָרפען די רעסטאַווראַציע. אין דער צייט פון לואי פיליפּ פלעגט דורכפאַלען יעדער אויפשטאַנד, אין וועלכען

די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע איז געשטאַנען אויף דער זייט פון דעם מיליטער. און ווען זי האָט אין די פעברואַר־טעג פון 1848 זיך פאַרהאַלטען פּאַסיוו צום אויפשטאַנד און צווייִדייטיג צו לואי־פיליפ'ן, איז צום לעצטען געקומען אַ סוף. אויף אַזאַ אופן האָט זיך אויסגעאַרבייט אַן איבערצייגונג, אַז די רעוואָלוציע קאָן ניט זיגען אָהן דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, און די אַרמיי — געגען דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע. אין דעם איז בעשטאַנען דער אבערגלויבען פון דער אַרמיי בנוגע דער בורזשואַזער אַלמעכטיג־קייט. די יוני־טעג פון 1848, ווען די גאַנצע נאַציאָנאַלע גוואַרדיע האָט צוזאַמען מיט דעם מיליטער אונטערגעדריקט דעם אויפשטאַנד, האָט נאָך מעהר בעפעסטיגט אָט דעם אבערגלויבען. נאָכדעם ווי באָנאַפּאַרט איז געוואָרען פּרעזידענט, איז די בעדייטונג פון דער נאַ־ציאָנאַלער גוואַרדיע אין אַ געוויסער מאָס געפאַלען דורכדעם, וואָס ער האָט, געגען דער קאָנסטיטוציע, איבערגעגעבען די קאָמאַנדע איבער דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע און איבער דער ערשטער מילי־טערישער דיוויזיע אין די הענט פון איין און דערזעלבער פּערזאָן — פון שאַנגאַרניע.

פּונקט אַזוי ווי די קאָמאַנדירונג פון דער נאַציאָנאַלער גוואַר־דיע איז איצט געוואָרען בלויז אַ טייל פון די פליכטען פון דעם אויבערקאָמאַנדיר, אַזוי איז די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע אַליין געוואָ־רען נאָר אַ צוגאָב דעם רעגולערען מיליטער. און דעם 13־טען יוני איז די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע ענדליך צובראָכען געוואָרען, און ניט נאָר דערמיט, וואָס מען האָט זי טיילווייז אויפגעלעזט און פון דער צייט אָן געהאַלטען פּעריאָדיש אין איין ווייטערדיגען אויפלעזען אין פאַרשיעדענע טיילען פון פראַנקרייך, און וואָס פון איהר זיינען פאַרבליבען בלויז חורבות. אין דער דעמאָנסטראַציע פון דעם 13־טען יוני האָבען פריהער פאַר אַלץ גענומען אַן אנטייל די דע־מאָקראַטישע טיילען פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע. זיי זיינען, אמת, ניט אַרויסגעגאַנגען אנטקעגען דעם מיליטער מיט זייער גע־וועהר, אָבער דערפאַר אין זייערע מונדירען; און גראָד אין די מונ־דירען איז פריהער דער כישוף געלעגען. און די אַרמיי האָט זיך איבערצייגט אַז זייער מונדיר איז ניט מעהר ווי אַ וואָלענע שמאַטע, גלייך צו אַנדערע שמאַטעס. דער כישוף איז פאַרשוואונדען. אין

די יוני־טעג פון 1848 זיינען די קליינבירגער און די בורזשואַזיע געווען פאַראייניגט אלס נאַציאָנאַלע גוואַרדיע מיט דער אַרמיי געגען דעם פּראָלעטאַריאַט; דעם 13־טען יוני 1849 האָט די בורזשואַזיע געלאָזט די אַרמיי צוטרייבען די קליינבירגערליכע טיילען פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע; דעם 2טען דעצעמבער 1851 איז פאַר־שוואונדען געוואָרען די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע פון דער בורזשואַזיע אַליין, און באָנאַפּאַרט האָט נאָר קאָנסטאַטירט דעם פאַקט, ווען ער האָט שפּעטער אונטערגעשריבען דעם דעקרעט וועגען איהר אויפלעזונג. אזוי האָט די בורזשואַזיע אַליין צובראָכען איהר לעצט געוועהר געגען דער אַרמיי פון דעם מאָמענט, זינט די קליינבירגער האָבען אויפגעהערט צו שטעהן הינטער איהר אלס איהר וואַסאַל און זיך אויפגעהויבען געגען איהר; און זי האָט בכלל געמוזט מיט איהרע אייגענע הענט צוברעכען אַלע איהרע פאַרטיידיגונגס־מיטלען געגען דעם אבסאָלוטיזם, וויבאַלד זי אַליין איז געוואָרען אבסאָלוטיסטיש.

דערווייל אָבער האָט די אָרדנונגספּאַרטיי געפייערט די צוריק־בעקומונג פון דער מאַכט, וואָס זי האָט, ווי עס האָט זיך געדוכט, פאַרלאָרען אין 1848, נאָר כדי צו בעקומען זי צוריק אין 1849 אַ בעפרייטע פון יעדע בעגרענעצונגען; און געפייערט האָט זי עס דורך בעליידיגענדע אָנפאַלען אויף דער רעפּובליק און אויף דער קאָנסטיטוציע; דורך פאַרפלוכען אַלע געוועזענע, איצטיגע און צו־קונפטיגע רעוואָלוציעס, אריינגערעכענט אויך די, וואָס זייערע אייגענע פיהרער האָבען געמאַכט, און דורך געזעצען, וואָס האָבען געדאַרפט בינדען די פּרעסע, פאַרניכטען די פאַראיינען און געזעל־שאַפטען און איינפיהרען בעלאַגערונגס־צושטאַנד אלס אָרגאַנישען, שטענדיגען אינסטיטוט. און נאָכדעם ווי די נאַציאָנאַלע פאַר־זאַמלונג האָט אויסגעוועהלט פון זיך אַ פּערמאַנענטע קאָמיסיע אויף דער צייט, ווען זי וועט זיין געשלאָסען, האָט זי אין אויגוסט אָפּ־געלעגט איהרע זיצונגען ביז מיטען אָקטאָבער. פאַר דער צייט פון אָט דער וואַקאַציע האָבען די לעגיטימיסטען אינטריגירט מיט עמס; די אָרלעאַניסטען מיט קלערמאָן; באָנאַפּאַרט האָט אינטריגירט, ארומרייזענדיג ווי אַ פּרינץ; און די דעפּאַרטמענטאַלע ראַטען — אין זייערע בעראַטונגען וועגען רעווידירען די קאָנסטי־

טוציע. דאָס זיינען אַלץ פאַלען, וואָס פלעגען רעגולער פאַרקומען ביי די פעריאָדישע וואקאציעס פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, און איך וועל זיך אויף זיי ניט אָפּשטעלען, ביז זיי וועלען ווערען רעאַלע געשעהענישען. דאָ וועלען מיר נאָר בעמערקען, אַז די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט געהאַנדעלט ניט פּאָליטיש דערמיט, וואָס זי פלעגט אויף לענגערע צייטען פאַרשווינדען פון דער סצענע און איבערלאָזען פאַר אַלעמענס אויגען בראש פון דער רעפּובליק נאָר איין פּערזאָן, הגם אַ קלענגליכע, — די פּערזאָן פון לואי באָנאַפּאַרט, אין דער צייט וואָס די אָרדנונגספּאַרטיי האָט בשעת מעשה סקאַנדראַליזירט דעם עולם דורכדעם, וואָס זי האָט דורך איהרע ראָיאַליסטישע טיילען געשטרעבט צו בעפרידיגען איהרע געגענזעצליכע רעסטאַווראַציע־שטרעבונגען. יעדעס מאָל, ווען דער בעטויבענדער ליאַרעם פון'ם פּ אַ ר ל אַ מ ע נ ט פלעגט פאַרשטומט ווערען אין דער צייט פון זיינע וואַקאַציעס, און ער אַליין פלעגט זיך צוקריכען צווישען דעם פאָלק, פלעגט זיך קלאָר און דייטליך אַרויסווייזען, אַז עס פעהלט נאָר איין זאַך, כדי עס זאָל זיך אַרויסווייזען די אמת'ע געשטאַלט פון דער רעפּובליק; און דאָס איז — אַז די וואַקאַציע פון'ם פּ אַ ר ל אַ מ ע נ ט זאָל ווערען אַ שטענדיגע און אַז די אויפשריפטען פון דער רעפּובליק: „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט" זאָל פאַרביטען ווערען אויף די קלאָרע ווערטער: „אינפאַנטעריע, קאַוואַלעריע, אַרטילעריע!"

---

## IV

אין מיטען אָקטאָבער איז זיך די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג ווידער צוזאַמענגעקומען. דעם ערשטען נאָוועמבער האָט באָנאַפּאַרט זי איבערראַשט, לאָזענדיג איהר וויסען, אַז ער האָט אויפגעלעזט דאָס מיניסטעריום פון באַראָ־פאַלו און צוזאַמענגעשטעלט אַ ניי מיניסטעריום. מען האָט קיינמאָל קיין לאַקייען ניט אָפּגעזאָגט פון זייערע שטעלעס מיט ווענינגער צערעמאָניעס, ווי באָנאַפּאַרט האָט אַרויסגעיאָגט זיינע מיניסטאָרען. דעם שטויס, וואָס איז געווען בעשטימט פאַר דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, האָט דערווייל באַקומען באַראָ און קאָמפּאַניע.

דאָס מיניסטעריום פון באַראָ איז, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, געווען צוזאַמענגעשטעלט פון לעגיטימיסטען און אָרלעאַניסטען; דאָס איז געווען אַ מיניסטעריום פון דער אָרדנונגספּאַרטיי. באָנאַפּאַרט האָט געדאַרפט האָבען אַזאַ מיניסטעריום, כדי פאַנאַנדערצולאָזען די קאָנסטיטואירענדע פאַרזאַמלונג, כדי אויסצופיהרען די עקספּעדיציע געגען רוים און צוברעכען די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. הינטער אָט דעם מיניסטעריום פלעגט באָנאַפּאַרט ווי פאַרשווינדען און איבערלאָזען די רעגירונגסמאַכט אין די הענט פון דער אָרדנונגספּאַרטיי; און אויף זיך האָט ער אָנגעצויגען אַ כאַראַקטעריסטישע בעשיידענע מאַסקע פון דעם מין, וואָס עס פלעגט אין דער צייט פון לואי פיליפּ אָנטאָן אַ פאַראַנטוואָרטליכער „שטרויענער רעדאַקטאָר". איצט האָט ער אַראָפּגעוואָרפען זיין מאַסקע, וואָס איז פאַר איהם שוין ניט מעהר געווען קיין לייכטער פאָרהאַנג, הינטער וועלכען ער האָט געקאָנט בעהאַלטען זיין פיזיאָנאָמיע, נאָר אַן אייזערנער צודעק, וואָס האָט איהם געשטערט ארויסצואווייזען זיין אמת'ען פנים. ער האָט בעשטימט דאָס מיניסטעריום פון באַראָ, כדי אינ'ם נאָמען פון דער אָרדנונגספּאַרטיי צו צוטרייבען די רעפּובליקאַנישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג; ער האָט אויפגעלעזט דאָס מיניסטעריום, כדי צו דערקלערען, אַז ער איז אויף ווייטער אונאָפּהענגיג פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, אין וועלכער עס האָט געהערשט די אָרדנונגספּאַרטיי.

קיין וויכטיגע אויסרעדען פאַר אויפלעזען דאָס מיניסטעריום האָבען ניט געפעהלט. דאָס מיניסטעריום פון באַראָ האָט פאַרנאַכלעסיגט אפילו די פאָרמען פון אָנשטענדיגקייט, וועלכע שטעלען די מאַכט פונ'ם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק אין איין רייה מיט דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. אין דער צייט פון די וואַקאַציעס פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג האָט באָנאַפּאַרט פאַרעפענטליכט אַ בריף צו עדגאַר נעי, אין וועלכען ער האָט אויסגעדריקט זיין אונצופרידענהייט מיט'ן ליבעראַלען ארויסטריט פונ'ם פּויפּסט, אזוי ווי ער האָט אין געגענזאַץ צו דער קאָנסטיטואירענדער פאַרזאַמלונג פריהער פאַרעפענטליכט אַ בריף, אין וועלכען ער האָט געלויבט גענעראַל אודינאָ פאַר זיין אָנפאַל אויף דער רוימישער רעפּובליק. ווען די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט וואָטירט ד'עם

ביודזשעט פאר דער רוימישער עקספעדיציע, האָט וויקטאָר היוגאָ, אויס כלומר׳שטען ליבעראַליזם, געשטעלט אויף דיסקוסיע די פראגע וועגען דעם בריף. די אָרדנונגספארטיי האָט מיט אויסרופען פון פאראכט און אומגלויבען אָפּגעפּטר׳ט אָט דעם ארויסטריט, מיינענדיג אַז באָנאַפּארט׳ס אַן ארויסטריט קאָן בכלל ניט האָבען קיין שום פּאָליטישע בעדייטונג. קיינער פון די מיניסטאָרען האָט זיך דאמאלסט ניט אָנגענומען פאר באָנאַפּארטען. ביי אַן אנדער געלעגענהייט איז בארראָ, אין אַ רעדע פול מיט זיין געוועהנליכען פוסטען, צאָרנדיגען פּאטאָס, ארויסגעטראָטען אויף דער טריבונע געגען די „שרעקליכע אינטריגעם“, וואָס מען האָט אָנגעפיהרט, לויט זיינע רעה, אין די קרייזען נאָהענט צום פרעזידענט. און ענדליך האָט דאָס מיניסטעריום אויסגעווירקט ביי דער נאַציאָנאַלער פארזאמלונג אַ פּענסיע פאר דער אלמנה פונ׳ם הערצאָג פון אָרלעאנס און האָט זיך אין דער זעלבער צייט אָפּגעזאָגט צו שטיצען יעדען פּאָרשלאָג צו פאַרגרעסערען דעם ציוויל־ליסט *) פונ׳ם פרעזידענט. און אין באָנאַפּארטען האָט זיך דער קייזערליכער פּרעטענדענט אויף אַזוי ווייט צונויפגעגאָסען מיט דעם אוואַנטיוריסט, וואָס האָט אַלץ אין קאָרטען פארשפּיעלט, אַז די גרויסע אידעע זיינע, אַז ער איז בעשטימט צו רעסטאַווירען די אימפעריע, פלעגט ביי איהם שטענדיג דערגענצט ווערען מיט אַן אנדער געדאַנק — אַז דאָס פראנצויזישע פּאָלק איז בארופען צו צאָהלען זיינע חובות.

דאָס מיניסטעריום פון בארראָ־פאלו איז געווען דאָס ערשטע און דאָס לעצטע פארלאמענטארישע מיניסטעריום, וואָס באָנאַפּארט האָט בעשטימט. זיין אויפלעזונג שטעלט דעריבער פאָר אַן ענטשיידענעם ווענדפּונקט. צוזאמען מיט דעם מיניסטעריום האָט די אָרדנונגס־פארטיי פארלאָרען אויף אייביג די שטארקסטע אָנהאַלטונגס־פּאָזיציע פון יעדער פארלאמענטארישער אָרדנונג, דעם שליסעל צו דער אויספיהרענדער מאכט. עס איז לייכט צו פארשטעהן, אַז אין אַ לאַנד ווי פראַנקרייך, וואו די אויספיהרענדע מאכט איז אַ פולע בעל־הבית׳טע פון אַן ארמיי פון בעאמטע, וואָס צעהלט העכער אַ האַלבען מיליאָן, און האַלט דעריבער שטענדיג אין פולער

*) געהאַלט, געלט אויף הוצאות.

אָפּהענגיגקייט אַ גרויסע מאַסע אינטערעסען און עקזיסטענצען; וואו די רעגירונג נעהמט ארום, קאָנטראָלירט, רעגולירט, פּאַסט אויף און בעוואַכט די בירגערליכע געזעלשאַפט, אָנהויבענדיג פון די וויכ־טיגסטע לעבענסערשיינונגען איהרע און ביז די אומבעדייטענדסטע בעוועגונגען און פון די אַלע פאָרמען פון לעבען ביז'ן פּריוואַטלעבען פון יעדען אינדיווידואום; וואו אַ דאַנק דער אויסעראָרדענטליכער צענטראַליזאַציע ווערט אָט דער פּאַראַזיטענקערפּער אַזוי פול אומע־טום און אַזוי אַלוויסענדיג, בעקומט אַזאַ בעוועגליכקייט און שנעל־קייט, ווי עס איז, פאַרקערט, אומבעהאָלפען ניט־זעלבסטשטענדיג און פאָרמלאָז־צוקראָכען דער סאַמע קערפּער פון דער געזעלשאַפט,— אין אַזאַ לאַנד און אונטער אַזעלכע אומשטענדען וואָלט די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג צוזאַמען מיט איהר ווירקונג אויף די מיניסטאָרען־שטעלען פאַרלאָרען יעדען ווירקליכען איינפלוס, ווען זי וואָלט אין דער זעלבער צייט ניט פאַראיינפאַכט די פאַרוואַלטונג פון דער מלוכה, ניט פאַרקלע־נערט, אויף וויפיעל מעגליך, די ארמיי פון בעאַמטע און וואָלט, ענדליך, ניט ערלויבט דער בירגערליכער געזעלשאַפט און דער עפענט־ליכער מיינונג צו שאַפען איהרע אייגענע אָרגאַנען, אונאָפּהענגיגע פון דער רעגירונגסמאַכט. אָבער די *מאַטעריעלע אינ־טערעסען* פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע זיינען גראָד זעהר ענג צוזאַמענגעפלאָכטען מיט דער אויפהאַלטונג פון אָט דער ברייטער און פאַרצווייגטער רעגירונגסמאַשין. אין אָט דער מאַשין ברענגט זי אריין איהר איגענעם איבערפלוס פון בעפעלקערונג, און דורך איהר שטעלט זי זיך צו אין דער פאָרם פון מלוכה־געהאַלטען דאָס, וואָס זי האָט ניט געקאָנט איינשאַפען זיך אין דער פאָרם פון פאַרדינסטען, פּראָצענטען, רענטעס און האָנאָרארען. פון דער אַנדער זייט האָט איהר *פּאָליטישער אינטערעס* זי געצוואונגען צו פאַרגרעסערען מיט יעדען טאָג די רעפּרעסיעס, און דעריבער אויך די מיטלען און דעם פּערסאָנאַל פון דער רעגי־רונגסמאַכט; צו פיהרען אַן אונאויפהערליכען קאַמף געגען דער עפענטליכער מיינונג און צו פאַרקריפּלען די זעלבסטשטענדיגע אָר־גאַנען פון דער געזעלשאַפט דאָרט, וואו עס האָט זיך איהר ניט איינגעגעבען אינגאַנצען זיי צו בעזייטיגען. אויף אַזאַ אופן איז

די פראַנצױזישע בורזשואַזיע דורך איהר קלאַסענלאַגע געװען גע־צװאונגען פון אײן זײט צו פאַרניכטען די לעבענסבעדינגונגען פון יעדער פאַרלאַמענטאַרישער מאַכט, און, הײסט עס, אױך פון איהר אײגענער, און פון דער אַנדער זײט צו מאַכען די אױספיהרענדע מאַכט, װאָס איז פײנדליך צו איהר, נאָך פיעל שטאַרקער.

דאָס נײע מיניסטעריום האָט געהײסען דאָס מיניסטעריום פון ד'אָטפּול. דאָס מײנט ניט, אַז גענעראַל ד'אָטפּול האָט אין איהם פאַרנומען דעם פּאָסט פון פּרעמיער־מיניסטער. צו־זאַמען מיט באַראָ האָט באָנאַפּאַרט אינגאַנצען אָפּגעשאַפט אױך דעם פּרעמיער־אַמט, װאָס האָט דעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, װירקליך, רעדוצירט צו דער לאַגע פון אַ לעגאַלער נישטיגקײט, פון אַ קאָנסטיטוציאָנעלען קיניג, אָבער אַ קיניג אָהן אַ טראָן און אָהן אַ קרױן, אָהן אַ סצעפּטער און אָהן אַ שװערד, אָהן פאַראַנטװאָרטליכקײט, און ניט אומבאַגרעניצט אין יאָהרען אין זײן אַמט, און װאָס עס איז בעזונדערס װיכטיג — אָהן אַ ציװיל־ליסט. אינ'ם מיניסטעריום פון ד'אָטפּול איז נאָר געװען אײן מיניסטער אַ מיטגליעד פון פאַרלאַמענט; דאָס איז דער איד פ ו ל ד, אײנער פון די קענטיגסטע מיטגליעדער פון דער הױכער פינאַנציעלער אַריסטאָקראַטיע. ער האָט בעקומען דעם פּאָרטפעל פון פינאַנץ־מיניסטער. און װען איהר דערלאַנגט אַ קוק אין די ביכער פון דער פּאַריזער בערזע, װעט איהר אױסגעפינען, אַז אָנהױבענדיג פונ'ם 1־טען נאָװעמבער 1849 זײנען די פראַנ־צױזישע פּאָנדען געשטיגען אָדער געפאַלען מיט'ן שטײגען אָדער פאַ־לען פון די באָנאַפּאַרטיסטישע אַקציעס. אין דער זעלבער צײט װאָס באָנאַפּאַרט האָט זיך אױף אַזאַ אופן געפונען אַ פרײנד אין דער בערזע, האָט ער בעקומען די מאַכט אױף איבער דער פּאָליצײ, דורכדעם װאָס ער האָט בעשטימט קאַרליע'ן אַלס פּאָליצײפּרעפעקט פון פּאַריז.

די רעזולטאַטען פון דער ענדערונג פונ'ם מיניסטעריום האָבען זיך אָבער געקאָנט אַרױסװײזען ערשט מיט דער צײט. צוערשט האָט באָנאַפּאַרט געמאַכט אײן טריט פאָרױס, כדי שפּעטער ענט־שײדענער אַ רוק צו טון זיך אױף צוריק. צוזאַמען מיט זײן דער־קלערונג װעגען דער ענדערונג פונ'ם מיניסטעריום איז געקומען

אויף א הכנעה'דיגע דערקלערונג פון אונטערטעניגקייט פאַר דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. יעדעס מאָל, ווען די מיניסטאָרען פלע־גען אונדרייסט פּרואווען פאַרצוברענגען זיינע פּערזענליכע פאַנטאַ־זיעס אלס געזעצפּראָיעקטען, האָט זיך געדוכט, אַז זיי אַליין פיהרען אויס נאָר געגען זייער אייגענעם ווילען, געצוואונגען דורך זייער לאַגע, די קאָמישע שליחות, וואָס אין זייער אונערפאָלג זיי זיינען געוועזן פאַרויס איבערצייגט. יעדעס מאָל, ווען באָנאַפּאַרט פלעגט הינטער'ן רוקען פון זיינע מיניסטאָרען אויספּלוידערן זיינע פּלענער און שפּיעלען זיך מיט זיינע „נאַפּאָלעאָנישע אידעען“, פלעגען זיינע אייגענע מיניסטאָרען פון דער טריבונע אין דער נאַ־ציאָנאַלער פאַרזאַמלונג זיך אָפּטרייסלען פון זיי. עס האָט זיך געדוכט, אַז די אוזורפּאַציאָנס־שטרעבונגען זיינע פלעגען נאָר פאַר־עפענטליכט ווערדען צוליעב דעם, אַז עס זאָל ניט פאַרשוויגען ווערען דער איראָנישער געלעכטער פון זיינע געגנער. ער האָט זיך גע־פיהרט ווי א ניט אנערקענטער גאון, וועמען די גאַנצע וועלט האַלט פאַר א נאַר. קיינמאָל האָבען איהם אַלע קלאַסען פון דער בעפעל־קערונג אזוי ניט פאַראַכט, ווי אין אָט דעם פעריאָד, און קיינמאָל האָט די בורזשואזיע ניט געהערשט אזוי אבסאָלוט, קיינמאָל האָט זי ניט אזוי בעריהמעריש ארויסגעשטעלט איהרע הערשאַפט־עמ־בלעמען, ווי דאַמאָלסט.

איך וויל דאָ ניט דערצעהלען די געשיכטע פון איהר געזעצגע־בערישער טעטיגקייט, וואָס איז פאַר דער צייט אייגענטליך בע־שטאַנען אין גאַנצען פון צוויי געזעצען: פון'ם געזעץ, וואָס האָט צוריק איינגעפיהרט דעם **שטייער אויף וויין** און פון'ם **שול־געזעץ**, וואָס האָט אָפּגעשאַפט די וועלטליכ־קייט אינ'ם אונטעררייכט. אויב מען האָט פאַר'ן פראַנצויז געמאַכט שווערער צו טרינקען וויין, האָט מען איהם דערפאַר גע־בראַכט אלס מתנה פיעל וואַסער פון'ם „עכטען לעבען“, פון'ם חיי־האמת. די בורזשואזיע האָט דורך דעם ערשטען געזעץ וועגען וויינשטייער דערקלערט פאַר אומבעריהרבאַר די אַלטע פאַרהאַסטע פראַנצויזישע סיסטעם פון שטייערן; זי האָט דעריבער דורך דעם שול־געזעץ געוואָלט פאַרזיכערען דעם אַלטען צושטאַנד פון געמיט

פון די פראנצויזישע מאַסען, דעם צושטאַנד, וואָס זאָל העלפען אריבערטראָגען אָט די סיסטעם.

אַ סך מענשען וואונדערן זיך: ווי שיקט זיך עס, אַז די אָרלע־אַניסטען, די ליבעראַלע בורזשואַזיע, אָט די אַלטע פּרעדיגער פון פרייזיניגקייט און פון אַלזייטיגקייט אין דער פילאָזאָפיע, זאָלען אָנ־פאַרטרויען זייערע אייביגע שונאים, די יעזואיטען, די בילדונג פון'ם פראַנצויזישען גייסט. אָבער די זאַך בעשטעהט אין דעם, וואָס אויב די אָרלעאַניסטען האָבען זיך געקאָנט פונאַנדערגעהן מיט די לעגיטימיסטען אין דער פראַגע וועגען דעם פּרעטענדענט אויף דער קרוין, האָבען זיי דאָך פאַרשטאַנען, אַז אין די אינטערע־סען פון זייער געמיינשאַפטליכער הערשאַפט איז נויטיג צו פאַר־אייניגען די אונטערדריקונגסמיטלען פון ביידע עפּאָכען; אַז די פאַרשקלאַפונגסמיטלען פון דער יולי־מאָנאַרכיע מוזען צוליעב דעם דערגענצט און פאַרשטאַרקט ווערען מיט די פאַרשקלאַפונגסמיטלען פון דער רעסטאַווראַציע.

די פּויערים, וועלכע האָבען זיך אָפּגענאַרט אין אַלע זייערע האָפענונגען, וועלכע זיינען פון איין זייט געוועזן געדריקט דורך נידעריגע פּרייזען אויף תבואות און פון דער אַנדער זייט — דורך דער וואַקסענדער לאַסט פון שטייערן, האָבען זיך אָנגעהויבען צו בעו־וועגען און צו רודערן אין די פּראָווינצען. מען האָט זיי גע־ענטפערט מיט פאַרפאָלגונגען אויף די שול־לעהרער, וועלכע מען האָט געשטעלט אונטער די גלחים; מיט פאַרפאָלגונגען אויף די מעיארס, וועלכע מען האָט געשטעלט אונטער דעם רשות פון די פּרעפעקטען; און מיט אַ סיסטעם פון שפּיאָנאַזש, וועלכער אַלע זיינען אונטערוואָרפען געוואָרען. אין פּאַריז און אין די גרויסע שטעדט האָט די רעאַקציע גופא געטראָגען די פיזיאָנאָמיע פון דער עפּאָכע און האָט ניט אַזוי פיעל אונטערגעדריקט דאָס פאָלק, ווי אויפגערייצט עס. אין דער פּראָווינץ אָבער איז זי געוועזן פלאַך, געמיין, קליינליך, נאַריש, שווער און פיינליך, קורץ זשאַנדאַרמע־ריש. מען קאָן זיך פאָרשטעלען, ווי דריי יאָהר פון אַ זשאַנדאַרמע־רישען רעזשים, סאַנקציאָנירט און געבענשט פון די קלעריקאַלען, האָבען געמוזט דעמאָראַליזירען די ניט ענטוויקעלטע מאַסען!

וויפיעל ליידענשאַפט און דעקלאַמאַציע די אָרדנונגספּאַרטיי

האָט פון דער טריבונע פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג ניט
אויסגעגאָסען אויף דער מינדערהייט פון דער פאַרזאַמלונג, זיינען
אַלע איהרע רעד דאָך פאַרבליבען איינזילביג, ווי די ווערטער פון
יענעם קריסט, וואָס זיינען אַלע מאָל נאָר געווען: „יע, יע, ניט,
ניט!" זיי זיינען געווען איינזילביג סיי ווען גערעדט פון דער
טריבונע, סיי פון דער פּרעסע; זיי זיינען געווען טעמפּ, ווי אַ
רעטעניש, וואָס איהר ענטפער איז פאָרויס בעוואוסט. וועגען
וואָס עס האָט זיך ניט געהאַנדעלט: וועגען רעכט פון פּעטיציעס
אָדער וועגען וויינשטייער, וועגען פרייהייט פון פּרעסע אָדער פון
האַנדעל, וועגען קלובען אָדער וועגען אַ מוניציפּאַלער קאָנסטיטו־
ציע, וועגען פאַרטיידיגען די פרייהייט פון פּערזאָן אָדער וועגען
רעגולירען די מלוכה־ווירטשאַפט, — אַלע מאָל האָבען זיי געהאַט
איין לאָזונג, שטענדיג איז זייער ענטפער געווען אויף איין טעמע,
תמיד איז דער אורטייל געווען פאַרטיג, און געהייסען האָט עס אַלע
מאָל גלייך: „ס אָ צ י אַ ל י ז ם!" אפילו דער בורזשואזער
ליבעראַליזם, אפילו די בורזשואזע אויפקלערונג און בילדונג, אפילו
די בורזשואזע פינאַנץ־רעפאָרם — זיינען דערקלערט געוואָרען פאַר
ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש. סאָציאַליסטיש איז געווען — בויען
אַן אייזענבאַהן, וואו עס איז שוין געווען אַ קאַנאַל; סאָציאַליסטיש
איז געווען אייער פאַרטיידיגען זיך מיט אַ שטעקען, ווען מען איז
אויף אייך אָנגעפאַלען מיט אַ שווערד.

דאָס איז געווען ניט בלויז אַ פאָרם פון רעדען, אַ מאָדע,
אָדער אַ פּאַרטיי־טאַקטיק. די בורזשואזיע האָט ריכטיג איינגע־
זעהן, אַז די אַלע געוועהר, וואָס זי האָט אויסגעשמידט נעגען דעם
פעאָדאַליזם, האָבען זיך אַ קעהר געטאָן מיט זייער שאַרפער זייט
נעגען איהר אַליין; אַז אַלע מיטלען פון בילדונג, וואָס זי האָט
אַליין אַרויסגעבראַכט און ענטוויקעלט, האָבען רעוואָלטירט גענען
איהר אייגענער ציוויליזאַציע; אַז אַלע געטער, וואָס זי האָט בע־
שאַפען, האָבען זיך פון איהר אָפּגעקעהרט. זי האָט פאַרשטאַנען,
אַז די אַלע אַזוי גערופענע בירגערליכע פרייהייטען און אָרגאַנען
פון פּראָגרעס בעפאַלען און דראָהען איהר קלאַסענהערשאַפט אין
איין און דערזעלבער צייט סיי אויף איהר געזעלשאַפטליכען פ ו נ־
ד אַ מ ע נ ט, סיי אויף איהר פּאָליטישען ד אַ ך, און

זיינען אויף אזא אופן געוואָרען „ס אָ צ י א ל י ס ט י ש“.
אין אָט די אָנפאלען האָט די בורזשואזיע ריכטיג געפונען דעם
סוד פון׳ם סאָציאליזם; זי האָט אין זיי פיעל ריכטיגער בענומען דעם
זין און די טענדענץ פון׳ם סאָציאליזם, איידער דער לעצטער האָט
זיך אליין בענומען און פארשטאנען. אזוי האָט דער סאָציאליזם
צ. ב. ניט געקאָנט פארשטעהן, פארוואָס די בורזשואזיע איז
עקשנות׳דיג גלייכגילטיג צו איהם, וויפיעל ער זיפצט ניט סענ־
טימענטאל וועגען די ליידען פון דער מענשהייט; וויפיעל ער זאָגט
ניט אָן דאָס אָנקומען פון משיח׳ס צייטען און פון אלגעמיינער
ברודערליעבע; וויפיעל ער פלוידערט ניט הומאניסטיש וועגען
גייסט, בילדונג, פרייהייט; אָדער וויפיעל ער זאָל ניט דאָקטרינע־
ריש באַקען סיסטעמען פון הארמאָניע צווישען די קלאסען און פון
וואוילזיין און גליק פאר אלע קלאסען. איין זאך נאָר האָט די
בורזשואזיע ניט בעגריפען: אז איהר א י י ג ע נ ע ר פ א ר־
ל א מ ע נ ט א ר י ש ע ר ר ע ז ש י ם און בכלל איהר פ אָ־
ל י ט י ש ע ה ע ר ש א פ ט מוזען שוין אויך איצט פון אלע־
מען פארדאַמט ווערען, אלס ס אָ צ י א ל י ס ט י ש ע. כל זמן
די הערשאפט פון דעם בורזשואזען קלאַס האָט זיך ניט
איינגאנצען אָרגאניזירט, כל זמן זי האָט נאָך ניט בעקומען
איהר ריינעם פאָליטישען אויסדרוק, האָט אויך דער געגענזאַץ פון
די אַנדערע קלאסען בנוגע צו איהר ניט געקאָנט אָפען ארויסטרע־
טען; און וואו ער איז יא ארויסגעטראָטען, האָט ער ניט געקאָנט
אָננעהמען יענע געפעהרליכע ריכטונג, וואָס פארוואנדעלט דעם קאמף
געגען דער רעגירונגסמאכט אין א קאמף געגען קאפּיטאל. אויב זי,
די בורזשואזיע, האָט אין יעדער לעבעדיגער בעוועגונג פון דער גע־
זעלשאפט געזעהן א געפאהר פאר דער „רוה“, ווי האָט זי געקאָנט
דערלאָזען, אז אין דער געזעלשאפט זאָל הערשען דער „ר ע ז ש י ם
פ ו ן א ו מ ר ו ה“, איהר אייגענער פ א ר ל א מ ע נ ט אָ־
ר י ש ע ר ר ע ז ש י ם, וואָס לעבט, לויט דעם אויסדרוק פון
איינעם פון איהרע פיהרער, אין קאמף און דורך קאמף? דער
פארלאמענטארישער רעזשים לעבט א דאנק פרייער דיסקוסיע; טאָ
ווי קאָן ער פארבאָטען פרייע דיסקוסיע? יעדער אינטערעס, יעדע
געזעלשאפטליכע אינסטיטוציע ווערט דאָ פארוואנדעלט אין א גע־

דאנק און פארהאנדעלט אלס געדאנק; טאָ ווי קאָן דאָ אַ וועלכער עס איז אינטערעס, אָדער אינסטיטוציע וועלען שטעהן העכער פון אַ געדאנק און ארויסשטעלען זיך אַלס אומבעריהרבארער דאָגמאַט? דער קאַמף פון די רעדנער אויף דער טריבונע רופט אַרויס דעם קאַמף צווישען די צייטונגסלייט; דער דעבאַטען־קלוב אין פּאַרלאַ־מענט ווערט דערגענצט דורך די דעבאַטען־קלובען אין די סאַלאָנען און אין די שיינקען; די פֿאָלקספאָרשטעהער וואָס אַפּעלירען שטענדיג צו דער פֿאָלקסמיינונג, מוזען בערעכטיגען די פֿאָלקס־מיינונג, ווי זי ווערט אויסגעדריקט אין פּעטיציעס. דער פּאַרלאַ־מענטארישער רעזשים לאָזט איבער די ענטשיידונג פון אַלצדינג צו דער מעהרהייט; טאָ ווי זאָל די גרויסע מעהרהייט אויסער די ווענט פונ׳ם פּארלאמענט טאקע ניט וועלען די זאכען ענטשיידען? אויב דער ברייטער עולם הערט פון אויבען, פון דעם העכסטען שטאַפּעל פון דער רעגיערונג, אַ פידעל שפּיעלען, וואָס קאָן מען אנדערש ערוואַרטען ווי דאָס, אַז ער זאָל דאַרטען אונטען אוועקגעהן טאַנ־צען?

ווען די בורזשואזיע אַלזאָ האָט איצט אָנגעהויבען צו פּארפֿאָל־גען אלס „ס אָ צ יא ל י ס ט י ש“ אַלץ, וואָס זי האָט פריהער אַליין געלויבט אלס „ל י ב ע ר א ל“, האָט זי געמוזט צוגעבען, אַז איהר אייגענער אינטערעס פֿאָדערט פון איהר אויפצוהויבען זיך העכער איבער דער געפאהר פון ז ע ל ב ס ט ר ע ג י ר ו נ ג; אַז כדי צו בערוהיגען דאָס לאנד, מוז זי פריהער פאר אַלץ בערו־היגען איהר אייגענעם בורזשואזען פּארלאמענט; אַז כדי צו פּאר־היטען, איהר סאָציאלע מאַכט זאָל בלייבען אומבעריהרט, מוז זי לאָזען צוברעכען איהר פּאָליטישע מאַכט; אַז די איינצעלנע בור־זשויעס קאָנען ווייטער עקספּלואטירען די אַנדערע קלאסען און אומגעשטערט בענוצען זיך מיט „א י י ג ע נ ט ו ם“, „פּ א ־ מ י ל י ע“, „ר ע ל י ג י ע“ און „אָ ר ד נ ו נ ג“ נאָר ביי דער בעדינגונג, אַז זייער קלאס זאָל האָבען אין פּאָליטישען לעבען די זעלבע בעדייטונג פון אַ נול, ווי אַלע אַנדערע קלאסען; אַז כדי צו ראטעווען זייער געלדבייטעל, מוז די קרוין אַראָפּגעריסען ווערען פון זייער קאָפּ, און דער שווערד, וואָס האָט געזאָלט בע־

שיצען, דאַרף אין דער זעלבער צייט אויפגעהאַנגען ווערען איבער זייערע קעפּ, ווי דער שווערד פון דאַמאָקלעס.

אין דער ספּערע פון אַלגעמיינע בירגערליכע אינטערעסען האָט זיך די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג אַרויסגעוויזען אַזוי אומפּראָדוקטיוו, אַז די פאַרהאַנדלונגען צ. ב. וועגען דער פּאַריז־אַוויניאָנער אייזענבאַהן, וואָס האָבען זיך אָנגעהויבען אין ווינטער פון יאָהר 1850, זיינען נאָך דעם 2־טען דעצעמבער 1851 ניט געווען פאַרענדיגט. דאָרט וואו זי האָט ניט פּראָדוצירט קיין אונטערדריקונג און קיין רעאַקציע, איז זי געווען פולשטענדיג אומפּרוכטבאַר.

בשעת באָנאַפּאַרט'ס מיניסטעריום האָט טיילוויז גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו אַריינצוברייגגען געזעצען אין גייסט פון דער אָרדנונגספּאַרטיי און טיילוויז זיי נאָך גרויזאַמער געמאַכט ביים דורכפיהרען אין לעבען, האָט באָנאַפּאַרט אַליין פון דער אַנדער זייט געפּרובירט דורך קינדיש־נאַרישע פאָרשלאַגען צו ווערען פּאָפּולער; אַרויסצואווייזען זיין אונאייגשטימיגקייט מיט דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און אָנצודייטען אויף אַ געהיימען פּלאַן, וואָס ער פאַרמאָגט, און וואָס געוויסע אומשטאַנדען נאָר ערלויבען ניט צייטוויילינג צו ענטדעקען די גרויסע אוצרות, וואָס דער פּלאַן ענטהאַלט אין זיך פאַר דאָס פראַנצויזישע פאָלק. אַזוי האָט ער צ. ב. פאָרגעשלאָגען צו העכערען דעם געהאַלט פון די אונטער־אָפיצערען אויף פיער סו אַ טאָג; צו גרינדען אַ באַנק, וואו די אַרבייטער זאָלען קאָנען בעקומען הלואות, גאַראַנטירט מיט זייער עהרענוואָרט. אויף דעם אופן, דורך מתנות און הלואות, האָט באָנאַפּאַרט געהרעכענט צוציהען די מאַסען. מתנות און הלואות — אין דעם בלויז איז בעשטאַנען די גאַנצע וויסענשאַפט פון דעם לומפּענפּראָלעטאַריאַט, סיי פון דעם יחסנ'ישען, סיי פון דעם נידעריגען שטאַנד; און אין דעם בלויז איז אויך בעשטאַנען די טרייבקראַפט, וואָס באָנאַפּאַרט האָט געוואוסט ווי אויסצונוצען. קיינמאָל האָט נאָך אַ פּרעטענדענט ניט ספּעקולירט אַזוי פלאַך און טעמפּ אויף די פלאַכע און טעמפּע אינסטינקטען פון די מאַסען, ווי דאָס האָט געטאָן באָנאַפּאַרט.

די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָבען ניט איינמאָל אויפגעשטורעמט אָט די אָפענע פּראָבעס זיינע צו ווערען פּאָפּולער אויף

איהר חשבון, און זי האָט בעמערקט, אַז עס וואַקסט אַלץ מעהר די געפאַהר פון אַט דעם אַוואַנטיוריסט, וועלכער ווערט גע־טריבען דורך דער לאַסט פון חובות, וואָס ליעגט אויף איהם, און וועמען עס וועט ניט אָפּהאַלטען זיין גוטע רעפּוטאַציע פון צו בע־שליסען זיך אויף אַ פאַרצווייפעלטען אַקט. די בעציהונגען צווי־שען דער אָרדנונגספּאַרטיי און דעם פּרעזידענט זיינען געוואָרען געפעהרליך אָנגעצויגען, אָבער אַן אונערוואַרטעטע געשעהעניש האָט איהם פול מיט חרטה ווידער אַריינגעוואָרפען אין איהרע אָרעמס. די געשעהעניש — דאָס זיינען געווען די טיילווייזע וואַהלען פון 10־טען מערץ 1850. די וואַהלען האָבען געהאַט אַלס ציעל צו אויספילען די פּלעצער פון די דעפּוטאַטען, וואָס זיינען נאָך דעם 13־טען יוני פאַרזעצט געוואָרען אין די טורמעס אָדער פאַרשיקט געוואָרען. פּאַריז האָט אויסגעוועהלט בלויז סאָציאַלדעמאָקראַטי־שע קאַנדידאַטען. די גרעסטע צאָהל שטימען האָט דאָרטען בעקומען אַן אינסורגענט פון יוני 1848, איינער — דעפּלאָט. אַזוי האָבען די פּאַריזער קליינבירגער, פּאַראייניגט מיט׳ן פּראָלעטאַריאַט, גענומען ראַכע פאַר זייער מפּלה פון 13־טען יוני 1849. אין דעם מאָמענט פון געפאַהר האָט זיך געדוכט, אַז זיי זיינען פאַרשוואונ־דען פון דעם קאַמפּפּלאַץ, כדי ביי אַ גינסטיגערע געלעגענהייט ווי־דער אַרויסצוטרעטען מיט גרעסערע קאַמפּקרעפטען און מיט גע־וואַגטערע קאַמפּלאָזונגען. און איין אומשטאַנד — האָט זיך גע־דוכט — האָט נאָך גרעסער געמאַכט די געפאַהר פון אַט דעם נצחון זייערען ביי די וואַהלען. די אַרמיי אין פּאַריז האָט געשטימט פאַר דעם יוני־אינסורגענט געגען לאַהיט׳ן, באָנאַפּאַרט׳ס אַ מיניס־טער; און אין די דעפּאַרטאַמענטען האָט מען צום גרעסטען טייל געשטימט פאַר די מאָנטאַניאַרען, וועלכע האָבען אויך דאָ, הגם ניט אַזוי ענטשיעדען ווי אין פּאַריז, בעקומען די אויבערהאַנט איבער זייערע געגנער.

באָנאַפּאַרט האָט ווידער פּלוצלונג דערזעהן געגען זיך די רע־וואָלוציע. ווי דעם 29־סטען יאַנואַר 1849 און ווי דעם 13־טען יוני 1849, אַזוי איז ער אויך דעם 10־טען מערץ 1850 פאַרשוואונ־דען געוואָרען הינטער דער אָרדנונגספּאַרטיי. ער האָט זיך גע־נייגט; ער האָט זיך דערנידעריגט; ער האָט פאַרגעשלאָגען צו

בעשטימען, אויפ'ן בעפעהל פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער מעהרהייט, וואָס פּאַר א מיניסטעריום זי וועט נאָר וועלען; ער האָט אפילו געבעטען די אָרלעאַניסטישע און לעגיטימיסטישע פּאַרטייפיהרער — די טיערס, די בעריעס, די בראָלים, די מאָילעס, מיט איין וואָרט די אַזויגערופענע „בורגגראַפען" — זיי זאָלען אין זייערע אייגענע הענט איבערנעהמען דעם מלוכה־רודער. די אָרדנונגס־פּאַרטיי האָט ניט פאַרשטאַנען ווי אויסצונוצען אָט דעם מאָמענט, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט צוריקגעקעהרט. אנשטאַט צו איבער־נעהמען געוואַגט די מאַכט, וואָס מען האָט איהר פאָרגעשלאָגען, האָט זי אפילו ניט געצוואונגען באָנאַפּאַרטען צו אומקעהרען דאָס מיניסטעריום, וואָס ער האָט אויפגעלעזט דעם 1־טען נאָוועמבער; זי האָט זיך בלויז בעגנוגענט מיט דערנידעריגען איהם דורך איהר מחילה און מיט צוגעבען באַראָש'ן צום מיניסטעריום פון ד'אָטפּול. אָט דער באַראָש האָט געקעהרט וועלען אַלס פּראָקוראָר איינמאָל געגען די רעוואָלוציאָנערען פון 15־טען מאַי, דאָס צווייטע מאָל גע־גען די דעמאָקראַטען פון 13־טען יוני פאַר דעם העכערען געריכט אין בּאָרדאָ, ביידע מאָל אַרויסטרעטענדיג אין דער „פאַרשווע־רונג אויף דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג". קיינער פון באָנאַ־פּאַרט'ס מיניסטעריום האָט שפּעטער ניט מעהר בייגעהאָלפען צו דערנידעריגען די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג ווי ער; און נאָך דעם 2־טען דעצעמבער 1851 טרעפען מיר איהם ווידער אַלס בעקוועם איינגעאָרדענטען און גוט־בעצאָהלטען וויצע־פּרעזידענט פונ'ם סע־נאַט; ער האָט די רעוואָלוציאָנערען אויף צו להכעיס פאַרקאָכט א קאַשע און געלאָזט באָנאַפּאַרטען זי אויפעסען.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון איהר זייט האָט, הפנים, ווי־דער אַמאָל נאָר געזוכט אַן אויסרייד צו שטעלען איהר זיעג אונטער א פראַגע־צייכען און זיין בעדייטונג אַרונטערצורייסען. ווי־דאַל, איינער פון די ערוועהלטע פּאַריזער דעפּוטאַטען, איז צו דער זעלבער צייט אויך ערוועהלט געוואָרען אין שטראַס־בורג. מען האָט איהם איינגערעדט ער זאָל זיך אָפּזאָגען פון זיין וואהל אין פּאַריז און אָננעהמען די וואהל אין שטראַסבורג. אנ־שטאַט צוצוגעבען איהר נצחון אויף דעם וואהל־קאַמפּפּלאַץ אַן ענטשיעדענעם כאַראַקטער און דורכדעם צווינגען די אָרדנונגס־

פּאַרטיי גלייך אוועקצושטעלען די פראַגע פון נצחון אין פּאַרלאַ־
מענט; אנשטאַט צו טרייבען דעם פיינד צום קאַמף אין דעם מאָ־
מענט, ווען דאָס פּאָלק איז געווען ענטוזיאַסטיש און די שטימונג
אין דער אַרמיי איז געווען אַ גינסטיגע, — האָט די דעמאָקראַטישע
פּאַרטיי פאַר די חדשים מערץ און אַפּריל פאַרמאַטערט פּאַריז מיט
אַ נייער וואַהל - אַגיטאַציע, האָט געלאָזט די ליידענ־
שאַפטען פון פאָלק זיך אָפּרייבען און אָפּטעמפּען אין אָט דעם נייעם
צייטווייליגען קאַמף פון שטימען; האָט געלאָזט די רעוואָלוציאָנערע
ענערגיע זיך אָנזעטיגען און בערוהיגען מיט די קאָנסטיטוציאָנעלע
ערפאָלגען און צוזייען איהר קראַפט אויף קליינע אינטריגעס, פּוסטע
דעקלאַמאַציעס און פיקטיווע בעוועגונגען; האָט געלאָזט די בור־
זשואזיע צונויפזאַמלען איהרע כוחות און מאַכען די נויטיגע פאַר־
בערייטונגען; און ענדליך האָט זי ערלויבט, אַז די וואַהלען פון
מערץ זאָלען בעקומען אַ סענטימענטאַל־אָפּשוואַכענדען פּירוש אין
אַפּריל — אין די וואַהלען און אין דעם נצחון פון **א י י ז ש ע ן
ס י ו**. קורץ, זי האָט דעם 10־טען מערץ פאַרוואַנדעלט אין אַן
„ערשטען־אַפּריל“־וויץ.

די מאַיאָריטעט פון פּאַרלאַמענט האָט פאַרשטאַנען די שוואַכ־
קייט פון איהר געגנער. איהר קאָמיסיע פון 17־טען, ווענען באָ־
נאַפּאַרט האָט איבערגעלאָזט די אָנפיהרונג און די פאַראַנטוואָרט־
ליכקייט פאַר דעם אָנפאַל, האָט אויסגעאַרבייט אַ נייעם וואַהל־גע־
זעץ. פאַרצושלאָגען דעם געזעץ האָט מען איבערגעגעבען דעם הער
פאָשע, וואָס האָט אויסגעבעטען פאַר זיך אָט דעם כבוד. דעם
8־טען מאַי האָט ער אַריינגעטראָגען דאָס געזעץ, וואָס האָט אָפּגע־
שאַפט דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט, האָט איינגעשטעלט אַלס בע־
דינגונג פאַר אַנטיילנעהמען אין די וואַהלען — דריי יאָהר וואוינען
אין דעם וואַהל־אָרט, און ענדליך אָפּהענגיג געמאַכט דעם בעווייז
פאַר אַן אַרבייטער, אַז ער וואוינט אין דעם וואַהלאָרט די פולע דריי
יאָהר, פון דעם עדות־זאָגען פון זיין בעל־הבית.

ווי רעוואָלוציאָנער די דעמאָקראַטען האָבען אַגיטירט און גע־
שטורעמט אין דער צייט פון דעם קאָנסטיטוציאָנעלען קאַמף, אַזוי
קאָנסטיטוציאָנעל האָבען זיי איצט, ווען זיי האָבען מיט געוועהר
אין די הענט געדאַרפט בעווייזען די ערנסטקייט פון זייער לעצטען

וואהל־נצחון, געפּרעדיגט אָרדנונג, מאַיעסטעטישע רוהיגקייט, גע־זעצליכע אויפפיהרונג, דאָס מיינט בלינדע אונטערוואָרפענקייט אונ־טער דעם ווילען פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע, וואָס האָט גע'בעל־הבית'עוועט אלס געזעץ. אין משך פון די דעבאַטען האָט די מאָנ־טאַניארישע פּאַרטיי מביש געוועזן די פּאַרטיי פון אָרדנונג, פאַר־גלייכענדיג די רעוואָלוציאָנערע ליידענשאַפט פון דער לעצטער מיט דער רוהיגער האַלטונג פון דעם עהרליכען בירגער, וואָס שטעהט אויפ'ן באָדען פון רעכט; און זי האָט שוין גאָר אינגאַנצען פאַרניכט די פּאַרטיי פון אָרדנונג מיט דעם פאָרוואורף, אַז זי, די אָרדנונגס־פּאַרטיי, האַנדעלט רעוואָלוציאָנער. אפילו די נייאויסגעוועהלטע דעפּוטאַטען האָבען זיך בעמיהט צו בעווייזען דורך זייערע אָנשטענ־דיגע און דורכגעטראַכטע ארויסטרעטונגען, אַז עס איז געוועזן אַ מיספאַרשטענדניש, ווען מען האָט זיי פאַרשריען אַלס אַנאַרכיסטען און מען האָט אויסגעטייטשט זייער נצחון ביי די וואהלען אַלס זיג פון דער רעוואָלוציע. דעם 31־סטען מאי איז דורכגעגאַנגען דאָס נייע וואהלגעזעץ. די מאָנטאַניארישע פּאַרטיי האָט זיך בע־גנוגענט דערמיט, וואָס זי האָט שטילערהייט אונטערגערוקט אַ פּראָ־טעסט צום פּאָרזיצענדען פון דער פאַרזאַמלונג. נאָך דעם וואהל־געזעץ איז געקומען אַ נייע פּרעסגעזעץ, וואָס האָט אינגאַנצען פאַר־טריבען די רעוואָלוציאָנערע פּרעסע. איבריגענס, זי האָט דאָס ריכ־טיג פאַרדיענט. דער „נאַסיאָנאַל" און „לאַ פּרעס", די צוויי בור־זשואַזע צייטונגען, זיינען נאָך אָט דעם מבול געבליבען די עקס־טרעמע פּאָרקעמפּער פון דער רעוואָלוציע.

מיר האָבען געזעהן, ווי די דעמאָקראַטישע פיהרער האָבען אין משך פון מערץ און אַפּריל געטאָן אַלצדינג וואָס מעגליך, כדי אריינצוציהען די מאַסען פון פּאַריז אין אַ פּיקטיווען קאַמף, פּונקט אזוי ווי זיי האָבען נאָך דעם 8־טען געטון אַלצדינג, כדי אָפּ־צוהאַלטען אָט די מאַסען פון אַ ווירקליכען קאַמף. מיר דאַרפען נאָך דערצו ניט פאַרגעסען, אַז דאָס יאָהר 1850 איז געוועזן פון די גלענצענדסטע יאָהרען פאַר אינדוסטריע און האַנדעל און אַז דער גאַנצער פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט האָט געהאַט ארבייט. נאָר דאָס וואהלגעזעץ פון 31־סטען מאי 1850 האָט איהם אויסגעשלאָסען פון יעדען אנטייל אין דער פּאָליטישער מאַכט; עס האָט ביי איהם

אפילו אָבגענומען דעם באָרען פאַר א קאַמף. עס האָט ווידער אוועק־
געשטעלט די ארבייטער אין דער לאַגע פון פּאַריער, אין וועלכער
זיי האָבען זיך געפונען פאַר דער רעוואָלוציע פון פעברואַר. ערלויי־
בענדיג ביי אַזעלכע געשעהענישען די דעמאָקראַטען צו זיין זייערע
פיהרער און פאַרגעסענדיג איבער א צייטווייליגען מאַטעריעלען ער־
פאָלג די רעוואָלוציאָנערע אינטערעסען פון זייער קלאַס, האָבען די
אַרבייטער זיך אָפּגעזאָגט פון דער עהרע צו זיין אַן אַקטיווע, אַגרע־
סיווע קראַפט; זיי האָבען זיך אונטערגעוואָרפען זייער גורל און
דערמיט בעוויזען, אַז זייער מפּלה פון יוני 1848 האָט זיי געמאַכט
אויף יאָהרען אומפעהיג צום קאַמף, און אַז דער געשיכטליכער פּראָ־
צעס דאַרף אויף ווייטער ווידער געהן איבער זייערע קעפּ. און וואָס
ס'איז שייך דער קליינבירגערליכער דעמאָקראַטיע, וואָס האָט דעם
13־טען יוני געשריען: „אָ, ווען מען וואָלט אָנגעריהרט דאָס אַל־
געמיינע וואַהלרעכט, אָ, דאַמאַלסט!“ — האָט זי, די דעמאָקראַטיע
זיך איצט געטרייסט דערמיט, אַז דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער
קלאַפּ, וואָס האָט זי געטראָפען, איז קיין קלאַפּ ניט און אַז האָס
געזעץ פון 31־סטען מאַי איז קיין געזעץ ניט. זי האָט זיך גע־
טרייסט מיט'ן גלויבען, אַז דעם 2־טען מאַי 1852 וועט יעדער פראַנ־
צויז קומען צום וואַהלפּלאַץ מיט א שטימצעטעל אין איין האַנט
און מיט א שווערד אין דער צווייטער. און די אַרמיי, ענדליך, איז
פון איהרע קאָמאַנדירען בעשטראָפט געוואָרען פאַר די וואַהלען פון
מערץ און אַפּריל 1850, פּונקט ווי פאַר די וואַהלען פון 22־סטען
מאַי 1849. און דאָס מאָל האָט די אַרמיי זיך, קענטיג, שוין ענט־
שיערען געזאָגט: „א דריטען מאָל וועט אונז די רעוואָלוציע ניט
אָפּנאַרען“.

דאָס געזעץ פון 31־סטען מאַי 1850 איז געוועזען די מלוכה־
איבערקעהרעניש פון דער בורזשואַזיע. ביז איצט האָבען אַלע
איהרע נצחונות איבער דער רעוואָלוציע געהאַט נאָר א צייטווייליג־
גען כאַראַקטער. זיי וואָלטען גלייך געשטעלט געוואָרען אונטער א
פראַגעצייכען, ווי נאָר די איצטיגע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג וואָלט
אַראָפּ פון דער סצענע. זיי זיינען געווען אָפּהענגיג פון א צופאַל פון
נייע אַלגעמיינע וואַהלען, און די געשיכטע פון די וואַהלען פון 1848
האָט קלאָר בעוויזען, אַז אין דערזעלבער מאָס, ווי די פאַקטישע

הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע ענטוויקעלט זיך, ווערט איהר מאָ־
ראַלישע הערשאַפט איבער די פאָלקסמאַסען אַלץ קלענער. דאָס אַל־
געמיינע וואַהלרעכט האָט דעם 14־טען מערץ זיך אָפען אַרויסגעזאָגט
געגען דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע, האָט די בורזשואַזיע
אויף דעם געענטפערט מיט דער אָפּשאַפונג פונ׳ם אַלגעמיינעם
וואַהלרעכט. דאָס געזעץ פונ׳ם 31־סטען מאַי איז אַלזאָ געווען אַ
נויטיג מיטעל פון קלאַסענקאַמף. פון דער אַנדער זייט אָבער האָט
די קאָנסטיטוציע געפאָדערט אַ מינימום פון צוויי מיליאָן שטימען,
כדי די דערוועהלונג פון אַ פּרעזידענט פון דער רעפּובליק זאָל זיין
גילטיג. אויב קיינער פון די קאַנדידאַטען אויף פּרעזידענט האָט
ניט בעקומען אָט דעם מינימום פון שטימען, האָט די נאַציאָנאַלע
פאַרזאַמלונג געדאַרפט ערוועהלען אַ פּרעזידענט פון די
דריי קאַנדידאַטען, וואָס האָבען בעקומען די גרעסטע צאָהל שטימען.
אין דער צייט ווען די קאָנסטיטואירענדע פאַרזאַמלונג האָט אַרויס־
געגעבען אָט דאָס געזעץ, זיינען אויף די וועהלער־רשימות געווען
פאַרצייכענט צעהן מיליאָן וועהלער. לויט דער מיינונג פון דער
קאָנסטיטוציע אַלזאָ איז געווען גענוג איין פינפטעל פון די וועהלער־
שטימען צו מאַכען די וואַהלען פונ׳ם פּרעזידענט פאַר גילטיג. דאָס
געזעץ פון 31־סטען מאַי האָט אָבער אויסגעשטראָכען פון די וועה־
לער־רשימות ווייניגסטענס דריי מיליאָן וועהלער און פאַרקירצט
אויף אַזאַ אופן די צאָהל פון די בערעכטיגטע וועהלער ביז זיעבען
מיליאָן; דער געזעצליכער מינימום פון צוויי מיליאָן פאַר דער
דערוועהלונג פון אַ פּרעזידענט איז אָבער געבליבען. דער מינימום
האָט זיך אויף אַזאַ אופן אויפגעהויבען פון איין פינפטעל ביז אַן
ערך איין דריטעל פון די וואַהלבערעכטיגטע שטימען, ד. ה. דאָס
געזעץ האָט געטון אַלץ וואָס מעגליך, כדי אַרויסצורייסען די ער־
וועהלונג פונ׳ם פּרעזידענט פון די הענט פון פאָלק און איבערגעבען
זי בגנבה דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. אַזוי האָט די אָרדנונגס־
פּאַרטיי, ווייזט אויס, דאָפּעלט בעפעסטיגט איהר הערשאַפט דורך
דעם וואַהל־געזעץ פון 31־סטען מאַי. זי האָט דורך איהם די ער־
וועהלונג סיי פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און סיי פונ׳ם
פּרעזידענט פון דער רעפּובליק איבערגעגעבען אין די הענט פון דעם
קאָנסערוואַטיווען, סאָלידען טייל פון דער געזעלשאַפט.

V

באַלד נאָכדעם, ווי דער רעוואָלוציאָנערער קריזיס איז פאַרי־
בער און דאָס אַלגעמיינע וואהלרעכט איז אָפּגעשאַפט געוואָרען,
האָט ווידער אויסגעבראָכען דער קאַמף צווישען דער נאַציאָנאַלער
פאַרזאַמלונג און באָנאַפּאַרטען.

די קאָנסטיטוציע האָט בעשטימט 600,000 פראַנק אַלס געהאַלט
פאַר באָנאַפּאַרטען. ווענינער ווי אין אַ האַלב יאָהר אַרום נאָכדעם,
ווי ער איז געוואָרען פּרעזידענט, האָט זיך איהם איינגעגעבען צו
העכערן אָט די סומע אין צווייען. אָדילאָן באַראָ האָט ארויסגעקראָ־
גען ביי דער קאָנסטיטואירענדער פאַרזאַמלונג אַ יעהרליכע הוספה
פון 600,000 פראַנק אַלס רעפּרעזענטאַציאָנס-געלט. נאָך דעם 13־
טען יוני האָט באָנאַפּאַרט ווידער געפּרואווט אָנמוטען ווענען אַ
הוספה, אָבער דאָס מאָל איז באַראָ געווען טויב צו זיין בקשה. און
איצט, נאָך דעם 31־סטען מאַי, האָט זיך באָנאַפּאַרט בענוצט מיט
דעם גינסטיגען מאָמענט און געהייסען זיינע מיניסטאָרען צו בע־
טען ביי דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אַ ציוויל־ליסט אויף דריי
מיליאָן. זיין לאַנגיעהריגע קאַריערע אַלס אַוואַנטיוריסט און בראָ־
דיאַגע האָט ביי איהם אויסגעאַרבייט אין אַ הויכען גראַד די קענ־
טעניש און פעהיגקייט צו טרעפען דעם שוואַכען מאָמענט, ווען מען
קאָן אויף דעם לייכטסטען אופן ארויספּרעסען געלט ביי דער בור־
זשואַזיע. ער האָט געהאַנדעלט ווי אַ פאַרמעלער שאַנטאַזשיסט.
די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט געשענדעט די סואווערעניטעט פון'ם
פאָלק מיט זיין מיטהילף און צושטימונג. און איצט האָט ער גע־
דראָהט צו פאַר'מסר'ן זי פאַר איהר פאַרברעכען פאַר'ן פאָלקס־
געריכט, אויב זי וועט ניט עפענען איהר געלטבייטעל מיט אַ יעהר־
ליכען אָפּצאָהל פון דריי מיליאָן. זי האָט ביי דריי מיליאָן פראַנ־
צויזען אָפּגערויבט זייער שטימרעכט. ער האָט פאַרלאַנגט פאַר
יעדען פראַנצויז, וואָס מען האָט געשטעלט „אויסער'ן קורס“, אַ
פראַנק פון פולען קורס, פונקט דריי מיליאָן פראַנק; ער, דער ער־
וועהלטער פון זעקס מיליאָן, האָט געפאָדערט אַ פאַרגיטיגונג פאַר
די שטימען, וואָס מען האָט ביי איהם, אמת שוין נאָך די וואַהלען,
אָפּגענומען. די קאָמיסיע פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג האָט

געווען אפגעזאגט דעם עזות־פנים'ניק. האט די באנאפארטיסטישע פרעסע אנגעהויבען צו דראהען. און די נאציאנאלע פארזאמלונג — האט זי דען געקאנט צורייסען מיט'ן פרעזידענט פון דער רעפובליק אין דעם מאמענט, ווען זי האט פרינציפיעל און ענטשיעדען צוריסען מיט די מאסען פון פאלק? זי האט דעריבער, אמת, פארווארפען דעם יעהרליכען ציוויל־ליסט, אבער זי האט איינגעוויליגט צו געבען אן איינמאליגע הוספה פון 2,160,000 פראנק. אויף אזא אופן האט זי זיך פארשולדיגט אין צוויי שוואכקייטען: אין איינוויליגען דאס געלט און אין ארויסווייזען איהר כעס, וואס האט בעוויזען אז זי האט איינגעוויליגט געגען איהר ווילען. שפעטער וועלען מיר זעהן, אויף וואס באנאפארט האט געדארפט האבען דאס געלט. נאך אט דעם אונאנגענעהמען עפילאג, וואס איז געקומען באלד נאך דער אפשאפונג פון דעם אלגעמיינעם שטימרעכט, ווען באנאפארט האט זיין הכנעה'דיג ארט האלטען זיך פון די קריזיס־טעג פון מערץ און אפריל פארביטען אויף אן עזות'דיגע אומפארשעהמטע האלטונג געגען דעם אוזורפאטארישען פארלאמענט, האט די נאציאנאלע פארזאמלונג אפגעלעגט איהרע זיצונגען אויף דריי מאנאטען— פונ'ם 11־טען אויגוסט ביז'ן 11־טען נאוועמבער. זי האט אויף איהר ארט איבערגעלאזען א פערמאנענטע קאמיסיע פון 18 מיטגליעדער, צווישען וועלכע עס זיינען ניט געווען קיין באנאפארטיסטען, אבער עס זיינען יא געווען עטליכע מעסיגע רעפובליקאנער. די פערמאנענטע קאמיסיע פון יאהר 1849 איז בעשטאנען בלויז פון ארדנונגסמענער און פון באנאפארטיסטען. אבער דאמאלסט האט זיך די ארדנונגספארטיי דערקלערט אלס ענטשיעדענע געגנערין פון דער רעוואלוציע. דאס מאל האט זיך די פארלאמענטארישע רעפובליק דערקלערט אלס ענטשידענע געגנערין פון דעם פרעזידענט. נאך דעם געזעץ פון 31־סטען מאי האט די ארדנונגס־פארטיי געהאט נאר אט דעם איין קאנקורענט.

ווען די נאציאנאלע פארזאמלונג איז זיך אין נאוועמבער 1850 ווידער צונויפגעקומען, האט אנשטאט איהרע פריהערדיגע קליינליכע צוזאמענשטויסען מיט'ן פרעזידענט געמוזט אומפארמיידליך אויסברעכען אן ענטשיעדענער קאמף, א קאמף אויף לעבען און טויט, צווישען די צוויי מעכטען.

ווי אין 1849, אַזוי האָט זיך די אָרדנונגספּאַרטיי אויך בעת איהר איצטיגער וואַקאַציע צושפּאַלטען אויף איהרע בעזונדערע פראַקציעס, וואָס האָבען זיך בעשעפטיגט יעדע מיט איהרע אייגענע רעסטאַוראַציאָנס־אינטריגעס; און די לעצטע האָבען זיך נאָך מעהר צופלאַקערט אַ ראַנק דעם טויט פון לואי פיליפּ. דער קיניג פון די לעגיטימיסטען, הענרי V, האָט אפילו בעשטימט אַ גאַנצען מיניס־טעריום, וואָס האָט זיך געפונען אין פּאַריז, און אין וועלכען עס האָבען גענומען אנטייל מיטגליעדער פון דער פּערמאַנענטער קאָמי־סיע. באָנאַפּאַרט האָט דעריבער געהאַט אַ רעכט פון זיין זייט צו אַרומרייזען איבער די דעפּאַרטאַמענטען, און אָפּהענגיג פון דער שטימונג פון די שטעדט, וואָס ער האָט „בעגליקט" מיט זיין וויזיט, האָט ער אַמאָל פאַרשטעלט און אַמאָל גאַנץ אָפען אַרויסגעפּלוידערט וועגען זיינע אייגענע ראַסטאַוראַציאָנס־ציעלען און ווערבירט פאַר זיך אנהענגער. אויף אָט די רייזען, וואָס באָנאַפּאַרט'ס גרויסער אָפיציעלער „מאָניטעור" *) און זיינע קליינע פּריוואַטע „מאָני־טעורס" האָבען נאַטירליך דערקלערט און געפייערט אַלס טריאומפ־רייזען, האָבען באָנאַפּאַרטען שטענדיג בעגלייט מיטגלידער פון דער „ג ע ז ע ל ש א פ ט פ ו ן 10 ־ ט ע ן ד ע צ ע מ ב ע ר". אָט די געזעלשאַפט האָט זיך געגרינדעט אין 1849. אונטער'ן אויס־רעד פון גרינדען אַ צדקה־געזעלשאַפט, האָט מען אָרגאַניזירט דעם פּאַריזער לומפּענפּראָלעטאַריאַט אין געהיימע אָפּטיילונגען; יעדע אָפּטיילונג האָט אָנגעפיהרט אַ באָנאַפּאַרטיסטישער אַגענט, און בראָש פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע איז געשטאַנען אַ באָנאַפּאַר־טיסטישער גענעראַל. די געזעלשאַפט איז בעשטאַנען פון אויסברענ־גערישע קאָרטענשפּיעלער מיט טונקעלע קוואַלען פון הכנסה; פון אומריינע אַוואַנטיוריסטען פון דעם אָפּפאַל פון דער בורזשואַזיע; פון בראָדיאַגעס, געוועזענע סאָלדאַטען, אָפּגעזעסענע אַרעסטאַנטען, אַנטלאָפענע קאַטאָרזשניקעס, קעשענע־גנבים, זשוליקעס, שולערס, שווינדלער, אַזאַרטשפּיעלער, אַלפאָנסען, פאַקטוירים, טרעגער, לי־טעראַטען, קאַטערינשטשיקעס, שמאַטעס הענדלער, שערענשלייפער, קופּערשמידען, בעטלער, קורץ פון דער גאַנצער אומבעשטימטער, צו־

*) די אָפיציעלע צייטונג פון באָנאַפּאַרט.

לאַזוענער, שלעפּערישער מאַסע, וואָס די פראַנצויזען רופען אַן „ד י ב אָ ה ע מ ע". פון אַט דעם עולם, וואָס איז איהם, באָנאַפּאַרט'ען, געווען זעהר פאַרוואַנדט, האָט ער אויסגעבילדט דעם קערן פון דער „געזעלשאַפט פון 10־טען דעצעמבער". דאָס איז געווען אַ „צדקה־געזעלשאַפט" אויף אַזויפיעל, אויף וויפיעל אַלע מיטגלידער איהרע, אַזוי ווי באָנאַפּאַרט אַליין, האָבען געפיהלט די בעדערפעניש צו גע־בען צדקה זיך אַליין אויפ'ן חשבון פונ'ם ארבייטער־פאָלק. באָנאַ־פּאַרט, וואָס האָט זיך דאָ, צווישען דעם עולם, דערקלערט אַלס הויפּט פונ'ם לומפּענפּראָלעטאַריאַט; וואָס האָט נאָר דאָ געטראָפען אין אַ גרויסער מאָס די אינטערעסען, וועלכע זיינען געווען סאָלידאַריש מיט זיינע אייגענע; וואָס האָט אין אַט דעם אָפּפאַל און אין די אויס־וואורפען פון אַלע קלאַסען געפונען דעם איינציגען קלאַס, אויף וועל־כען ער קאָן זיך אויף זיכער שטיצען, — אַט דער באָנאַפּאַרט איז דער אמת'ער, דער ריכטיגער. אַלס אַלטער דורכגעטריבענער לעבע־יונג, האָט ער געקוקט אויף דאָס היסטאָרישע לעבען פון די פעלקער, אויף זייערע וויכטיגסטע מלוכה־טאַטען ווי אויף אַ גאַנץ געוועהנלי־כער קאָמעדיע, ווי אויף אַ מאַסקאַראַד, וואו די גרויסע קאָסטיומען, ווערטער און פּאָזעס דיענען נאָר אַלס מאַסקע פאַר קליינליכסטער און נידעריגסטער שווינדלעריי. אַזאַ מאַסקע איז געווען זיין אריינ־פאָהר אין שטראַסבורג, וואו אַ געלערנטער שווייצערישער קאָרשון האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך דעם נאַפּאָלעאָנישען אָדלער, און זיין אַריינרייטען אין בולאָן, וואו עטליכע לאָנדאָנער לאַקייען, איבער־געטון אין פראַנצויזישע מונדירען, האָבען מיט זיך פאָרגעשטעלט די אַרמיי. און אַזוי האָט ער אויך איצט אין זיין געזעלשאַפט פון 10־טען דעצעמבער צונויפגעקליבען 10,000 שלעפער און בראָ־דיאַגעס און זיי האָבען מיט זיך געדאַרפט פאָרשטעלען דאָס פאָלק. אין אַ צייט, ווען די בורזשואזיע אַליין האָט געשפּיעלט אַן אמת'ע קאָמעדיע, נאָר אויף זעהר אַן ערנסטען אופן, ניט אָנריהרענדיג אויף אַ האָר די פּעדאַנטישע בעדינגונגען פון דעם פראַנצויזישען דראַמאַטישען עטיקעט, און איז אַליין געווען האַלב איבערצייגט און האַלב פאַרנאַרט אין דער ערנסטקייט פון איהרע אייגענע פּאָליטישע האַנדלונגען, — אין אַזאַ צייט האָט געמוזט זיגען דער אוואַנטיו־ריסט, וועלכער האָט די קאָמעדיע בעטראַכט בלויז אַלס פּשוטע

קאָמעדיע. און ערשט נאָכדעם, ווי ער האָט בעזייטיגט זיין „פּיי־ערליכען" געגנער און האָט אָנגעהויבען אליין ערנסט צו שפּיעלען זיין קייזערליכע ראָל און געוואָלט אונטער א נאַפּאָלעאָנישער מאַס־קע פאָרשטעלען דעם אמת'ען נאַפּאָלעאָן, איז ער געפאַלען א קרבן פון זיין אייגענער און אייגענאַרטיגער וועלט־אנשויאונג; איז ער גע־וואָרען דער קלאָון, וואָס ניט ער זעהט די געשיכטע אלס קאָמעדיע, נאָר ער בעטראַכט זיין אייגענע קאָמעדיע אלס געשיכטע. דאָס זעלבע, וואָס עס זיינען פאַר די סאָציאַליסטישע ארבייטער געוועזען די נאַציאָנאַלע ווארשטאַטען און פאַר די בורזשואזע רעפּובליקאַנער די „גארד מאָביל" (בעוועגליכע גווארדיע), איז פאַר באָנאַפּאַרטען געוועזען די געזעלשאַפט פון 10־טען דעצעמבער, אָט די פּאַרטיזאַנישע קאַמף־קראַפט, וועלכע איז געוועזען צוגעפּאַסט צו איהם. אויף זיינע רייזעס האָבען אפּטיילונגען פון דער געזעלשאַפט געדאַרפט אָנפילען די וואַקזאַלען און אויסבילדען פאַר איהם „דאָס פּובליקום", אויס־דריקען דעם „פאָלקסענטוזיאַזם", שרייען „זאָל לעבען דער אימפּעראַ־טאָר!", בעליידיגען און שלאָגען די רעפּובליקאַנער, ס'פארשטעהט זיך אונטער דעם שוץ פון דער פּאָליציי. ווען באָנאַפּאַרט איז געפאָה־רען צוריק קיין פּאַריז, האָט אָט דער עולם געדאַרפט אלס זיין אוואַנ־גארד פאַרהיטען פון קאָנטרדעמאָנסטראַציעס אָדער צוטרייבען זיי, ווען אזעלכע זיינען פאָרגעקומען. די „געזעלשאַפט פון 10־טען דעצעמבער" האָט געהערט צו איהם, זי איז געוועזען זיין ארבייט, זיין אייגענע אויסקלערונג; אלצדינג אנדערעס, וואָס ער האָט זיך צוגעשריבען, האָט בלויז די קראַפט פון דער לאַגע און פון די בעדינ־גונגען איבערגעגעבען צו איהם אין די הענט; און אלצדינג, וואָס ער האָט אויסער דעם געטון, האָבען אָדער די בעדינגונגען געטון פאַר איהם, אָדער ער האָט זיך בעגנוגענט מיט נאָכטון אנדערע. אָבער נאָר דער באָנאַפּאַרט, וואָס פלעגט ארויסטרעטען פאַר די ביר־גער מיט די אָפיציעלע פראַזען פון „אָרדנונג", „רעליגיע", „פאַמי־ליע", „אייגענטום" און האָט אין דערזעלבער צייט געהאַט הינטער זיך אלס שטיצפּונקט די געהיימע געזעלשאַפט פון פינסטערע פערזאָ־נען און רויבער, די געזעלשאַפט פון אונאָרדנונג, פּראָסטיטוציע און גנבה, נאָר אָט דער באָנאַפּאַרט איז דער אמת'ער, דער אָריגינעלער; און די געשיכטע פון דער געזעלשאַפט פון 10־טען דעצעמבער איז

זיין געשיכטע. אמאָל האָט צופעליג פּאסירט, אז די דעפּוטאַטען פון דער אָרדנונגספּארטיי האָבען אָנגעטראָפען גראָד אונטער די שטעקענס פון די „דעצעמבריסטען". און נאָך מעהר, דער פּאָליציי־קאָמיסאר יאָן, וואָס איז געווען קאָמאנדירט צו בעוואכען די זיכער־קייט פון דער נאציאָנאלער פארזאמלונג, האָט אויפ'ן גרונד פון די בעווייזען פון איינעם א ל ע אָפּגעגעבען א בעריכט דער פּער־מאנענטער קאָמיסיע, אז אַן אפּטיילונג פון די דעצעמבריסטען האָט בעשטימט צו דער'הרג'ענען דעם גענעראַל שאנגארניע און דעם פּאָר־זיצענדען פון דער נאציאָנאלער פארזאמלונג ד ו פּ ע ן, און אז זי האָט שוין אפילו בעשטימט דעם מענשען, וואָס האָט אָט דעם אטענטאט געדארפט דורכפיהרען. מען קאָן זיך פאָרשטעלען די שרעק פון הער דופּען. עס האָט זיך געדוכט, אז איצט איז אומ־פארמיידליך א פּארלאמענטארישע אונטערזוכונג וועגען דער געזעלשאפט פון 10־טען דעצעמבער, ד. ה. אַן ענטפּלעקונג און פאר־שוועכונג פון דער באָנאפּארטיסטישער געהיים־וועלט. אָבער גראָד פאר'ן סאמע צונויפקומען זיך פון דער נאציאָנאלער פארזאמ־לונג האָט באָנאפּארט אויס פאָרזיכטיגקייט פונאנדערגעלאָזען די געזעלשאפט. ס'פארשטעהט זיך, אז נאָר אויפ'ן פּאפּיער; ווייל אין סוף פון 1851 האָט דער פּאָליציי־פּרעפעקט אין אַן אויספיהר־ליכען מעמאָראנדום נאָך געפּרואווט איבערציינגען באָנאפּארטען — הגם אומזיסט — אין דער נויטיגקייט פונאנדערצולאָזען אויף אַן אמת די דעצעמבריסטען.

די געזעלשאפט פון 10־טען דעצעמבער האָט אזוי לאנג געזאָלט פארבלייבען די פּריוואטע ארמיי פון באָנאפּארטען, ביז איהם וועט ניט געלינגען צו פאַרוואנדלען דיווירקליכע ארמיי אין א געזעל־שאפט פון 10־טען דעצעמבער. די ערשטע פּראָבע צו אזא פאר־וואנדלונג האָט באָנאפּארט געמאכט באלד נאָכדעם, ווי די נאציאָ־נאלע פארזאמלונג איז זיך פונאנדערגעגאנגען אויף וואקאציעס, און טאקע אויף דאָס געלט, וואָס ער האָט ביי איהר נאָר וואָס ארויס־געקראָגען. אלס פאטאליסט האָט ער געלעבט מיט דער איבערציי־גונג, אז עס זיינען פאראַן געוויסע העכערע כוחות, געגען וועלכע א מענש און בעזונדערס א סאָלדאט קאָן ניט ווידערשטעהן. צווישען אָט די העכערע כוחות האָט ער אין דער ערשטער רייה גערעכענט:

סיגאַרען, שאַמפּאַניער וויין, קאַלטען עוף און קנאָבעלוואורשט. ער
האָט דעריבער מכבד געווען אין די פּאַראַד־צימערען פון דעם עליזיי־
פּאַלאַץ די אָפיצערען און אונטעראָפיצערען מיט סיגאַרען, שאַמפּאַ־
ניער, קאַלטען עוף און קנאָבעלוואורשט. דעם 3־טען אָקטאָבער
האָט ער אויף דעם זעלבען אופן מכבד געווען די סאָלדאַטען נאָך
דעם מיליטערישען פּאַראַד אין סען־מאָר; און דעם 10־טען אָקטאָבער
נאָך דעם אַלגעמיינעם מיליטערישען פּאַראַד ביי סאַטאָרי האָט ער
דאָסזעלבע איבערגע׳חזר׳ט נאָך אויף אַ גרעסערען מאַסשטאַב. דער
פעטער (נאַפּאָלעאָן I) האָט געהאַט אין זכרון די מלחמה־מאַרשען
פון אלכסנדר מוקדון אין אַזיען; און דער פּלימעניק האָט געהאַט
אין זינען די טריאומפאַלע מאַרשען פון׳ם גאָט באַקכוס אין דעם
זעלבען לאַנד. אלכסנדר איז געווען בלויז אַ האַלבער גאָט, אָבער
באַקכוס איז געוועזן אַ גאַנצער גאָט און דערצו נאָך דער פּאַטראָן
און שיצער פון דער געזעלשאַפט פון 10־טען דעצעמבער.

נאָך דעם פּאַראַד פון 3־טען אָקטאָבער האָט די פּערמאַנענטע
קאָמיסיע איינגעלאַדען דעם קריגסמיניסטער ד׳אָטפּול. ער האָט
צוגעזאָגט, אַז אַזעלכע דיסציפּלין־ברוכען וועלען מעהר ניט פאָר־
קומען. אָבער מען וויים, ווי באָנאַפּאַרט האָט דעם 10־טען אָקטאָ־
בער געהאַלטען ד׳אָטפּול׳ס וואָרט. די ביידע פּאַראַדען האָט קאָמאַנ־
דירט שאַנגאַרניע, אַלס אויבערקאָמאַנדיר פון דעם פּאַריזער מילי־
טער. אַ מיטגליעד פון דער פּערמאַנענטער קאָמיסיע, דער שעף
פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, דער „רעטער" פון 29־סטען יאַנואַר
און פון 13־טען יוני, דער „זייל פון דער געזעלשאַפט", דער קאַנ־
דידאַט פון דער אָרדנונגספּאַרטיי פאַר פּרעזידענט, דער מאָנק *)
פון צוויי מאָנאַרכיעס, ווי מען האָט איהם טיטולירט, האָט שאַנ־
גאַרניע ביז איצט זיך קיינמאָל ניט אנערקענט אונטערגעוואָרפען
צום קריגסמיניסטער; ער האָט שטענדיג אויסגעלאַכט די רעפּובלי־
קאַנישע קאָנסטיטוציע און האָט פאַרפאָלגט באָנאַפּאַרטען מיט זיין
צווייִדייטיג־גוטמוטיגען שוץ. און איצט האָט ער ענערגיש פּאַרטיי־
דיגט די דיסציפּלין געגען דעם קריגסמיניסטער און די קאָנסטיטוציע
געגען באָנאַפּאַרטען. בשעת אַ טייל פון די קאַוואַלעריסטען האָבען

*) אַ בעוואוסטער ענגלישער גענעראַל.

דעם 10־טען אָקטאָבער געשריען „זאָל לעבען נאַפּאָלעאָן! זאָלען לעבען די וואורשטלעך!“, האָט שאַנגאַרניע איינגעאָרדענט, אַז די אינפאַנטעריע וועניגסטענס, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער קאָמאַנדע פון זיין פריינד נ י י מ י י ע ר, איז ביי איהר פאַרביי־געהן פאַרביי באָנאַפּאַרטען געוועזן אייזקאַלט און שטילשווייגענד. אַלס שטראָף האָט דער קריגסמיניסטער, אויף דער אויפפאָדערונג פון באָנאַפּאַרטען, אַראָפּגעזעצט דעם גענעראַל ניימייער פון זיין פּאָסטען אין פּאַריז אונטער'ן אויסרעד, אַז ער וויל איהם בעשטימען אַלס אויבער־גענעראַל פון דער 14־טער און 15־טער מיליטערישע דיוויזיעס. ניימייער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אָט דעם טויש פון שטעלעס און האָט געמוזט רעזיגנירען. שאַנגאַרניע פון זיין זייט האָט דעם 2־טען נאָוועמבער פאַרעפענטליכט אַ בעפעהל, אין וועל־כען ער האָט פאַרבאָטען די סאָלדאַטען, בשעת זיי זיינען אונטער געוועהר, צו מאַכען וועלכע עס איז ניט פּאָליטישע אויסרופען און דעמאָנסטראַציעס. די צייטונגען פון עליזיי־פּאַלאַץ זיינען אָנגעפאַ־לען אויף שאַנגאַרניע און די צייטונגען פון דער אָרדנונגספּאַרטיי אויף באָנאַפּאַרטען; די פּערמאַנענטע קאָמיסיע האָט נאָכאַנאַנד אָפּ־געהאַלטען געהיימע זיצונגען, אויף וועלכע מען האָט כסדר בעטראַכט צו זאָל מען דערקלערען דאָס פאַטערלאַנד אין געפאַהר; די אַרמיי, האָט זיך געדוכט, האָט זיך צוטיילט אויף צוויי פיינדליכע לאַגערן מיט צוויי פיינדליכע גענעראַל־שטאַבען — איינער אין עליזיי־פּאַלאַץ, וואו עס האָט געוואוינט באָנאַפּאַרט, דער אַנדערער אין טיואילרי, וואו עס האָט געוואוינט שאַנגאַרניע. עס האָט זיך גע־דוכט, אַז עס איז בלויז נויטיג די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג זאָל זיך ווידער צונויפקומען, כדי עס זאָל געגעבען ווערען דער סיגנאַל צום אָפּענעם קאַמף. דאָס פראַנצויזישע פּובליקום האָט אויף די אַלע רייבונגען צווישען באָנאַפּאַרטען און שאַנגאַרניע געקוקט פונקט אַזוי, ווי עס האָט אויף זיי געקוקט דער ענגלישער זשורנאַליסט, וואָס האָט זיי כאַראַקטעריזירט אַזוי: „די פּאָליטישע שטובמיידלעך פון פראַנקרייך קעהרען אויס די גליהענדע לאַווע פון דער רעוואָ־לוציע מיט אַלטע בעזימס און צאַנקען זיך איינער מיט דער אַנדע־רער, טוענדיג אָט די אַרבייט“.

באָנאַפּאַרט האָט זיך דערווייל צוגעאיילט אַראָפּצוזעצען דעם

קריגסמיניסטער ד'אָטפּול, אויף ישנעל איהם אָפּשיקען קיין אַלזשיר און בעשטימען אויף זיין אָרט אַלס קריגסמיניסטער דעם גענעראַל שראַם. דעם 12־טען נאָוועמבער האָט ער דער נאַציאָנאַלער פאַר־זאַמלונג צוגעשיקט אַ מיטטיילונג, געשריבען אויפ'ן אַמעריקאַנער שטייגער: זעהר גענוי, מיט פיעל דעטאַלען; זי האָט געאָטעמט מיט אָרדנונג, געדאָרשט נאָך פריעדען און מחילה און געווען פול מיט אי־בערגעבענהייט דער קאָנסטיטוציע; זי האָט גערעדט וועגען אַלץ און אַלעמען, אָבער נאָר ניט וועגען די „ברענענדיגע פראַגען" פונ'ם מאָמענט. נאָר ווי פאַרבייגעהענדיג האָט ער ארויסגעזאָגט די ווער־טער, אַז לויט די קלאָרע בעשטימונגען פון דער קאָנסטיטוציע האָט בלויז דער פּרעזידענט אַליין אַ רעכט צו שאַפען זיך מיט דער אַרמיי. די מיטטיילונג האָט געהאַט אויפ'ן סוף די פאָלגענדע הויכקלינ־גענדיגע פאַרזיכערונג:

„פראַנקרייך פאַרלאַנגט פריהער פאַר אַלץ רוה... נאָר געבונדען מיט מיין שבועה, וועל איך זיך האַלטען אין די ענגע גרענניצען, וואָס זי האָט מיר אָנ־געצייכענט... און וואָס ס'איז שייך מיר, איז, זיינענדיג אויסגעוועהלט פון פאָלק און האָבענדיג נאָר איהם אַליין צו פאַר־דאַנקען מיין גאַנצע מאַכט, וועל איך זיך אונטערוואַרפען בלויז זיין ווילען, ווען אויסגעדריקט אויף אַ געזעצליכען אופן. אויב איהר וועט אויף דער סעסיע אייערער בעשליסען צו רעווידירען די קאָנסטיטוציע, וועט אַ קאָנסטיטואירענדע פאַרזאַמלונג רעגולירען די שטעלונג פון דער אויספיהרענדער מאַכט. אויב איהר בעשטימט ניט צו רעווידירען די קאָנסטיטוציע, וועט דאָס פאָלק אין 1852 פייערליך לאָזען וויסען זיין בעשלוס. אָבער וואָס עס זאָלען ניט זיין די בעשלוסען פון דער צוקונפט, לאָמיר איצט קומען צו אַ פאַר־שטענדניש, כדי ליידענשאַפטען, איבערראַשונג און גוואַלדמיטלען זאָלען ניט דאַרפען בעשטימען דעם גורל פון אַ גרויסען פאָלק... וואָס עס אינטערעסירט מיך איצט פריהער פאַר אַלץ, איז ניט — ווער עס וועט אין 1852 רעגירען אין פראַנקרייך, נאָר ווי אויסצונוצען די צייט, וועלכע איך פאַרמאָג, אַז דער צווישענפּעריאָד זאָל אַריבער אָהן אַגיטאַציעס און אומרוהען. איך האָב אויפריכטיג געעפענט

פאר אייך מיין הארץ; און איך האָף, אז איהר וועט אויף מיין אָפּענהערציגקייט ענטפערן מיט אייער צוטרויען און אויף מיין גוטען שטרעבען מיט אייער מיטהילף, און גאָט וועט טון דאָס איבעריגע".

די פיינע, היפּאָקריטיש־מעסיגע און באַנאַל־אויבערפלעכליכע שפראך פון דער בורזשואזיע האָט זיך ארויסגעוויזען אין איהר טיעפּ־סטען זין אינ'ם מויל פון דעם זעלבסטהערשער פון דער געזעלשאַפט פון 10־טען דעצעמבער און פון דעם פאראדנעם העלד פון סען־מאָר און סאטאָרי.

די פּני פון דער אָרדנונגספּארטיי זיינען אפילו אויף א מינוט ניט געווען גענארט ביי זיך וועגען דעם צוטרויען, וואָס אָט די אָפּענהערציגקייט האָט פאַרדיענט. זיי האָבען שוין פון לאַנג גע־וואוסט דעם ווערט פון א שבועה; צווישען זיי זיינען געווען וועט־טעראנען און ווירטואָזען פון שבועה־ברעכעריי. נאָר דאָך האָבען זיי זיך גאַנץ גוט אָנגעמערקט דעם זאַץ וועגען דער ארמיי. זיי האָבען מיט צאָרן בעמערקט, אז די מיטמיילונג האָט צווישען דער גרויסער צאָהל ניי־ארויסגעגעבענע געזעצען, וואָס זי האָט דערמאָנט, מיט א כיון דורכגעלאָזען און מיט א וואָרט ניט דערמאָנט דאָס נייע וואהלגעזעץ, און אז ער האָט אויסערדעם איבערגעלאָזען צום פאָלק צו וועהלען א פּרעזידענט אין 1852, אויב עס וועט ניט גע־מאכט ווערען קיין רעוויזיע פון דער קאָנסטיטוציע. דאָס וואהל־געזעץ איז געווען די שווערע בלייענע משא אויף די פיס פון דער אָרדנונגספּארטיי, וואָס האָט איהר געשטערט אפילו צו געהן, שוין אָפּגערעדט פון אָנפאלען! אויסערדעם האָט באַנאַפּארט מיט זיין אָפיציעלער אויפלעזונג פון דער געזעלשאַפט פון 10־טען דעצעמ־בער און מיט דעם, וואָס ער האָט אראָפּגעזעצט ד'אָטפּול'ען פון דעם קריגסמיניסטער־אמט, אליין מיט זיינע אייגענע הענט גע־בראכט אלס קרבן דעם נויטיגען שעיר לעזאזל אויפ'ן מזבח פון פאטערלאַנד. דערמיט האָט ער ביי דעם ערוואַרטעטען צוזאַמענ־שטויס אָוועקגענומען זיין שארפקייט. און די אָרדנונגספּארטיי האָט אליין אויך געפּלייסט זיך אויסצומיידען, אָפּצואשוואַכען און פארגלעטען יעדען ערנסטען קאָנפליקט מיט דער אויספיהרענדער מאכט. אויס מורא צו פארלירען די רעזולטאטען פון איהרע נצחונות איבער דער רעוואָלוציע, האָט זי געלאָזען איהרע קאָנקורענ־

טען־געגנער צו שניידען די פּרוכט פון אַט די נצחונות. „פראַנק־
רייך פאַרלאַנגט פריהער פאַר אַלץ רוה!“ דאָס איז געווען דער
רוף פון דער אָרדנונגספּאַרטיי צו דער רעוואָלוציע זינט די פעברואַר־
טעג; און דאָס איז איצט אויך געווען דער רוף פון באָנאַפּאַרט׳ס
מיטטיילונג צו דער אָרדנונגספּאַרטיי. אַלזאָ, „פראַנקרייך פאַר־
לאַנגט פריהער פאַר אַלץ רוה!“ באָנאַפּאַרט האָט בעגאַנגען מעשים,
וואָס האָבען געהאַט דעם צוועק צו אוזורפּירען די מאַכט; אָבער
ווען די אָרדנונגספּאַרטיי האָט אויפגעהויבען אַ גוואַלד געגען זיינע
מעשים און האָט זיי אויסגעטייטשט צום שלעכטען, האָט זי דער־
מיט אַרויסגערופען „אומרוה“. די וואורשטלעך, פאַרקעהרט, וואָס
באָנאַפּאַרט האָט אויסגעטיילט אין סאַטאָרי, זיינען געווען גאַנץ
שטיל אַליין פאַר זיך, ווען קיינער האָט וועגען זיי ניט גערעדט.
באָנאַפּאַרט אַלזאָ האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל איהם לאָזען פריי
האַנדלען; און אין דער זעלבער צייט איז די פּאַרלאַמענטאַרישע
פּאַרטיי געווען פּאַראַליזירט פון אַ דאָפּעלטער שרעק: ערשטענס
פון דער שרעק ווידער אַרויסצורופען אַ רעוואָלוציאָנערען אויפשטאַנד
און צווייטענס פון דער שרעק צו ערשיינען אַליין אין די אויגען
פון איהר קלאַס, פון דער בורזשואַזיע, אַלס אַרויסרופערין פון דעם
אויפשטאַנד. אַזוי ווי פראַנקרייך האָט אַלזאָ פריהער פאַר אַלץ
פאַרלאַנגט רוה, האָט די אָרדנונגספּאַרטיי ניט געוואַגט צו ערקלערען
„קריג“ נאָכדעם, ווי באָנאַפּאַרט האָט אין זיין מיטטיילונג גערעדט
וועגען „פרידען“. דאָס פּובליקום, וואָס האָט זיך גערעכנט אויף
גרויסע סקאַנדאַלען ביי דער בענייאונג פון די זיצונגען פון דער
נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, האָט זיך מיאוס אָפּגענאַרט. דעם פאָר־
שלאַג פון די אָפּאָזיציאָנעלע דעפּוטאַטען — מען זאָל צושטעלען
די פּראָטאָקאָלען פון דער פּערמאַנענטער קאָמיסיע וועגען די גע־
שעהענישען פון אָקטאָבער מאָנאַט, האָט די מאַיאָריטעט אָפּגעוואָר־
פען. מען האָט פּרינציפּיעל אויסגעמיטען יעדע דעבאַטע, וואָס
האָט געקאָנט אויפרעגען. די גאַנצע אַרבייט פון דער נאַציאָנאַלער
פאַרזאַמלונג פאַר נאָוועמבער און דעצעמבער פון 1850 האָט ניט
געהאַט קיין שום אינטערעס.

ענדליך האָבען זיך צום סוף פון דעצעמבער אָנגעהויבען קליי־
נע אומרעגעלמעסיגע צוזאַמענשטויסען וועגען די פּרעראָגאַטיווען

פון'ם פּאַרלאַמענט. זינט די בורזשואַזיע האָט דורך איהר אָפּשאַפֿען דאָס אַלגעמיינע וואַהלרעכט דערווייל אַ סוף געמאַכט צום קלאַסען־קאַמף, איז די גאַנצע בעוועגונג פּאַרזונקען געוואָרען אין בלאָטע פון קליינליכע רייסערייען וועגען די פּרעראָגאַטיווען פון די ביידע מעכטען.

געגען איינעם פון די דעפּוטאַטען, מ אָ ג ע ן, האָט מען ארויסבעקומען אַן אורטייל פון געריכט פאַר ניט בעצאָהלען זיינע חובות. ווען דער ריכטער האָט אָנגעפרעגט וועגען דעם ביים יוס־טיץ־מיניסטער ר ו ע, האָט דער לעצטער איהם געענטפערט, אַז ער דאַרף תיכף אַרויסגעבען אַ בעפעהל צו אַרעסטירען דעם דעפּו־טאַט דעם בעל־חוב. און מען האָט מאָגענען אַוועקגעזעצט אין טור־מע. די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט אויפגעשטורעמט, ווען זי האָט זיך דערוואוסט וועגען אָט דעם אָנפאַל אויף איהר. זי האָט ניט בלויז פאַראָרדענט גלייך צו בעפרייען מאָגענען, נאָר זי האָט נאָך דעמזעלבען אוועגד געשיקט איהר אייגענעם פּאָליציי קאָמיסאַר, וואָס האָט מיט גוואַלד געדאַרפט בעפרייען דעם דעפּוטאַט פון דער שולד־טורמע אין קלישי. אָבער כדי צו בעווייזען, אַז זי גלויבט ווי פריהער אין דער הייליגקייט פון פּריוואַט־אייגענטום, און האָבענדיג אין זינען, אַז עס קאָן אַמאָל נויטיג זיין צו בענוצען זיך מיט דער טורמע, כדי פּטור צו ווערען פון די מאָנטאַניאַרען, ווען זיי וועלען צו שטאַרק דערעסען, האָט די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג דערקלערט, אַז אַרעסטירען אַ דעפּוטאַט פאַר ניט בעצאָהלען זיינע חובות קאָן מען נאָר דאַמאָלסט, ווען מען בעקומט פון איהר אויף דעם אַן ערלויבניש. זי האָט נאָר פאַרגעסען דערביי אַרויסצוגעבען אַ דעקרעט, אַז אויך דעם פּרעזידענט קאָן מען פאַרזעצען פאַר ניט בעצאָהלען זיינע חובות. מיט איהר אויסטייטשונג האָט זי פאַר־ניכט דעם לעצטען שיין פון אומבעריהרליכקייט, וואָס האָט אַרומ־גערינגעלט איהרע אייגענע מיטגליעדער.

מיר האָבען שוין אויבען געזעהן, אַז דער פּאָליציי־קאָמיסאַר יאָן האָט אויף דעם סמך פון דעם עדות זאָגען פון אַ געוויסען אַ ל ע פאַר'מסר'ט אַן אָבטיילונג פון די דעצעמבריסטען, אַז זיי פּלאַנעווען צו טויטען דעם פּאַרזיצענדען דופּען און דעם גענעראַל שאַנגאַרניע. באַלד אויף דער ערשטער זיצונג האָבען די אויפזעהער אויף די געלד־

מיטלען און אויף דער זיכערקייט פון דעם פּאַרלאַמענט פאַרגע־
שלאָגען, אַז די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג זאָל אויסבילדען איהרע
אָן אייגענע פּאַרלאַמענטאַרישע פּאָליציי, וואָס זאָל בעקומען איהר
געהאַלט פון דעם פּריוואַטען ביודזשעט פון דער נאַציאָנאַלער פאַר־
זאַמלונג און זאָל אינגאַנצען זיין אונאָפּהענגיג פון דעם פּאָליציי־
פּרעפעקט. דער אינערן־מיניסטער באַראָש האָט פּראָטעסטירט
געגען אָט דעם אריינרייסען זיך אין די גרעניצען פון זיינע רעכט.
מען האָט דעריבער אָנגענומען אַ קלענליכען קאָמפּראָמיס: אַז דער
פּאָליציי־קאָמיסאַר זאָל בעקומען זיין געהאַלט פון דעם פּריוואַט־
ביודזשעט פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, און אַז דאָס רעכט
אָנצושטעלען און אָפּזאָגען דעם קאָמיסאַר זאָל האָבען די פּאַרלאַ־
מענט־אַדמיניסטראַציע, אָבער ערשט נאָכדעם, ווי זי וועט פריהער
וועגען דעם קומען צו אַ פאַרשטענדיגונג מיט דעם אינערן־מיניסטער.
געגען אַ ל ע האָט די רעגירונג דערווייל פאַרפיהרט אַ געריכטליכען
פּראָצעס, און דערביי איז שוין געווען לייכט פאַרצושטעלען זיינע
ענטדעקונגען אַלס אַ ריינע מיסטיפיקאַציע, און אויף אַזאַ אופן, דורך
דער רעדע פון דעם פּראָקוראָר, ארויסשטעלען אין אַ לעכערליכען
שיין די הערען דופּען, שאַנגאַרניע און יאָן און מיט זיי — די גאַנצע
נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג. נאָכדעם האָט דער אינערן־מיניסטער דעם
29־סטען דעצעמבער אָנגעשריבען אַ בריף דעם פּרעזיצענדען דופּען
און געפאָדערט פון איהם, מען זאָל אָפּזאָגען יאָנ׳ען. די קאָמיסיע
פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג האָט בעשלאָסען צו לאָזען יאָנען
אויף זיין שטעלע. אָבער די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט ניט
בעשטעטיגט אָט דעם בעשלוס אין שרעק פאַר איהר אייגענער
גוואַלד־טאַט ביים בעפרייען מאַגנען און אויס געוועהנהייט צו בע־
קומען צוויי קלעפּ צוריק פאַר יעדען קלאַפּ, וואָס זי גיט דער אויס־
פיהרענדער מאַכט. זי האָט אָפּגעזאָגט יאָנ׳ען אַלס בעלוינונג פאַר
זיין טרייער דיענסט און האָט דערביי אָוועקגערויבט ביי זיך אַ פּאַר־
לאַמענטאַריש רעכט, וואָס איז אומבעדינגט נויטיג אין בעצוג צו
אַ מענשען, וואָס מאַכט ניט זיינע פּלענער בייטאָג כדי דורכצו־
פיהרען זיי בייטאָג, נאָר ער מאַכט זיי בייטאָג און פיהרט זיי דורך
ביינאַכט.

מיר האָבען שוין געזעהן, ווי די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט

אין משך פון די מאָנאַטען נאָוועמבער און דעצעמבער אויסגעמיטען און אַנטזאָגט זיך אויפצונעהמען אַ קאַמף געגען דער אויספיהרענדער מאַכט אפילו ביי די טאַמע ערנסטע פאַלען פון פּראָוואָקאַציע. און איצט איז זי געווען געצוואונגען אויפצונעהמען דעם קאַמף ביי קליינליכע פאַלען. אין דער געשיכטע מיט מאַגנאַן האָט זי בע־שטעטיגט דעם פּרינציפּ, אז די דעפּוטאַטען קאָנען ווערען ארעס־טירט פאַר ניט בעצאָהלען זייערע חובות, זי האָט נאָר פאַר זיך גע־לאָזען דאָס רעכט צו דערלאָזען אַנווענדען דעם פּרינציפּ בלויז אויף די דעפּוטאַטען, וועלכע זיינען איהר ניט געפעלען. און פאַר אַט דער פּריווילעגיע האָט זי זיך געצאַנקט מיט דעם יוסטיץ־מיניסטער. אַנשטאַט אויסצונוצען דעם פּלאַן צו טויטען דופּען׳ען, כדי אָנצו־הויבען אַן אויספאָרשונג געגען דער געזעלשאַפט פון 10־טען דע־צעמבער און אויף אַזאַ אופן אָהן שום רחמנות ארויסשטעלען באַ־נאַפּאַרטען פאַר די אויגען פון פראַנקרייך און פון גאַנץ אייראָפּע אין זיין אמת׳ער געשטאַלט, אַלס דעם פיהרער פון דעם פּאַריזער לומפּענפּראָלעטאַריאַט, — האָט זי דערלאָזט, אז דער גאַנצער צו־זאַמענשטויס זאָל אַראָפּנידערן און בעגרעניצען זיך מיט דער שטרייט־פראַגע צווישען איהר און דעם יוסטיץ־מיניסטער וועגען דעם, צו וועמעס קאָמפּעטענץ עס געהערט דאָס אָנשטעלען און אָפּ־זאָגען אַ פּאָליציי־קאָמיסאַר. מיר זעהען אַלזאָ, אז די אָרדנונגס־פּאַרטיי האָט געמוזט אַ דאַנק איהר צוויי׳פּנים׳דיגער האַלטונג אין משך פון אַט דעם גאַנצען פּעריאָד פאַרקליינליכען און צוברעקלען איהר קאָנפליקט מיט דער אויספיהרענדער מאַכט ביז אַ קאַמף פאַר אומוויכטיגע קאָמפּעטענץ־צוויסטיגקייטען און קליינליכע רייסערייען וועגען דער גרעניץ פון זייער מאַכט, און מאַכען די ניט־וויכטיגע פראַגען פון פאָרם פאַר דעם עצם פון איהר טעטיגקייט. זי האָט ניט געוואַגט ארייננצוטרעטען אין אַ צוזאַמענשטויס, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַ פּרינציפּ, ווען די אויספיהרענדע מאַכט האָט זיך ווירקליך קאָמפּראָמעטירט און ווען די זאַך און דער אינ־טערעס פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג וואָלט געווען די זאַך און דער אינטערעס פון דעם פאָלק. אָבער דורכדעם וואָלט זי דאַך אָנגעמערקט פאַר דעם פאָלק אַ ריכטונג פאַר זיין בעוועגונג, און זי האָט פאַר קיין זאַך אַזוי ניט מורא געהאַט, ווי פאַר דער בע־

ווענונג פון פאָלק. זי פלעגט דעריבער ביי יעדער גינסטיגער גע־
לעגענהייט אָפּוואַרפען די פאָרשלאָגען פון די מאָנטאַניאַרען און אי־
בערגעהן צו דער טאָגאָרדנונג. די שטרייטפראַגען פלעגען אויף
אַזאַ אופן פארלירען זייער אומפאַנג, און די אויספיהרענדע מאַכט
האָט געקאָנט גאַנץ רוהיג אויסוואַרטען דעם מאָמענט, ווען זי וועט
דעם שטרייט ווידער קאָנען אויפהויבען ביי קליינליכע אומבעדייטענ־
דע פאַלען, וואָס האָבען, אַזוי צו זאָגען, בלויז אַ לאָקאַלען פּאַרלאַמענ־
טאַרישען אינטערעס. ענדליך האָט אויסגעבראָכען דער בעהאַלטע־
נער צאָרן פון דער אָרדנונגספּאַרטיי, זי האָט אָראָפּגעריסען דעם
פאָרהאַנג פון הינטער די קוליסען, האָט אַראָפּגעריסען די מאַסקע
פון'ם פּרעזידענט און פאַר'מסר'ט איהם, האָט דערקלערט די רע־
פּובליק אין געפאַהר; אָבער דער גאַנצער פּאַטאָס איהרער איז איצט
שוין געווען אַלטנעבאַקען און אָהן טעם, און דער גרונד פאַר'ן
שטרייט איז געווען אַ היפּאָקריטישער אויסרעד, וואָס איז ניט
ווערט געווען קיין שום קאַמף. דער פּאַרלאַמענטאַרישער שטורעם
איז געוואָרען אַ שטורעם אין אַ גלאָז וואַסער; דער קאַמף איז פאַר־
וואַנדעלט געוואָרען אין אַן אינטריגע; דער צוזאַמענשטויס — אין
אַ סקאַנדאַל. אין דער צייט ווען די רעוואָלוציאָנערע קלאַסען האָ־
בען זיך געפרעהט מיט דער דערנידערונג פון דער נאַציאָנאַלער
פאַרזאַמלונג — ווייל זיי זיינען געווען פּונקט אַזוי ווייניג ענטוזיאַס־
טיש פאַר די פּרעראָגאַטיווען פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג ווי
די לעצטע פאַר די פרייהייטען פון'ם פאָלק — אין דער זעלבער
צייט האָט די בורזשואַזיע אויסער דעם פּאַרלאַמענט ניט געקאָנט
פאַרשטעהן, ווי קאָן די בורזשואַזיע אין דעם פּאַרלאַמענט פאַר־
שווענדען איהר צייט אויף אַזעלכע קליינליכע צאַנקערייען און שטע־
רען די רוהע דורך אַזעלכע נאַרישע שטרייטיגקייטען מיט'ן פּרעזי־
דענט. די בורזשואַזיע איז געווען צומישט פון אַזאַ אַרט סטראַטע־
גיק, וואָס שליסט פרידען, ווען אַלע ערוואַרטען אַ קאַמף, און פאַלט
אָן אין אַזאַ מאָמענט, ווען אַלע דענקען, אַז דער פרידען איז גע־
שלאָסען.

דעם 20־טען דעצעמבער האָט פּאַסקאַל דיופּראַ אינטערפּעלירט
דעם אינערן מיניסטער וועגען דער גאָלד לאָטעריי. אָט די לאָ־

טערייע איז געווען אַ „טאָכטער פון עליזעאום" *) ; באָנאַפּאַרט האָט צוזאַמען מיט זיינע נאָהענטע פריינד זי אויף דער וועלט געבראַכט, און דער פּאָליציי־פּרעפעקט קאַרליע האָט זי גענומען אונטער זיין אָפיציעלען שוץ, הגם דאָס פראַנצויזישע געזעץ האָט פארבאָטען אַלע לאָטערייעס אויסער פאַר צדקה־צוועקען. מען האָט ארויסגעלאָזען זיבען מיליאָן לאָטעריי־צעטלען צו איין פראַנק אַ צעטעל, און די ריינע הכנסה פון דער לאָטערייע איז, ווי עס איז אָנגעגעבען געוואָרען, געווען בעשטימט אויף איבערפיהרען די פּאַריזער שלעפּער קיין קאַליפאָרניע. גאָלד־חלומות האָבען געדאַרפט פאַרבייטען די סאָציאַליסטישע טרוימען פון דעם פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט, און די פארפיהרערישע ערוואַרטונג פון דעם גרויסען געווינס האָט געדאַרפט אַרויסשטויסען די אונאַנגענעהמע לעהרע וועגען דעם „רעכט אויף אַרבייט". ס'פאַרשטעהט זיך, אַז די פּאַריזער אַרביי־טער האָבען אין דעם גלאַנץ פון די גאָלדשטיקער פון קאַליפאָרניע ניט דערקענט צוריק די ניט גלאַנצענדיגע פראַנקען, וואָס מען האָט אַרויסגעשלעפּט פון זייערע קעשענעס און די גאַנצע אונטערנעהמונג איז געווען אַן אָפענער שווינדעל. די בראַדיאַגעס, וואָס האָבען געזאָלט עפענען די קאַליפאָרניער גאָלדגרובען זיצענדיג אין פּאַ־ריז, זיינען געווען באָנאַפּאַרט אַליין און זיינע מיטעסער אין עלי־זעאום, וואָס זיינען ניט געווען אימשטאַנד צו בעצאָהלען זייערע חובות. די דריי מיליאָן, וואָס די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט בעוויליגט, האָט מען פאַרהוליעט; מען האָט דעריבער געדאַרפט אַזוי אָדער אַנדערש ווידער אָנפילען די קאַסע. אומזיסט האָט באָנאַפּאַרט געעפנט אַ נאַציאָנאַלע אונטערשריפט פאַר'ן צוועק פון אויפבויען „אַרבייטער־שטעדטלעך" און דערביי אַליין אונטער־געשריבען אַ גרויסע סומע. די האַרטהערציגע בורזשואַזיע האָט מיט אומגלויבען געוואַרט ביז ער וועט איינצאָהלען פאַר זיינע אַקציעס; אָבער אַזוי ווי די איינצאָהלונג איז קיינמאָל ניט פאָרגע־קומען, איז די ספּעקולאַציע מיט די סאָציאַליסטישע לופטשלעסער מיאוס דורכגעפאַלען. די קאַליפאָרניער גאָלד־גרובען האָבען בעסער געווירקט. באָנאַפּאַרט און זיין קאָמפּאַניע האָבען זיך ניט בע־

---

*) דער פּאַלאַץ וואו באָנאַפּאַרט האָט געוואוינט.

גנוגענט דערמיט, וואָס זיי האָבען אין זייערע אייגענע קעשענעס אראָפּגעלאָזען אַ זייל פון דעם ריוח, וואָס האָט זיך בעקומען, ווען מען האָט אראָפּגערעכענט פון די זיבען מיליאָן דעם ווערט פון די געווינסען, נאָר זיי האָבען נאָך דערצו פּאַבריצירט פאַלשע צעטלען. מיט דעם נומער 10 אַליין האָבען זיי ארויסגעלאָזען פון פופצעהן ביז צוואנציג צעטלען; אַ פינאַנציעלע אָפּעראַציע אינגאַנצען אין'ם גייסט פון דער געזעלשאַפט פון 10־טען דעצעמבער! די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט דאָ פאַר זיך געהאַט ניט דעם פיקטיווען פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, נאָר באָנאַפּאַרטען אַליין, דעם אמת'ען און עכטען. דאָ האָט זי איהם געקאָנט פאַרכאַפּען אויפ'ן פּלאַץ פון פאַרברעכען, און פון פאַרברעכען ניט געגען דער קאָנסטיטוציע, נאָר געגען דעם קרימינעלען געזעץ. און ווען די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט נאָך דער אינטערפּעלאַציע פון דיור־פּראַ בעשלאָסען אריבערגעהן צו דער טאָגאָרדנונג, האָט זי אַזוי געטון ניט נאָר דערפאַר, וואָס זשיראַרדען'ס פאַרשלאַג צו דערקלע־רען זיך „בעפרידיגט“ האָט דערמאָנט די אָרדנונגס־פּאַרטיי וועגען איהר אייגענער סיסטעמאַטישער דעמאָראַליזאַציע. דער בורזשוא, און בעזונדערס דער בורזשוא, וואָס האָט זיך דערהויבען צום ראַנג פון אַ שטאַטסמאַן, דערגענצט זיין פּראַקטישע געמיינהייט מיט טעאָרעטיישער פּאָמפּע און פּאַראַד. אַלס שטאַטסמאַן קוקט ער אויף זיך, ווי אויך אויף דער מאַכט, וואָס שטעהט געגען איהם, ווי אויף אַ העכערער בעשעפעניש, וואָס קאָן ווערען בעקעמפט בלויז אויף אַ העכערען, הימלישען אופן.

באָנאַפּאַרט האָט אַלס איינער פון דער „באָהעמע“, אַלס פּרינצ־ליכער לומפּענפּראָלעטאַריער געהאַט דעם פאָרצוג איבער דעם „גע־מיינעם“ בורזשוא, וואָס ער האָט אָהן צערעמאָניעס געקאָנט פיהרען דעם קאַמף אויף אַ געמיינעם אופן. און איצט, ווען די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט מיט איהרע אייגענע הענט איהם אריבערגעטראָגען איבער דעם גליטשיגען באָדען פון די מיליטערישע באַנקעטען און פּאַראַדען, פון דער געזעלשאַפט פון 10־טען דעצעמבער און ענדליך פון דעם קרימינעלען קאָדעקס — איצט האָט ער אויסגעפונען, אַז עס איז געקומען דער מאָמענט ווען ער קאָן אריבערגעהן פון פאַר־טיידיגונג צום אָנפאַל. איהם האָבען זעהר ווייניג געקימערט די

צופעליגע קליינע „מפלות“ פון דעם יוסטיצמיניסטער, קריגסמיניס־טער, פלאַטענמיניסטער און פינאַנצמיניסטער, געגען וועלכע די נאַ־ציאָנאַלע פאַרזאַמלונג פלעגט מיט מורמלען אויסדריקען איהר אומ־צופרידענהייט. ער האָט ניט נאָר ניט ערלויבט די מיניסטאָרען צו רעזיגנירען און דערמיט אנערקענען די אונטערוואַרפענקייט פון דער אויספיהרענדער מאכט אונטער דעם פאַרלאַמענט, ער האָט איצט אויך געקאָנט פאַרענדיגען די אָפּטיילונג פון דער מיליטערי־שער מאכט פונ'ם פאַרלאַמענט, וואָס ער האָט אָנגעהויבען אין דער צייט פון די וואַקאַציעס פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג; ער האָט אראָפּגעזעצט שאַנגאַרניע'ן.

איינע פון די עליזייאישע צייטונגען האָט פאַרעפענטליכט א בעפעהל, וואָס איז כלומרשט ארויסגעלאָזען געוואָרען אין מאָנאַט מאַי, און וואָס עס איז כלומרשט ארויסגעגעבען פון שאַנגאַרניע. דער בעפעהל האָט פאַרבאָטען די אָפיציערען אין פאַל פון אַן אויפשטאַנד צו לאָזען די פאַררעטער בעהאַלטען זיך אין זייערע אייגענע ריי־הען; האָט געהייסען דערשיסען די פאַררעטער אויפ'ן פּלאַץ און אָפּזאָגען זיך צו שיקען מיליטער אויף דער אויפפאָדערונג פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. דעם 3־טען יאַנואַר האָט מען אין פאַרלאַמענט אינטערפּעלירט דאָס מיניסטעריום וועגען דעם בע־פעהל. דער קאַבינעט האָט פאַרלאַנגט אויף אויספאָרשען די אַנ־געלעגענהייט צוערשט דריי מאָנאַטען, נאָכדעם איין וואָך און צו־לעצט נאָר פיער און צוואַנציג שעה צייט. די נאַציאָנאַלע פאַר־זאַמלונג האָט געפאָדערט א דערקלערונג תיכף. שאַנגאַרניע האָט זיך אויפגעשטעלט און דערקלערט, אַז אַזאַ בעפעהל איז קיינמאָל ניט ארויסגעגעבען געוואָרען; ער האָט אויך צוגעגעבען, אַז ער וועט שטענדיג זיין גרייט שנעל נאָכצוקומען די פאָדערונגען פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, און אַז אין פאַל פון א צוזאַמענ־שטויס קאָנען זיי זיך פאַרלאָזען אויף איהם. די נאַציאָנאַלע פאַר־זאַמלונג האָט געענטפערט אויף זיין דערקלערונג מיט ענטוזיאַס־טישע אַפּלאָדיסמענטען און האָט בעשלאָסען אויסצודריקען איהם איהר צוטרוי. דערביי האָט זי דערמיט, וואָס זי האָט זיך גע־שטעלט אונטער דעם פּערזענליכען שוץ פון א גענעראַל, זיך אָפּ־געזאָגט פון איהר אייגענער מאכט, דערקלערט איהר מאַכטלאָזיג־

קייט און די אַלמעכטיגקייט פון דער ארמיי. אָבער דער גענעראַל איז אַליין ביי זיך געווען גענארט, ווען ער האָט פארשפּראָכען דער נאציאָנאלער פארזאמלונג געגען באָנאפּארטען א מאכט, וואָס ער האָט אַליין בעקומען בלויז אויף א צייט פון באָנאפּארטען, און ווען ער האָט זיך אַליין געגנויטיגט אינ׳ם שוץ פון דעם פארלאמענט, פון דעם, וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען צו בעשיצען. נאָר שאנגארניע האָט געגלויבט אין דער מיסטעריעזער מאכט, אין וועלכער די בורזשואזיע האָט איהם אָנגעקליידט זינט דעם 29־סטען יאנואר 1849. ער האָט זיך געהאַלטען פאר דער דריטער מאכט נעבען די צוויי אנדערע מלוכה־מאַכטען. ער האָט געהאט דעמזעלבען מזל, וואָס די אנדערע העלדען, אָדער ריכטיגער קדושים פון אָט דער עפּאָכע, וועמעס גאנצע גרויסקייט בעשטעהט בלויז אין דער גוזמא׳דיג־גוטער מיינונג, וואָס זייער פאראינטערעסירטע פארטיי האָט פון זיי, און וועלכע ווערען צוריק גאנץ געוועהנליכע און קליינע מענשען, ווי נאָר די בעדינגונגען פאָדערען פון זיי, זיי זאָלען בעווייזען וואונדער. אונגלויבען, סקעפּטיציזם איז בכלל א טויט־פיינד פון אָט די הימלישע העלדען און אמת׳ע קדושים. דערפון נעהמט זיך זייער ווירדיג־שטאָלצער כעס אויף די הומאָריסטען און שפּאָטער, וואָס ווערען ניט בעגייסטערט פון זיי.

דעמזעלבען אווענד זיינען די מיניסטאָרען איינגעלאַדען געוואָרען אין דעם עליזיי־פּאַלאַץ; באָנאפּארט האָט פאָרגעבראַכט די פראגע וועגען אראָפּזעצען שאנגארניע׳ן. פינף מיניסטאָרען האָבען זיך אָבער אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבען דעם בעפעהל. דאמאָלסט האָט דער אָפּיציעלער אָרגאַן פון דער רעגירונג, דער „מאָניטעור“, געלאָזט וויסען, אז עס איז פאָרגעקומען א מיניסטעריום־קריזיס, און די צייטונגען פון דער אָרדנונגספארטיי האָבען געדראָהט צו שאפפען אַן אייגענע פארלאמענטארישע ארמיי אונטער דער קאָמאנדע פון שאנגארניע. די אָרדנונגס־פּארטיי האָט געהאט דאָס קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט אויף דעם. זי האָט נאָר געדארפט בעשטימען שאנגארניע׳ן פאר דעם פּאָרזיצענדען פון דער נאציאָנאלער פארזאמלונג און פאָדערן צוליעב איהר זיכערקייט אזוי פיעל מיליטער, ווי פיעל זי האָט נאָר געוואָלט. זי האָט דאָס געקאָנט טון נאָך מיט מעהר זיכערקייט דערפאר, וואָס שאנגארניע איז נאָך אַלץ

געוועזן דער קאָמאַנדיר פון דעם פּאַריזער מיליטער און פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע און האָט נאָר געוואַרט, אַז די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג זאָל רופען איהם צוזאַמען מיט דער אַרמיי. און די פּרעסע פון די באָנאַפּאַרטיסטען האָט נאָך ניט געוואַגט אָפּצולייקענען דאָס רעכט פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג דירעקט צו ווענדען זיך און פאָדערען מיליטער פאַר זיך; זי האָט אין דעם געזעהן אַ יורידישען „דריידעל", וואָס האָט ביי דער געלעגענהייט ניט געקאָנט האָבען קיין ערפאָלג. אַז די אַרמיי וואָלט געפאָלגט דעם בעפעהל פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, איז קענטיג דערפון, וואָס באָנאַפּאַרט האָט געמוזט אין משך פון אכט טעג זוכען איבער גאַנץ פּאַריז, כדי צו געפינען בלויז צוויי גענעראַלען, וואָס זאָלען קאָנטראַסיגנירען זיין בעפעהל אָראָפּצוזעצען שאַנגאַרניע'ן, די גענעראַלען באַראַגע ד'איליע און סען־זשאַן ד'אַנזשעלי. צי וואָלט אָבער די אָרדנונגספּאַרטיי אין איהרע אייגענע רייהען און אין פּאַרלאַמענט געפונען אַ גענוגענדע צאָהל שטימען כדי דורכצופיהרען אַזאַ בעשלוס, איז זעהר אַ גרויסע פראַגע; מען דאַרף זיך נאָר דערמאָנען, אַז אין אכט טעג אַרום האָבען זיך פון איהר אָפּגעריסען 286 שטימען און אַז די מאָנטאַניאַרישע פּאַרטיי האָט נאָך אין דעצעמבער 1851, אין דער לעצטער ענטשיידענער שעה, באַרוואָרפען אַן עהנליכען פאָרשלאַג. אָבער דאָך קאָן זיין, אַז די בורגגראַפען וואָלט זיך נאָך איצט אויך איינגעגעבען אויפצוהויבען די מאַסע פון זייער פּאַרטיי ביז צו אַ העראָאישער טאַט, וואָס וואָלט בעשטעהן און פיהלען זיך זיכער הינטער אַ וואַלד פון באַיאָנעטען און אין אָננעהמען די דיענסט פון דער אַרמיי, וואָס האָט דעזערטירט אין זייער לאַגער. נאָר אנשטאַט דעם זיינען די הערען בורגגראַפען דעם 6־סטען יאַנואַר אין אָוונט אוועק אין עליזייפּאַלאַץ, כדי דורך קלוגע מאָטיווען און איינוועגדונגען אָפּצוהאַלטען באָנאַפּאַרטען פון אָראָפּזעצען שאַנגאַרניע'ן. ווען מען געהט מיט איינעם איבעררעדען, אנערקענט מען איהם דערמיט אַליין שוין פאַר דעם בעל־הבית פון דער לאַגע. ערמוטיגט דורך אָט דעם שריט, האָט באָנאַפּאַרט דעם 12־טען יאַנואַר בעשטימט אַ נייע מיניסטעריום, אין וועלכען ער האָט איבערגעלאָזט די הערען פולד און באַראָש, די פיהרער פון דעם פריהערדיגען מיניסטעריום. סען־זשאַן

ד'אַנזשעלי איז געוואָרען קריגסמיניסטער. דער „מאָניטעור" האָט אָפּגעדרוקט דעם בעפעהל וועגען שאַנגאַרניע'ס דימיסיע, זיין קאָ־מאַנדע איז איינגעטיילט געוואָרען צווישען באַראַגע ד'איליע, וואָס האָט בעקומען די קאָמאַנדע איבער דער ערשטער דיוויזיע און צווי־שען פּעראָ, וואָס האָט בעקומען די קאָמאַנדע איבער דער נאַציאָ־נאַלער גוואַרדיע. דער „זייל פון דער געזעלשאַפט" איז אַלזאָ אַרויס אין דימיסיע, און הגם עס זיינען דערביי קיין וואונדער ניט געשעהן, האָבען דאָך די קורסען אויף דער בערזע אָנגעהויבען צו שטייגען.

דערמיט וואָס די אָרדנונגס פּאַרטיי האָט אין דער פּערזאָן פון שאַנגאַרניע אָפּגעשטויסען די אַרמיי, וואָס האָט געוואָלט איהר דינ־נען, און האָט זי אויף אַזאַ אופן איבערגעגעבען איינגאַנצען אין די הענט פון'ם פּרעזידענט, האָט זי דערקלערט, אַז די בורזשואַזיע האָט פּאַרלאָרען איהר פעהיגקייט צו הערשען. קיין פּאַרלאַמענטאַריש מי־ניסטעריום האָט שוין לאַנג ניט עקזיסטירט. און איצט, ווען זי האָט פּאַרלאָרען דעם שליסעל צו דער אַרמיי און צו דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, וועלכע מיטלען פון מאַכט זיינען איהר פּאַרבליבען, וואָס שטיצענדיג זיך אויף זיי זאָל זי קאָנען אָנהאַלטען די אוזורפּירטע מאַכט פון'ם פּאַרלאַמענט איבער'ן פּאָלק און צו דערזעלבער צייט אויך די קאָנסטיטוציאָנעלע מאַכט פון'ם פּאַרלאַמענט געגען דעם פּרע־זידענט? קיינע אַזעלכע מאַכט־מיטלען. עס איז איהר נאָר פּאַר־בליבען די מעגליכקייט צו אַפּעלירען צו מאַכטלאָזיגע פּרינציפּען, וואָס זי אַליין האָט שטענדיג אויסגעטייטשט בלויז אַלס אַלגעמיינע כּללים, וואָס מען שאַפט פאַר אַנדערע, כדי אַליין וואָס פרייער און אונגעשטערטער צו קאָנען בעוועגען זיך. מיט שאַנגאַרניע'ס דימי־סיע, מיט דעם איבערגאַנג פון דער מיליטערישער מאַכט אין די הענט פון באָנאַפּאַרטען האָט זיך פּאַרענדיגט דער ערשטער טייל פון דעם פּעריאָד, וואָס מיר האָבען בעטראַכט, פון דעם קאַמפּפּעריאָד צווישען דער אָרדנונגספּאַרטיי און דער אויספיהרענדער מאַכט. די מלחמה צווישען אָט דיביידע מעכטען איז איצט געוואָרען אָפען דערקלערט און אָפען געפיהרט, אָבער ערשט נאָכדעם ווי די אָרדנונגספּאַרטיי האָט פאַרלאָרען איהר געוועהר און איהרע סאָלדאַטען. אָהן אַ מיניס־טעריום, אָהן אַן אַרמיי, אָהן אַ פּאָלק, אָהן אַן עפענטליכער מיינונג,

זינט איהר וואהלגעזעץ פון 31־סטען מאַי אויף ניט מעהר די פּאַר־שטעה־ערין פון דעם סואווערענעם פאָלק, אָהן אוינגען, אָהן אויערן, אָהן צייהנער, אָהן לייב און לעבען, האָט זיך די נאַציאָנאַלע פאַר־זאַמלונג איצט ביסלעכווייז פארוואַנדעלט אין אַן אַלט־פרענקישען פאַרלאַמענט, וואָס מוז אַלע האַנדלונגען איבערלאָזען צו דער רע־גירונג און אַליין בעגנוגענען זיך בלויז מיט פּראָטעסטירען צווישען די צויינער און דאָס — ערשט אחר המעשה.

די אָרדנונגספּאַרטיי האָט בעגעגענט דאָס נייע מיניסטעריום מיט אַ שטורעם פון צאָרן. גענעראַל בעדאָ האָט דערמאָנט וועגען דער מילדקייט פון דער פּערמאַנענטער קאָמיסיע אין דער צייט פון די וואַקאַציעס און וועגען איהר צו גרויסער פּאַרזיכטיגקייט, איבער וועלכער זי האָט זיך אנטזאַגט צו פאַרעפענטליכען איהרע פּראָטאָ־קאָלען. איצט האָט דער מיניסטער פון אינערן אַליין געפּאָדערט, מען זאָל פאַרעפענטליכען אָט די פּראָטאָקאָלען, וואָס האָבען שוין, פאַרשטעהט זיך, פאַרלאָרען יעדען אינטערעס, ניט אנטדעקט קיין שום נייע פאַקטען און זיינען דורכגעגאַנגען אָהן יעדער ווירקונג אויף דעם פאַרטעמפּטען פובליקום. לויט׳ן פּאָרשלאַג פון ר ע מ י ו ז אַ איז די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג צוריק אַוועק אין איהרע קאָמיסיעס און האָט נאָך בעשטימט אַ „קאָמיסיע פון אויסעראָרדענטליכע מיטלען“. דאָס אַלטעגליכע לעבען פון פּאַריז איז זיך דערווייל געגאַנגען מיט זיין געוועהנליכען וועג, ווייל דער האַנדעל האָט אין דעם מאָמענט געבליהט, די פאַבריקען האָבען געאַרבייט, די פּרייזען אויף ברויט זיינען געוועזען נידעריג, שפּייזמיטלען איז געוועזען איבערגענוג און די שפּאָר־בענק האָבען יעדען טאָג אַריינבעקומען אַלץ נייע איינלאָגען. די „אויסעראָרדענטליכע מיטלען“ וועגען וועלכע דער פּאַרלאַמענט האָט גלאָזט וויסען מיט אַזוי פיעל רעש, האָבען זיך דעם 18־טען יאַנואַר אויסגעלאָזט אינגאַנצען מיט אַ וואָטום פון אונצוטרוי צום מיניסטעריום, און דערביי איז אַפילו שאַנגאַרניע׳ס נאָמען ניט דער־מאָנט געוואָרען. די אָרדנונגספּאַרטיי איז אָבער געוועזען געצוואונגען צו אויסדריקען איהר פּאָרשלאַג אויף דעם אופן, כדי צו פערזיכערן פּאַר איהם די שטימען פון די רעפּובליקאַנער, ווייל פון אַלע האַנד־לונגען פונ׳ם מיניסטעריום איז שאַנגאַרניע׳ס דימיסיע געוועזען די איינציגע זאַך, וואָס די רעפּובליקאַנער האָבען געהאַלטען פאַר גוט,

און די אָרדנונגספּאַרטיי האָט פון איהר זייט ניט געקאָנט פּאראור־טיילען דאָס מיניסטעריום פאר די אַנדערע האַנדלונגען זיינע, ווייל זיי זיינען פּאַקטיש געווען דיקטירט פון איהר אַליין.

דער וואָטום פון אונצוטרוי פון 18טען יאַנואַר איז דורכגע־גאַנגען מיט 415 שטימען געגען 286. ער איז אַלזאָ דורכגעפיהרט געוואָרען אַ דאַנק אַ קאָאַליציע פון די ענטשידענע לעגיטימיסטען און אָרלעאַניסטען מיט די ריינע רעפּובליקאַנער און מיט די מיט־גליעדער פון דער מאָנטאַניארישער פּאַרטיי. דאָס האָט אַלזאָ בע־וויזען, אַז די אָרדנונגספּאַרטיי האָט אין איהר קאָנפליקט מיט באָ־נאַפּאַרטען פּאַרלאָרען ניט נאָר דאָס מיניסטעריום, ניט נאָר די אַרמיי, נאָר אויך איהר זעלבסטשטענדיגע פּאַרלאַמענטאַרישע מאַיאָ־ריטעט; אַז אַ טייל דעפּוטאַטען האָט דעזערטירט פון איהר מחנה אָדער אויס פאַנאַטישער ליידענשאַפט צו פּאַרמיטלונג, אָדער אויס מורא פאַר'ן קאַמף, אָדער צוליעב אויסגעמאַטערטקייט, אָדער איבער פאַמיליען־מאָטיווען, ווי קרובים אויף מלוכה־שטעלען, אָדער אויס האָפענונג אויף אַ ניט פאַרנומענעם פּלאַץ אינ'ם מיניסטעריום (אָדילאָן באַראָן), אָדער אויס נידעריגען עגאָאיזם, אַ דאַנק וועלכען דער געוועהנליכער בורזשואַ איז אַלע מאָל גרייט מקריב צו זיין די אינטערעסען פון זיין קלאַס צו דעם אָדער יענעם פּריוואַטען אינ־טערעס זיינעם. די באָנאַפּאַרטיסטישע דעפּוטאַטען האָבען פון אָנ־הויב בעלאַנגט צו דער אָרדנונגספּאַרטיי, אָבער בלויז צוליעב דעם קאַמף מיט דער רעוואָלוציע. דער פיהרער פון דער קאַטוילישער פּאַרטיי, מאָנטלאַמבער, האָט שוין דאַמאָלט זיין איינפלוס אַרויפ־געוואָרפען אויף באָנאַפּאַרט'ס וואָגשאָל, ווייל ער האָט זיך מיאש געווען אין דער לעבענספעהינקייט פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער פּאַרטיי. און ענדליך האָבען די פיהרער פון אָט דער פּאַרטיי (דער אָרדנונגספּאַרטיי), דער אָרלעאַניסט טיער און דער לעגיטימיסט בעריע, זיך געפיהלט געצוואונגען צו דערקלערען זיך פאַר רעפּובלי־קאַנער, צו אַנערקענען, אַז זייער האַרץ איז אפילו ראָיאַליסטיש אָבער זייער קאָפּ איז רעפּובליקאַניש; אַז די פּאַרלאַמענטאַרישע רעפּוב־ליק איז די איינציג מעגליכע פאָרם פאַר דער הערשאַפט פון דער גאַנ־צער בורזשואַזיע. זיי זיינען אויף אַזאַ אופן געצוואונגען געווען צו שטעמפּלען אַלס זינלאָזיגע און געפעהרליכע אינטריגע די אַלע רעס־

טאַווראַציאָנס פּלענער, וואָס זיי האָבען הינטער דעם רוקען פונ'ם פּאַרלאַמענט אונערמידליך פּאַרטגעזעצט צו פיהרען.

דער וואָטום פון אונצוטרוי פון 18טען יאַנואַר איז געווען גע־ווענדט געגען די מיניסטאָרען, אָבער ניט געגען דעם פּרעזידענט. אָבער אראָפּגעזעצט שאַנגאַרניע'ן האָבען ניט די מיניסטאָרען, נאָר דער פּרעזידענט. די אָרדנונגספּאַרטיי האָט געזאָלט אָנקלאָגען באָ־נאַפּאַרטען אליין, אָבער פּאַרוואָס? — פאַר זיינע רעסטאַווראַציאָן־שטרעבונגען? אָבער אָט די שטרעבונגען זיינע האָבען נאָר דער־גענצט זייערע אייגענע שטרעבונגען פון דעם זעלבען מין. פאַר זיי־נע קאָנספּיראַציעס ביי די מיליטערישע פּאַראַדען און ביי דער געזעל־שאַפט פון 10טען דעצעמבער? אָבער זיי האָבען אָט די אַלע טעמעס שוין לאַנג בעגראָבען אונטער זייערע איינפאַכע איבערגאַנגען צו דער טאַגאָרדנונג. פאַר אראָפּזעצען דעם העלד פון 22סטען יאַנואַר און 13טען יוני, דעם מאַן, וואָס האָט אין מאַי 1850 געדראָהט, אין פאַל פון אַן אויפשטאַנד, אונטערצינדען פּאַריז פון אַלע פיער עקען? זייערע פּאַרבינדעטע פון דער מאָנטאַניאַרישער פּאַרטיי און גענעראַל קאַוואַניאַק האָבען זיי אפילו ניט ערלויבט צו טרייסטען דעם גע־פאַלענעם „זייל פון דער געזעלשאַפט" מיט אַן אָפּיציעלען אויסדרוק פון זייער מיטגעפיהל. זיי האָבען אַליין ניט געקאָנט אָפּלייקענען דאָס קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט פונ'ם פּרעזידענט אראָפּצוזעצען אַ גענעראַל. און אויב זיי האָבען אויפגעהויבען אַ שטורעם, איז דאָס דערפאַר, וואָס ער האָט זיך בענוצט מיט זיין קאָנסטיטוציאָנעלען רעכט ניט אויף אַ פּאַרלאַמענטאַרישען אופן. אָבער האָבען זיי דען אַליין אויך ניט בענוצט זיך כסדר מיט זייערע פּאַרלאַמענטאַרישע רעכט אויף אַן אומקאָנסטיטוציאָנעלען אופן, בעזונדערס ביים אָפּ־שאַפען דאָס אַלגעמיינע וואהלרעכט? זיי זיינען אַלזאָ איצט געווען גענויט צו בעוועגען זיך אויסשליסליך אין די פּאַרלאַמענטאַרישע גרעניצען. געוויס, עס איז שולדיג געווען די ספּעציפישע קראַנק־הייט, וואָס האָט זיך זינט 1848 פאַרשפּרייט איבער'ן גאַנצען קאָנ־טינענט—דער פּ אַ ר ל אַ מ ע נ ט אַ ר י ש ע ר ק ר ע ט י נ י ז ם, די איבערשאַצונג פון די פאָרמעס פון פּאַרלאַמענטאַריזם געגענ־איבער די רעאַלע פּאָליטישע קרעפטען און פאַרהעלטנישען, — און וואָס האָט יעדען איינעם, ווער עס פלעגט אָנגעשטעקט ווערען

פון דעם פּאַרלאַמענטאַרישען קרעטיניזם, פּאַרטרינקען אין א וועלט פון איינבילדונגען און אָפּרויבען ביי איהם יעדען זין, דעם גאַנצען זכרון און יעדען פאַרשטאַנד פאַר דער גראָבער אויסערליכער וועלט. די אָרדנונגס־פּאַרטיי, וועלכע האָט מיט איהרע אייגענע הענט צו־שטערט די פּאַרלאַמענטאַרישע מאַכט, און צוליעב איהר קאַמף מיט אַנדערע קלאַסען האָט זי זי געמוזט צושטערען, האָט נאָך אַלץ גע־האַלטען פּאַרלאַמענטאַרישע נצחונות פאַרווירקליכע נצחונות און גערעכענט, אַז זי טרעפט דעם פּרעזידענט, ווען זי האָט געשלאָגען די מיניסטאָרען. זי האָט איהם אין דער אמת'ן נאָר געגעבען א גע־לעגענהייט נאָך אַמאָל צו דערנידעריגען די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג אין די אויגען פון דעם פאָלק. דעם 20סטען יאַנואַר האָט דער „מאָניטעור" געמאָלדען, אַז די דימיסיע פון'ם גאַנצען מיניסטעריום איז אָנגענומען געוואָרען. און אונטער'ן אויסרעד, אַז קיינע פון די פּאַרלאַמענטאַרישע פּאַרטייען האָט ניט קיין מעהרהייט אין פּאַר־לאַמענט, ווי דאָס האָט בעוויזען די אָפּשטימונג פון 18טען יאַנואַר — אַט דער רעזולטאַט פון פאַראייניגונג צווישען די מאָנטאַניאַרען און ראָיאַליסטען, — האָט באָנאַפּאַרט בעשטימט דאָס אַזוי גערו־פענע „איבערגאַנגס־מיניסטעריום", אין וועלכען עס איז ניט אריין קיין איין דעפּוטאַט פון פּאַרלאַמענט, און וואָס איז בעשטאַנען לויטער פון אומבעקאַנטע און אומבעדייטענדע פּערזאָנען; א מיניסטעריום בלויז פון פּריקאַזטשיקעס און שרייבערלעך. די אָרדנונגספּאַרטיי האָט איצט געקאָנט ביז מיד ווערען שפּילען זיך מיט אָט די קוקלעס; די אויספיהרענדע מאַכט האָט אַפילו ניט געהאַלטען פאַר נויטיג צו זיין ערנסט פאַרטראָטען אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. באָנאַ־פּאַרט האָט אויף אַזאַ אופן נאָך בעשיינפּערליכער קאָנצענטרירט די גאַנצע אויספיהרענדע מאַכט אין זיין אייגענער פּערזאָן, און וואָס מעהר זיינע מיניסטאָרען זיינען געוועזען בלויז פּשוטע סטאַטיסטען, אַלץ מעהר פרייהייט און רוים האָט ער געהאַט צו אויסנוצען אָט די מאַכט.

די אָרדנונגספּאַרטיי האָט אין בונד מיט דער מאָנטאַניאַרישער פּאַרטיי נקמה גענומען פון באָנאַפּאַרטען דערמיט, וואָס זי האָט פאַרוואָרפען דעם פאָרשלאַג צו געבען דעם פּרעזידענט א מתנה פון 1,844,000 פראַנק, דעם פאָרשלאַג, וואָס דער פיהרער פון דער גע־

זעלשאפט פון 10טען דעצעמבער האט געצוואונגען זיינע משרתים־מיניסטארען ארייצוטראגען. דאס מאל האט דעם פארשלאג אפ־געווארפען א מעהרהייט בלויז פון 102 שטימען, ד. ה., אז פון דעם 18טען יאנואר זיינען ווידער אפגעפאלען פון דער ארדנונגספארטיי 27 שטימען. דאס פונאנדערפאלען פון אט דער פארטיי איז אלזא געגאנגען אלץ ווייטער. כדי קיינער אבער זאל קיין טעות ניט האַ־בען וועגען דעם זין פון איהר קאאליציע מיט דער מאנטאניארישער פארטיי, האט זי זיך אפגעזאגט אפילו צו בעטראכטען דעם פאר־שלאג, אונטערגעשריבען פון 189 מיטגליעדער פון דער מאנטאריא־רישער פארטיי, צו געבען אן אלגעמיינע אמניסטיע פאר פאליטישע פארברעכער. עס איז גענוג געווען, אז דער אינערן־מיניסטער, א גע־וויסער ב ע ס ע, זאל ערקלערען, אז די רוהיגקייט אין לאנד איז בלויז אן אויבענאויפיגע; אז אין געהיים ווערט פארשפרייט א ברייטע אגיטאציע און עס ווערען געשאפען געזעלשאפטען, וואס זיינען פול־אומעטום; אז די דעמאקראטישע צייטונגען גרייטען זיך ווידער צו ערשיינען; אז די בעריכטען פון דער פראווינץ זיינען זעהר ניט גינסטיג; אז די עמיגראנטען פון גענף פיהרען אן דורך ליאן א קאנספיראטיווע ארבייט דורך גאנץ דרום פראנקרייך; אז פראנק־רייך שטעהט אויפ'ן גרעניץ פון אן אינדוסטריעלען און האנדעלס־קריזיס; אז די פאבריקאנטען פון רוע האבען פארקירצט די צייט פון דער ארבייט; אז די ארעסטאנטען פון דער טורמע „בעל־וויל" האבען זיך צובונטעוועט, — עס איז גענוג געווען, אז א וועלכער עס איז ב ע ס ע זאל בלויז ארויסרופען דעם „רויטען גייסט", כדי די ארדנונגספארטיי זאל פארווארפען אהן יעדער דיסקוסיע א פאר־שלאג, וואס וואלט דער נאציאנאלער פארזאמלונג פארשאפט אן אונ־געהויערע פאפולאריטעט און וואלט געמוזט צוריקברייגען באנא־פארטען אין איהרע ארעמס. אנשטאט צו לאזען די אויספיהרענדע מאכט צו אנשרעקען דעם פארלאמענט מיט דער אויסזיכט אויף נייע אונרוהען, האט דער פארלאמענט געזאלט לאזען פיעל־ווענינ פלאץ פאר'ן קלאסענקאמף, כדי צו האלטען די אויספיה־רענדע מאכט אין אפהענגיגקייט פון זיך. אבער די ארדנונגספארטיי האט זיך שוין ניט געפיהלט גענוג שטארק פאר דער אויפגאבע, צו שפיעלען זיך מיט פייער.

דאָס אַזוי גערופענע איבערגאַנגס־מיניסטעריום האָט דערווייל
ווי עס איז אָנגעהאַלטען ביז מיטען אַפּריל. באָנאַפּאַרט האָט
געריייצט די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג מיט אַלץ נייע קאָמבינאַציעס
פון מיניסטאָרען. דאָס האָט ער געוואָלט בעשטימען אַ רעפּובּלי־
קאַניש מיניסטעריום מיט לאַמאַרטין און בילאָל בראש, דאָס האָט
ער געפּלאָנעוועט אַ פּאַרלאַמענטאַריש מיניסטעריום מיט דעם אומ־
פאַרמיידליכען אָדילאָן באַראָ, וועמעס נאָמען עס האָט קיינמאָל ניט
געפעהלט, ווען מען האָט נאָר געדאַרפט האָבען עפּעס אַ תם; דאָס —
אַ לעגיטימיסטיש מיניסטעריום מיט וואַטיסמעניל און בענוא ד'אַזי
און דאָס אַן אָרלעאַניסטיש מיניסטעריום מיט מאַלוויל בראש. האַל־
טענדיג אויף אַזאַ אופן די פאַרשיידענע פראַקציעס פון דער אָרד־
נונגספּאַרטיי אָנגעשטרענגט איינע געגען דער אַנדרערער און שרע־
קענדיג זיי אַלע צוזאַמען מיט דער פּערספּעקטיוו פון אַ רעפּובּליקאַ־
נישען מיניסטעריום און מיט דער דאַמאָלסט אומפּאַרמיידליכער
צוריקשטעלונג פונ'ם אַלגעמיינעם וואהלרעכט, האָט באָנאַפּאַרט אין
דערזעלבער צייט ביי דער בורזשואַזיע ארויסגערופען די איבערצייי־
גונג, אַז אַלע זיינע אויפריכטיגע בעמיהונגען צו שאַפען אַ פּאַרלאַ־
מענטאַריש מיניסטעריום ווערען צושלאָגען אָן דער עקשנות פון די
ראָיאַליסטישע פראַקציעס. אָבער די בורזשואַזיע האָט אַלץ העכער
געפאָדערט אַ „שטאַרקע רעגירונג", און זי האָט נאָך געהאַלטען פאַר
בעזונדערס אומפּאַרצייהליך צו לאָזען פראַנקרייך „אָהן אַן אדמי־
ניסטראַציע" אין אַ צייט, ווען דער אַלגעמיינער האַנדעלסקריזיס
האָט זיך געהאַלטען אין איין אַנרוקען אויפ'ן לאַנד און האָט ווערבירט
פאַר'ן סאָציאַליזם גרויסע מאַסען אין די שטעדט, ווי די זעהר ני־
דעריגע פּרייזען אויף תבואה האָבען ווערבירט סאָציאַליסטען אין
דאָרף. דער האַנדעל איז מיט יעדען טאָג געוואָרען שוואַכער, די
צאָהל פון אומפּאַרנומענע הענט האָט זיך בעמערקליך פאַרגרעסערט;
אין פּאַריז זיינען געווען ווענינגסטענס 10,000 מענשען אָהן מיטלען
צום לעבען, אָהן ברויט; אין רואַן, מיולהאַוזען, ליאָן, רובע, טור־
קאָאַן, סענט־עטיען, עלבעף א. ד. ג. האָבען זעהר פיעל פאַבריקען ניט
געאַרבייט. אונטער אַזוינע אומשטענדען האָט באָנאַפּאַרט געקאָנט
וואַגען דעם 11טען אַפּריל צו בעשטימען פון דאָס ניי דאָס מיניסטע־
ריום פון 18טען יאַנואַר. ער האָט אַריינגענומען אָהין די הערען רוע,

פולד, בּאראָש, א. א. וו. און האָט נאָך פארשטארקט דאָס מיניסטע־
ריום מיט הער לעאָן פאָשע, ווענען די קאָנסטיטואירענדע פאר־
זאמלונג האָט אין איהרע לעצטע טעג מיט אלע שטימען (מיט דער
אויסנאהם בלויז פון פינף מיניסטאָרען־שטימען) פאראורטיילט מיט
א וואָטום פון אונצוטרוי פאר זיין פארשפרייטען פאלשע טעלעגרא־
פישע מיטטיילונגען. די נאציאָנאלע פארזאמלונג האָט אלזאָ דעם
18טען יאנואר אָפּגעהאלטען א נצחון איבער דעם מיניסטעריום; זי
האָט דריי מאָנאטען נאָכאנאנד געקעמפּט מיט באָנאפּארטען, כדי
דעם 11טען אפּריל זאָלען פולד און באראָש קאָנען אויפנעהמען דעם
פּוריטאנער פאָשע אלס דריטען אין זייער מיניסטעריעלען בונד.

אין נאָוועמבער 1849 האָט זיך באָנאפּארט בעגנוגענט מיט אַן א ו מ פּ א ר ל א מ ע נ ט א ר י ש ע ן מיניסטעריום; אין יאנואר 1851 — מיט אַן א ו י ס ע ר פּ א ר ל א מ ע נ ט א ר י ש ע ן, און דעם 11טען אפּריל האָט ער זיך שוין געפיהלט גענוג שטארק צו בע־שטימען אַן א נ ט י פּ א ר ל א מ ע נ ט א ר י ש ע ן מיניסטעריום, וואָס האָט געהאט בעקומען א וואָטום פון אונצוטרוי פוןביידע פארזאמלונגען—פון דער קאָנסטיטואירענדער און פון דער געזעצגע־בערישער, פון דער רעפּובליקאנישער און פון דער ראָיאליסטישער. אָט דער פּראָגרעס ביים בעשטימען מיניסטאָרען איז געווען דער טערמאָמעטער, מיט וועלכען דער פּארלאמענט האָט געקאָנט מעסטען דאָס פאלען פון זיין טעמפּעראטור און לעבענס־ענערגיע. די לעצטע איז צום סוף אפּריל געפאלען אזוי נידריג, אז פּערסיני האָט ביי א פּערזענליכען צוזאמענקומען זיך מיט שאנגארניע איהם געקענט אָנ־בּאָטען, ער זאָל איבערגעהן אינ׳ם לאַגער פונ׳ם פּרעזידענט. ער ראָט איהם פארזיכערט, אז באָנאפּארט האלט, אז דער איינפלוס פון דער נאציאָנאלער פארזאמלונג איז אינגאנצען פארשוואונדען און אז ער, באָנאפּארט, האָט שוין גרייט א פּראָקלאמאציע, וואָס דארף פאר־עפענטליכט ווערען נאָך דער מלוכה־איבערקעהרעניש, וועלכע באָ־נאפּארט האָט שטענדיג אין אויסזיכט, אָבער וועלכע ווערט צוליעב געוויסע סיבות אָפּגעלעגט. שאנגארניע האָט איבערגעגעבען די פיה־רער פון דער אָרדנונגספּארטיי אָט די בשורה פון איהר טויט; אָבער ווער האָט געקאָנט גלויבען, אז דער ביס פון א וואנץ קאָן טויטען? און דער פּארלאמענט, ווי געשלאָגען, צוקראָכען און שטערבליך פויל

**ער איז** ניט געווען, האָט זיך דאָך ניט געקאָנט צווינגען צו זעהן אין דעם דועל מיט דעם טשיקאַווען פיהרער פון דער געזעלשאַפט פון 10טען דעצעמבער עטוואָס אַנדערש, ווי אַ דועל מיט אַ וואַנץ. אָבער באָנאַפּאַרט האָט געענטפערט דער אָרדנונגספּאַרטיי, ווי אַגעזילײ האָט געענטפערט דעם קעניג אַגיום: „איך זעה ביי דיר אויס ווי אַ מילב, אָבער איך וועל ווע־רען אַ לייב“.

---

## VI

די קאָאַליציע מיט דער מאָנטאַניאַרישער פּאַרטיי און מיט די ריינע רעפּובליקאַנער, וואָס די אָרדנונגספּאַרטיי האָט געמוזט שלי־סען ביי איהרע פרוכטלאָזיגע אָנשטרענגונגען איינצוהאַלטען די מי־ליטערישע מאַכט און צוריקצובעקומען דעם קאָנטראָל איבער דער אויספיהרענדער מאַכט, — אָט די קאָאַליציע האָט בעשיינפּערליך בעוויזען, אַז זי האָט פאַרלאָרען די זעלבסטשטענדיגע פּאַרלאַמענ־טאַרישע מעהרהייט. און בלויז דער לוח און דער זייגער האָבען גע־האָט צו פאַרצייכענען אויף דעם 29סטען מאַי די פולשטענדיגע אויפ־לעזונג פון דער פּאַרטיי. דעם 29סטען מאַי האָט זיך אָנגעפאַנגען דאָס לעצטע יאָהר פון דער עקזיסטענץ פון דער נאַציאָנאַלער פאַר־זאַמלונג. זי האָט זיך איצט געמוזט ענטשליסען אָדער צו עקזיסטי־רען ווייטער ווי געווען, אומפאַרענדערט, אָדער צו רעווידירען די קאָנסטיטוציע. אָבער אַ רעוויזיע פון דער קאָנסטיטוציע האָט ניט בלויז בעדייט די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע אָדער דער קליינ־בירגערליכער דעמאָקראַטיע, פון רעמאָקראַטישער אָדער פון פּראָ־לעטאַרישער אַנאַרכיע, פון אַ פּאַרלאַמענטאַרישער רעפּובליק אָדער פון באָנאַפּאַרטען. דאָס האָט אין דערזעלבער צייט אויך געקאָנט בעדייטען די אָרלעאַניסטישע דינאַסטיע אָדער די בורבאָנישע! אַזוי איז אין פּאַרלאַמענט אַריינגעפאַלען דער צאַנקעפּעל, אַרום וועלכען עס האָט זיך געמוזט אָפען פונאַנדערפלאַקערען דער קאַמף פון די אינטערעסען, וואָס האָבען צושפּאַלטען די אָרדנונגס פּאַרטיי אויף פאַרשיעדענע פראַקציעס. די אָרדנונגספּאַרטיי האָט מיט זיך פאָר־געשטעלט אַ פאַראייניגונג פון פאַרשיעדענע געמישטע געזעלשאַפט־

ליכע עלעמענטען. די פראגע וועגען רעווידירען די קאנסטיטוציע האט געשאפען אזא הויכע פאליטישע טעמפעראטור, אז דער געמיש איז זיך ווידער צופאלען אויף זיינע עלעמענטארע טיילען.

דער אינטערעס פון די באנאפארטיסטען צו רעווידירען די קאנסטיטוציע איז געווען אן איינפאכער. פאר זיי איז פריהער פאר אלץ געווען וויכטיג אפצושאפען דעם ארטיקעל 45, וואס האט פאר־באטען צו ערוועהלען באנאפארטען א צווייט מאל און צו פארלענ־גערען זיין מאכט. ניט ווייניגער איינפאך איז געווען די בעציהונג פון די רעפובליקאנער צו דער רעוויזיאנס־פראגע. זיי זיינען גע־ווען ענטשידען געגען יעדער רעוויזיע, ווייל זיי האבען אין איהר געזעהן אן אלגעמיינע פארשווערונג געגען דער רעפובליק. און אזוי ווי זיי האבען פארמאגט מ ע ה ר ו ו י א פ ע ר ט ע ל פ ו ן א ל ע ש ט י מ ע ן אין דער נאציאנאלער פארזאמלונג, און אזוי ווי לויט דער קאנסטיטוציע האבען בלויז דריי פערטעל פון אלע שטימען געקאנט בעשליסען צו רעווידירען די קאנסטיטוציע און צו איינרופען א רעווידירענדע פארזאמלונג, האבען זיי בלויז געדארפט איבערצעהלען אלע זייערע שטימען, כדי צו איבערצייגען זיך, אז זיי קאנען זיין זיכער מיט זייער נצחון; און זיי זיינען טאקע געווען זיכער מיט זייער נצחון.

להיפוך צו אט די קלארע בעציהונגען צו דער פראגע, האט זיך די ארדנונגספארטיי געפונען אין א נעץ פון ווידערשפרוכען, פון וועלכער זי האט זיך ניט געקאנט בעפרייען. זאל זי פארווארפען די רעוויזיע, שטעלט זי אין א געפאהר דעם „סטאטוס קווא“, ווייל זי לאזט דאמאלסט איבער פאר באנאפארטען נאר איין וועג — דעם וועג פון גוואלדטאט, און פראנקרייך גיט זי איבער אין דעם ענטשיע־דענעם מאמענט פון די וואהלען, דעם 2טען מאי, אין די הענט פון דער רעוואלוציאנערער אנארכיע, מיט א פרעזידענט וואס האט פאר־לארען זיין אויטאריטעט, מיט א פארלאמענט, וואו די ארדנונגס־פארטיי האט שוין לאנג ניט קיין מאכט, און מיט א פאלק וועמען זי האט געוואלט זיך אונטערטעניג מאכען. און זאל זי שטימען פאר א רעוויזיע, האט זי געוואוסט, אז איהר שטימע וועט זיין אן אומזיסטע, ווייל זי וועט זיך אנשטויסען אן דעם קאנסטיטוציאנעלען „וועטא“ פון די רעפובליקאנער. און זאל זי וועלען אומקאנסטיטוציאנעל בע־

שטימען, אז א געוועהנליכע מעהרהייט פון שטימען קאָן זיין גענוג אויף איינצורופען א רעווידירענדע פאַרזאמלונג, האָט זי דאמאלסט געקאָנט האָפען צו בעהערשען און בעזיגען די רעוואָלוציע בלויז ביי דער בעדינגונג פון פולשטענדיגער אונטערוואַרפונג אונטער דעם אווי־טאָריטעט פון דער אויספיהרענדער מאכט. אָבער אויף אַזאַ אופן וואָלט זי געמאכט באָנאַפּאַרטען פאַר א פולען בעל־הבית איבער דער קאָנסטיטוציע, איבער דער רעוויזיע פון דער קאָנסטיטוציע און אי־בער זיך אַליין. און דערצו וואָלט א טיילווייזע רעוויזיע, וואָס וואָלט בלויז פאַרלענגערט די מאכט פון דעם פּרעזידענט, אויסגעטראָטען א וועג פאַר אַן אימפּעריאַליסטישער אוזורפּאַציע; און אַן אַלגעמיינע רעוויזיע, וואָס וואָלט פאַרקירצט די עקזיסטענץ פון דער רעפּובליק, וואָלט ארויסגערופען אַן אומפאַרמיידליכען קאָנפליקט פון די דינאַס־טישע פּרעטענזיעס, ווייל די בעדינגונגען פאַר א בורבאָנישער רעס־טאַוראַציע און די בעדינגונגען פאַר אַן אָרלעאַנישער זיינען געווען ניט בלויז פאַרשיעדען; זיי האָבען אינגאַנצען אויסגעשלאָסען איינע די אנדערע.

די פאַרלאַמענטאַרישע רעפּובליק איז געווען מעהר ווי א ניי־טראַלער באָדען, אויף וועלכען עס האָבען געקאָנט צו דער זעלבער צייט און מיט גלייכען רעכט פאַרנעהמען א פּלאַץ און הויזען צווי־שען זיך די צוויי פראַקציעס פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע,— די לעגיטימיסטען און די אָרלעאַניסטען, די גרויסע ערד־אייגענטי־מער און די גרויסע פאַבריקאַנטען. זי איז געווען די נויטיגסטע בעדינגונג פאַר זייער געמיינשאַפטליכער הערשאַפט. די איינציגע מלוכה־פאָרם, אין וועלכער זייערע אַלגעמיינע קלאַסענאינטערעסען האָבען אונטערגעוואָרפען אונטער זיך די אינטערעסען פון די בעזונדערע פראַקציעס זייערע און אויך אַלע איבעריגע קלאַ־סען פון דער געזעלשאַפט. אלס ראָיאַליסטען אָבער וואָלטען זיי אריינגעפאַלען אין זייער אַלטען אנטאַגאָניזם, אין דעם קאַמף פאַר דער אויבערהערשאַפט ענטוועדער פון די ערד־אייגענטימער, אָדער פון די קאַפּיטאַליסטען, און דער העכסטער אויסדרוק פון אָט דעם אנטאַגאָניזם זייערען, זיין פאַרקערפּערונג, פּערזאָניפיצירונג, זיינען געווען די קעניגען גופא, זייערע דינאַסטיעס. דערפון נעהמט זיך די

געגנערשאַפט פון דער אָרדנונגספּאַרטיי צו דעם צוריקקעהר פון די בורבאָנען.

דער אָרלעאַניסטישער דעפּוטאַט קרעטאָן האָט רעגעלמעסיג אין 1849, אין 1850 און אין 1851 אַריינגעטראָגען אַ פאָרשלאַג, מען זאָל צוריקרופען דעם בעפעהל וועגען אַרויסטרייבען די קעניגליכע פאַמיליעס. און דער פּאַרלאַמענט האָט יעדעס מאָל ביי אַזאַ פאָר־שלאַג מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אינטערעסאַנט בילד פון אַ פאַר־זאַמלונג פון ראָיאַליסטען, וואָס פאַרשליסט האַרטנעקיג פאַר זייערע קעניגען די טויערן, דורך וועלכע זיי קאָנען זיך אומקעהרען אהיים. ריטשאַרד III האָט געטויט העינריך דעם IV־טען מיט דער בעמער־קונג, אַז ער איז צו גוט פאַר דער וועלט און געהערט צו יענער וועלט. און די ראָיאַליסטען האָבען אויך אַזוי דערקלערט, אַז פראַנקרייך איז צו שלעכט צו בעקומען צוריק איהרע קעניגען. געצוואונגען דורך דער מאַכט פון די בעדינגונגען, זיינען די ראָיאַליסטען געוואָ־רען רעפּובליקאַנער און האָבען עטליכע מאָל סאַנקציאָנירט דעם בע־שלוס פון פאָלק, וואָס האָט פאַרטריבען זייערע קעניגען פון פראַנק־רייך.

די פראַגע וועגען רעווידירען די קאָנסטיטוציע, וואָס די אומ־שטאַנדען האָבען געצוואונגען צו בעטראַכטען, האָט געמאַכט אומזי־כער ניט נאָר די רעפּובליק, נאָר אויך די גאַנצע הערשאַפט פון דיביידע בורזשואַזע פראַקציעס און האָט ווידער געזאָלט אַרויסרופען אין לעבען צוזאַמען מיט דער מאָנאַרכיע אויף דעם קאַמף פון אינ־טערעסען, וואָס די ביידע פראַקציעס האָבען אין פאַרשיעדענע ציי־טען הויפטזעכליך פאַרטראָטען: דעם קאַמף וועגען דער אויבערהער־שאַפט פון איינער פון די פראַקציעס איבער דער אַנדערער. די דיפּלאָמאַטען פון דער אָרדנונגספּאַרטיי האָבען געדענקט, אַז זיי וועלען קאָנען שליכטען דעם קאַמף דורך אַ פאַרשמעלצונג פון די ביידע דינאַסטיעס, דורך דער אַזויגערופענער „פוזיע", דער צו־נויפגיסונג פון די ראָיאַליסטישע פּאַרטייען און פון זייערע קעניגליכע פאַמיליעס. די ווירקליכע צונויפגיסונג פון דער רעסטאַוראַציע און פון דער יולי־מאָנאַרכיע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די פּאַרלאַמענטאַרישע רעפּובליק, אין וועלכער עס זיינען אָפּגעקראָכען די ספּעציפישע אָרלעאַניסטישע און לעגיטימיס־

טישע פאַרבען און די פאַרשיעדענע סאָרטען בורזשואַזיע האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין דער בורזשואַזיע בכלל, אין דעם בורזשואַזען מין. איצט אָבער האָט דער אָרלעאַניסט געדאַרפט ווערען אַ לעגיטימיסט, און דער לעגיטימיסט אַן אָרלעאַניסט. די מאָנאַרכיע, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט זייער אַנטאַגאָניזם, האָט איצט געדאַרפט פאַרקערפערן אין זיך זייער איינהייט; דער אויסדרוק פון זייערע בעזונדערע, אויסשליסליכע פּראָדוקציע־אינטערעסען האָט איצט גע־זאָלט ווערען דער אויסדרוק פון זייערע געמיינשאַפטליכע קלאַסענ־אינטערעסען; די מאָנאַרכיע האָט איצט געדאַרפט אויפטון דאָס, וואָס עס האָט נאָר געקענט טון און האָט ווירקליך געטון די רעפּוב־ליק, די אָפּלייקענונג פון ביידע מאָנאַרכיעס. דאָס איז געווען דער פילאָזאָפען־שטיין, וואָס די דאָקטוירים פון דער אָרדנונגספּאַרטיי האָבען זיך געבראָכען דעם קאָפּ אויסצוגעפינען. צו קאָן די לעגיטי־מיסטישע מאָנאַרכיע ווערען די מאָנאַרכיע פון דער אינדוסטריעלער בורזשואַזיע, אָדער די בורזשואַזע מאָנאַרכיע — דאָס קעניגטום פון דער יחסנ׳ישער ערד־אַריסטאָקראַטיע; צו קאָנען ערדאייגענטום און אינדוסטריע זיך פאַרברידערן אונטער איין קרוין, אויב די קרוין קאָן פאַלען בלויז אויף איין קאָפּ — פון דעם עלטערן אָדער פון דעם אינגערן ברודער; צו קאָן די אינדוסטריע בכלל זיך אויסגלייכען מיט׳ן ערדאייגענטום, כל זמן דאָס לעצטע ענטשליסט זיך ניט אַליין צו ווערען אינדוסטריעל. אויב הענרי V זאָל מאָרגען שטאַרבען, וואָלט דער גראַף פון פּאַריז ניט געוואָרען דער קעניג פון די לעגיטימיסטען דערפאַר, וואָס ער וואָלט אויפגעהערט צו זיין דער קעניג פון די אָרלעאַניסטען. די פילאָסאָפען פון דער „צונויפ־גיסונגסטעאָריע“, וואָס האָבען זיך געלאָזט הערען אַלץ העכער, וואָס שאַרפער עס איז געוואָרען די פראַגע וועגען דער רעוויזיע; וואָס האָבען געמאַכט די צייטונג „אַנסאַמבל נאַסיאָנאַל“ פאַר זייער אָפּי־ציעלען אָרגאַן און זיינען אין דעם מאָמענט (אין פעברואַר 1852) ווידער געווען ביי דער אַרבייט, האָבען זיך דאָך די גאַנצע שוועריג־קייט דערקלערט מיט דער געגנערשאַפט און קאָנקורענץ פון די ביידע דינאַסטיעס. נאָכ׳ן טויט פון לואי פיליפּ זיינען געמאַכט געוואָרען פּראָבעס צו מאַכען שלום צווישען דער אָרלעאַנישער פאַמיליע און הענרי V; אָבער ווי אַלע דינאַסטישע אינטריגעס פלעגען די

פאַרהאַנדלונגען געפיהרט ווערען אין דער צייט פון די וואַקאַציעס פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, אין דער צייט פון אונטערברעכונג, הינטער די קוליסען און זיי זיינען מעהר געווען עהנליך צו אַ סענטימענטאַלער שפּילעריי מיט די אַלטע טראַדיציעס און אַבערגלויבענס, איידער צו אַן ערנס־טען געשעפט. איצט אָבער זיינען אַט די פאַרהאַנדלונגען געוואָרען אַ וויכטיגע מלוכה אַנגעלעגענהייט; די אָרדנונגספּאַרטיי האָט זיי גענומען פיהרען עפענטליך און ניט שטילערהייט, פאַר זיך, ווי פריהער. קוריערען זייגען געפלויגען פון פּאַריז קיין ווענעדיג, פון ווענעדיג קיין קלערמאָן, פון קלערמאָן קיין פּאַריז. דער גראַף שאַמבאָר האָט אַרויסגעלאָזט אַ מאַניפעסט, אין וועלכען ער האָט „מיט דער הילף פון אַלע מיטגליעדער פון זיין פאַמיליע“ געלאָזט וויסען ניט בלויז וועגען זיין אייגענער רעסטאַווראַציע, נאָר וועגען דער „נאַציאָנאַלער“ רעסטאַווראַציע. דער אָרלעאַניסט סאַלוואַנדי האָט זיך געוואָרפען צו די פיס פון הענרי V. די אָרלעאַניסטישע פיהרער: בעריע, בענואַ ד'אַזי, סען־פּריסט און אַנדערע זיינען געפאָהרען קיין קלערמאָן, כדי איבערצורעדען די אָרלעאַניסטען. אָבער דאָס אַלץ איז געווען אומזיסט. די אַנהענגער פון „צוזאַמענגיסונג“ האָבען זיך דערוואוסט צו שפּעט, אַז די אינטערעסען פון דיביידע בורזשואַזע פראַקציעס ווערען ניט אויף אַ האָר וועניגער געגענזייטליך און ניט אויף אַ האָר מעהר נאָכגיביג, ווען מען פאַר־שפּיצט זיי און מען גיט זיי צו די פאָרם פון פאַמיליען־אינטערעסען, פון אינטערעסען פון צוויי דינאַסטיעס. ווען הענרי V וואָלט אַנערקענט דעם גראַף שאַמבאָר אַלס זיין נאָכפאָלגער — דער איינ־ציגער ערפאָלג וואָס די אַנהענגער פון „צוזאַמענגיסונג“ האָבען זיך געקאָנט ווינשען, — וואָלט די אָרלעאַנישע דינאַסטיע, אַ דאַנק דעם, וואָס הענרי V האָט קיין קינדער ניט געהאַט, ניט נאָר גאָרנישט ניט געוואונען, נאָר זי וואָלט נאָך פאַרלאָרען די אַלע פּרע־טענזיעס, וואָס זי האָט בעקומען דורך דער יולי־רעוואָלוציע. זי וואָלט געדאַרפט אויפגעבען איהרע אָריגינעלע פּרעטענזיעס, איהרע אַלע טיטולען, וואָס זי האָט אין משך פון אַ הונדערטיעהריגען קאַמף אַרויסגעריסען ביי דעם עלטערן צווייג פון די בורבאָנען; זי וואָלט פאַרלאָרען איהרע היסטאָרישע רעכט, די רעכט פון איהר יחוס־בוים.

די „צונויפגיסונג" האָט אַלזאָ געהייסען ניט מעהר ווי דאָס, אַז די אָרלעאַנישע דינאַסטיע זאָל זיך פרייוויליג אָפּזאָגען פון איהרע פּרעטענזיעס אויפ'ן טראָן, זאָל זיך לעגיטימיסטיש אונטערגעבען און זאָל מיט חרטה זיך צוריקקעהרען פון דער פּראָטעסטאַנטישער מלוכה־קירכע אין דער קאַטוילישער; אַ צוריקקעהר, וואָס וואָלט זי ניט נאָר אויפ'ן טראָן ניט געבראַכט, נאָר אפילו אויף די טרעפּ פון טראָן, אויף וועלכען זי איז געבאָרען געוואָרען. די אַלטע אָרלעאַניסטישע מיניסטאָרען: גיזאָ, דיו־שאַטעל און אַנדערע, וועלכע האָבען זיך אויך אייליג געלאָזט קיין קלערמאָן, כדי צו שטיצען די „צונויפגיסונג", האָבען אין דער אמת'ן פאַרטראָטען בלויז די נערוועזע אויפרעגונג, וואָס איז געבליבען פון דער יולי־רעוואָלוציע, זייער ענטטוישונג סיי אין דער בורזשואזער מאָנאַר־כיע און סיי אין דער מאָנאַרכיע פון די בורזשואַ און זייער אַבער־גלויבען, אַז דער צוריקקעהר פון דער לעגיטימיסטישער דינאַסטיע איז די איינציגע קמיעה געגען אַנאַרכיע. זיי אַליין האָבען אפילו נאָך גערעכענט זיך אַלס פאַרמיטלער צווישען דער אָרלעאַנישער און דער בורבאָנישער דינאַסטיעס; אין דער אמת'ן אָבער זיינען זיי געוועזען נאָר אָרלעאַניסטישע פאַררעטער, און טאַקע אַלס אַזעלכע האָט זיי אויפגענומען דער פּרינץ זשואַנוויל. דער לעבענס־פעהיגער, קריגעריש געשטימטער טייל פון די אָרלעאַניסטען, ווי טיער, באַזע, א. ד. ג. וואָלט, ווידער, זעהר לייכט געקאָנט איבערצייגען די פאַמיליע פון לואי פיליפּ, אַז אויב יעדע מאָנאַרכישע רעסטאַווראַ־ציע אין דער נאָהענטער צוקונפט מאַכט אומבעדינגט נויטיג די צונויפגיסונג פוןביידע דינאַסטיעס, מאַכט אַזאַ צונויפגיסונג אומ־בעדינגט נויטיג, אַז די אָרלעאַנישע דינאַסטיע זאָל זיך אָפּזאָגען פון איהרע רעכט אויפ'ן טראָן; און אַז עס ענטשפּרעכט, פאַר־קעהרט, די טראַדיציעס פון זייערע עלטערן, דערוויל צו אַנערקענען די רעפּובליק און אָפּוואַרטען, ביז די געשעהענישען וועלען מאַכען מעגליך צו פאַרוואַנדלען דעם שטול פון פּרעזידענט אין אַ טראָן. באַלד נאָכדעם האָט מען טאַקע פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז עס ווערט אַרויסגעשטעלט די קאַנדידאַטור פון גראַף זשואַנוויל, און דאָס האָט שטאַרק אויפגערעגט די געזעלשאַפטליכע נייגעריגקייט; און נאָכדעם ווי די פראַגע וועגען רעווידירען די קאָנסטיטוציע איז

פאַרוואָרפען געוואָרען, איז וועגען זיין קאַנדידאַטור עפּענטליך גע־מאָלדען געוואָרען.

די פּראָבע פון א ראַיאַליסטישער צונויפגיסונג פון די אָרלעאַ־ניסטען און לעגיטימיסטען האָט זיך ניט נאָר ניט איינגעגעבען, נאָר זי האָט אויך צובראָכען זייער פּאַרלאַמענטארישע אייניגונג, זייער געמיינשאַפטליכע אָרגאַניזאַציע אין פּאַרלאַמענט און האָט צושפּאָלטען די אָרדנונגספּאַרטיי אויף איהרע אַנפאַנגליכע עלע־מענטען. אָבער וואָס שטאַרקער עס איז געוואָרען די פּאַרפרעמ־דונג און די געגנערשאַפט צווישען קלערמאָן און ווענעדיג, וואָס מעהר עס איז צופאַלען די האָפענונג אויף אַן אויסגלייך צווישען זיי, וואָס שטאַרקער עס איז געוואָרען די זשואַנוויל אַגיטאַציע, אַלץ לעבעדיגער און ערנסטער זיינען געוואָרען די פּאַרהאַנדלונגען צווישען פאָשע, באָנאַפּאַרט'ס מיניסטער, און די לעגיטימיסטען.

דאָס צופאַלען פון דער אָרדנונגספּאַרטיי האָט זיך ניט אָפּ־געשטעלט ביי איהר צושפּאַלטען זיך אויף איהרע אַנפאַנגליכע עלעמענטען. יעדע פון דיביידע גרויסע פראַקציעס איהרע האָט זיך פון איהר זייט ווייטער געשפּאָלטען אויף נייע. עס האָט אויסגעזעהן, אזוי ווי די אַלע אַלטע מיינונגסשאַטירונגען, וואָס האָבען פריהער געקעמפט צווישען זיך און געשטופּט זיך איינ־ווענינג אין ביידע קרייזען — סיי ביי די לעגיטימיסטען, סיי ביי די אָרלעאַניסטען, — וואָלטען ווידער אויפגעלעבט, ווי פאַרטריקענטע אינפוזאָריעס, ווען זיי קומען אין בעריהרונג מיט וואַסער; אזוי ווי זיי וואָלטען בעקומען גענוג נייע לעבענסקראַפט, כדי אויסצובילדען אייגענע גרופּען מיט אייגענע אינטערעסען און געגענזאַצען. די לעגיטימיסטען האָבען זיך אומגעקעהרט צו זייערע אַלטע טרוימען וועגען א קאַמף צווישען דעם טיואילרי־פּאַלאַץ און דעם מאַזאָן־פּאַוויליאָן, צווישען ווילעל און פּאָלי־נאַק; און די אָרלעאַניסטען האָבען פון דאָס ניי דורכגעלעבט די גאָלדענע צייט פון די וואָרט־טורנירען צווישען גיזאָ, מאָלע, בראָלי, טיער און אָדילאָן באַראָ.

דער טייל פון דער אָרדנונגספּאַרטיי, וואָס איז געווען פאַר רעווידירען די קאָנסטיטוציע, אָבער איז געווען צווישען זיך ניט אייניג וועגען די גרעניצען פון אָט דער רעוויזיע, און וואָס איז

בעשטאַנען פון לעגיטימיסטען אונטער דער פיהרערשאַפט פון בע־
ריע און פאַלו פון איין זייט און פון לאַראָשזשאַקלען פון דער אַנ־
דערער, און פון אָרלעאַניסטען, וואָס זיינען שוין מיד געוואָרען
פון קאַמף, אונטער דער פיהרערשאַפט פון מאָלע, בראָלי, מאָנטאַ־
לאַמבער און אָדילאָן, — אָט דער טייל פון דער אָרדנונגספּאַרטיי
איז געקומען צו אַ פאַרשטענדיגונג מיט די באָנאַפּאַרטיסטישע דע־
פּוטאַטען אויף דעם פאָלגענדען אומבעשטימטען פאָרשלאַג: „מיט
דעם צוועק צו אומקעהרען דעם פאָלק די פולע מעגליכקייט אויס־
צואיבען זיין סואווערענע מאַכט, שלאָגען פאָר די אונטערגעשרי־
בענע דעפּוטאַטען, אַז די קאָנסטיטוציע זאָל רעווידירט ווערען".
אין דערזעלבער צייט אָבער האָבען זיי דורך זייער בעריכט אָפּגעבער
טאָקוויל איינשטימיג דערקלערט, אַז די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג
האָט ניט קיין רעכט פאָרצולעגען **אָפּצושאַפען די רע־**
**פּובליק**; אַז אָט דאָס רעכט געהערט בלויז דער רעווידירענ־
דער פאַרזאַמלונג. אָבער די קאָנסטיטוציע האָט געקאָנט רעווידירט
ווערען בלויז אויף אַ **לעגאַלען** אופן, ד. ה. ווען פאַר דער
רעווידירונג ווען זיין די פאָרגעשריבענע דורך דער קאָנסטיטוציע
דריי פערטעל פון די שטימען. נאָך זעקס טעג שטורמישע דעבאַ־
טען איז די פראַגע וועגען אַ רעוויזיע דעם 19־טען יולי פאַרוואָרפען
געוואָרען, ווי מען האָט דאָס פריהער געקאָנט פאָרויסזעהן. פאַר
דער רעוויזיע זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען 446 שטימען, אָבער גע־
גען זיינען געווען 278. די עקסטרעמע אָרלעאַניסטען: טיער,
שאַנגאַרניע א. ד. ג. האָבען געשטימט מיט די רעפּובליקאַנער גע־
גען די מאָנטאַניאַרען.

די מעהרהייט פון פאַרלאַמענט האָט זיך אויף אַזאַ אופן דער־
קלערט געגען דער קאָנסטיטוציע; אָבער אָט די קאָנסטיטוציע האָט
זיך דערקלערט פאַר דער מינדערהייט און האָט איהרע בעשלוסען
געמאַכט בינדענד. האָט דען אָבער די אָרדנונגספּאַרטיי אויף דעם
31־סטען מאַי 1850 און דעם 13־טען יוני 1849 ניט אונטערטעניג
געמאַכט די קאָנסטיטוציע צו דער מינדערהייט? האָט דען איהר
גאַנצע ביזאַהעריגע פּאָליטיק נישט געשטיצט זיך אויף דער אונטער־
וואַרפונג פון די פּאַראַגראַפען פון דער קאָנסטיטוציע צו די בע־
שלוסען פון דער פאַרלאַמענטאַרישער מעהרהייט? האָט זי דען

ניט איבערגעלאזען דעם ביבלישען הייליגען גלויבען אין דעם אות פון געזעץ צו די דעמאקראטען, און האט זי דען ניט בעשטראפט די דעמאקראטען פאר אט דעם גלויבען? אבער אין דעם מאמענט האט א רעוויזיע פון דער קאנסטיטוציע בעדייט ניט קיין אנדער זאך, ווי די ווייטערדיגע הערשאפט פון דעם פרעזידענט, און די ווייטערדיגע עקזיסטענץ פון דער קאנסטיטוציע — קיין אנדער זאך ווי דאס, אז באנאפארט מוז אראפגעזעצט ווערען. דער פארלאמענט האט זיך אלזא דערקלערט פאר איהם, אבער די קאנסטיטוציע האט זיך דערקלערט געגען דעם פארלאמענט. ער האט דעריבער געהאנדעלט אינ׳ם זין פון פארלאמענט, ווען ער האט צוריסען די קאנסטיטוציע, און אינ׳ם זין פון דער קאנסטיטוציע, ווען ער האט צוטריבען דעם פארלאמענט.

דער פארלאמענט האט דערקלערט די קאנסטיטוציע און מיט איהר אויך זיין אייגענע הערשאפט „אויסער דער מעהרהייט"; ער האט מיט זיין בעשלוס אויפגעלעזט די קאנסטיטוציע און פארלענגערט די מאכט פונ׳ם פרעזידענט און אין דערזעלבער צייט האט ער דערקלערט, אז די קאנסטיטוציע קאן ניט שטארבען און די מאכט פונ׳ם פרעזידענט קאן ניט לעבען כל זמן ער אליין עקזיסטירט נאך. די פיס פון די, וואס האבען איהם געדארפט בעגראבען, זיינען שוין געשטאנען ביי דער טיר. בשעת דער פארלאמענט האט דעבאטירט די פראגע וועגען דער רעוויזיע, האט באנאפארט דערווייטערט דעם גענעראל באראגע ד׳איליע, וועלכער האט זיך ארויסגעוויזען פאר צו אונענטשלאסען, פון זיין אמט אלס קאמאנדיר פון דער ערשטער מיליטערישער דיוויזיע און האט אויף זיין פלאץ בעשטימט דעם גענעראל מאניאן, דעם „זיגער" פון ליאן, דעם „העלד" פון די דעצעמבער־טעג, איינעם פון זיינע לייט, וואס האט זיך קאמפראמעטירט פון זיינטוועגען נאך פאר לואי פיליפ׳ן אין פארבינדונג מיט דער עקספעדיציע פון בולאן.

די ארדנונגספארטיי האט מיט איהר בעשלוס וועגען דער רעוויזיע בעוויזען, אז זי קאן ניט הערשען, ניט דיענען; ניט לעבען, ניט שטארבען; ניט אויפהאלטען די רעפובליק, ניט ארונטערווארפען זי; ניט אפהיטען די קאנסטיטוציע, ניט געהן געגען איהר; ניט ארבייטען בשלום מיט׳ן פרעזידענט, ניט צורייסען מיט איהם.

היינט פון ווענען האָט זי ערוואַרט די לעזונג פון די אַלע ווידער־
שפּרוכען ? — פון דעם לות, פון דעם גאַנג פון די געשעהענישען.
זי האָט שוין לאַנג פאַרלאָרען די מאַכט איבער די געשעהענישען
און האָט אויף אַזאַ אופן אויפגעפּאָדערט די געשעהענישען צו בע־
קומען די מאַכט איבער איהר. אָבער צוזאַמען דערמיט האָט זי
אַרויסגערופען אויף די מאַכט, צו וועלכער זי האָט אין איהר קאַמף
מיט'ן פאָלק אָפּגעטראָטען איין פּאָזיציע נאָך דער אַנדערער, ביז
זי איז ניט געבליבען שטעהן געגען איהר אינגאַנצען מאַכטלאָז.
און אַזוי ווי צוליעב דעם, אַז דער פאָרשטעהער פון דער אויס־
פיהרענדער מאַכט, דער פּרעזידענט, זאָל קאָנען אומגעשטערט
אויסאַרבייטען זיין פּלאַן פון קאַמף און פאַרשטאַרקען זיינע אָנפאַל־
מיטלען ; אַז עס זאָל קאָנען אויסקלייבען זיך די פּאַסיגע געוועהר
און בעפעסטיגען זיינע פּאָזיציעס, האָט די אָרדנונגספּאַרטיי אין
אַט דעם קריטישען מאָמענט בעשלאָסען אַראָפּצוגעהן פון דער ביהנע
און אָפּלעגען די זיצונגען פון פּאַרלאַמענט אויף דריי מאָנאַטען —
פון 10־טען אויגוסט ביז'ן 4־טען נאָוועמבער.

די פּאַרלאַמענטאַרישע פּאַרטיי איז ניט נאָר צופּאַלע; אויף
איהרע צוויי גרויסע פראַקציעס און יעדע פון די פראַקציעס איז
ניט נאָר אין זיך גופא געוועןצופאַלען, נאָר די אָרדנונגספּאַרטיי
פון פּאַרלאַמענט איז נאָך אויסערדעם געוועןאַנדערש פון דער
אָרדנונגספּאַרטיי, וואָס האָט געאַרבייט אויסער'ן פּאַרלאַמענט. די
פיהרער פונ'ם גערעדטען און פונ'ם געשריבענעם וואָרט פון דער
בורזשואַזיע, איהר טריבונע און פּרעסע, בכלל אַלע אידעאָלאָגען
איהרע און די בורזשואַזיע אַליין, די פאַרטרעטער און די פאַרטראָ־
טענע — זיינען געשטאַנען פאַרפרעמדט איינע אַנטקעגען די אַנ־
דערע און האָבען מעהר איינע די אַנדערע ניט פאַרשטאַנען.

די לעגיטימיסטען אין דער פּראָווינץ, מיט זייער בעגרעניצ־
טען שכל און זייער אומבעגרעניצטען ענטוזיאַזם האָבען בעשול־
דיגט זייערע פיהרער — בעריע און פאַלו, אַז זיי האָבען דעזער־
טירט אין דעם באָנאַפּאַרטיסטישען לאַגער און האָבען פאַרראַטען
הענרי V. זיי האָבען מיט זייער „ליליען־מוח" *) געקאָנט גלויּ־

*) אַן אָנצוהערעניש אויף דער בורבאָנישער קרוין, אויף וועלכער ס'איז צווישען אַנדערעס געווען געצייכענט אַ ליליע.

בען אין דער מעשה וועגען דער שלאַנג און דעם עפּעל פון עץ־הדעת, אָבער בשום אופן ניט אין דיפּלאָמאַטיע.

אָבער ניט אין אַן ערך ערנסטער און ענטשיידענער איז געווען דער ריס פון דער קאָמערציעלער בורזשואַזיע מיט איהרע פּאָליטיקער. זי האָט זיי פאַרגעוואָרפען ניט, ווי די לעגעטימיסטען זייערע פּאָליטיקער, אַז זיי האָבען פאַרראַטען זייערע פּרינציפּען, נאָר פאַרקעהרט, אַז זיי האָבען זיך געהאַלטען ביי פּרינציפּען, וואָס זיינען געוואָרען אוננוציג.

איך האָב שוין פריהער בעמערקט, אַז זינט פולד איז אַריינגעטראָטען אין מיניסטעריום, איז דער טייל פון דער האַנדעלסבורזשואַזיע, וואָס האָט גענומען דעם גרעסטען אַנטייל אין דער מאַכט אונטער לואי־פיליפּ, ד. ה. די פּ י נ אַ נ צ ־ אַ ר י ס ט אָ־ ק ר אַ ט י ע, געוואָרען אַלץ מעהר באָנאַפּאַרטיסטיש. פולד האָט ניט נאָר פאַרטראָטען באָנאַפּאַרט'ס אינטערעסען אויף דער בערזע, ער האָט אין דערזעלבער צייט אויך פאַרטראָטען די אינטערעסען פון דער בערזע ביי באָנאַפּאַרטען. די שטעלונג פון דער פינאַנץ־אַריסטאָקראַטיע קאָן אַמבעסטען כאַראַקטעריזירט ווערען מיט אַ ציטאַטע פון איהר אייראָפּעאישען אָרגאַן, דעם לאָנדאָנער „ע ק אָ נ אָ מ י ס ט". אין דעם נומער פון 1־שטען פעברואַר 1851 שרייבט מען איהם פון פּאַריז אַזוי: „מיר הערען אַלזאָ פון אַלע זייטען די בעהויפּטונג, אַז פראַנקרייך פאַרלאַנגט פריהער פאַר אַלץ רוהיגקייט. דער פּרעזידענט האָט דאָס דערקלערט אין זיין מיטטיילונג צו דער געזעצגעבענדער פאַרזאַמלונג; דאָס האָט אָפּגעהילכט צוריק פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער רעדנער־טריבונע; דאָס ווערט אונטערגעשטראָכען אין די צייטונגען; וועגען דעם ווערט גערעדט פון די קאַפּעדרעס אין די קירכען; ד אָ ס  ו ו ע ר ט  א ו י ך  ב ע ו ו י ז ע ן  מ י ט  ד ע ר  נ ע ר ו ו ע ז י ט ע ט  פ ו ן  ד י  מ ל ו כ ה ־ פּ אַ פּ י ר ע ן  ב י י  ד ע ר  ק ל ע נ־ ס ט ע ר  א ו י ס ז י כ ט  א ו י ף  א ו מ ר ו ה ע ן  א ו ן  מ י ט  ז י י ע ר  פ ע ס ט ק י י ט  י ע ד ע ס  מ אָ ל, ו ו ע ן  ע ס  ז י ג ט  ד י  א ו י ס פ י ה ר ע נ ד ע  מ אַ כ ט".

אין דעם נומער פון 29־סטען נאָוועמבער 1851 ערקלערט דער „ע ק אָ נ אָ מ י ס ט" אין זיין אייגענעם נאָמען, אַז „א ו י ף

אלע בערזען פון איראָפּע ווערט דער פּרעזידענט אנערקענט אַלס שוץ פון אָרדנונג". די פינאַנצ־אַריסטאָקראַטיע איז אַלזאָ געווען געגען דעם פּאַרלאַמענטאַרישען קאַמף פון דער אָרדנונגספּאַרטיי מיט דעם פּרעזידענט, ווייל זי האָט אין דעם געזעהען אַ שטערונג פון אָרדנונג, און זי האָט געפייערט יעדען נצחון פון דעם פּרעזידענט איבער איהרע אייגענע פאַרטרעטער אַלס נצחון פון אָרדנונג. מען מוז דאָ אונטער דער פינאַנצ־אַריסטאָקראַטיע פּאַרשטעהן ניט בלויז די גרויסע באַנקירען, די הלואות־אונטערנעהמער און די גרויסע בערזען־ספּעקולאַנטען מיט מלוכה־פּאַפּירען, וואָס זייערע אינטערעסען פּאַלען זעלבסטפאַרשטענדליך צוזאַמען מיט די אינטערעסען פון דער אויספיהרענדער מאַכט. דער גאַנצער מאָדערנער געלט־געשעפט, די גאַנצע באַנקווירטשאַפט איז ענג צוזאַמענגעבונדען מיט דעם עפענטליכען קרעדיט. איין טייל פון זייער געשעפט־קאַפּיטאַל מוז אומבעדינגט פאַרטאָן ווערען אין מלוכה־פּאַפּירען, וואָס טראָגען פּראָצענטען און וואָס מען קאָן לייכט אויסבייטען אויף געלט. די אָפּשפּאָרונגען, וואָס זיי בעקו־מען, ד. ה. די קאַפּיטאַלען וואָס ווערען אַריינגעלעגט אין די בענק און דערנאָך צוטיילט צווישען די סוחרים און פאַבריקאַנטען, בעשטעהען טיילוויז פון די דיווידענדען פון די, וואָס האַלטען מלוכה־פּאַפּיערען. דער גאַנצער געלטמאַרק און די כהנים פון אָט דעם געלטמאַרק האָבען אַלעמאָל די פעסטקייט פון דער מלוכה־מאַכט געהאַלטען פאַר דעם גרעסטען הייליגטום, פאַר „משה'ן און די נביאים"; האָבען זיי דען געקאָנט זיך אַנדערש בעציהען איצט, ווען יעדע ערשיטערונג פון פּאָליטישען מבול האָט צוזאַמען מיט די אַלטע מלוכות געקאָנט אַראָפּשווענקען אויף די אַלטע מלוכה־חובות?

אויך די אינדוסטריעלע בורזשואַזיע איז אין איהר אָרדנונגס־פאַנאַטיזם געווען בייז אויף די רייסערייען פון דער פּאַרלאַמענטאַריישער אָרדנונגספּאַרטיי מיט דעם פּרעזי־דענט. טיער, אַנגלאַ, סענט־בעיוו און אַנדערע האָבען נאָך זייער אָפּשטימונג פון 18־טען יאַנואַר, אין פאַרבינדונג מיט שאַנגאַרניע'ס אַראָפּזעצונג, בעקומען פון זייערע וועהלער גראָד פון די אינדוס־טריעלע קרייזען האַרבע פאָרוואורפען; מען האָט זייער פאַראייני־

גונג מיט די מאָנטאַניאַרען בעצייכענט אַלס פּאַרראַט געגען דער אָרדנונג. מיר האָבען שוין געזעהן, אַז די בעריהמערישע קליינ־ליכע אינטריגען, אין וועלכע עס האָט זיך אויסגעדריקט דער קאַמפּ פון דער אָרדנונגספּאַרטיי מיט דעם פּרעזידענט, האָבען ניט פאַר־דיענט קיין בעסערע אויפנאַמע; אָבער פון דער אַנדער זייט איז אָט די בורזשואַזע פּאַרטיי, וואָס האָט פאַרלאַנגט פון איהרע פאַר־טרעטער, זיי זאָלען אָהן ווידערשטאַנד איבערגעבען די מיליטערישע מאַכט פון די הענט פון זייער אייגענעם פּאַרלאַמענט צו אַן אוואַנ־טיוריסטישען פּרעטענדענט, — אָט די בורזשואַזע פּאַרטיי איז ניט ווערט געוועזן די אינטריגעס, וואָס מען האָט געפיהרט אין איהרע אינטערעסען. זי האָט בעוויזען, אַז דער קאַמפּ פאַר דער אויפהאַל־טונג פון איהרע ע פ ע נ ט ל י כ ע אינטערעסען, פון איהרע ק ל א ס ע נ א י נ ט ע ר ע ס ע ן און פון איהר פּ אָ ל י ט י־ש ע ר מ א כ ט שטערט איהר נאָר און בעלעסטיגט זי אַלס שטערונג פאַר איהרע פּריוואַטע געשעפטען.

די מאַכט־האַלטער אין די פּראָווינץ־שטעדט, די ראַטמענער, האַנדעלסריכטער א. ד. ג., אַלע, כמעט אָהן אויסנאַם, האָבען או־מעטום אויפגענומען באָנאַפּאַרטען אויף זיינע רייזעס אויף א הכנעה'דיגסטען און שקלאַפּישסטען אופן, אפילו דאַמאַלסט, ווען ער איז, ווי אין דיזשאָן, שטאַרק אָנגעפאַלען אויף דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און ספּעציעל אויף דער אָרדנונגספּאַרטיי.

ווען די געשעפטען זיינען געגאַנגען גוט, ווי אין אָנהויב נאָך פון 1851, איז די האַנדעלסבורזשואַזיע מיט שטורעם אַרויסגעטראָ־טען געגען יעדען פּאַרלאַמענטאַרישען קאַמפּ, וועלכער האָט זיך נאָך געקאָנט שלעכט אָפּרופען אויפ'ן האַנדעל. און ווען די געשעפטען זיינען געוועזן שטיל, ווי זינט סוף פעברואַר 1851, האָט די בור־זשואַזיע בעשולדיגט דעם פּאַרלאַמענטאַרישען קאַמפּ, אַז ער איז די סבה פון דעם שטילשטאַנד, און האָט געפאָדערט רוה אין פּאַר־לאַמענט, כדי דער האַנדעל זאָל ווערען לעבעדיגער. די דעבאַטען וועגען דער רעוויזיע זיינען אויסגעפאַלען גראַד אין אָט דער שלעכ־טער צייט. אַזוי ווי עס האָט זיך דערביי געהאַנדעלט וועגען דעם וויטערדיגען „זיין" אָדער „ניט זיין" פון דער עקזיסטירענדער מלוכה־אָרדנונג, האָט זיך די בורזשואַזיע געפיהלט נאָך מעהר בע־

רעכטיגט צו פֿאַרלאַנגען פֿון איהרע פּאַרטרעטער, זיי זאָלען מאַכען א סוף צו אָט דער פּראָוויזאָרישער, צייטווייליגער לאַגע און זיי זאָלען אין דערזעלבער צייט אָנהאַלטען דעם סטאַטוס־קוואָ. און אין דעם איז ניט געווען קיין ווידערשפּרוך. אונטער „מאַכען א סוף צו דער פּראָוויזאָרישער לאַגע" האָט זי פֿאַרשטאַנען, מען זאָל לאָזען אָט די לאַגע ווייטער עקזיסטירען, מען זאָל פֿאַרשטופּען אין דער איביגקייט דעם מאָמענט, ווען די פֿראַגע האָט געמוזט ענטשיידען ווערען. אָבער דער סטאַטוס־קוואָ האָט געקאָנט בלייבען אויף ווייטער בלויז אויף צוויי אופנים: אָדער מען זאָל פֿאַרלענגערן די מאַכט פֿון באָנאַפּאַרטען, אָדער באָנאַפּאַרט זאָל אָפּטרעטען זיין מאַכט, און מען זאָל ערוועהלען קאַוואַניאַקען. איין טייל פֿון דער בורזשואַזיע האָט געוואָלט בעסער דעם צווייטען וועג, און ער האָט דעריבער ניט געקאָנט געבען זיינע פּאַרטרעטער קיין בעסערע עצה, ווי צו שווייגען און לאָזען דעם ברענענדיגען פּונקט אומבעריהרט. זיי האָבען געמיינט, אַז אויב זייערע פּאַרטרעטער וועלען ניט רעדען, וועט באָנאַפּאַרט ניט האַנדלען. זיי האָבען אַם בעסטען געוואָלט די טאַקטיק פֿון שטרויס, וואָס בעהאַלט זיין קאָפּ, און מיינט אַז מען זעהט איהם ניט. א צווייטער טייל פֿון דער בורזשואַזיע האָט געוואָלט, אַז באָנאַפּאַרט, וואָס איז שוין געזעסען אויף דעם פּרעזידענטענשטול, זאָל אויך אויף ווייטער אויף איהם זיצען, כדי אַלץ זאָל בלייבען אויפ'ן אַלטען שטייגער. זיי זיינען געווען אויפגעבראַכט, וואָס זייער פּאַרלאַמענט האָט ניט געבראָכען אָפּען די קאָנסטיטוציע און האָט זיך אַליין, אָהן קיינע אויסרעדען, ניט אויפגעלעזט.

די גענעראַלראַטען פֿון די פּראָווינצען, אָט די פּראָווינציעלע פֿאַרטרעטערשאַפֿטען פֿון דער גרויסער בורזשואַזיע, האָבען אָפּגעהאַלטען זייערע זיצונגען אין דער צייט, ווען דער פּאַרלאַמענט איז זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען אויף וואַקאַציעס, און זיי האָבען זיך כמעט איינשטימיג ארויסגעזאָגט פֿאַר א רעוויזיע, עס הייסט אַלזאָ — נעגען דעם פּאַרלאַמענט און פֿאַר באָנאַפּאַרטען.

נאָך קלערער, איידער ביי איהר ברוך מיט איהרע פּאַרלאַמענטאַרישע פּאַרטרעטער, האָט די בורזשואַזיע ארויסגעוויזען איהר גרימצאָרן געגען איהרע ליטעראַרישע פּאַרטרעטער, געגען איהר

אייגענער פּרעסע. די אורטיילען פון די בורזשואזע ריכטער, וואָס פלעגען אַרויספלעגען אונגעהייערע געלטשטראָפען און פאַר׳משפּט׳ן צו געפענגנים די בורזשואזע פרעסע יעדעס מאָל, ווען זי, די פרעסע, פלעגט אַרויסטרעטען געגען די אוזורפּאַציאָנס שטרעבונגען פון באָנאַפּאַרטען און זי פלעגט פּרוּאווען פאַרטיידיגען די פּאָליטישע רעכט פון דער בורזשואזיע געגען דער אויספיהרענדער מאכט, אָט די אורטיילען האָבען אַרויסגערופען פאַרוואונדערונג ניט נאָר אין פראַנקרייך, נאָר איבער גאַנץ אייראָפּאַ.

איך האָב שוין בעוויזען, אַז די פּאַרלאַמענטאַרישע אָרדנונגס-פּאַרטיי האָט שרייענדיג וועגען רוה זיך אַליין פאַראורטיילט צו רוה, צו אומטעטיגקייט. ערקלערענדיג, אַז די פּאָליטישע הערשאַפט פון דער בורזשואזיע קאָן ניט געהן צוזאַמען מיט דער זיכערקייט און מיט דער עקזיסטענץ פון דער בורזשואזיע, האָט זי אין איהר קאַמף מיט די אַנדערע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט, מיט די אייגענע הענט פאַרניכטעט אַלע בעדינגונגען פון איהר אייגענעם רעזשים, פון׳ם פּאַרלאַמענטאַרישען רעזשים. אזוי האָט די מאַסע פון דער בורזשואזיע אויסער׳ן פּאַרלאַמענט מיט איהר הכנעה פאַר׳ן פּרעזידענט, מיט איהר חוזק מאַכען פון פּאַרלאַמענט, מיט איהר גראָבען בעהאַנדלען איהר אייגענע פּרעסע — אַרויסגעפּאָדערט באָנאַפּאַרטען צו אונטערדריקען און פאַרניכטען דעם טייל איהרען, וואָס שרייבט און רעדט, איהרע פּאָליטיקער און ליטעראַטען, איהר רעדנער-טריבונע און איהר פּרעסע, כדי זי זאָל אונטער דעם שוץ פון אַ שטאַרקער און אומבעגרענעצטער רעגירונג קאָנען רוהיג אָנגעהן מיט איהרע פּריוואַטע געשעפטען. זי האָט אָפען און דייטליך דערקלערט, אַז זי „דאַרשט" צו ווערען פריי פון איהר אייגענער פּאָליטישער הערשאַפט, כדי צו בעפרייען זיך פון די אומרוהען און געפאַהרען, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט דער הערשאַפט.

און די בורזשואזיע, וועלכע איז מיט צאָרן אַרויסגעטראָטען געגען דעם קאַמף פאַר דער הערשאַפט פון איהר אייגענעם קלאַס, וואָס איז געווען דערוויילע בלויז אַ פּאַרלאַמענטאַרישער און ליטעראַרישער קאַמף, און וועלכע האָט פאַרראָטען די פיהרער פון אָט דעם קאַמף, — זי וואָגט איצט אָנצוקלאָגען דעם פּראָלעטאַריאַט דערפאַר,

וואָס ער האָט זיך ניט אויפגעהויבען צו אַ בלוטיגען קאַמף, צו אַ
קאַמף אויף לעבען און טויט פאַר איהר, פאַר דער בורזשואַזיע!
די, וואָס איז שטענדיג געווען גרייט מקריב צו זיין איהרע אַלגע־
מיינע קלאַססענאינטערעסען, ד. ה. איהרע פּאָליטישע אינטערעסען
פאַר די ענגע און שמוציגע פּריוואַטע אינטערעסען און וואָס האָט
געפאָדערט אַן עהנליכען קרבן פון איהרע פאַרטרעטער, — זי
יאָמערט איצט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט האָט איהרע אידעאַלע פּאָ־
ליטישע אינטערעסען געבראַכט אַלס קרבן פאַר זיינע מאַטעריעלע
אינטערעסען. זי שפּיעלט איצט די ראָליע פון אַן עלענדער יתומה,
וועלכע מען האָט ניט פאַרשטאַנען און וועלכע דער פּראָלעטאַריאַט
האָט אין קריטישען מאָמענט פאַרלאָזען אונטער דער פאַרפיהרער־
שאַפט פון די סאָציאַליסטען. און איהר געשריי געפינט אַן אַלגע־
מיינעם אָפּקלאַנג אין דער בורזשואַזער וועלט. איך רעד דאָ ניט,
נאַטירליך, וועגען די דייטשע ווינקעל־פּאָליטיקער און נאַראָנים.
איך מיין, צ. ב. דעם „ע ק אָ נ אָ מ י ס ט“, וואָס האָט נאָך
דעם 29־טען נאָוועמבער 1851, ד. ה. מיט פיער טעג פריהער
פאַר דער „איבערקעהרעניש“ דערקלערט באָנאַפּאַרטען פאַר דעם
„היטער פון אָרדנונג“ און טיערען און בעריע פאַר „אַנאַרכיסטען“.
און דעם 27־סטען דעצעמבער 1851, נאָכדעם ווי באָנאַפּאַרט האָט
איינגעשטילט אָט יענע אַנאַרכיסטען, האָט ער געשריען געגען דעם
פאַרראַט, וואָס די „אומוויסענדע, אומערצויגענע און נאַרישע פּראָ־
לעטאַרישע מאַססען האָבען בעגאַנגען געגען דער פעהיגקייט, דעם
וויסען, דער דיסציפּלין, דעם גייסטיגען איינפלוס, די אינטעלעקטו־
עלע מיטלען און דעם מאָראַלען געוויכט פון די מיטעלע און העכ־
כערע שיכטען פון דער געזעלשאַפט“. די נאַרישע, אומוויסענדע
און געמיינע מאַסע איז געווען ניט קיין אַנדערע ווי די מאַסע פון
דער בורזשואַזיע אַליין.

פראַנקרייך האָט אין 1851 ווירקליך איבערגעלעבט אַ געוויסען
אַרט קליינעם האַנדעלסקריזיס. צום סוף פעברואַר איז דער עקס־
פּאָרט געווען קלענער אין פאַרגלייך מיט'ן יאָהר 1850; אין מערץ
האָט שוין געליטען דער האַנדעל און עס האָבען זיך צוגעשלאָססען
פאַבריקען; אין אַפּריל איז דער צושטאַנד פון די אינדוסטריעלע
פּראָווינצען געווען אַזוי פאַרצווייפעלט, ווי נאָך די פעברואַר

טעג; אין מאי האָבען די געשעפטען נאָך ניט אויפגעלעבט; דעם 28־סטען יוני האָבען די בעריכטען פון דער „באנק פון פראנקרייך" געוויזען דורך דעם אונגעהייערען צוואוקס פון דעפאזיטען און דער אונגעהייערער פארקלענערונג פון הלואות אויף וועקסלען, אז אין דער פראָדוקציע הערשט א שטילשטאנד; און ערשט אין מיטען אָקטאָבער האָט זיך ווידער אָנגעהויבען א כסדר'דיגע פארבעסערונג אינ'ם גאנג פון די געשעפטען. די פראנצויזישע בורזשואזיע האָט דערקלערט דעם שטילשטאנד אינ'ם האנדעל מיט ריין פּאָליטישע אורזאכען — מיט דעם קאמף צווישען דעם פּארלאמענט און דעם פּרעזידענט, מיט דער אומזיכערהייט פון א צייטווייליגער רעגיע־רונגס פאָרם, מיט דער אויסזיכט אויף אזעלכע „שרעקען", ווי די שרעק פון 2־טען מאי 1852. איך וועל ניט לייקענען, אז די אלע סבות האָבען ווירקליך אונטערדריקט אייניגע אינדוסטריעלע צווייגען אין פּאריז און אין די פּראָווינצען. אָבער אלענפאלס איז די ווירקונג פון אָט די פּאָליטישע אומשטאנדען געווען בלויז א לאָקאלע און אומבעדייטענדע. דארף מען דען האָבען א בעסערן בעווייז דערצו ווי דאָס, אז א פּאַרבעסערונג אין דעם צושטאנד פון האנדעל איז געקומען גראד אין דעם מאָמענט, ווען די פּאָלי־טישע לאגע איז געוואָרען ערגער, ווען אויפ'ן פּאָליטישען האָרי־זאָנט איז געוואָרען טונקעלער און ווען מען האָט געקאָנט יעדען מאָמענט ערווארטען א דונער פון דעם עליזיי־פּאלאץ, אין סאמע מיטען פון אָקטאָבער? די פראנצויזישע בורזשואזיע, וואָס איהרע „פעהיגקייטען, וויסען, גייסטיגער איינפלוס און אינטעלעקטועלע מיטלען" געהען ניט ווייטער פון איהר אייגענער נאָז, האָט דאָך געקאָנט פאַר דער גאנצער צייט פון דער אינדוסטריעלער אויסשטע־לונג אין לאָנדאָן לייכט אָנשטויסען זיך אויף דער סיבה פון איהר אייגענעם האנדעלסאומגליק. אין דער זעלבער צייט וואָס עס האָבען זיך אין פראנקרייך געשלאָסען די פאבריקען, האָט אין ענגלאנד אויסגעבראָכען א רייהע האנדעלסבאנקראָטען. ווען אין פראנק־רייך האָט אין אפריל און מאי די אינדוסטריעלע פאניק דערגרייכט איהר העכסטען גראד, האָט אין ענגלאנד אין די זעלבע מאָנאטען דערגרייכט איהר העכסטען גראד די קאָמערציעלע פאניק. די ענגלישע וואָלאינדוסטריע האָט געליטען ווי די פראנצויזישע, און

די פראַנצויזישע זיידענאינדוסטריע האָט געליטען ווי די ענגלישע,
אין אויב די ענגלישע באַוועל־פאַבריקאַנטען האָבען ווידער אָנגע־
הויבען צו אַרבייטען, האָבען זיי אָבער ניט געמאַכט דערביי דיזעל־
בע פּראָפּיטען, וואָס אין 1849 און 1850. דער איינציגער אונטער־
שיעד איז געווען, וואָס אין פראַנקרייך איז דער קריזיס געווען אַן
אינדוסטריעלער און אין ענגלאַנד אַ קאָמערציעלער; וואָס בשעת
אין פראַנקרייך זיינען די פאַבריקען געשטאַנען, האָבען זיי אין
ענגלאַנד, אמת אפילו פאַרברייטערט זייער פּראָדוקציע, זיי האָ־
בען אָבער געאַרבייט אונטער ערגערע בעדינגונגען איידער אין די
פריהערדיגע יאָהרען; וואָס אין פראַנקרייך האָט שטאַרקער ווי
אַלץ געליטען דער עקספּאָרט און אין ענגלאַנד — דער אימפּאָרט.
די געמיינשאַפטליכע אורזאַך, וואָס מען האָט, פאַרשטעהט זיך, ניט
נעדאַרפט זוכען אויף די גרעניצען פון דעם פראַנצויזישען פּאָליטי־
שען האָריזאָנט, איז געווען קלאָר. די יאָהרען 1849 און 1850 זיינען
געווען יאָהרען פון גרעסטען מאַטעריעלען וואוילזיין און פון אַן אי־
בערפּראָדוקציע, וואָס האָט זיך אָבער ניט ארויסגעוויזען ביז'ן
יאָהר 1851. און די איבערפּראָדוקציע איז נאָך שטאַרקער געוואָרען
אין אָנהויב 1851 דורך די אויסזיכטען אויף דער אינדוסטריעלער
אויסשטעלונג; און אויסער דעם זיינען נאָך געווען ספּעציעלע אור־
זאַכען, ווי די שלעכטע גערעטעניש, ווי מען האָט ערוואַרט; צו־
ערשט די שטייגונג און נאָכדעם דער פאַל פון די פּרייזען, בכלל
די אומפעסטקייט אויף דעם באַוועל־מאַרק; די גערעטעניש אויף
רויהען זייד איז, ווענינגסטענס אין פראַנקרייך, געווען נידעריגער
פון דעם דורכשניטליכען; און די פּראָדוקציע פון וואָלציינג האָט
זיך זינט 1848 אזוי שטאַרק פאַרגרעסערט, אַז די פּראָדוקציע פון
וואָל האָט איהר ניט געקאָנט נאָכלויפען, און דער פּרייז פון רויהען
וואָל איז געשטיגען צו פיעל ניט פּראָפּאָרציאָנעל אין פאַרגלייך מיט
די פּרייזען אויף וואָלציינג. דאָ האָבען מיר אויף אזאַ אופן אין
די רויהע מאַטעריאַלען פון די דריי גרעסטע וועלטמאַרק־אינדוס־
טריעס אַ דרייענדיגען שטאָף פאַר אַ האַנדעלסקריזיס. און אויסער
אַט די ספּעציעלע אורזאַכען איז דער קריזיס פון יאָהר 1851
געווען נאָך אַלצדינג ניט מעהר ווי דער אָפּשטעל, וואָס די איבער־
פּראָדוקציע און די אונגעהייערע ספּעקולאַציעס מאַכען רעגולער אין

דעם גאַנג פון דער אינדוסטריע, איידער זיי נעהמען צונויף אַלע זייערע כוחות, כדי אַ וואָרף צו טון זיך מיט אימפּעט איבער דעם פּאַרבליבענעם וועג און קומען צוריק צום אויסגאַנגספּונקט — צום אַ ל ג ע מ י י נ ע ם ק אָ מ ע ר צ י ע ל ע ן ק ר י ז י ס. אין ענגלאַנד ווערען אָט די פּעריאָדישע האַנדעל־קריזיסען בעגלייט פון קאָמערציעלע באַנקראָטען און אין פראַנקרייך שטעלט זיך אָפּ די אינדוסטריע טיילוויז דורך דעם, וואָס די קאָנקורענץ פון די ענגלענ־דער, וועלכע ווערט דאָן אונערטרעגליך, צווינגט זיי צוריקצוציהען זיך פון אַלע מערק, און טיילווייז צוליעב דעם, וואָס אַלס פּראָדוק־ציע פון לוקסוס־זאַכען, ווערט זי לייכטער בעאיינפלוסט פון יעדען געשעפט־אָפּהאַלט. דערפאַר מאַכט פראַנקרייך דורך אויסער די אַלגעמיינע קריזיסען נאָך איהרע אייגענע נאַציאָנאַלע האַנדעלסקרי־זיסען, וואָס ווערען אָבער אַרויסגערופען און בעשטימט פיעל מעהר דורך דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פונ׳ם וועלט־מאַרק, ווי דורך לאָ־קאַלע פראַנצויזישע אורזאַכען. עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכען דעם פּאָראורטייל פון דעם פראַנצויזישען בורזשואַ מיט דעם אורטייל פון דעם ענגלישען. איינע פון די גרעסטע האַנדעלס־הייזער פון ליווערפּול שרייבט אין איהר יעהרליכען בעריכט פאַר 1851 : „וועניג יאָהרען האָבען אַזוי שטאַרק אָפּגענאַרט די ער־וואַרטונגען, וואָס מען האָט אויף זיי געלעגט אין אָנהויב, ווי דאָס יאָהר, וואָס איז ערשט פאַרגאַנגען ; אַנשטאַט דער גרויסער געשעפטאויפבליהונג, וואָס מען האָט איינשטימיג ערוואַרט, האָט עס זיך אַרויסגעוויזען אַלס איינס פון די ערגסטע און נידערגעשלאָ־גענסטע יאָהרען, וואָס מיר האָבען געהאַט פאַר די לעצטע פינפאונ־צוואַנציג יאָהר. דאָס האָט, נאַטירליך, אַ שיכות נאָר צו דעם האַנדעלסקלאַס, ניט צו דעם אינדוסטריעלען קלאַס. און דאָך זיי־נען אין אָנהויב פון יאָהר געווען זיכערע גרונדען צו ערוואַרטען דעם היפּוך דערפון ; דער סכום פון די אָנגעזאַמעלטע פּראָדוקטען איז געווען קליין, קאַפּיטאַל — איבערגענוג ; די נאַהרונגסמיטלען ביליג ; מען האָט געקאָנט אויף זיכער ערוואַרטען אַ רייכען הערבסט ; אויף דעם קאָנטינענט איז געווען פרידען און אין דער־היים (אין ענגלאַנד) קיינע פּאָליטישע אָדער פינאַנציעלע שטערונ־גען ; אין דער אמת׳ן, די פליגלען פון מסחר זיינען קיינמאָל ניט

געוועזן אזוי פריי... אין וואָס אַלזאָ ליגט פּאָרט די סיבה פון דעם אונגינסטיגען רעזולטאַט? מיר רעכענען אז מען דאַרף די סיבה זוכען אין דעם צו גרויסען האַנדעל, אין דעם צו גרויסען אימפּאָרט און עקספּאָרט. אויב אונזערע סוחרים קאָנען אַליין ניט בעגרעניצען זייער טעטיגקייט, קען אונז קיין זאַך ניט אָפּהאַלטען, אויסער אַ פּאַניק אַלע דריי יאָהר".

איצט שטעלט זיך פּאָר, ווי עס האָבען צווישען אזאַ געשעפט־פּאַניק געמוזט פּייניגען, אונטערדריקען און פּארטומלען דעם קראַנ־קען סוחר'ישען מוח פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע אָט די אַלע קלאַנגען וועגען אַ רעוואָלוציע און וועגען צוריק איינפיהרען דאָס אַלגעמיינע וואַהלרעכט; וועגען די בעריכטען וועגען דעם קאַמף צווישען פּאַרלאַמענט און דעם פּרעזידענט; וועגען דער מלחמה צווישען די אָרלעאַניסטען און לעגיטימיסטען; וועגען קאָמוניסטי־שע פאַרשווערונגען אין דרום פראַנקרייך; וועגען כלומר'שטע פויערים־אויפשטאַנדען אין די דעפּאַרטאַמענטען פון ניעוור און שער; וועגען די מודעות, אַז עס זיינען פאַרהאַן עטליכע קאַנדי־דאַטען פאַר פּרעזידענט; וועגען די מאַרק־שרייערישע רעצעפּ־טען פון די זשורנאַליסטען; וועגען די דראָהונגען פון די רע־פּובליקאַנער איינצושטעלען זיך מיט געוועהר אין די הענט פאַר דער קאָנסטיטוציע און פאַר דאָס אַלגעמיינע שטימרעכט; וועגען די מאַניפעסטען פון די הערצאָגישע עמיגראַנטען אין אויסלאַנד, וואָס האָבען פאָרויסגעזאָגט דעם וועלטאונטערגאַנג אויף דעם 2־טען מאַי. און עס איז לייכט צו פאַרשטעהן, אַז אין אַזאַ טומעל און מישמאַש פון פוזיע (צונויפגיסונג), רעוויזיע, פּראָראָגאַציע (אָפּלעגען אויף אַ צייט), קאָנסטיטוציע, קאָנספּיראַציע, קאָאַליציע, עמיגראַציע, אוי־זורפּאַציע און רעוואָלוציע האָט דער בורזשואַ געמוזט אויסשרייען מיט כעס אויף זיין פּאַרלאַמענטאַרישער רעפּובליק: „בעסער אַ סוף צו דעם שרעק, אייעדר אַ שרעק אָהן אַ סוף!"

באָנאַפּאַרט האָט דעם געשריי פאַרשטאַנען. זיין פעהיגקייט צו בעגרייפען אַזעלכע זאַכען איז שאַרפער געוואָרען אונטער דעם וואַקסענדען כעס פון די בעל־חובות, וועלכע האָבען אין יעדען זונענאונטערגאַנג, וואָס האָט אַלץ נעהענטער געבראַכט דעם טאָג פון אָפּרעכענען זיך, דעם 2־טען מאַי 1852, געזעהען אַ פּראָטעסט

פון די שטערען, וואָס בעוועגען זיך געגען זייערע ערדישע וועקסלען. די בעלי חובות זיינען געוואָרען אמת'ע אסטראָלאָגען. די נאַציאָ־נאַלע פארזאַמלונג האָט אָפּגענומען ביי באָנאַפּארטען יעדע האָ־פענונג צו פארלענגערן זיין צייט אַלס פּרעזידענט אויף אַ קאָנ־סטיטוציאָנעלען וועג; און די קאַנדידאַטור פון פּרינץ זשואַנוויל האָט געפאָדערט אַ באַשטימטע און ענטשלאָסענע שטעלונג.

באָנאַפּארט'ס איבערקעהרעניש האָט נאָך אַ לאַנגע צייט פאַר איהר אָנקומען שוין געוואָרפען פאַר זיך איהר שאָטען, שוין דעם 29־סטען יאַנואַר 1849, איינגאַנצען איין מאָנאַט נאָך זיין דער־וועהלונג, האָט ער געמאַכט שאַנגאַרניע אַ פאָרשלאַג אין דער ריכ־טונג. זיין אייגענער פּרעמיער, אָדילאָן בארא, האָט זומער פון 1849 אין געהיים און טיער ווינטער פון 1850 אָפען געלאָזט וויסען וועגען אָט דער פּאָליטיק פון אַן איבערקעהרעניש. אין מאַי 1851 האָט פּערסיני ווידער געפּרואווט געווינען שאַנגאַרניע פאַר דער איבערקעהרעניש און די צייטונג „מעסאַזשע דע ל'אַסעמבלע" האָט אָפּגעדרוקט דעם געשפּרעך זייערען. ביי יעדען פּאַרלאַמענטאַרי־שען שטורעם האָבען די באָנאַפּארטיסטישע צייטונגען געדראָהט מיט אַן איבערקעהרעניש, און וואָס נעהענטער עס איז געקומען דער קריזיס, אַלץ העכער איז געוואָרען זייער שטים. אויף די שיכור'ע אָרגיעס, אין וועלכע באָנאַפּארט פלעגט יעדע נאַכט פאַר־ברענגען מיט אַ חברה פראַנטען, מענער און פרויען, פלעגט מען אַרום האַלבע נאַכט, ווען די צופיעל כוסות פלעגען אָפּבינדען די צינגער און צוהיצען די פאַנטאַזיעס, בעשליסען צו מאַכען די אי־בערקעהרעניש אויף מאָרגען. מען פלעגט אַרויסציהען די שווער־דען, אָנגיסען די בעכערס; די פאָלקספאָרשטעהער פלעגען דורך די פענסטער אַרויספליהען און אויף באָנאַפּארטס אַקסלען פלעגט אַרויפפאַלען דער קייזערליכער מאַנטעל... ביז דער נעכסטער מאָרגען פלעגט אָנקומען און פאַרטרייבען די גייסטער, און דער פאַרוואונדערטער פּאַריז פלעגט נאָכדעם זיך דערוויסען דורך אַ הויף־דאַמע, וואָס רעדט צו פיעל אָדער דורך אַן אומבעשיידענעם פּאַלאַדין וועגען דער געפאַהר, וואָס ער האָט ווידער אַמאָל אויס געמיטען. אין משך פון די מאָנאַטען סעפּטעמבער און אָקטאָבער זיינען די קלאַנגען וועגען אַן איבערקערעניש געוואָרען אַלץ אָפ־

טער און אָנגענומען אַלץ אַ קלאָהרערען אָנבליק. ווען מען עפענט די אייראָפּעאישע צייטונגען פאַר סעפּטעמבער און אָקטאָבער, קאָן מען געפינען בוכשטעבליך אַזעלכע אָנמערקונגען:

„קלאַנגען וועגען אַן איבערקעהרעניש געהען אַרום איבער פּאַריז. מען זאָגט, אַז דורך נאַכט וועט מען אָנפילען פּאַריז מיט מיליטער און אינדערפריה וועט מען פאַרעפענטליכען דעקרעטען צו אויפלעזען די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג און צו דערקלערען דעם דעפּאַרטאַמענט פון דער סענע אין בעלאַגערונגס־צושטאַנד; מען וועט צוריקשטעלען דאָס אַלגעמיינע וואַהלרעכט און מען וועט זיך ווענדען צום פאָלק. עס טראָגען זיך קלאַנגען, אַז באָנאַפּאַרט זוכט מיניסטאָרען, וואָס זאָלען דורכפיהרען אָט די אומגעזעצליכע דעקרעטען“.

די קאָרעספּאָנדענצען, וואָס פלעגען ברענגען אָט די נייעס, פלעגען שטענדיג פיעלבעדייטענד צוגעבען צום סוף: „עס איז אָפּגעלעגט“. די מלוכה־איבערקעהרעניש איז ביי באָנאַפּאַרטען געוועזען אַן „אידעע פיקס“. מיט אָט דער אידעע, מיט אָט דעם געדאַנק האָט ער זיך אומגעקעהרט אין פראַנקרייך און ער איז אַזוי שטאַרק פאַרנומען געוועזען מיט איהר, אַז ער פלעגט אָפט פאַרראַטען זיך און אַרויספּלוידערן זי. די פּאַריזער האָבען זיך אַזוי צוגעוועהנט צום שרעקענסגייסט פון דער איבערקעהרעניש, אַז זיי האָבען אין איהם שוין מעהר ניט געוואָלט גלויבען, ווען ער איז ענדליך געקומען אָנגעטון אין פלייש און בלוט. ניט די שווייגזאַמקייט אַלזאָ און די צוריקגעהאַלטענקייט פון דעם שעף פון דער „געזעלשאַפט פון 10־טען דעצעמבער“, אויך ניט דער פלוצלונגדיגער אונערוואַרטעטער אָנפאַל אויף דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג האָט געקרוינט די איבערקעהרעניש מיט ערפאָלג. אויב זי האָט זיך איינגעגעבען, האָט זי זיך איינגעגעבען ניט קוקענדיג אויף באָנאַפּאַרטס אומבעשיידענהייט און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט געוואוסט וועגען דעם; די איבערקעהרעניש איז געוועזען אַ נויטווענדיגער, אומפאַרמיידליכער רעזולטאַט פון דער גאַנצער פריהערדיגער ענטוויקלונג.

דעם 10־טען אָקטאָבער האָט באָנאַפּאַרט געלאָזט וויסען זיינע מיניסטאָרען, אַז ער וויל צוריק איינפיהרען דאָס אַלגעמיינע וואַהל־

רעכט; דעם 16־טען האָבען זיי רעזיגנירט; דעם 26־סטען האָט זיך פּאַריז דערוואוסט וועגען דער צוזאַמענשטעלונג פון א מי־ניסטעריום מיט טאָריני בראש. דעם פּאָליציי־פּרעפעקט קארליע האָט מען דערביי אַרונטערגעזעצט און פאַרביטען מיט מאָפּאַ; דער קאָמאַנדיר פון דער ערשטער מיליטערישער דיוויזיע מאַניאַן האָט צונויפגעקליבען אין פּאַריז די רעגימענטען, אויף וועלכע מען האָט זיך אַמבעסטען פאַרלאָזען. דעם 4־טען נאָוועמבער האָט די נאַ־ציאָנאַלע פאַרזאַמלונג ווידער געעפענט איהרע זיצונגען; און איהר איז בלויז אויסגעקומען אין קורצען איבערצו'חזר'ן דעם זעלבען קורס, וואָס זי איז שוין פריהער דורכגעגאַנגען, און צו בעווייזען, אַז זי ווערט ערשט איצט בעגראָבען, נאָכדעם ווי זי איז שוין לאַנג געשטאָרבען.

די ערשטע פעסטונג, וואָס זי האָט פאַרלאָרען אין איהר קאַמף מיט דעם פּרעזידענט, איז געוועזן דאָס מיניסטעריום. זי האָט איצט געמוזט פייערליך אנערקענען אָט דעם פאַרלוסט, אנערקענענדיג דאָס מיניסטעריום פון טאָריני, וואָס איז פאַקטיש געוועזן בלויז א מיניסטעריום פון פּופּען. די פּערמאַנענטע קאָמיסיע האָט מיט א געלעכטער בעגעגענט ז ש י ר אָ, ווען ער האָט זיך איהר פאָר־געשטעלט אינ'ם נאָמען פון דעם נייעם מיניסטעריום. אַזאַ שוואַך מיניסטעריום פאַר אַזעלכע שטאַרקע מיטלען, ווי דאָס איינפיהרען אויף צוריק דאָס אַלגעמיינע וואַהלרעכט! אָבער איצט האָט זיך געהאַנדעלט ניט וועגען דעם, ווי דורכצופיהרען עטוואָס א י ן פאַרלאַמענט, נאָר ווי דורכצופיהרען אַלצדינג א ו י ס ע ר דעם פאַרלאַמענט.

גלייך דעם ערשטען טאָג, ווי די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג איז זיך ווידער צונויפגעקומען, האָט זי בעקומען באָנאַפּאַרטס מיטטיי־לונג, אין וועלכער ער האָט פאַרלאַנגט, עס זאָל צוריק איינגעפיהרט ווערען דאָס אַלגעמיינע וואַהלרעכט און עס זאָל אָפּגעשאַפט ווערען דאָס געזעץ פון 31־סטען מאַי 1850. און זיינע מיניסטאָרען האָבען נאָך דעמזעלבען טאָג אַריינגעבראַכט א געזעצפּראָיעקט אין דעם זין. די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט גלייך אָפּגעוואָרפען דעם פאָרשלאַג פון די מיניסטאָרען צו פאַרהאַנדלען די פראַגע דרינגליך, און דעם 13־טען נאָוועמבער האָט זי דעם געזעצפּראָיעקט גופא

אָפּגעוואָרפען מיט 355 שטימען געגען 348. אויף אזא אופן האָט די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג נאָך אַמאָל צוריסען איהר מאַנדאַט; זי האָט נאָך אַמאָל בעוויזען, אַז זי איז פון א פרייגעוועהלטער פאָר־שטעהערין פון פאָלק פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַן אוזורפּאַטאָ־רישען פּאַרלאַמענט פון איין קלאַס; זי האָט נאָך אַמאָל בעוויזען, אַז זי האָט איבערגעשניטען די מוסקולען, וואָס בינדען צונויף דעם פּאַרלאַמענטאַרישען קאָפּ מיט דעם קערפּער פון דעם פאָלק.

און אויב די אויספיהרענדע מאַכט האָט אַפּעלירט פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג צום פאָלק דורך איהר פאָרשלאַג צוריק איינצופיהרען דאָס אַלגעמיינע וואהלרעכט, האָט די געזעצגעבערי־שע מאַכט אַפּעלירט פונ'ם פאָלק צו דער אַרמיי דורך איהר געזעצ־פּראָיעקט וועגען די „קוועסטאָרען". אָט דער געזעצפּראָיעקט האָט געזאָלט בעסטעטיגען דאָס רעכט פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמ־לונג דירעקט צו פאָדערן מיליטער, צו אויסבילדען א פּאַרלאַמענ־טאַרישע אַרמיי. דערמיט האָט זי די אַרמיי געמאַכט פאַר א ריכטער צווישען זיך און באָנאַפּאַרטען; דערמיט האָט זי אָנער־קענט די אַרמיי אַלס אַן ענטשיידענדע מאַכט אין דער מלוכה; און זי האָט דעריבער פון דער אַנדער זייט געמוזט בעשטעטיגען, אַז זי האָט שוין לאַנג אויפגעגעבען איהר פּרעטענזיע אויף אויבער־הערשאַפט איבער דער מלוכה. ווען זי האָט, אנשטאַט גלייך אַרויס־צופאָדערן מיליטער, אָנגעהויבען צו דעבאַטירען איהר רעכט צו אַרויספאָדערן, האָט זי דערמיט שוין אַרויסגעגעבען איהר אייגענעם צווייפעל אין איהר מאַכט. און דערמיט, וואָס זי האָט אָפּגעוואָר־פען דעם „קוועסטאָרען־ביל" האָט זי אָפען אנערקענט איהר אָהנ־מאַכט. דער ביל איז דורכגעפאַלען מיט א מינדערהייט פון 108 שטי־מען, און די מאָנטאַניאַרען האָבען געשפּיעלט די הויפּטראָליע ביי אָט דעם דורכפאַל. די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט זיך איצט געפונען אין דערזעלבער לאַגע, וואָס בורידאַנס אייזעל, מיט דעם אונטערשיעד נאָר, וואָס אנשטאַט צו זיין צווישען צוויי זעק מיט היי און דאַרפען ענטשיידען וועלכער איז געשמאַקער, האָט זי זיך געפונען צווישען צוויי הויפענס מיט קלעפּ און זי האָט געדאַרפט ענטשיידען, וועלכער פון זיי איז שווערער. פון איין זייט איז געווען די מורא פאַר שאַנגאַרניע, פון דער אַנדערער — די מורא

פּאַר באָנאַפּאַרטען. מען מוז אנערקענען, די לאַגע איז געווען ניט גאָר קיין העלדישע!

דעם 18־טען נאָוועמבער האָט מען צום געזעצפּראָיעקט, וואָס די אָרדנונגספּארטיי האָט אריינגעטראָגען וועגען די געמיינדע־וואהלען, צוגעגעבען אן אמענדמענט, אז אנשטאט דריי יאָהר זאָל זיין גענוג איין יאָהר רעזידענץ אין דעם וואהל־פּלאַץ. דער אַמענד־מענט איז דורכגעפאלען מיט איין איינציגער שטימע, אָבער אָט די איינציגע שטימע האָט זיך באלד ארויסגעוויזען אלס א טעות. די אָרדנונגספּארטיי האָט אלזאָ דורך איהר צושפּאלטען זיך אויף פיינדליכע פראקציעס פארלאָרען איהר זעלבסטשטענדיגע פּארלאַ־מענטארישע מעהרהייט. זי האָט איצט בעוויזען, אז עס איז בכלל מעהר ניטאָ קיין מעהרהייט אין פּארלאמענט. די נאַציאָנאַלע פארזאמלונג איז געוואָרען אומפעהיג עטוואָס צו בעשליסען, איהרע אטאָמישע טיילען האָבען זיך שוין מעהר ניט געהאלטען איינער נעבען דעם אנדערן דורך א צוציהונגסקראפט; זי האָט אויסגע־אָטעמט איהר לעצטע לעבענסקראפט, זי איז געווען טויט.

און ענדליך האָט די מאַסע פון דער בורזשואזיע אויסער'ן פּארלאמענט מיט עטליכע טעג פאר דער קאטאסטראָפע נאָך איינמאָל פייערליך בעשטעטיגט איהר ברוך מיט דער בורזשואַזיע אינ'ם פּארלאמענט. טיער, וואָס איז אלס פּארלאמענטארישער העלד מעהר ווי אנדערע געוועזן אָנגעשטעקט מיט דער אונאויס־היילבארער קראנקהייט פון פּארלאמענטארישען קרעטיניזם, האָט נאָך דעם, ווי דער פּארלאמענט איז געווען טויט, צוזאמען מיט דעם מלוכה־ראט אויסגעטראכט עפּעס א נייע אינטריגע, א „פּאר־אנטוואָרטליכקייט־געזעץ", וואָס האָט ווידער געזאָלט פּאר־טרייבען דעם פּרעזידענט אין די גרעניצען פון דער קאָנסטיטוציע. אָבער באָנאפּארט האָט איצט, דעם 25־סטען נאָוועמבער בעצוויי־בערט די אינדוסטריעלע בורזשואזיע, וואָס האָט זיך פארזאמעלט אין צירק, כדי צו בעקומען פון זיין אייגענער האנט די פּרייז־מעדאלען פאר דער לאָנדאָנער אינדוסטריעלער אויסשטעלונג, פונקט אזוי ווי ער האָט דעם 15־טען סעפּטעמבער, ביי דער חנוכת־הבית פון די נייע מארק־האלעס פון פּאריז, בעצויבערט אלע פיש־ווייבער (אגב וואלט איין פיש־פּרוי, וואָס אנבעלאנגט רעאלער

מאַכט, איבערגעוואויגען 19 בורג־גראַפען) און פונקט אזוי ווי ער האָט גאָכדעם, ווי ער האָט פּארוואָרפען דעם „קוועסטאָרען־ביל“, בעגייסטערט די לייטענאַנטען, ווען ער האָט אונטערהאַלטען אין עליזיי פּאַלאַץ. איך גיב דאָ איבער דעם טיפּישען טייל פון זיין רעדע לויט דעם „זשורנאַל דע דעבאַ“:

„האָבענדיג אַזאַ אונערוואַרטעטען ערפאָלג, האָב איך אַ רעכט צו זאָגען נאָכאמאָל: ווי גרויס וואָלט געווען די פראַנצויזישע רעפּובליק, ווען מען וואָלט זי געלאָזט האַנדלען פריי לויט איהרע אינטערעסען און צו רעפאָרמירען איהרע אינסטיטוציעס, און ווען עס וואָלטען איהר ניט שטענדיג געשטערט פון איין זייט די דעמאַגאָגען און פון דער אַנדער זייט די מאָנאַרכיסטישע האַלוצינאַציעס (הויכע, שטורמישע און לאַנגדויערענדע אַפּלאָדיסמענטען פון אַלע טיילען פון אַמפיטעאַטער). די מאָנאַרכיסטישע האַלוצינאַציעס האָבען אָפּגעהאַלטען יעדען פּראָגרעס, און געשטערט אַלע וויכטיגסטע אינדוסטריע צווייגען. אנשטאַט פּראָגרעס האָבען מיר נאָר קאַמף. מען קאָן טרעפען מענשען, וואָס זיינען פריהער געווען די איבערגעבענסטע שיצער פון די קעניגליכע רעכט און אויטאָריטעט, און איצט זיינען זיי געוואָרען אנהענגער פון אַ פאַרזאַמלונג, וואָס האָט נאָר איין אויפגאַבע — אָפּצושוואַכען די אויטאָריטעט, וואָס איז געבראַכט געוואָרען אויף דער וועלט דורך אַלגעמיינעם שטימרעכט (הויכע, לאַנגדויערענדיגע אַפּלאָדיסמענטען). מיר טרעפען מענשען, וואָס האָבען מעהר ווי אַנדערע געליטען פון דער רעוואָלוציע און האָבען מעהר ווי אנדערע זיך געקלאָגט אויף איהר, און איצט פּראָוואָצירען זיי אַ נייע רעוואָלוציע, בלויז כדי צו שמידען אין קייטען דעם ווילען פון דעם פאָלק...... איך פאַרשפּרעך אייך רוהיגקייט אין דער צוקונפט א. ד. ג., א. ד. ג. (בראַוואָ בראַוואָ, שטורמישע בראַוואָ)“. —

אזוי האָט די אינדוסטריעלע בורזשואזיע הכנעה'דיג אַפּלאָדירט דער איבערקעהרעניש פון 2־טען דעצעמבער, דער פאַרניכטונג פון'ם פּאַרלאַמענט, דעם אונטערגאַנג פון איהר אייגענער הערשאַפט, דער דיקטאַטור פון באָנאַפּאַרטען. דער דונער פון אַפּלאָדיסמענטען פון דעם 25־סטען נאָוועמבער האָט בעקומען זיין ענטפער אין דעם דונער פון די קאַנאָנען דעם 4־טען דעצעמבער;

און דאָס הויז פון הער סאַלאַנדרוז, וואָס האָט מעהר ווי אַנדערע אפּלאָדירט, איז צושטערט געוואָרען דורך מעהר באָמבעס ווי אַנ־דערע.

ווען קראָמוועל האָט אויפגעלעזט דעם לאַנגען פּאַרלאַמענט, איז ער אליין אהין געגאַנגען, האָט ארויסגענומען זיין זייגער און א קוק געגעבען, כדי דער פּאַרלאַמענט זאָל קיין איין מינוט ניט עק־זיסטירען לענגער ווי די צייט, וואָס ער האָט פאַר איהם בע־שטימט, און האָט יעדען מיטגליעד פון פּאַרלאַמענט ארויסגעטריבען מיט א פּרעהליכען וויציגען אויסרוף. נאַפּאָלעאָן, א ווענינער העל־דישע פיגור, איידער זיין פּראָטאָטיפּ, איז דאָך דעם 18־טען ברוי־מער געקומען אין דער גענזעצגעבערישער קערפּערשאַפט און האָט איהר, הגם מיט א פאַרקלעמטער שטימע, דורכגעלעזען איהר טויט־אורטייל. דער צווייטער באָנאַפּאַרט, וואָס האָט פאַרמאָגט גאָר אינגאַנצען אַן אַנדער ארט אויספיהרענדע מאַכט, איידער קראָמ־וועל אָדער נאַפּאָלעאָן, האָט געזוכט פאַר זיך א פּאָר־בילד, א ביי־שפּיעל ניט אויף די בלעטער פון דער וועלטגעשיכטע, נאָר אין די ערפאַהרונגען פון דער געזעלשאַפט פון 10־טען דעצעמבער, אין די פּראָטאָקאָלען פון דער קרימענעלער יוריספּרודענץ. ער האָט בע־גנב'עט די באַנק פון פראַנקרייך אויף 25 מיליאָן פראַנק; האָט אָפּגע־קויפט דעם גענעראַל מאַניאַן מיט איין מיליאָן און די סאָלדאַטען יע־דערן בעזונדער מיט 15 פראַנק און א טרונק בראַנפּען; האָט זיך ווי א גנב ביינאַכט אין געהיים צונויפגעזאַמעלט מיט זיינע גנב'ישע חברים; האָט געלאָזט אריינרייסען זיך אין די הייזער פון די גע־פעהרליכסטע פיהרער פון פּאַרלאַמענט און ארויסשלעפּען פון זייע־רע בעטען קאַוואַניאַק'ן, לאַמאָריסיער'ן, לעפלאָ, שאַנגאַרניע, שאַראַ, טיער'ן, באַז'ען און אַנדערע; האָט געהייסען פאַרנעהמען מיט מי־ליטער די הויפּטפּלעצער פון פּאַריז און אויך די געביידע פון פּאַר־לאַמענט, און אינדערפריה האָט ער געלאָזט אויסקלעפּען אויף אַלע ווענט פון שטאָדט בעריהמערישע פּלאַקאַטען, אין וועלכע ער האָט געלאָזט וויסען, אז ער האָט אויפגעלעזט די נאַציאָנאַלע פאַר־זאַמלונג און דעם מלוכה־ראַט; אז ער פיהרט צוריק איין דאָס אַל־געמיינע וואַהלרעכט און דערקלערט דעם דעפּאַרטאַמענט פון סענע אין בעלאַגערונגסצושטאַנד. אויף דעם זעלבען אופן האָט ער באַלד

נאָכדעם אריינגעשמוגעלט אין „מאָניטעור“ א פאַלשען דאָקומענט, וואָס האָט מודיע געווען, אז די איינפלוסרייכסטע פּאַרלאַמענטאַרישע פיהרער האָבען זיך גרופּירט ארום איהם אין א מלוכה־ראַט.

דער רעשט פונ׳ם פּאַרלאַמענט, וואָס האָט זיך פאַרזאַמעלט אין דער געביידע פון דעם 10־טען דיסטריקט פון דער שטאָדט־פאַרוואַלטונג און וואָס איז מעהרסטענטיילס בעשטאַנען פון לעגיטימיסטען און אָרלעאַניסטען, האָט בעשלאָסען אונטער הויכע אויס־געשרייען פון „בראַוואָ, לאַנג לעבען זאָל די רעפּובליק!“ אראָפּצוזעצען באָנאַפּאַרטען. אָבער זיי האָבען זיך אומזיסט געווענדעט צו דער מאַסע לעדיגגעהער, וואָס האָט זיך פאַרזאַמעלט ארום דעם הויז. אין א ווײַלע ארום האָט מען דעם גאַנצען פּאַרלאַמענט אָפּגעפיהרט אונטער דער בעגלייטונג פון אפריקאַנישע שאַרפשיסער אין די קאַזאַרמעס פון אָרסיי, דאָרטען האָט מען זיי אריינגעזעצט אין ארעסטאַנטען־וואָגענס און אָפּגעשיקט אין די טורמעס פון מאַזאַס, האַם און ווענסען. אַזוי האָט זיך געענדיגט די אָרדנונגס־פּאַרטיי, די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג און די פעברואַר־רעוואָלוציע. נאָר איידער מיר געהען איבער צום שלוס, ווילען מיר דאָ געבען אין קורצען די סכעמע פון זייער געשיכטע:

I. ערשטער פּעריאָד. פונ׳ם 24־טען פעברואַר ביז׳ן 4־טען מאַי 1848. דער פעברואַר־פּעריאָד. דער פּראָלאָג. די קאָמעדיע פון אַלגעמיינער ברידערליכקייט.

II. צווייטער פּעריאָד. דער פּעריאָד, ווען עס איז איינגעשטעלט געוואָרען די רעפּובליק, ווען עס האָט אָפּגעהאַל־טען איהרע זיצונגען די קאָנסטיטואירענדע פאַרזאַמלונג.

1) פון 4־טען מאַי ביז׳ן 25־סטען יוני 1848. דער קאַמף פון אַלע קלאַסען געגען דעם פּראָלעטאַריאַט. די מפּלה פונ׳ם פּראָ־לעטאַראַט אין די יוני־טעג.

2) פון 25־סטען יוני ביז׳ן 10־טען דעצעמבער 1848 די דיקטאַטור פון די ריינע בורזשואַז־רעפּובליקאַנער. דער פּראָיעקט פון דער קאָנסטיטוציע. די ערקלערונג פון בעלאַגערונגסצושטאַנד אין פּאַריז. די דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע ווערט דעם 10־טען דעצעמבער בעזייטיגט דורך דער ערוועהלונג פון באָנאַפּאַרטען פאַר פּרעזידענט.

3) פונ'ם 20־סטען דעצעמבער 1848 ביז'ן 29־סטען מאי 1849. דער קאמף פון דער קאָנסטיטואירענדער פארזאמלונג מיט באָנאפּאַרטען און מיט דער אָרדנונגספּארטיי, וואָס האָט זיך פאַר־איינינגט מיט באָנאפּארטען. דער אונטערגאנג פון דער קאָנסטיטו־אירענד'ער פארזאמלונג. דאָס פאַלען פון דער רעפּובליקאנער בור־זשואזיע.

III. דריטער פעריאָד. דער פעריאָד פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער רעפּובליק און דער געזעצגעבערישער נאַציאָנאַלער פארזאמלונג.

1) פונ'ם 29־סטען מאי 1849 ביז'ן 13־טען יוני 1849. דער קאמף פון די קליינבירגער מיט דער בורזשואזיע און מיט באָנאַפּאַר־טען. די מפּלה פון דער קליינבירגערליכער דעמאָקראַטיע.

2) פונ'ם 13־טען יוני 1849 ביז'ן 31־סטען מאי 1850. די פארלאַמענטארישע דיקטאַטור פון דער אָרדנונגספּאַרטיי. זי פאַר־פולשטענדיגט איהר הערשאַפט דורך אָפּשאַפען דאָס אַלגעמיינע וואהלרעכט. זי פארלירט אָבער דאָס פּארלאַמענטארישע מיניס־טעריום.

3) פונ'ם 31־סטען מאי 1850 ביז'ן 2־טען דעצעמבער 1851. דער קאמף צווישען דער פּארלאַמענטארישער בורזשואזיע און באָנאַפּאַרטען.

א) פונ'ם 31־סטען מאי 1850 ביז'ן 12־טען יאַנואַר 1851. דער פּארלאַמענט פארלירט די אויבערקאָמאַנדע איבער דער ארמיי.

ב) פון 12־טען יאַנואַר ביז'ן 11־טען אַפּריל 1851. דער פּאַר־לאַמענט בעקומט אַ מפּלה אין זיינע פּרואוון צו בעקומען צוריק דעם קאָנטראָל איבער דער אויספיהרענדער מאַכט. די אָרדנונגס־פּארטיי פּארלירט איהר זעלבסטשטענדיגע פּארלאַמענטארישע מאַ־יאָריטעט. די קאָאַליציע פון דער אָרדנונגס־פּארטיי מיט די רעפּוב־ליקאַנער און די מאָנטאַניאַרען.

ג) פונ'ם 11־טען אַפּריל 1851 ביז'ן 9־טען אָקטאָבער 1851. פּארזוכען צו „רעווידירען, צונויפגיסען און פּארלענגערען דעם פּרעזידענטס מאַכט". די אָרדנונגספּאַרטיי צופאַלט זיך אויף איה־רע עלעמענטארע טיילען. עס ווערט פּארטיעפט דער ברוך פון

דעם בורזשואַזען פּאַרלאַמענט און פון דער בורזשואַזער פּרעסע
מיט דער מאַסע פון דער בורזשואַזיע.

ד) פון'ם 9־טען אָקטאָבער ביז'ן 2־טען דעצעמבער 1851.
אָן אָפּענער ברוך צווישען דעם פּאַרלאַמענט און דער אויספיהרענדער
מאַכט. דער פּאַרלאַמענט שרייבט אליין אונטער זיין טויט־אור־
טייל און געהט אונטער, אַ פּאַרלאַזענער פון זיין אייגענעם קלאַס,
פון דער אַרמיי און פון אַלע אַנדערע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט.
דער אונטערגאַנג פון דעם בורזשואַזען רעזשים און פון דער הער־
שאַפט פון דער בורזשואַזיע. דער נצחון פון באָנאַפּאַרטען: די
פּעריאָדע פון דער אימפּעריאַליסטישער רעסטאַווראַציע.

---

## VII

די **סאָציאַלע רעפּובליק** האָט אין אָנהויב פון
דער פעברואַר־רעוואָלוציע געקלונגען ווי אַ פראַזע, ווי אַ נבואה.
אין די יוני־טעג פון 1848 איז זי דערטרונקען געוואָרען אינ'ם
בלוט פון דעם פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט, נאָר זי האָט ביי די ווייטער־
דיגע אַקטען פון דער דראַמע כסדר אומגעשוועבט ווי אַ שרעקענס־
גייסט. נאָכדעם בעווייזט זיך אויף דער סצענע די **דעמאָ־
קראַטישע רעפּובליק**; זי געהט אויס דעם 13־טען
יוני 1849 צוזאַמען מיט איהרע קליינבירגער, וואָס זיינען אַנט־
לאָפען פון מלחמה־פּלאַץ; אָבער אויסגעהענדיג פאַרשפּרייט זי
הינטער זיך גוואַלדיג שרייענדיגע בעריהמערישע רעקלאַמען. דאַ־
מאַלסט קומט די **פּאַרלאַמענטאַרישע רעפּובליק**
מיט דער בורזשואַזיע און פאַרנעהמט די גאַנצע ביהנע; זי לעבט
זיך אויס איהרע יאָהרען אַזוי פול און בנעימות'דיג ווי מעגליך,
אָבער דעם 2־טען דעצעמבער 1851 ווערט זי בעגראָבען אונטער
דעם שרעקענס אויסגעשריי פון די פאַראייניגטע ראָיאַליסטען:
„לאַנג לעבען זאָל די רעפּובליק!"

די פראַנצויזישע בורזשואַזיע איז אויפגעשטאַנען געגען דער
הערשאַפט פון דעם אַרבייטענדען פּראָלעטאַריאַט, זי האָט אָבער
געבראַכט צו דער הערשאַפט פון'ם לומפּענפּראָלעטאַריאַט, מיט דעם
פיהרער פון דער געזעלשאַפט פון 10־טען דעצעמבער בראַש. די

בורזשואזיע האָט געהאַלטען פראַנקרייך אין שטענדיגער מורא פאַר די צוקינפטיגע שרעקען פון דער רויטער אַנאַרכיע. און באָנאַפאַרט האָט געבראַכט צופיהרען אַט די צוקונפט, ווען ער האָט דעם 4־טען דעצעמבער בעפוילען זיין שיכור׳ער אָרדנונגסאַרמיי צו שיסען דורך די פענסטער אויף די בכבוד׳יגע, פאַרנעהמע בירגער פון „בולוואר מאָנמארטר“ און „בולוואר דעז׳יטאַליען“. די בורזשואזיע האָט פאַרגעטערט די שווערד; האָט די שווערד זי בעהערשט. זי האָט פאַרניכט די רעוואָלוציאָנערע פרעסע; האָט מען פאַרניכט איהר אייגענע פרעסע. זי האָט די פאָלקספאַרזאַמלונגען געשטעלט אונטער דער אויפזיכט פון דער פאָליציי; האָט מען איצט איהרע סאַלאָנען געשטעלט אונטער דער אויפזיכט פון דער פאָליציי. זי האָט פונאַנדערגעלאָזט די דעמאָקראַטישע נאַציאָנאַלע גוואַרדיע; האָט מען איצט פונאַנדערגעלאָזען איהר אייגענע נאַציאָנאַלע גוואַרדיע. זי האָט איינגעפיהרט בעלאַגערונגסצושטאַנד; האָט מען זי אליין איצט געשטעלט אונטער בעלאַגערונגסצושטאַנד. זי האָט פאַרביטען די געשוואָרענע ריכטער אויף מיליטערישע קאָמיסיעס; איצט האָט מען איהרע געריכטען פאַרביטען אויף מיליטערישע קאָמיסיעס. זי האָט די פאָלקסשולען איבערגעגעבען צו די גלחים אין די הענט; איצט האָבען די גלחים זי אליין אָנגעהויבען צו לערנען. זי האָט פאַרשיקט אָהן געריכט און אורטייל; איצט האָט מען זי אָהן א משפט פאַרשיקט. זי האָט דורך דער רעגירונגס־מאַכט אונטערדריקט יעדע געזעלשאַפטליכע בעוועגונג; איצט ווערט יעדע בעוועגונג אין איהרע אייגענע רייהען אונטערגעדריקט דורך דער רעגירונגסמאַכט. זי האָט אוים בעגייסטערונג פאַר איהר געלטבייטעל געמאַכט אַן אויפשטאַנד געגען איהרע פאָליטיקער און ליטעראַטען; איצט זיינען איהרע פאָליטיקער און ליטעראַטען בעזיגט, אָבער איהר געלטבייטעל ווערט צוראַבירט, נאָכדעם ווי איהר מויל איז פאַרשטאָפּט און איהר פען צובראָכען. די בורזשואזיע האָט נאָכאַנאַנד נאָכגעשריען דער רעוואָלוציע, ווי דער הייליגער אַרסעניאוס די קריסטען: „פליה, שוויג, זיי רוהיג!“ און איצט שרייט באָנאַפאַרט נאָך דער בורזשואזיע: „פליה, שוויג, זיי רוהיג!“

די פראַנצויזישע בורזשואזיע האָט שוין לאַנג געלעזט די

דילעמע, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט אַמאָל אויסגעדריקט אין די פאָל־
גענדע ווערטער: „אין פופציג יאָהר אַרום וועט אייראָפּע זיין אָדער
א רעפּובליקאַנישע אָדער אַ קאָזאַקישע“. זי האָט די דילעמע גע־
לעזט דורך דער „ק אָ ז א ק י ש ע ר ר ע פּ ו ב ל י ק“. קיין
מכשפה האָט דורך איהר בייזען צויבער ניט פאַרוואַנדעלט אָט דאָס
קונציגע ווערק פון דער בורזשואַזער רעפּובליק אין אַ פאַרזעהעניש.
יענע רעפּובליק האָט איצט גאָרנישט פאַרלאָרען, אויסער איהר אוי־
סערליכען שיין פון בכבוד׳ינקייט. די איצטיגע פראַנקרייך האָט
זיך שוין אינגאַנצען איינגעפונען אין דער איי פון דער פאַרלאַמענ־
טאַרישער רעפּובליק. מען האָט נאָר געדאַרפט האָבען איין שטאָך
פון אַ באַיאָנעט, אַז די שאָלעכץ זאָל פּלאַצען און די פאַרזעהעניש
זאָל אַרויס אויף דער וועלט.

פאַרוואָס האָט זיך דער פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט ניט אויפגע־
הויבען נאָך דעם 2־טען דעצעמבער?

דערפאַר, וואָס די פאַרניכטונג פון דער בורזשואַזער הער־
שאַפט איז נאָך דערוויייל געוועזן ניט מעהר ווי דעקרעטירט, אָבער
ניט אויסגעפיהרט. יעדער אויפשטאַנד פון דעם פּראָלעטאַריאַט
וואָלט זי ווידער אויפגעלעבט, וואָלט שלום געמאַכט צווישען איהר
און דער אַרמיי און וואָלט פאַר די אַרבייטער זיכער צוגעגרייט אַ
צווייטע יוני־מפּלה.

דעם 4־טען דעצעמבער האָט די בורזשואַזיע און די קליינביר־
גער געהעצט דעם פּראָלעטאַריאַט צום קאַמף. אין אָוונט פון דעם
טאָג האָבען עטליכע לעגיאָנען פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע
פאַרשפּראָכען צו קומען אויף דעם קאַמפּפּלאַץ אין זייערע מונדירען
מיט געוועהר אין די הענט. די בורזשואַזיע און די קליינבירגער
האָבען זיך דערוואוסט, אַז באָנאַפּאַרט האָט אין איינעם פון זיינע
דעקרעטען פון 2־טען דעצעמבער אָפּגעשאַפט די געהיימע שטימאָפּ־
געבונג און האָט בעפוילען צו שטימען מיט „יאָ“ אָדער „ניין“, גלייך
צוגעשריבען ביים נאָמען פון וועהלער. דער ווידערשטאַנד פון 4־
טען דעצעמבער האָט אָנגעשראָקען נאַפּאָלעאָנען. ביינאַכט האָט
ער געהייסען אין אַלע גאַסען פון פּאַריז אויסהענגען פּלאַקאַטען,
אין וועלכע ער האָט געלאָזט וויסען, אַז די געהיימע שטימאָפּגעבונג
ווערט צוריק איינגעפיהרט. די בורזשואַזיע און די קליינבירגער האָ־

בען איצט געדעכענט, אז זיי האבען זייער ציעל דערגרייכט. און אויב עס איז ווער אויף מארגען אינדערפריה אויפ'ן פלאץ ניט גע־קומען, זיינען דאס געוועזען — די קליינבירגער און די בורזשואזיע.

אין דער נאכט פון 1־טען אויפ'ן 2־טען דעצעמבער האט בא־נאפארט דורך זיין איבערקעהרעניש אפגערויבט ביי דעם פאריזער פראלעטאריאט זיינע פיהרער, זיינע באריקאדען־אנפיהרער. דער פראלעטאריאט איז אויף אזא אופן געבליבען אן ארמיי אהן אפי־צערען; און האבענדיג אין זכרון די געשעהענישען פון יוני 1848, פון יוני 1849 און פון מאי 1850, האט ער קיין חשק ניט געהאט צו קעמפפען אונטער דעם פאהן פון די מאנטאניארען. ער האט דערפאר איבערגעלאזען צו זיינע געהיימע געזעלשאפטען צו ראטע־ווען דעם רעוואלוציאנערען כבוד פון פאריז, וואס די בורזשואזיע האט אהן יעדען ווידערשטאנד איבערגעגעבען צו די סאלדאטען אין די הענט, אזוי אז באנאפארט האט שפעטער געקאנט אפנעהמען דאס געוועהר ביי דער נאציאנאלער גווארדיע מיט די פאלגענדע שפאט־ווערטער: „איך האב מורא, אז איהר געוועהר זאל פון די אנארכיסטען ניט אויסגענוצט און אנגעווענדט ווערען געגען איהר אליין!“

„דאס איז א פולשטענדיגער און ענטשיידענער נצחון פונ'ם סאציאליזם!“ — אזוי האט גיזא כאראקטעריזירט דעם 2־טען דעצעמבער. אבער אויב אין דעם פאלען פון דער פארלאמענטא־רישער רעפובליק איז שוין געוועזען דער זוימען פון דעם נצחון פון דער פראלעטארישער רעוואלוציע, איז אבער איהר נאהענטער קאנקרעטער רעזולטאט געוועזען דער זיג פון באנאפארטען איבער'ן פארלאמענט, פון דער אויספיהרענדער מאכט איבער דער געזעצ־געבערישער, פון דער מאכט אהן פראזען איבער דער מאכט פון פראזען. אינ'ם פארלאמענט האט דאס פאלק דערהויבען זיין אלגעמיינעם ווילען צו דער מדרגה פון א געזעץ, ריכטיגער — גע־מאכט דאס געזעץ פון דעם הערשענדען קלאס פאר זיין אלגעמיי־נעם ווילען. פנים אל פנים מיט דער אויספיהרענדער מאכט אבער האט דאס פאלק זיך אפגעזאגט פון יעדען אייגענעם ווילען זיינעם און האט זיך אונטערגעווארפען אונטער די בעפעהלען פון א פרעמ־דען, פון דער אויטאריטעט. די אויספיהרענדע מאכט, להיפוך צו

דער געזעצגעבערישער, דריקט אויס די הערשאַפט פון א זייטיגען ווילען איבער דעם פּאָלק להיפוך צו דער אויטאָנאָמיע פונ'ם פּאָלק. פראַנקרייך איז אלזאָ בעפרייט געוואָרען פון דעם דעספּאָטיזם פון איין קלאַס, כדי אונטערצופאַלען אונטער דעם דעספּאָטיזם פון איין פּערזאָן, און דערצו אונטער דער אויטאָריטעט פון א גאָרניט אויטאָריטעטער פּערזאָן. דער קאַמף האָט זיך אזוי געענדיגט, אז אלע קלאַסען זיינען גלייך אָהן מאַכט און אָהן ווערטער געבליבען ליעגען אויף די קניה פאַר דער שפּיץ פון ביקס.

די רעוואָלוציע איז געמאַכט געוואָרען גרינדליך. זי איז נאָך ניט געענדיגט און איז איצט אויף איהר וועג דורך דעם פייער־טיגעל. אָבער זי טוט איהר ארבייט מעטאָדיש. ביז'ן 2־טען דע־צעמבער האָט זי פאַרענדיגט איין טייל פון איהרע פאָרבערייטונגען, איצט פיהרט זי דורך דעם צווייטען טייל. זי האָט צוערשט פאַר־ענדיגט און צייטיג געמאַכט די פ א ר ל א מ ע נ ט א ר י ש ע מאַכט, כדי זי דערנאָך קאָנען שטירצען. און איצט, ווען זי האָט דאָס דורכגעפיהרט, פאַרענדיגט זי און מאַכט צייטיג די א ו י ס־פ י ה ר ע נ ד ע מאַכט; זי ברייננט אָט די מאַכט צו איהר ריינסטען אויסדרוק, איזאָלירט זי, שטעלט זי אנטקעגען זיך אלס איינציגען פּאָרוואורף, כדי צו קאָנצענטרירען געגען איהר אלע צושטערענדע כוחות, און ווען זי וועט האָבען אָט דעם צווייטען טייל פון איהר ארבייט אויך פאַרענדיגט, וועט אייראָפּע אויפ־שפּרינגען פון איהר אָרט און מיט פריידגעשריי אויסרופען: „האָסט וואויל געגראָבען, אלטער קראָט!“

די אויספיהרענדע מאַכט מיט איהר אונגעהייער גרויסער ביו־ראָקראַטישער און מיליטערישער אָרגאַניזאַציע, מיט איהר וויטזיכ־טיגער און קונציגער מלוכה־מאַשינעריע, מיט איהר ארמיי פון בע־אמטע פון א האַלבען מיליאָן און מיט אַן ארמיי פון נאָך א האַלבען מיליאָן; אָט דער שרעקליכער פּאַראַזיטישער קערפּער, וואָס ווי־קעלט ארום ווי א נעץ דאָס גאַנצע לייב פון דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט און פאַרשטאָפּט אלע זיינע חלולים, איז אנטשטאַנען אין דער צייט פון דער אבסאָלוטער מאָנאַרכיע, ביים פאַלען פונ'ם פעאָדאַליזם, וואָס ער האָט פאַרשנעלערט. די הערשערישע פּריווילעגיעס פון די פריצים און פון די שטעדט זיינען פאַרוואַנדעלט

געוואָרען אין ניט א קלענערע צאָהל פּריווילעגיעס פון דער מלוכה־
מאכט; די פעאָדאלע פּריצים זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין
בעצאָהלטע בעאַמטע; און דער פיעלפאַרביגער געמיש פון פער־
שיעדענע מיטעלאַלטערליכע רעכט און פולמאַכטען וואָס זיינען
געווען אין אַ שטענדיגען קאָנפליקט צווישען זיך, האָט זיך פאַר־
וואַנדעלט אין אַ רעגעלמעסיגען פּלאַן פון א מלוכה־מאַכט, וואָס
איהר אַרבייט איז צוטיילט און צענטראַליזירט ווי די פאַבריק־
אַרבייט. די ערשטע פראַנצויזישע רעוואָלוציע, וואָס האָט געהאַט
אַלס אויפגאַבע צו ברעכען אַלע אָרטיגע, טעריטאָריעלע, שטאָד־
טישע און פּראָווינציעלע בעזונדערע רעכט און מעכטען, כדי צו
שאַפען די בירגערליכע איינהייט פון פאָלק, האָט געמוזט ענטוויק־
לען דאָס, וואָס די אבסאָלוטע מאָנאַרכיע האָט אָנגעהויבען: זי
האָט געדאַרפט ענטוויקלען די צענטראַליזאַציע, אָבער צוזאַמען
דערמיט אויך דעם אומפאַנג, די אַטריבוטען און די קראַפט פון
דער רעגיערונגסמאַכט. נאַפּאָלעאָן האָט אָט די מלוכה־מאַשינעריע
פאַרענדיגט. די לעגיטימע מאָנאַרכיע און די יולי־מאָנאַרכיע האָ־
בען פון זייער זייט נאָר איינגעפיהרט אַ גרעסערע צוטיילונג פון דער
אַרבייט אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל דער וואוקס פון דער צוטיי־
לונג פון דער אַרבייט אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט גופא האָט
געשאַפען נייע אינטערעסען־גרופען און דערמיט נייעם מאַטעריאַל
פאַר דער מלוכה־פאַרוואַלטונג. יעדער ג ע מ י י נ ש אַ פ ט ל י־
כ ע ר אינטערעס פלעגט באַלד אָפּגעזונדערט ווערען פון דער
געזעלשאַפט, אַרויסגעשטעלט ווערען אַלס אַ העכערער א ל ג ע־
מ י י נ ע ר פאָלקס אינטערעס, פלעגט אַרויסגענומען ווערען
פונ'ם קרייז פון דער געזעלשאַפטליכער זעלבסטטעטיגקייט און
צוגעגעבען ווערען צו דעם טעטיגקייטס־קרייז פון דער רעגירונג.
אַזוי האָט מען געטון אָנהויבענדיג מיט אַ בריק ערגעץ איבער אַ
טייכעל, מיט דער שול און מיט דעם פאַרמעגען פון אַ דאָרפגע־
מיינדע און ענדיגענדיג מיט די אייזענבאַהנען, מיט דעם נאַציאָ־
נאַלען פאַרמעגען און מיט די אוניווערסיטעטען פון פראַנקרייך.
און די פאַרלאַמענטאַרישע רעפּובליק איז פון איהר זייט געווען
געצוואונגען אין איהר קאַמף געגען דער רעוואָלוציע צוזאַמען מיט
די רעפּרעסיווע מיטלען צו פאַרשטאַרקען אויף די צענטראַליזירונג

פון דער רעגירונגסמאכט. אַלע רעוואָלוציעס האָבען נאָר פאַר־פולקאָמט אָט די מאַשין אנשטאַט זי צו צוברעכען. די פּאַרטייען, וואָס האָבען איינע נאָך דער אַנדערער געקעמפּט פאַר דער הער־שאַפט, האָבען געקוקט אויף דעם בעזיץ פון אָט דער אונגעהויער גרויסער מלוכה־געביידע ווי אויף דעם הויפּטרויב פון דעם זיגער.

אָבער ביי דער אבסאָלוטער מאָנאַרכיע, ביי דער ערשטער רע־וואָלוציע און ביי נאַפּאָלעאָנען איז די ביוראָקראַטיע נאָר געווען א מיטעל אויף צוצוגרייטען די קלאַסענהערשאַפט פון דער בורזשו־אַזיע. ביי דער רעסטאַווראַציע, ביי לואי פיליפּן און ביי דער פּאַר־לאַמענטאַרישער רעפּובליק איז די ביוראָקראַטיע, ווי שטאַרק זי האָט ניט געשטרעבט צו זעלבסטהערשאַפט, אויך געווען נאָר דער אינסטרומענט פון דעם הערשענדען קלאַס.

אָבער ערשט אין דער צייט פון דעם צווייטען באָנאַפּאַרט איז די מלוכה, די רעגירונג געוואָרען אינגאַנצען א זעלבסטשטענדיגע אינסטיטוציע. די מלוכה־מאַשין האָט זיך צו דער צייט אזוי שטאַרק בעפעסטיגט געגען דער בירגערליכער געזעלשאַפט, אז בראש פון איהר האָט זיך געקאָנט שטעלען דער פיהרער פון אזא געזעלשאַפט, ווי די „געזעלשאַפט פון 10־טען דעצעמבער“, אַן אַוואַנטיוריסט, וואָס איז געקומען פון דער פרעמד, ווען עס האָבען ארויפגע־טראָגען אויף זיין הויכער שטעלע די שיכורע סאָלדאַטען, וואָס ער האָט אָפּגעקויפט פאַר א טרונק בראַנפען און וואורשטלעך און ווען ער האָט אַלע ווייזלע פון האָס ניי געדאַרפט צוואַרפען וואורשטלעך און שנאַפּס. דערפון נעהמט זיך די שווערע פאַר־צווייפלונג, דאָס געפיהל פון שרעקליכער אָפּגעפאַלענקייט און דערנידערונג, וואָס פּרעסט דאָס הארץ פון פראַנקרייך און שטיקט איהר אָטעם. זי פיהלט זיך אזוי, ווי מען וואָלט איהר עהרע פאַרשוועכט.

און דאָך שוועבט ניט די רעגיערונגס־מאַכט אין דער לופטען. באָנאַפּאַרט פאַרטרעט איין קלאַס פון דער פראַנצויזישער געזעל־שאַפט, און א גרויסען דערצו — דאָס איז דער קלאַס פון די קליינע ערדבעזיצער.

אזוי ווי די בורבאָנס זיינען געווען די דינאַסטיע פון די גרויסע ערדבעזיצער און די אָרלעאַנס די דינאַסטיע פון די קאַפּיטאַליסטען,

אזוי איז די באנאפארטיסטישע—די דינאסטיע פון די פויערים, ד. ה. פון דער פראנצויזישער פאלקסמאסע. ניט דער באנאפארט, וואס האט זיך אונטערגעווארפען דעם בורזשואזען פארלאמענט, נאר דער, וואס האט אט דעם פארלאמענט צוטריבען, איז געווען דער אויס־דערוועהלטער פון די פויערים. אין משך פון דריי יאהר איז די שטעדט געלונגען צו פעלשען דעם זין פון די וואהלען פון 10־טען דעצעמבער און אפהאלטען דעם פויער פון דער רעסטאווירונג פון דער אימפעריע. די וואהלען פון דעם 10־טען דעצעמבער 1848 זיינען ערשט דורכגעפיהרט געווארען דעם 2־טען דעצעמבער 1851 דורך דער איבערקעהרעניש.

די קליינע פויערים בילדען אויס אן אונגעהייער גרויסע מאסע, וואס איהרע איינצעלנע מיטגליעדער לעבען אין גלייכע בעדינגונגען, קומען אבער כמעט ניט אין קיינע בעציהונגען צווישען זיך. דער אופן פון זייער פראדוצירען איזאלירט זיי איינעם פון די אנדערע און ניט ער ברייננגט זיי אין א געמיינשאפטליכען פארקעהר צווי־שען זיך. די איזאלירונג ווערט ארויסגערופען דורך די שלעכטע פראנצויזישע פארקעהרסמיטלען און דורך דער ארימקייט פון דעם פויער. זיין שטיקעל באדען, אויף וועלכען ער ארבייט, דערלאזט ניט, איבער זיין קליינקייט, קיין צוטיילונג פון דער ארבייט, קיין אנוועגדונג פון וויסענשאפטליכע מעטאדען, קיין פערשיעדענאר־טיגע ענטוויקלונג, קיין פיעלזייטיגע ענטוויקלונג פון טאלאנטען, בכלל קיין רייכקייט פון געזעלשאפטליכע פארהעלטענישען. יעדע איינצעלנע פויערשע פאמיליע בעפרידיגט איהרע בעדערפענישען כמעט זעלבשטענדיג; זי פראדוצירט אונמיטעלבאר אליין דעם גרעסטען טייל פון דאס, וואס זי דארף געברויכען, און בעקומט איהרע לעבענסמיטלען מעהר אינ'ם אויסטויש מיט דער נאטור איידער אינ'ם פארקעהר מיט דער געזעלשאפט. אט איז איין שטיקעל באדען מיט זיין בעל הבית דעם פויער און זיין פאמיליע און נעבען דעם נאך א שטיקעל באדען מיט א פויער און זיין פא־מיליע. א גאנצע מענגע אזעלכע שטיקלעך באדען מיט פויערים־פאמיליעס בילדען א דארף. אן אנצאהל דערפער בילדען א דעפאר־טאמענט. אזוי ווערט דער גרעסטער טייל פון דער פראנצויזישער נאציאן אויסגעבילדט דורך א פשוט'ען צונויפלעגען פון גלייכע צא־

לען, פּונקט אַזוי ווי אַ זאַק קאַרטאָפעל מאַכט אויס אַ נייע מאָס — אַ זאַק קאַרטאָפעל. אויך אַזוי ווייט, ווי אָט די מיליאָנען פאַמיליעס לעבען אונטער עקאָנאָמישע עקזיסטענץ־בעדינגונגען, וואָס טיילען אָפּ און שטעלען פיינדליך אַנטקעגען זייער אַרט לעבען און זייערע אינטערעסען דעם אַרט לעבען און די אינטערעסען פון די אַנדערע קלאַסען, אויך אַזוי ווייט בילדען זיי אויס איין קלאַס. אויך אַזוי ווייט אָבער, ווי צווישען די קליינע פּויערים הערשט נאָר אַן אָרטי־גער צוזאַמענהאַנג, אויך אַזוי ווייט ווי די איינהייטליכקייט פון זייערע אינטערעסען רופט ניט אַרויס ביי זיי קיין געמיינשאַפט־ליכקייט, קיין נאַציאָנאַלע פאַרבינדונג און קיין פּאָליטישע אָרגאַני־זאַציע, אויך אַזוי ווייט בילדען זיי ניט קיין איין קלאַס. זיי זיינען דעריבער ניט פעהיג אויסצודריקען זייערע קלאַסענאינטערעסען אין זייער אייגענעם נאָמען, — אַלץ איינס צי דורך אַ פאַרלאַמענט צי דורך אַ קאָנווענט. זיי קאָנען זיך אַליין ניט פאַרטרעטען; זיי מוזען ווערען פאַרטראָטען דורך אַנדערע. זייער פאַרטרעטער מוז צו דערזעלבער צייט ערשיינען אַלס זייער האַר און אַלס אויטאָ־ריטעט, אַלס אומבעגרעניצטע רעגירונגסמאַכט, וואָס בעשיצט זיי פון די אַנדערע קלאַסען און שיקט זיי פון אויבען רעגען און זונען־שיין. דער פּאָליטישער איינפלוס פון די קליין־בעזיץ פּויערים האָט זיך אין לעצטען סך־הכל אויסגעדריקט אין דעם, וואָס די אויספיה־רענדע מאַכט האָט זיך אונטערטעניג געמאַכט די געזעלשאַפט.

דורך דער געשיכטליכער טראַדיציע איז ענטשטאַנען דער גלויבען פון די פּויערים אין אַ לעגענדע, אַז עס וועט אַמאָל קומען אַ מאַן מיט'ן נאָמען נאַפּאָלעאָן און וועט צוריקברייננגען די אַמאָ־ליגע גרויסקייט און הערליכקייט פון פראַנקרייך. און עס האָט זיך געפונען אַ מענש, וואָס האָט זיך אַרויסגעגעבען פאַר אָט דעם מאַן דערפאַר וואָס ער האָט געטראָגען דעם נאָמען נאַפּאָלעאָן, ווייל לויט אַן אַרטיקעל אין די געזעצביכער פון נאַפּאָלעאָן דעם 1טען איז „פאַרבאָטען נאָכצופאָרשען וועגען דעם, ווער איז דער פאָטער פון אַ קינד". נאָך צוואַנציג יאָהר אַרומשלעפּען זיך און נאָך אַ רייהע וואונדערבאַרע אַוואַנטיורען ווערט די לעגענדע פאַר־ווירקליכט און דער מאַן ווערט דער אימפּעראַטאָר פון די פראַנצוי־זען. די „אידעע פיקס" פון דעם פּלימעניק איז פאַרווירקליכט גע־

וואָרען, ווייל זי איז געווען איינס מיט דער „אידעע פיקס“ פון דעם גרעסטען קלאַס פון די פראַנצויזען.

מען וועט מיר אָבער זאָגען: און וואָס איז מיט דעם אויפ־שטאַנד פון די פויערים אין האלב פראַנקרייך? און מיט די שטראָפעקספּעדיציעס פון דער אַרמיי געגען די פויערים? און מיט דער מאַסענהאַפטער פאַרשיקונג און פאַרזעצונג פון די פויערים?

און ווירקליך זינט לואי XIV האָט נאָך פראַנקרייך ניט איבערגעלעבט אַזאַ פאַרפאָלגונג פון די פויערים פאַר כלומרשט „דעמאַגאָגישע בונטען“.

אָבער מען דאַרף דאָס גוט פאַרשטעהן: די באָנאַפּאַרטישע דינאַסטיע האָט רעפּרעזענטירט ניט דעם רעוואָלוציאָנערען נאָר דעם קאָנסערוואַטיווען פויער; ניט דעם פויער, וואָס רייסט זיך פון זיין שטיקעל באָדען און פון זיינע ענגע סאָציאַלע עקזיסטענצ־בעדינגונגען, נאָר דעם פויער, וואָס וויל אָט די עקזיסטענצבע־דינגונג אָנהאַלטען און פאַרפעסטיגען; ניט די דאָרפישע בעפעל־קערונג, וואָס וויל דורך איהר ענערגיע און אָנשליסענדיג זיך אן דער שטאָדט אומוואַרפען די אַלטע אָרדנונג, נאָר די, וואָס ווילען פאַר־קעהרט ראַטעווען זיך און בלייבען לעבען אָפּגעשלאָסען אויף זייער שטיקעל באָדען אין אָט דער אַלטער אָרדנונג, אונטער די חסדים פון דעם אימפּעריע־גייסט. די באָנאַפּאַרטישע דינאַסטיע האָט רעפּרעזענטירט ניט די אויפקלערונג, נאָר דעם אַבערגלויבען פון די פויערים, ניט זיין אורטייל, נאָר זיין פאָראורטייל, ניט זיין צוקונפט, נאָר זיין פאַרגאַנגענהייט, ניט די מאָדערנע סעווען, נאָר די מאָדערנע וואַנדעע (ניט די רעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנדען, נאָר די רעאַקציאָנערע קאָנטער־רעוואָלוציעס).

די דריי־יעהריגע גרויזאַמע הערשאַפט פון דער פּאַרלאַמענ־טאַרישער רעפּובליק האָט איין טייל פון די פראַנצויזישע פויערים בעפרייט פון דער נאַפּאָלעאָנישער אילוזיע און האָט זיי אויך ביז א געוויסער מאָס רעוואָלוציאָניזירט; אָבער די בורזשואַזיע פלעגט זיי מיט גוואַלד א שליידער טון צוריק יעדעס מאָל, ווען זיי פלעגען זיך אָנהויבען צו בעווענען. אין דער צייט פון דער פּאַרלאַמענטאַ־רישער רעפּובליק האָט זיך דער מאָדערנער און דער טראַדיציאָנעלער בעוואוסטזיין גענאַנגעלט ביי די פראַנצויזישע פויערים. אָט דער

פראַנצעס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַן אונאויפהערליכען קאַמף צווישען די שוללעהרער און די גלחים. די בורזשואזיע האָט אונ־טערגעדריקט די שוללעהרער. די פּויערים האָבען זיך צום ערשטען מאָל אָנגעשטרענגט צו נעהמען אַ זעלבסטשטענדיגע שטעלונג צו דער טעטיגקייט פון דער רעגירונג. אָט די אנשטרענגונג האָט זיך אַרויסגעוויזען אין דעם דויערנדען קאָנפליקט צווישען די מע־יאָרס פון די דערפער און צווישען די פּרעפעקטען. די בורזשואזיע האָט אַראָפּגעזעצט די מעיאָרס. לסוף האָבען זיך די פּויערים אין פארשיעדענע ערטער אויפגעהויבען געגען זייער אייגען קינד, געגען דער אַרמיי. די בורזשואזיע האָט בעצאָהלט די פּויערים מיט בעלאַגערונגסצושטאַנד און מיט טויט ־ שטראָפען. און דיזעלבע בורזשואזיע שרייט איצט וועגען דער טעמפּקייט פון די מאַסען, פון אָט דער „נאַרישער מענגע“, וואָס האָט זי פאַרראַטען צו באָ־נאַפּאַרטען. זי אַליין האָט געוואַלדיג בעפעסטיגט דעם אימפּעריאַ־ליזם פון דעם פּויערים־קלאַס; זי אַליין האָט פעסט געהאַלטען און געשיצט די בעדינגונגען, וואָס האָבען אַרויסגערופען אָט די ספּע־ציעלע פּויערים־רעליגיע. געווים מוז די בורזשואזיע זיך שרעקען פאַר דער טעמפּקייט פון די מאַסען, כל זמן זיי בלייבען קאָנסער־וואַטיוו, און פאַר דער אינטעליגענץ פון די מאַסען, וויבאַלד זיי ווערען רעוואָלוציאָנער.

אין די אויפשטאַנדען נאָך דער איבערקעהרעניש האָט איין טייל פון די פראַנצויזישע פּויערים פּראָטעסטירט מיט געוועהר אין די הענט געגען זיין אייגענער אָפּשטימונג פון 10־טען דעצעמבער 1848. די שול, וואָס זיי איז זינט 1848 אויסגעקומען דורכצומאַ־כען, האָט זיי פיעל געלערנט. אָבער זיי האָבען זיך שוין פאַרקויפט צום טייוועל פון דער געשיכטע און די געשיכטע האָט זיי איצט געהאַלטען ביים וואָרט; און די גרויסע מעהרהייט פון די פּויערים איז נאָך געווען אַזוי איינגעגלויבט און נאַריש, אַז גראַד אין די רויטסטע פּראָווינצען האָט די פּויערים בעפעלקערונג אָפען געשטימט פאַר באָנאַפּאַרטען. די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט גערעכענט, אַז זי האָט אָפּגעוועהנט די דאָרפישע בעפעלקערונג פון צו געהן; די דאָרפישע בעפעלקערונג אָבער האָט ערשט איצט צובראָכען די קייטען, וואָס די שטאָדט האָט אַרויפגעלעגט אויפ׳ן

ווילען פונ׳ם דאָרף. און ערטערווייז האָבען זיי זיך אפילו ארומ־
געטראָגען מיט דער וואונדערבארער פאָרשטעלונג צו „שאפען א
קאָנוועגט מיט א נאפּאָלעאָן בראש".

נאָכדעם ווי די ערשטע רעוואָלוציע האָט די לייבאייגענע
פויערים פארוואנדעלט אין פרייע ערדבעזיצער, האָט נאפּאָלעאָן
בעפעסטיגט און רעגולירט די בעדינגונגען, אונטער וועלכע זיי
זאָלען קאָנען אומגעשטערט עקספּלואַטירען דעם באָדען, וואָס מען
האָט זיי ניט לאַנג איינגעטיילט, און חרטה האָבען אויף זייער
יוגענדליכער ליידענשאפט נאך אייגענטום. אָבער איצט געהט אונ־
טער דער פראנצויזישער פויער גראָד א דאנק זיין שטיקעל באָדען,
א דאנק דער טיילונג פונ׳ם באָדען, א דאנק דער פאָרם פון אייגענ־
טום, וואָס נאפּאָלעאָן האָט בעפעסטיגט אין פראַנקרייך. די מאטערי־
עלע בעדינגונגען האָבען דאָס אַלזאָ דעם לייבאייגענעם פויער גע־
מאכט פאר א זעלבסטשטענדיגען פויער און נאפּאָלעאָנען פאר א קיי־
זער. אָבער עס איז גענוג געווען בלויז צוויי דורות, כדי צו ברייגגען
צום אומפארמיידליכען רעזולטאט: צו דער אַלץ וואקסענדער פאר־
ערגערונג פון דער ערדארבייט און צו דער אַלץ וואקסענדער פאר־
חוב׳עטקייט פון די פויערים. די „נאפּאָלעאָנישע" פאָרם פון איי־
גענטום, וואָס איז אין אָנהויב פונ׳ם נייגצעהנטען יאָהרהונדערט
געווען די בעדינגונג פאר דער בעפרייאונג און בערייכערונג פון
דער פראנצויזישער דאָרפישער בעפעלקערונג, האָט זיך אין משך
פון אָט דעם יאָהרהונדערט ענטוויקעלט אַלס געזעץ פון זייער
שקלאפעריי און פאראָרמונג. און אָט דאָס געזעץ איז די וויכ־
טיגסטע „נאפּאָלעאָנישע אידעע", וואָס דער צווייטער באָנאפּארט
האָט איצט צו פארווירקליכען. אויב ער גלויבט נאך, אזוי ווי
די פויערים, אין דער אילוזיע, אז ניט אין דעם קליינאייגענטום
אויף ערד גופא נאר אין דער ווירקונג פון אנדערע אויסערליכע זייטי־
גע אומשטאנדען ליעגט די אורזאך פון זייער חורבן, וועלען זיינע
עקספּערימענטען פּלאַצען ווי זייפענבלאָזען ביים ערשטען אָנשטויס
אויף די פּראָדוקציאָנס פארהעלטענישען.

די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פון דעם קליינעם ערדבעזיץ האָט
ביז׳ן גרונד אומגעענדערט די בעציהונג פון די פויערים צו די
אנדערע געזעלשאפטליכע קלאסען. אין דער צייט פון נאפּאָלעאָנען

האָט די צוטיילונג פֿונ'ם באָדען אויף קליינע חלקים אין דאָרף דער־גענצט די פרייע קאָנקורענץ און די גרויסע אינדוסטריע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען אין די שטעדט. דער קלאַס פון די פּויערים איז געווען דער לעבעדיגער מוסר־השכל פאַר דער פריצישער אַריסטאָקראַטיע וואָס מען האָט ערשט אָראָפּגעשליי־דערט. די וואָרצלען, וואָס דער קליינער ערדבעזיצער האָט געלאָזען אין דעם פראַנצויזישען באָדען, האָט צוגענומען ביים פעאָדאַליזם יעדע חיונה. די גרעניץ־צייכענס פון אָט די קליינע ערד־חלקים האָבען אויסגעבילדט די פעסטונגען, וואָס האָבען אַמבעסטען פאַר־טיידיגט די בורזשואַזיע געגען יעדער איבערקעהרעניש מצד איהר אַלטען אויבערהערשער. אָבער אין משך פונ'ם ניינצעהנטען יאָהר־הונדערט האָט דעם פּלאַץ פונ'ם פריץ פאַרנומען דער שטאָדטישער מלוה, דער וואוכערער; אנשטאָט די חובות צום פריץ זיינען גע־קומען די חובות אויף דער היפּאָטעק און אנשטאט דעם אריסטאָ־קראַטישען ערדאייגענטום איז געקומען דער קאַפּיטאַל. דער קליי־נער חלק באָדען פונ'ם פויער איז איצט בלויז אַן אויסרעד, וואָס ערלויבט דעם קאַפּיטאַליסט צו מאַכען פון דעם באָדען פּראָפיט, פּראָצענטען און רענטע, און צו לאָזען דעם פויער אַליין צוצוקוקען, ווי דער קאַפּיטאַליסט דריקט אַראָפּ זיין ארבייטסלוין. דער היפּאָ־טעקען־חוב וואָס ליעגט אויף דעם פראַנצויזישען באָדען לעגט אַרויף אויף די פראַנצויזישע פויערים אַ פּראָצענט, וואָס איז אַזוי גרויס ווי דער יעהרליכער פּראָצענט פאַר דעם גאַנצען נאַציאָ־נאַלען חוב פון גרויסבריטאַניען. דער קליין־בעזיץ אין אָט דער שקלאַפעריי ביים קאַפּיטאַל, צו וואָס עס האָט איהם אומפאַרמייד־ליך געבראַכט די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, האָט די מאַסען פון דעם פראַנצויזישען פאָלק פאַרוואַנדעלט אין טראָגלאָדיטען, אין הייל׳ענ־מענשען. זעבצעהן מיליאָן פויערים (אריינגערעכענט פרויען און קינדער) וואוינען אין היילען, פון וועלכע אַ גרויסער טייל האָט נאָר איין פענסטער־לאָך, אַן אַנדער טייל נאָר צוויי, און אין בעס־טען פאַל נאָר דריי; און די פענסטער פאַר אַ הויז זיינען דאָך ווי די פינף חושים פאַר דעם קאָפּ. די בורזשואַזע אָרדנונג, וואָס האָט אין אָנהויב פון יאהרהונדערט אוועקגעשטעלט די מלוכה אַלס שומר פאַר דעם נייגעשאַפענעם ערדבעזיץ און האָט בעמיסטיגט

די קליינע ערד־חלקים מיט מיליטערישע לארבערקרענץ, איז איצט געווארען א וואמפיר, וואס זויגט אויס דאס בלוט פון הארצען און דעם מארך פון די ביינער פונ׳ם קליינעם ערד־בעזיץ און ווארפט איהם אריין אין דעם אל־פארצערענדען קעסעל פונ׳ם קאפיטאל. דער „נאפאלעאן־קאדעקס“ איז איצט בלויז דער קאדעקס פון שטראפען, פון פארקויפען די ווירטשאפט פאר חובות און פון צוואנגס־עקספראפריאציע. צו די פיער מיליאן (אריינגערעכנט קינדער א. א. וו.) אפיציעלע בעטלער, שלעפער, פארברעכער און פראסטי־טוטקעס, וואס פראנקרייך צעהלט, קומען נאך צו פינף מיליאן, וואס שוועבען איבער דעם אפגרונד פונ׳ם לעבען און וואוינען אין דארף אדער וואנדערן מיט זייערע שמאטעס און מיט זייערע קינדער פון דארף אין שטאדט און פון שטאדט אין דארף. די אינ־טערעסען פונ׳ם פויער זיינען שוין מעהר ניט אין איינקלאנג מיט די אינטערעסען פון דער בורזשואזיע, פונ׳ם קאפיטאל, ווי דאס איז געווען אין די צייטען פון נאפאלעאנען, נאר זיי זיינען געגענזעצליך צו זיי. זיי געפינען דעריבער זייערע נאטירליכע פארבינדעטע און זייערע פיהרער אינ׳ם שטאדטישען פראלעטאריאט, וועמעס אויפגאבע עס איז — אומצואווארפען די בורזשואזע ארדנונג. אבער די שטארקע און אומבענגרענעצטע רעגירונג (דאס איז די צווייטע „נאפאלעאנישע אידעע“, וואס דער צווייטער נאפאלעאן האט זיך געשטעלט די אויפגאבע דורכצופיהרען), האט אלס איהר צוועק צו פארטיידיגען מיט גוואלדמיטלען אט די „מאטעריעלע“ ארדנונג. אין אלע באנאפארטס פראקלאמציעס, וואס ער האט ארויסגעלאזען געגען די רעוואלוציאנערע פויערים, ווערט אט די „מאטעריעלע ארדנונג“ ארויסגעשטעלט אלס הויפט־לאזונג.

צוזאמען מיט דער היפאטעק, וואס דער קאפיטאל לעגט ארויף אויפ׳ן קליינעם ערדבעזיץ, ליגט אויף דעם לעצטען נאך ווי א משא כבדה דער שטייער. דער שטייער — דאס איז דער לעבענסקוואל פון דער ביוראקראטיע, פון דער ארמיי, פון די גלחים, פון דעם „הויף“, מיט איין ווארט — פון דעם גאנצען אפאראט פון דער אויספיהרענדער מאכט. א שטארקע רעגירונג און שטארקע שטייערן זיינען איין און דאסזעלבע, זיי געהען צוזאמען. דער

קלײנער ערדבעזיץ פּאַסט זיך לויט זײן נאַטור נאָך פאַר א יסוד פון אַן אַלמעכטיגער און אומצאָהליגער ביוראָקראַטיע. ער שאַפט אײנהײטליכקײט אין די בעציהונגען און צװישען די פּערזאָנען איבער'ן גאַנצען לאַנד. ער גיט דעריבער א מעגליכקײט גלײכמע־סיג צו װירקען אויף אַלע פּונקטען פון אַט דער גלײכמעסיגער מאַסע פון אײן אויבערשטען צענטר. ער פאַרניכט די אַריסטאָ־קראַטישע מיטעלסטע שטופען צװישען דעם פּאָלק אין דער מלוכה־מאַכט. ער רופט דעריבער אַרויס פון אַלע זײטען דאָס דירעקטע אַרײנמישען זיך פון דער מלוכה־מאַכט און פון איהרע אוממיטעל־באַרע אָרגאַנען. און אויסערדעם רופט ער אַרויס אַן אומבעשעפּ־טיגטע איבעריגע בעפעלקערונג, װאָס געפינט ניט קײן פּלאַץ ניט אין דאָרף, ניט אין שטאָדט און יאָגט זיך דעריבער נאָך א מלוכה־אַמט, װי נאָך א בכבוד'יגער נדבה, און פאָדערט צו שאַפען אַלץ נײע מלוכה־אַמטען.

נאַפּאָלעאָן האָט צוריקגעקעהרט מיט פּראָצענט די שטײערן, װאָס ער האָט מיט צװאַנג גענומען בײם פּאָלק, דורך די נײע מערק, װאָס ער האָט געעפענט מיט זײנע באַיאָנעטען און דורך דעם רויב, װאָס ער האָט אָנגעזאַמעלט אויפ'ן קאָנטינענט. דאַ־מאַלס זײנען די שטײערן געװען א טרײב־מיטעל פאַר דער ענט־װיקלונג פון דער אינדוסטריע צװישען די פּויערים; און איצט רויבט די אינדוסטריע אָפּ די לעצטע הילפסקװאַלען בײ דעם פּויער און טויט אָפּ זײן גאַנצען װידערשטאַנד געגען דער אָרימקײט און בעטלעריי. און א גרויסע ביוראָקראַטיע, גוט געקלײדט און גוט גענעהרט — דאָס איז די „נ אַ פּ אָ ל ע אָ נ י ש ע א י ד ע ע", װאָס געפעהלט דעם צװײטען באָנאַפּאַרטען מעהר װי אַלץ. און װי זאָל דאָס אַנדערש זײן? באָנאַפּאַרט איז געװען געצװאונגען נעבען די װירקליכע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט צו שאַפען א נײע קינסטליכע קאַסטע, פאַר װעלכער די אויפהאַלטונג פון זײן רעזשים זאָל זײן די פראַגע פון איהר לעבען און טויט. אײנע פון זײנע פינאַנציעלע אָפּעראַציעס איז דעריבער געװען — צו העכערן די געהאַלטען פון די בעאַמטע ביז זײער אַמאָליגער גרויס און צו שאַפען נײע שטעלעס אָהן אַרבײט און מיט גרויסע געהאַל־טען.

נאָך א „נאַפּעלעאָנישע אידעע“ איז — די הערשאפט פון די גלחים אַלס רעגירונגסמיטעל. אָבער די פויערים, וואָס האָבען בעקומען קליינע ערד־חלקים, זיינען געוועזן נאַטירליך רעליגיעז בלויז דאמאלסט, ווען אַט די נאָר וואָס צוטיילטע קליינע ערד־חלקים זיינען געוועזן אין איינקלאַנג מיט דער געזעלשאפט, ווען זיי זיינען הויפּטזעכליך געוועזן אָפּהענגיג פון די נאַטור־כוחות און זיי האָבען זיך אונטערגעוואָרפען אונטער דער אויטאָריטעט, וואָס האָט זיי בעשיצט פון אויבען; איצט אָבער, ווען דער פויער פון דעם קליינעם ערד־חלק איז אריינגעטון אין חובות, איז צוריסען מיט דער געזעלשאפט און מיט דער אויטאָריטעט און רייסט זיך אַליין מעהר פון זיין אייגענער באַגרעניצטקייט, איצט איז ער נאַ־טירליך ניט רעליגיעז. גאָט איז געוועזן אַ שענער צוגאָב צום ערשט בעקומענעם שטיקעל באָדען, ווייל ער איז דאָך דער בעל הבית אויפ׳ן וועטער; אָבער ער איז געוואָרען בלויז אַ חוזק, ווען מען האָט איהם אַרויפגעצוואונגען אויפ׳ן פויער אַלס אויסטויש פאַר זיין שטיקעל באָדען. דאמאלסט קומט דער גלח פאָר נאָר אַלס געזאַלבטער שפּיר־הונט פון דער ערדישער פּאָליציי (נאָך אַ „נאַ־פּאָלעאָנישע אידעע“). די עקספעדיציע געגען רוים וועט דאָס נעכסטע מאָל פּאָרקומען אין פראַנקרייך גופא, נאָר אין אַ זין, וואָס איז דער היפּוך פונ׳ם הערר מאָנטאַלאַמבער.

דער העכסטער פּונקט אָבער פון די „נאַפּאָלעאָנישע אידעעס“ איז געוועזן די איבערוויכט פון דער אַרמיי. די אַרמיי איז געוועזן דער עהרען־פּונקט פון די פויערים; זי האָט זיי אַליין פאַרוואַנדעלט אין העלדען וואָס פאַרטיידיגען פון אויס־ווענינג זייער ערשט בעקומענעם אייגענטום, וואָס טועו אָן כבוד זייער ערשט בעקומענער נאַציאָנאַליטעט, און וואָס רויבען און רע־וואָלוציאָנירען די גאַנצע וועלט. דער מונדיר איז געוועזן זייער נאַציאָנאַלער אנצוג, דער ערד־חלק זייער פאַטערלאַנד, און דער פּאַטריאָטיזם — די אידעאַלע פאָרם פון אייגענטום. אָבער די פיינד, געגען וועלכע דער פראַנצויזישער פויער האָט איצט גע־דאַרפט פאַרטיידיגען זיין אייגענטום, זיינען ניט געוועזן די קאָזאַ־קען, נאָר די געריכטס־בעאַמטע און שטייערנזאַמלער. זיין ערד־חלק ליעגט איצט ניט מעהר אינ׳ם פּאַטערלאַנד, נאָר אינ׳ם היפּאָ־

טעקענבוך, און די אַרמיי אַליין בעשטעהט אויך שוין ניט מעהר פון דער בליהענדער פּויערים־יוגענד; זי איז איצט די זומפּבלום פון דעם פּויערישען לומפּענפּראָלעטאַריאַט. זי בעשטעהט מעהר־סטענטייל פון אָנגעשטעלטע אויף דעם אָרט פון די אמת׳ע רע־קרוטען, פון במקום׳ס, אַזוי ווי דער צווייטער באָנאַפּאַרט אַליין איז אויך ניט מעהר ווי אַ במקום, אַן אָנגעשטעלטער אויפ׳ן אָרט פונ׳ם אמת׳ן נאַפּאָלעאָן. און איהר העלדישקייט ווייזט איצט די אַרמיי אַרוים אין איהרע עקספּעדיציעס אַנטקעגען די פּויערים, אין דער ראָליע פון זשאַנדאַרמען. און ווען די אינערליכע ווידער־שפּרוכען פון דער סיסטעם, וואָס עס האָט איינגעפיהרט דער שעף פון דער געזעלשאַפט פון 10־טען דעצעמבער, וועלען צווינגען אָט דעם שעף איבערצוגעהן דעם פראַנצויזישען גרעניץ, וועט די פראַנצויזישע אַרמיי סוף כל סוף זיך אומקעהרען ניט מיט לאָרבער קרענץ, נאָר אַ צושלאָגענע.

מיר זעהען אַלזאָ, אַז אַלע „נאַפּאָלעאָנישע אידעעס" זיינען אידעעס פון דעם אונענטוויקעלטען, יונגען און פרישען קליינעם ערדבעזיץ; זיי זיינען אָבער אַן אַבסורד פאַר דעם איצטינען קליי־נעם ערדבעזיץ. אָט די אידעעס זיינען נאָר האַלוצינאַציעס, אַרוים־גערופען פון זיין קאַמף אויף לעבען און טויט; זיי זיינען ווערטער, וואָס זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין פראַזען, גייסטער, וואָס זיי־נען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין שאָטענס. אָבער די פּאַראָדיע פונ׳ם אימפּעריאַליזם איז נויטיג געווען, כדי צו בעפרייען די מאַסען פונ׳ם פראַנצויזישען פאָלק פון דער לאַסט פון טראַדיציע און כדי קלאָר צו בעווייזען דעם נעגענזאַץ פון דער מלוכה־מאַכט צו דער געזעלשאַפט. צוזאַמען מיט דעם אַלץ וואַקסענדען אונטערגאַנג פונ׳ם קליינעם ערדבעזיץ פאַלט אויך די גאַנצע מלוכה־געביידע, וואָס מען האָט אויף איהם אויפגעבויט. די צענטראַליזאַציע פון דער רעגירונג, אין וועלכער עס נויטיגט זיך די איצטיגע געזעל־שאַפט, ענטשטעהט נאָר אויף די חורבות פון דער מיליטערישער ביוראָקראַטישער רעגירונגס מאַשינעריע, וואָס איז אויסגעשמידט געוואָרען אין נעגענזאַץ צום פעאָדאַליזם.

די פאַרהעלטענישען צווישען די פראַנצויזישע פּויערים גיבען אונז אַן ענטפער אויף דער רעטעניש פון די אַלגעמיינע וואַהלען

פון 20־סטען און 21־סטען דעצעמבער, וואָס האָבען דעם צווייטען באָנאַפּאַרט אַרויסגעפיהרט אויפ׳ן בארג סיני, ניט צוליעב דעם, אַז ער זאָל דאָרטען בעקומען פּאַרטיגע צעהן געבאָט, נאָר ער זאָל אַליין די געבאָט געבען.

די בורזשואַזיע האָט איצט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווי צו וועהלען באָנאַפּאַרטען. ווען די פּוריטאַנער האָבען אויף דעם קירכענצוזאַמענפאָהר אין קאָנסטאַנץ זיך געקלאָגט אויף דאָס אויסגעלאַסענע לעבען פון די פּויפּסטען און אָנגעוויזען, אַז עס איז נויטיג צו איינפיהרען רעפאָרמען אין זייערע זיטען, האָט דער קאַרדינאַל פּיער ד׳איילי אויסגערופען: „נאָר דער טייוועל בכבודו ובעצמו קאָן נאָך ראַטעווען די קאַטוילישע קירכע, און איהר פאַר־לאַנגט, אַז דער מלאך זאָל דאָס טון“. אַזוי האָט אויך די פראַנ־צויזישע בורזשואַזיע אויסגערופען נאָך דער איבערקעהרעניש: „נאָר דער פיהרער פון דער געזעלשאַפט פון 10־טען דעצעמבער קאָן נאָך ראַטעווען די בורזשואַזע געזעלשאַפט!“ נאָר גנבה, הייסט דאָס, קאָן ראַטעווען דאָס אייגענטום, נאָר שבועה־ברעכעריי — די רעליגיע, נאָר ממזרים — די פאַמיליע און נאָר אונאָרדנונג— די אָרדנונג!

באָנאַפּאַרט, אַלס זעלבסטשטענדיג געוואָרענע אויספיהרענדע מאַכט, פיהלט, אַז זיין אויפגאַבע איז צו פאַרזיכערן די „בורזשואַזע אָרדנונג“. אָבער די קראַפט פון אָט דער אָרדנונג ליעגט אין דעם מיטעלקלאַס. און ער פיהלט זיך דעריבער אַלס פאַרטרעטער פון דעם מיטעלקלאַס און לאָזט אַרויס דעקרעטען אין דעם זין. דאָך אָבער איז ער ע ט ו ו אָ ס נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט צובראָכען די פּאָליטישע מאַכט פון אָט דעם קלאַס און ברעכט זי יעדען טאָג פון דאָס ניי. ער פיהלט זיך דעריבער אַלס געגנער פון דער פּאָ־ליטישער און ליטעראַרישער מאַכט פון דעם מיטעלקלאַס. אָבער בעשיצענדיג די מאַטעריעלע מאַכט פון דעם מיטעלקלאַס רופט ער אַלעמאָל פון דאָס ניי אַרויס די פּאָליטישע מאַכט זיינע. באָנאַ־פּאַרט האָט דעריבער געמוזט אָנהאַלטען אין לעבען די אורזאַך פון דער ערשיינונג און פאַרניכטען דעם רעזולטאַט איהרען אומעטום, וואו ער ווייזט זיך אַרויס. אָבער עס איז דערביי אוממעגליך צו בעגעהן זיך אָהן צונויפמישען די אורזאַך מיט איהר ווירקונג, ווייל

זייביידע פּאַרלירען אין זייער גענענזייטיגער ווירקונג זייערע אונ־
טערשיעדונגס־שטריכען. דערפֿון נעהמען זיך די אַלע נייע דעקרע־
טען, וואָס באָנאַפּאַרט גיט אַרויס צו אָפּוויישען דעם גרעניץ צווי־
שען דער אורזאַך און איהר רעזולטאַט. באָנאַפּאַרט פֿיהלט זיך
אויסער דעם אַלס פֿאַרטרעטער פֿון די פּויערים און פֿונ׳ם פֿאָלק בכלל
נעגען דער בורזשואַזיע, אַלס פֿאַרשטעהער, וואָס דאַרף גליקליך
מאַכען די נידעריגערע פֿאָלקסקלאַסען אין די גרעניצען פֿון דער
בורזשואַזער געזעלשאַפֿט. דערפֿון נעהמען זיך זיינע נייע דעקרע־
טען, וואָס האָבען אין אויסזיכט צו איבערשטייגען אפילו די
„עכטע סאָציאַליסטען" מיט זייער גאַנצער מלוכה־חכמה. אָבער
פֿריהער פֿאַר אַלץ פֿיהלט זיך באָנאַפּאַרט אַלס פֿיהרער פֿון דער גע־
זעלשאַפֿט פֿון 10־טען דעצעמבער, אַלס פֿאַרטרעטער פֿונ׳ם לומפּענ־
פּראָלעטאַריאַט, צו וועמען עס געהערט ער אליין, זיינע נאָהענטע
פֿריינד, זיין רעגירונג און זיין אַרמיי, און ביי וועמען עס האַנדלעט
זיך פֿריהער פֿאַר אַלץ וועגען דעם, ווי צו לעבען אַ גוטען טאָג
און ווי צו בעקומען קאַליפֿאָרניע־צעטלען פֿון דער מלוכה־קאַסע.
און באָנאַפּאַרט בעשטעטיגט זיין פֿיהרערשאַפֿט פֿון דער געזעלשאַפֿט
פֿון 10־טען דעצעמבער מיט דעקרעטען, אָהן דעקרעטען און אויף
צו להכעיס די געגענזעצליכע דעקרעטען.

אָט די ווידערשפּרוכפֿולע אויפֿגאַבע פֿון דעם מאַן ערקלערען
די ווידערשפּרוכען פֿון זיין רעגירונג, זיין אַרומבלאָנדזשען אהין און
אהער; זיינע פּראָבעס אָט צו געווינען און אָט צו דערנידעריגען דאָס
איין קלאַס, דאָס אַן אַנדערן; און פֿאַרוואָס ער ברייננט אַרויף אין
אַ גלייכער מאָס אויף זיך דעם כעס פֿון אַלע קלאַסען. און די פּראַק־
טישע אומזיכערהייט פֿון אָט דעם מאַן שטעלט פֿאַר זעהר אַ קאָ־
מישען קאָנטראַסט מיט דעם הערשערישען, קאַטעגאָרישען סטיל פֿון
די רעגירונגס־אַקטען, וואָס ער קאָפּירט שקלאַפֿיש נאָך זיין פֿעטער.

די אינדוסטריע און דעם האַנדעל, ד. ה. די געשעפֿטען פֿון
דעם מיטעלקלאַס, דאַרפֿען אונטער דער שטאַרקער רעגירונג זיך
קינסטליך ענטוויקלען און וואַקסען. גיט באָנאַפּאַרט אַרויס אין אַ
גרויסער צאָהל קאָנצעסיעס אויף אייזענבאַהנען און ערלויבט צו
מאַכען הלוואות אויף זיי. אָבער באָנאַפּאַרטס לומפּענפּראָלעטאַ־
ריאַט דאַרף אויך האָבען די מעגליכקייט צו מאַכען אַ מטבע. ער־

לויבט ער צו ספּעקולירען אויף דער בערזע מיט די קאָנצעסיעס, און „אייגענע“ מענשען, וואָס ווייסען אַלע סודות, שפּיעלען און לעקען אָפּ אביינדעל. אָבער עס ווייזט זיך ארויס, אז עס איז ניטאָ קיין קאַפּיטאַל פאַר די אייזענבאַהנען; בעפעהלט באָנאַ־פּאַרט דער באַנק ארויסצוגעבען הלואות אויף די אייזענבאַהנ־אָקציעס. אָבער די באַנק דאַרף צו דערזעלבער צייט אויסגענוצט ווערען אויך פון פּריוואַטע פּערזאָנען, וואָס ווילען אין איהר בעקו־מען הלואות. דאַרף מען זיי חנפ'ענען. בעפרייט ער די באַנק פון איהר פליכט צו פּובליקירען וועכענטליך איהר בעריכט. און צווי־שען דער באַנק און דער רעגירונג ווערט ענדליך געשלאָסען אַן איינזייטיגער אָפּמאַך (וואָס איז נאָר בעקוועם פאַר דער רעגירונג, אָבער ניט פאַר דער באַנק). מען דאַרף, אז דאָס פאָלק זאָל האָבען ארביים. בעפעהלט ער, מען זאָל אָנהויבען פאַרשיעדענע עפענט־ליכע ארבייטען. אָבער די עפענטליכע ארבייטען רופען ארויס א העכערונג פון די שטייערן; בעפעהלט ער צו פאַרקלענערן די שטייערן אויפ'ן חשבון פון די „ראַנטיע“, וואָס לעבען פון פּראָצענט, דורך פאַרבייטען די פינפפּראָצענטיגע רענטע אויף א 4½ פּראָ־צענטיגע. אָבער מען דאַרף דאָך ווידער געבען א צוקערלעקעך דעם מיטעלקלאַס. קומט א דעקרעט צו פאַרדאָפּלען דעם ווייגשטייער פאַר די מאַסען, וואָס קויפען וויין אין איינצעל, קליינע סכומענ'ווייז, און פאַרקלענערן דעם ווייגשטייער אויף דער העלפט פאַר דעם מיטעלקלאַס, וואָס קויפט וויין אַנגראָ, גרויסע סכומ'ען מיט אַמאָל. די ווירקליכע ארבייטערגעזעלשאַפטען ווערען אויפגעלעזט, אָבער מען זאָגט צו די ארבייטער אין דער צוקונפט ארבייטערגעזעלשאַפ־טען, וואָס וועלען וואונדער שאַפען. מען דאַרף העלפען די פּויע־רים: ווערען געגרינדעט היפּאָטעקען־בענק (מיט לאַנגיעהריגען קרע־דיט), וואָס פאַרשנעלערען די פאַרשולדיגונג פון די פּויערים און די קאָנצענטראַציע פון זייער אייגענטום. אָבער די בענק דאַרפען אויך ווערען אויסגענוצט אויף צו מאַכען געלט פון די קאָנפיס־קירטע גיטער פון דער אָרלעאַנישער פאַמיליע, און קיין קאַפּיטאַליסט וויל ניט איינגעהן אויף דער בעדינגונג, וואָס איז ניט איינגעשריבען אין דעם דעקרעט וועגען באַנק; בלייבט דער דעקרעט וועגען דער היפּאָטעקען־באַנק אויפ'ן פּאַפּיער, א. ד. ג., א. ד. ג.

באנאפארט האט געוואלט שפיעלען די ראליע פון א פאטרי־ארכאלישען בעל־חסד פון אלע קלאסען. אבער ער האט ניט גע־קאנט געבען איין קלאס, סיידען ער האט דערביי עפעס אפגענומען ביי דעם אנדערען. אזוי ווי מען פלעגט אין דער צייט פון דער פראנדע זאגען וועגען דעם הערצאג גיז, אז ער איז דער גרעסטער פליכט־מענש אדער חוב־מענש אין פראנקרייך, ווייל ער האט אלע זיינע גיטער פארוואנדעלט אין חובות און האט זיי צוגעבען צו זיינע אנהענגער, אזוי האט אויך באנאפארט געוואלט זיין דער גרעסטער פליכט־מענש אין פראנקרייך און פארוואנדלען דאס גאנצע נאציא־נאלע אייגענטום און די גאנצע ארבייט פון פראנקרייך אין א פער־זענליכער פארפליכטונג, אין א פערזענליכען חוב פון איהם אליין. ער האט געוואלט בע'גנב'ענען גאנץ פראנקרייך, כדי דערנאך זי פארהוליען אויף פראנקרייך גופא, אדער ריכטיגער כדי דערנאך קאנען אפקויפען גאנץ פראנקרייך; ווייל אלס פיהרער פון דער געזעלשאפט פון 10־טען דעצעמבער האט ער געקאנט איינשאפען זיך עטוואס נאר דורך קויפען. און אלס אינסטיטוטען צום קויפען ווערען פאר איהם אלע מלוכה־אינסטיטוציעס: דער סענאט; דער מלוכה־ראט; די געזעצגעבערישע קערפערשאפט; דער עהרענ־לעגיאן; די סאלדאטענמעדאלען; די וואשהייזער; די עפענטליכע ארבייטען; די אייזענבאהנען; די העכערע ראנגען אין דער נאציא־נאלער גווארדיע, וואס האט ניט קיין איינפאכע סאלדאטען; די קאנפיסקירטע גיטער פון דער ארלעאנישער פאמיליע. אלס קויפ־מיטעל ווערט ביי איהם יעדער פלאץ אין דער ארמיי און אין דער רעגירונגסמאשין. אבער דאס וויכטיגסטע אין אט דעם פראצעס פון צונעהמען פראנקרייך, כדי איהר דערנאך זי צוריק אפגעבען, זיי־נען די פראצענטען, וואס פאלען אריין אין דער צייט פונ'ם איבער־געבען צום פיהרער און צו די מיטגלידער פון דער געזעלשאפט פון 10־טען דעצעמבער. דער וויץ, וואס די גרעפין ל., די געליעבטע פון הער מארני, האט געזאגט וועגען דער קאנפיסקאציע פון די גיטער פון דער ארלעאנישער פאמיליע: „ס'ע לע פרעמיע וואל דע ל'ענגל" *) פאסט זיך צו יעדען פליה פון אט דעם א ד ל ע ר,

*) עס קאן בעדייטען: „דאס איז דער ערשטער פ ל י ה פונ'ם אדלער", אדער: דאס איז די ערשטע ג נ ב ה פון דעם אדלער".

וואָס איז פיעל מעהר אַ ר אָ ב. ער אַליין און זיינע אָנהענגער זאָגען יעדען טאָג צו זיך אַליין, אַזוי ווי דער איטאַליענישער קאַר־טעזיאַנער מאָנאַך זאָגט אין דער לעגענדע צום אַלטען קארגען, וואָס צעהלט מיט בעגייסטערונג און בעריהמעריי זיינע אוצרות, פאַר וועלכע ער קאָן נאָך פיעל יאָהרען האָבען צו עסען: „דו צעהלסט דיינע אוצרות. האָסט אָבער פריהער געדאַרפט איבערצעהלען דיינע יאָהרען". כדי ביים צעהלען נישט צו מאַכען קיין טעות אין יאָהרען, צעהלען זיי די מינוטען. אין דעם קייזערליכען הויף, אין די מיניסטעריומס, אויף די העכסטע שטאַפּלען פון דער פּאַרוואַלטונג און פון דער אַרמיי האָט איהר אַן עולם, וועגען וועל־כען מען קאָן אין בעסטען פאַל נאָר זאָגען, אַז קיינער וויים נים, פון וואַנען ער איז געקומען. איהר האָט דאָ־ט אַ טומעלדיגע, אומרוהיגע, נאָך רויך דאָרשטיגע ציגיינער־באַנדע, וועלכע פּוצט זיך אין פּאַראַדנע רעק מיט גאַלונעס, מיט אַ געמאַכטען, קאָמישען אָנ־שטעל. מען קאָן זיך בולט פאָרשטעלען אָט די העכערע שיכט פון דער געזעלשאַפט פון 10־טען דעצעמבער, ווען מען בעטראַכט, אַז וו ע ר אָ ן ג ר ע ו ו ע ל*) איז איהר מאָראַל־פּרעדיגער און ג ר אַ נ י ע ד ע ק אַ ס אַ נ י אַ ק — איהר דענקער. ווען גיזאָ האָט אין דער צייט, ווען ער איז געווען מי־ניסטער, בענוצט אָט דעם גראַניע אין זיינעם אַ בלעטעל אַלס ווערק־צייג געגען דער דינאַסטישער אָפּאָזיציע, פלעגט ער איהם נאָכזאָגען אַזאַ שבח: „ער איז דער קיניג פון די שוטים". מען וואָלט אָבער געהאַנדעלט ניט ריכטיג, ווען מען וואָלט פאַרגליכען דעם הויף און די סוויטע פון לואי באָנאַפּאַרט מיט דעם הויף און סוויטע פון לואי XV אָדער פון דער רעגענטשאַפט. ווייל, ווי מאַדאַם זשיראַרדין האָט זיך אויסגעדריקט: „פראַנק־רייך האָט שוין אַ סך מאָל געהאַט אַ רעגירונג פון קעפּס־ווייבער, פון קורטיזאַנקעס, אָבער זי האָט נאָך קיינמאָל ניט געהאַט קיין רעגירונג פון קעפּסמענער, פון פּראָסטיטוטען".

---

*) ג ר ע ו ו ע ל איז אַ טיפּ אין באַלזאַק'ס „קוזין בעט" געמאָלט נאָך דר. וועראָן, דעם אייגענטימער פון דער צייטונג „קאָנסטיטוסיאָנאַל", און שטעלט פאָר אַן אויסגעלאַסענעם פּאַריזער פיליסטער.

געטריבען פון די ווידערשפּרעכליכע פאָדערונגען פון זיין לאַ־
גע און געצוואונגען, ווי אַ פּאָקוסניק, צוצוציהען דורך שטענדיגע
איבערראַשענדע קונצען די אויפמערקזאַמקייט פונ'ם פּובליקום אויף
זיך, אַלס אויף דעם במקום נאַפּאָלעאָן; מוזענדיג אַלזאָ יעדען טאָג
דורכפיהרען עפּעס אַן „איבערקעהרעניש אין מיניאַטור“, טראָגט
באָנאַפּאַרט אריין אַ מישמאַש אין דער גאַנצער בורזשאוזער ווירט־
שאַפט; ער ריהרט אָן אַלץ וואָס די רעוואָלוציע פון 1848 האָט
געהאַלטען פאַר אומבעריהרבאַר; ער מאַכט, אַז איין טייל פון
פאָלק זאָל געדולדיג וואַרטען אויף אַ רעוואָלוציע און אַ צווייטער
טייל זאָל אומגעדולדיג דאָרשטען נאָך איהר, און ער רופט ארויס
אַנאַרכיע גופא אינ'ם נאָמען פון אָרדנונג. און אין דערזעלבער
צייט רויבט ער אָפּ ביי דער רעגירונגסמאַשין דעם שיין פון הייליג־
קייט; ער פאַרשוועכט זי, ער מאַכט זי אין איין און דערזעלבער
צייט אי עקעלהאַפט, אי לעכערליך. ער פיהרט איין אין פּאַריז דעם
קולט פון דעם נאַפּאָלעאָנישען אימפּעראַטאָר־מאַנטעל. אָבער
ווען דער אימפּעראַטאָר־מאַנטעל וועט ענדליך אַראָפּפאַלען
אויף די אַקסלען פון לואי באָנאַפּאַרט, וועט די בראָנזענע סטאַ־
טוע פון נאַפּאָלעאָנען אַרונטערפאַלען פון דער הויך פון דעם וואַנ־
דאָם־זייל.

[די נבואה איז מיט אַ פּאָר יאָהר שפּעטער בוכשטעבליך
מקוים געוואָרען. באָנאַפּאַרט, דאַמאַלסט שוין אימפּעראַטאָר לואי
נאַפּאָלעאָן III, האָט בעפעהלען אַרונטערצונעהמען נאַפּאָלעאָן'ס מי־
ליטערישע סטאַטוע פון דעם וואַנדאָם־זייל, און האָט אויף איהר
פּלאַץ ארויפגעשטעלט נאַפּאָלעאָן דעם Iטען אין אימפּעראַטאָר־
מאַנטעל. — ר ע ד.]

---

# דער בירגער־קריעג אין פראַנקרייך (1871־1870)

---

איבערזעצט פון דייטש — י. לעווין.

# פאָרוואָרט

„דער בירגער־קריעג אין פראַנקרייך" איז אַן ערקלערונג אָדער „אַדרעס", וואָס מאַרקס האָט אָנגעשריבן און פאַרעפנטליכט אין נאָמען פון דעם גענעראַל־ראַט פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל" וועגן דעם קאַמף פאַר און אַרום דער קאָמונע אין פּאַריז. דיזע „קאָמונע" — ביז דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1917 דער ערשטער און איינציגער פאַל פון אַ פּראָלעטאַרישער און ביז אַ געוויסער מאָס סאָציאַליסטישער רעגירונג אויף אַ פיעל־וועניג באַדייטענדען מאַסשטאַב — האָט עקזיסטירט אַרום און אַרום 71 טעג. דעם 18טען מערץ האָבען די אַרבייטער און קליינ־בירגער פון פּאַריז פּראָקלאַמירט די קאָמונע, דעם 26טען איז זי אָרגאַניזירט געוואָרען און ערוועהלט איהר צענטראַלען קאָמיטעט, און דעם 28טען מאַי זיינען ביי דעם גראָהען מויער־וואַנט פון דעם פּער־לאשעז בית־עולם אין פּאַריז צושאָסען געוואָרען איהרע לעצטע פאַרטיידיגער. נאָר 71 טעג האָט דער פראַנצויזישער פּראָלעטאַריאַט געהאַט אַרויסצוווייזען זיינע שעפערישע, קאָנסטרוקטיווע פעהיגקייטען, און יעדען איינעם פון די 71 טעג איז ער געווען אַרומגערינגעלט פון שונאים פון דרויסען און שונאים פון אינווענינג, — און לסוף איז ער געווען געשלאָגען,— און דאָך קאָן די געשיכטע און די גאַנצע וועלט ניט פאַרגעסען יענע 71 טעג: זיי האָבען געלאָזען טיפע, אומפאַרגעסליכע שפּורען אין דעם זכרון פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג פון דער גאַנצער וועלט. פאַרוואָס, מיט וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט די פּראָלעטאַרישע רעגירונג פון 71 טעג?— מיט דעם סאַמע פאַקט פון איהר זיין. „דערמיט", ווי מאַרקס דריקט זיך אויס אין דעם „אַדרעס": „וואָס די קאָמונע איז פאַר זיך אַליין געווען אַ גרויסע סאָציאַלע רעפאָרמע: זי איז געווען די פאַרקערפּערונג פון דער אידעע פון דעם אַרבייטער־קלאַס". „... זי איז אין איהר עצם געווען די רעגירונג פון דעם אַרבייטער קלאַס, דער רעזולטאַט פון דעם קאַמף צווישען די וואָס פּראָדוצירען און די וואָס עקספּלואַטירען, די לאַנג־געזוכטע פּאָליטישע פאָרמע, אין וועלכער ס'וואָלט קאָנען געשעהן די עקאָנאָמישע באַפרייאונג פון אַרבייט"...

„... זי איז געווען די ערשטע רעוואָלוציע, אין וועלכער דער אַרבייטער־קלאַס איז אנערקענט געוואָרען, אַלס דער איינציגער קלאַס, וואָס איז פעהיג אויף געזעלשאַפטליכע איניציאַטיווע: דאָס האָט אנערקענט דער פּאַריזער

„דריטער שטאַנד“ — די קליינע הענדלער, די בעלי־מלאכות, סוחרים, אַלע, אַ־חוץ די רייכע קאַפּיטאַליסטען“.

---

די קאָמונע איז ניט אַרונטערגעפאַלען פון הימעל. זי איז געווען אַ לאָגישער רינג אין דער קייט פון פּאַסירונגען, וואָס שטעלען צוזאַמען די געשיכטע פון דער רעוואָלוציע אין פראַנקרייך זינט 1789. פאַקטיש האָט יעדער נייער אויפשטאַנד זינט 1789 געטראָגען אין זיך די קערענד־לאַך דערפון, וואָס האָט שפּעטער געקראָגען אויסדרוק אין דער קאָמונע, נעמליך: די שטרעבונג פון דעם אַרבייטער־קלאַס צו פּאָליטישער מאַכט כדי צו פאַרווירקליכען זיין עקאָנאָמישע עמאַנציפּאַציע. אין יעדער רע־וואָלוציע ביז צו דער קאָמונע איז דער אַרבייטער קלאַס געווען דער פיזישער פאָטער פון דעם קאַמף. ער האָט געטראָגען די לאַסט פון אויפשטאַנד, אָבער דער "לאָגישער" יורש פון געווינס איז אַלע מאָל געווען אַן אַנדער קלאַס, אַן אַנדער טייל פון דער געזעלשאַפט. די גרויסע רעוואָלוציע אין 1789 האָט באַפרייט פראַנקרייך פון די פעאָדאַלע קייטען וואָס האָבען געשטערט איהר אינדוסטריעלע ענטוויקלונג, זי האָט געעפענט פאַר דער רעפּובליקאַנער בורזשואַזיע די אומבאַשרענקטע מעג־ליכקייט צו עקספּלואַטירען די אַרבייטער: איהר רעכט אויף עקספּלואַטאַ־ציע האָט קיינער ניט באַצווייפעלט. אָבער דער אַרבייטער קלאַס האָט פון דער רעוואָלוציע געוואונען נאָר דאָס רעכט אויף פרייהייט, אָבער ניט די מ ע ג ל י כ ק י י ט דעם רעכט צו פאַרווירקליכען. פאַר דער בורזשואַזיע האָט די רעוואָלוציע זיך פאַרענדיגט, פאַר דעם אַרבייטער־קלאַס — זיך ערשט אָנגעהויבען.

מיט 41 יאָהר שפּעטער אין 1830 איז ווידער אַמאָל דער פּראָלעטאַ־ריאַט געווען אין אויפשטאַנד, אָבער געוואונען האָט ער גאָר ניט: ס'האָבען זיך נאָר „געביטען הענט“ אין דער בורזשואַ־זיע. אין דער עקספּלואַטאַציע פון די אַרבייטער איז פאָר־געקומען נאָר איין ענדערונג: פריהער האָט פון דער עקספּלואַטאַציע מעהר גענאָסען איין טייל פון דער בורזשואַזיע, נאָך דער יולי־רעוואָלוציע (פון 1830) האָט אַ צווייטע טייל פון דער בורזשואַזיע זיך צוגערוקט צום אויבען־אָן. די אַרבייטער האָבען געלערנט פון דער נייער נידער־לאַגע, און ווען ס'איז געקומען די רעוואָלוציע פון 1848 האָבען זיי געזוכט צו נעמען דעם געווינס אין זייערע אייגענע הענט. בעת די בורזשואַזיע האָט ניט מעהר געוואָלט ווי שפּיעלען אין אָפּאָזיציע מיט'ן קעניג (לואי פיליפּ) און האָט אַפּעלירט צו די אַרבייטער נאָך הילף נאָר כדי אַ ביסעל אָנצושרעקען די איינגעשפּאַרטע מאַיעסטעט, האָבען די אַרבייטער פשוט זיך גענומען פאַר די געוועהר, אַרויס אין גאַס און אומגעוואָרפען דעם גאַנצען בנין פון בלומרשט קאָנסטיטוציאָנעלען קע־ניגטום. זיי האָבען פאַריאָגט לואי פיליפּ'ן, געגרינדעט די ציטווייליגע

רעגירונג מיט דעם אַנטייל פון אַ פּאָר אַרבייטער־פאָרשטעהער און האָבען ערנסט געגלויבט, אַז זיי האָבען איינגעפיהרט די „סאָציאַלע רעפּובליק“ שוין דערמיט אַליין, וואָס זיי האָבען זי פּראָקלאַמירט אַלס אַזעלכע.

די פּאַריזער אַרבייטער האָבען אַרויסגעוויזען מעהר מוט און באַוואוסטזיין אין 1848 ווי אין 1830, אָבער ניט גענוג באַוואוסטזיין, ניט גענוג פּאָליטישע פאָרזיכט ניט צו דערלאָזען, אַז די בורזשואַזיע זאָל זיי פּאַרנאַרען אויף אַ פּראָוואָצירטען אויפשטאַנד אין די יוני־טעג. דעם 22טען יוני האָט אויסגעפּלאַצט דער ערשטער גרויסער און דורכאויס באַוואוסטזיניגער פּראָלעטאַרישער אויפשטאַנד. אין די ווערטער פון מאַרקס'ן איז עס געוועזן: „די ערשטע גרויסע שלאַכט צווישען צוויי קלאַסען, אויף וועלכע עס טיילט זיך די היינטיגע געזעלשאַפט. ס'איז געוועזן אַ קאַמף וועמענס אויסגאַנג וואָלט באַדייטען דאָס אָנהאַלטען אָדער די פאַרניכטונג פון דער בורזשואַזער אָרדנונג“. די אַרבייטער האָבען זיך פינף טעג געשלאָגען אין די גאַסען: „מיט אַן אומפאַרגלייכבאַרען מוט און געניאַליטעט, אָהן פיהרער, אָהן אַ פּלאַן, מעהרסטענס אָהן געוועהר, האָבען די אַרבייטער פינף טעג געהאַלטען זיך געגען דער אַרמעע, מאָביליזירטע גוואַרדיע און די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע, וועלכע מען האָט אַרויסגערופען פון דער פּראָווינץ“. פינף טעג האָט די בורזשואַזיע פאַרבראַכט אין טויט־שרעק, אָבער ענדליך האָט געזיעגט איהר „אָרדנונג“, און נקמה, גרויזאַמע, ניט פאַרמאַסקירטע נקמה האָט זי גענומען פון די פּראָלעטאַריער, וואָס האָבען געוואַגט צו צווייפלען איהר מאַכט און רעכט. אַריבער 3000 אַרבייטער זיינען אָהן משפּט הינגעריכטעט געוואָרען נאָכדעם, ווי די שלאַכט איז שוין געווען אַריבער. די בורזשואַזיע האָט געשלאָגען די אַרבייטער פאַרוואָס זיי האָבען געוואַגט צו פאַרפאָלגען זייערע איינענע אינטערעסען. זיי זיינען געווען געשלאָגען דערפאַר וואָס זיי האָבען איבערגעשעצט זייערע אייגענע כחות און נאָך מעהר איבערגעשעצט די פּאָליטישע עהרליכקייט פון דער בורזשואַזיע. ביידע, דאָס ערשטע ווי דאָס צווייטע, זיינען גרויזאַמע פאַרברעכענס אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון דעם אַרבייטער־קלאַס.

פון די „יוני־טעג“ איז מיט דער אייזערנער, אומפאַרמיידליכער לאָגיק פון אַ נאַטירליכען פּראָצעס אויסגעוואַקסען די אימפּעריע פון לואי באָנאַפּאַרט, וועמענס „אַכצעהנטען ברומער“ מאַרקס האָט אַזוי אומברחמנות'דיג שאַרף און טיעף אויפגעדעקט אין זיין מייסטערווערק. נאַפּאָלעאָן דער 3טער, ווי דער פּאָליטישער שאַרלאַטאַן און נישטיגער פּאָליטיקער, האָט זיך אַ נאָמען געגעבען — הפּנים צו ווייזען, אַז ער איז ניט געווען קיין צווייטער צו נאַפּאָלעאָן דעם 1טען, — האָט געזוכט צו באַרוהיגען די אַרבייטער און צו באַפרידיגען די בורזשואַזיע: די אַרבייטער האָט ער געשפּייזט מיט דער אויפבליהונג פון אינדוסטריע און האַנדעל און גוטע פערדינסטען, פאַר וועלכע איהם האָט ניט געקומט קיין

דאַנק, און דער בורזשואַזיע האָט ער פאַרשפּראָכען טעריטאָריעלע אויס־בּרייטונג. ביי די אַרבייטער האָט ער אויסגענאַרט די רעפּובליק, ביי דער בורזשואַזיע — איהר פּאָליטישע מאַכט. און פריהער אָדער שפּע־טער האָט געמוזט פאַלען דער בנין, וואָס האָט זיך געהאַלטען אויף אַזעל־כע ניט־זיכערע יסודות. דאָס איז געשעהן, ווען נאַפּאָלעאָן דער 3טער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין זיין אייגענער אויסלענדישער פּאָליטיק. דער קריעג פון 1870 האָט אַראָפּגעשווענקט די אימפּעריע און געבראַכט די רעוואָלוציע פון 4טען סעפּטעמבער (1870) און די רעפּובליק. אָבער דאָס איז געווען אין קריעג, און די נייַ־געבאָרענע רעפּובליק האָט גע־האַט בירושה פון דער אומגעוואָרפענער אימפּעריע אַ צוקלאַפּטע און דע־מאָראַליזירטע אַרמעע, און אַ גרויסע גרופּע געוועזענע „רעגירונגס־מענ־שען“, וואָס זיינען געווען פיינדליך צו דער איבערקעהרעניש, סיידען זיי זאָלען קאָנען אויסניצען די איבערקעהרעניש אין זייערע אייגענע אינטערעסען. די בורזשואַזיע האָט זיך געמוזט שטיצען אויף די אַרביי־טער, האָט זיך געמוזט מיט זיי רעכענען, ווייל די מעהרסטע אַרבייטער זיינען געווען מאָביליזירט אין דער אַרמעע. ווידער די אַרבייטער האָבען ניט געוואָלט געהן צו־ווייט אין זייער אָנגריף אויף דער בורזשואַזיע, כדי אויסצומיידען אַ בירגער־קריעג, ווען דער מעכטיגער שונא האָט גע־האַלטען פראַנקרייך אין די צוואַנגען פון זיין פיעל שטאַרקערען, גוט־אָרגאַניזירטען מיליטער. האָט עס אויסגעוויזען, אַז עס וועט ניט גלייך קומען צו אַ צוזאַמענשטויס. אָבער די בורזשואַזיע, אַ דאַנק איהר שאַר־פען קלאַסען־חוש, האָט פערשטאַנען, אַז אַ פּראָלעטריאַט וואָס איז בעוואַ־פענט, ווען אפילו צוליב דער נאַציאָנאַלער פאַרטיידיגונג, איז בשום אופן ניט קיין ערבות פאַר אַ „רוהיגער“ בורזשואַזער צוקונפט. און די פיה־רער פון דער בורזשואַזיע האָבען ליבער פאַרראַטען זייער לאַנד איידער זעהן דעם פּראָלעטאַריאַט פאַרשטאַרקט. „דער בירגער־קריעג אין פראַנק־רייך“ איז די געשיכטע פון דעם פאַרראַט און פון דעם גרעסטען פּראָלע־טאַרישען אויפשטאַנד — די אָרגאַניזירונג פון דער סאָציאַלער קאָמונע פון די אַרבייטער, וואָס איז געקומען אַלס ענטפער אויף דעם נאַציאָנאַלען פאַרראַט פון דער בורזשואַזיע.

---

די קאָמונע איז ניט געווען קיין סאָציאַליסטישע אונטערנעמונג אין שטרענגען זינען פון וואָרט. זי איז ניט געווען קיין אויסשליסליכע אַרבייטער־אונטערנעמונג. זי איז געווען אַ פאַרזוך צו לייזען דעם תמצית פון דער ס אָ צ י אַ ל ע ר פראַגע: אומקערען די מאַכט צו די סאָ־ציאַלע קלאַסען, פון וועמען די בורזשואַזיע — איין פראַקציע אָדער אַ צווייטע — האָט כסדר די מאַכט אַוועקגענומען נאָך יעדען אויפשטאַנד פון אָט די פּאָציאַלע קלאַסען: דאָס זיינען געווען די אַרבייטער, די קליינע הענדלער, בעלי־מלאכות און סוחרים. אָבער צווייטען זיי זיינען

די אַרבייטער געווען דער אַמבעסטען צוגעפּאַסטער קלאַס אָנצואווייזען דעם אויסוועג פון דער פאַרוויקעלטער לאַגע: דער איינציגער קלאַס, ווי מאַרקס זאָגט, וואָס איז פעהיג געווען אויף געזעלשאַפטליכער איניציאַטיווע.

אָבער אויך דער אַרבייטער קלאַס איז געווען צוטיילט אין זיינע אנזיבעטען אויף דעם וועג, מיט וועלכען ס'זאָל געהן די קאָמונע. צוויי פּאַרטייען — די בלאַנקיסטען און די פּרודאָניסטען — האָבען געהאַט זייערע אנהענגער צווישען די אַקטיווע מיטגלידער פון דער קאָמונע. די בלאַנקיסטען האָבען געהאַט די מעהרהייט, זיי האָבען געגלויבט נאָר אין שטרענגער פּאָליטישער צענטראַליזאַציע, אין דער פיהרערשאַפט פון איינציגע, ספּעציעל־צוגעפּאַסטע, פאַרטרויענס־ווערטע יחידים, ביז דאָס פאָלק וועט פאַרשטעהן, ווי זיך אַליין צו פאַרוואַלטען. די פּרודאָניסטען, אָנהייגער פון קליינע, אויטאָנאָמע, פעדערירטע אַסאָציאַציעס האָבען געקוקט פאַרדעכטיג אויף צענטראַליזאַציע און האָבען איהר טעאָרעטיש באַקעמפט. איין פּאַרטיי איז אַלזאָ געווען פאַר פּאָליטישע דיקטאַטור, די צווייטע פאַר עקאָנאָמישע צוטיילונג. אָבער די אָביעקטיווע לאָגיק האָט גראָד געפאָדערט דעם היפּוך דערפון, וואָס די צוויי פּאַרטייען האָבען געפאָדערט. כדי אויפצוהאַלטען די מאַכט, אָהן שטערונגען פון אינווענדיג און צו באַפעסטיגען איהר פּאָליטישען איינפלוס, האָט די קאָמונע גענויטיגט זיך אין וואָס אַ לייזערע פּאָליטישע פאַרוואַלטונג, אַזוי דעמאָקראַטיש צענטראַליזירט ווי נאָר מעגליך, און אין אַ איינהייטליכער עקאָנאָמישער פּאָליטיק. צום גליק פון דער קאָמונע האָט עס פּאַסירט, ווי עס איז דער פאַל אין אַלע גרויסע היסטאָרישע מאָמענטען, אַז די פּאַרטייען און טעאָרעטיקער האָבען מעהר געפאָלגט די פאָדערונגען פון דער רעוואָלוציאָנערער ווירקליכקייט איידער די פאָרשריפטען פון זייערע טעאָרעטישע פּראָגראַמען. די בלאַנקיסטען, אונטער דעם דרוק פון דער אָביעקטיווער נויט האָבען איינגעשטעלט זיך פאַר אַ פרייער פעדעראַטיווער פאַראייניגונג פון זעלבסטשטענדיגע פּאָליטישע קאָמונעס, זיי האָבען אויפגעפאָדערט אַלע שטעדט אין פראַנקרייך צו אָרגאַניזירען זיך לויט דעם פּאַריזער מוסטער און בילדען אַ פרייע פאַראייניגונג פון גלייכע מיט פּאַריז. די פּרודאָניסטען ווידער האָבען מיט זייערע הענט געמוזט התמנ'ען די דעקרעטען פון דער קאָמונע וועלכע האָבען געפאָדערט די צענטראַליזירטע פאַראייניגונג פון די אינדוסטריעס און מאַנופאַקטורען פון דער קאָמונע אונטער איין פאַרבאַנד און איין קאָנטראָל.

אָבער די באַקערונג פון די אָנהייגער פון באַשטימטע סאָציאַלע און פּאָליטישע טעאָריעס צו די שריט, וואָס די ווירקליכקייט און דער אינערליכער שכל פון דעם קאַמף האָבען פערלאַנגט, איז ניט פאָרגעקומען אַזוי לייכט און גלאַט. מענשען ראַנגלען זיך פאַר זייערע טעות'ן אָפט מיט מעהר פלייס איידער פאַר זייערע אמת'ען. און ניט בלויז האָבען געקעמפט

צווישען זיך די פיהרער און פראַקציעס פון פראָלעטאַריאַט. די אַנדערע עלעמענטען פון דער דעמאָקראַטיע, הגם זיי האָבען אנערקענט די פיהרער־שאַפט פון דעם אַרבייטער־קלאַס, האָבען זיי דאָך ניט אָפּגעזאָגט זיך פון זיך אַליין. זיי האָבען געצויגען די קאָמונע צו די קלייניגקע אינטערעסען און צו דער באַפרידיגונג פון די סאָציאַלע נויטען פון די קליין־בירגערליכע שיכטען פון דער דעמאָקראַטיע. זיי האָבען מעהר געזאָרגט פאַר אַ קליינע, ממשות'דיגע עראָבערונג גלייך אויף'ן פּלאַץ איידער פאַר די גרויסע פּלענער און דער צוקונפטס־מוזיק פון די אַרבייטער. די קאָמונע האָט געזאָלט באַגעגענען אין האַלבען וועג אויך די פאָדערונגען פון דעם קליין־בירגערטום און זי האָט געוואָלט דער שלום־בית זאָל ניט פּלאַצען. דערפאַר זיינען געווען אומפאַרמיידליך אָפטע וואַקלונגען, ניט־ענטשלאָסענהייט, ניט זעלטען אויך פאַרשפּעטיגונג. און דערווייל זיינען די שונאים פון דער קאָמונע: די פּרייסישע אַרמעע און די פראַנצויזישע בורזשואַזיע, געשטאַנען גוט באַוואָפענט, באַזאָרגט מיט שפּייז און געוועהר, בעת די קאָמונע האָט געהונגערט, האָט ניט געהאַט גענוג קרעפטען, איז געווען צוטיילט אין פיהרערשאַפט.

די קאָמונע איז אונטערגעגאַנגען, אָבער דער אַרבייטער־קלאַס האָט זיך ניט געלאָזען פאַרטומלען פון דעם יובעל־געשריי פון דער זיעגרייכער רעאַקציע. ער האָט זיך באַוואָפענט מיט געדולד איבערצואוואַרטען דעם שטורעם, און ווידער, פון דאָס נייע, אָנצוהויבען בויען דעם געצעלט, פון וועלכען ס'וועט דאָך ענדליך אַרויס דער זיעג פון פראָלעטאַריאַט. ווארום, ווי מאַרקס זאָגט אין דעם פאָרליגענדען אַדרעס: „דער אַרבייטער קלאַס האָט ניט געפאָדערט פון דער קאָמונע און ניט ערוואַרט פון איהר קיין נסים. ער האָט ניט געוואָלט איינפיהרען דורך אַ פאָלקס־באַשלוס וועלכע עס איז גרייט־פאַרענדיגטע אוטאָפּיעס. דער אַרבייטער קלאַס ווייס, אַז כדי דורכצופיהרען זיין אייגענע באַפרייאונג און צוזאַמען דערמיט אויך צו ברייננגען יענע העכערע פאָרמעס פון לעבען, צו וועלכע די איצטיגע געזעלשאַפט שטרעבט אומאויפהערליך דורך איהר עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, דאַרף ער, דער אַרבייטער קלאַס, אויסהאַלטען אַ לאַנגען קאַמף, דורכמאַכען אַ גאַנצע רייהע היסטאָרישע פּראָצעסען, וואָס וועלען איינגאַנצען אומענדערן סיי די מענשען, סיי די אומשטענדען“.

דער בירגער־קריעג אין פראַנקרייך איז נאָר געווען דער איינלייטונגס־קאַפּיטעל אין דעם גרויסען געשיכטליכען ווערק וואָס דער אַרבייטער קלאַס פון דער וועלט שרייבט מיט זיין מאַרך און בלוט פאַר די צוקינפטיגע דורות. איצטער, מיט 48 יאָהר שפּעטער, שרייבט דער פראָלעטאַריאַט פון רוסלאַנד דעם ערשטען גרויסען טייל פון דאָס ווערק גופא — פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. דער היסטאָרישער אויטאָר וועט זיך אין דער אַרבייט ניט אָפּשטעלען; דער רויטער שנור פון דער געשיכטע וויקעלט זיך פאַרנאַנדער אַלץ ווייטער, ברייטער. י. ב. ס.

# דער בירגער־קריעג אין פראַנקרייך (1870—1871)

אַדרעס פון דעם גענעראַל־ראַט פון דער

## אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער אַסאָציאַציע

צו אַלע מיטגלידער פון דער אַסאָציאַציע
אין אייראָפע און די פעראייניגטע שטאַאַטען.

I

דעם 4טען סעפטעמבער 1870, ווען די פאַריזער אַרבייטער האָבען פראָקלאַמירט די רעפובליק, וועלכע איז פון גאַנץ פראַנקרייך אין דעם זעלבען אויגענבליק אויפגענומען געוואָרען מיט דער גרעסטער פרייד אָהן איין שטימע אנטקעגען, — האָט א באַנדע אַדוואָקאַטען, וואָס זוכען פאַר זיך שטעלעס, מיט טיער׳ן אַלס שטאַאַטסמאַן און טראָשיו אַלס גענעראַל, פערנומען פאַר זיך דעם האָטעל דע־וויל. צו יענער צייט זיינען די דאָזיגע חברה־לייט געווען דורכגעדרונגען מיט אזא פאַנאַטישען גלויבען, אז פאַריז איז בעשטימט ביי יעדען געשיכטליכען קריזיס צו פערטרעטען פראַנקרייך, אַז זיי האָט זיך געדוכט פאַר גענוג צו אָנווייזען אויף זייערע אָפגעשאַפענע מאַנדאַטען אַלס דעפוטאַטען פון פאַריז, כדי צו בערעכטיגען זייער אוזורפירטען נאָמען פון פראַנקרייכ׳ס רעגירער. אין אונזער צווייטען אַדרעס וועגען דעם לעצטען קריג (צווישען פראַנקרייך און דייטשלאַנד), פינף טעג נאָכדעם, ווי די דאָזיגע לייט זיינען אַרויפגעשוואומען, האָבען מיר אייך געזאָגט, ווער זיי זיינען. נאָר, אינ׳ם טומעל פון פערוואונדערונג, ווען די אמת׳ע אַרבייטער־פיהרער זיינען נאָך געווען פערשפאַרט אין באָ־נאַפאַרט׳ס טורמעס, און די פרייסען זיינען מיט א שנעלען מאַרש געגאַנגען אויף פאַריז, האָט פאַריז דאָך געדולדעט זייער אוזורפאַ־ציע פון דער מלוכה־מאַכט, הגם מיט דער בפירוש׳ער בעדינגונג, אז זייער מאַכט זאָל דיענען אויסשליסליך פאַר דער נאַציאָנאַלער פערטיידיגונג. אָבער פאַריז האָט מען אַנדערש ניט געקאָנט פער־

טיידיגען, סיידען מען זאָל בעוואפנען איהרע אַרבייטער, פערוואַנד־
לען זיי אין אַ קעמפענדע קראַפט און דורך מלחמה גופא אויסלער־
נען און צוגעוועהנען זייערע רייהען צום קאַמף. און אַ בעוואַפענטער
פּאַריז — דאָס איז אַ בעוואַפענטע רעוואָלוציע. אַ זיג פון פּאַריז
איבער דעם פּרייסישען אָנפאַלער וואָלט געווען אַ זיג פון די פראַנ־
צויזישע אַרבייטער איבער די פראַנצויזישע קאַפּיטאַליסטען און
זייערע מלוכה־פּאַראַזיטען. אין דעם דאָזיגען קאָנפליקט צווישען
דער נאַציאָנאַלער פליכט און די קלאַסען־אינטערעסען, איז די
רעגירונג פון דער נאַציאָנאַלער פערטיידיגונג קיין איין אויגענבליק
ניט געווען אין ספק, ווי זי דאַרף האַנדלען: זי האָט זיך פערוואַנ־
דעלט אין אַ רעגירונג פון נאַציאָנאַלען פעררעאַט.

איהר ערשטע אַרבייט איז בעשטאַנען אין אַרויסשיקען טיער׳ן
איבער אַלע קעניגליכע הויפען פון אייראָפּע, כדי אויסצובעטלען
דאָרט זייער פערמיטלונג, אָנבאָטענדיג דערפאַר דעם אויסטויש פון
דער רעפּובליק אויף אַ קעניג. פיער מאָנאַטען נאָכדעם, ווי די
בעלאַגערונג פון פּאַריז האָט זיך אָנגעהויבען, ווען די רעגירונג האָט
גערעכענט, אַז עס איז געקומען דער מאָמענט צו לאָזען הערען דאָס
ערשטע וואָרט פון אונטערגעבען זיך, האָט טראָשיו אין דער געגענ־
וואַרט פון זשול פּאַוור און אַנדערע מיטגליעדער פון דער רעגירונג
געהאַלטען פאָלגענדע רעדע פאַר די פערזאַמעלטע מעיאָרס פון
פּאַריז: —

„די ערשטע פראַגע, וואָס מיינע קאָלעגען האָבען נאָך דעם
זעלבען אָוועגד, דעם 4טען סעפּטעמבער, מיר געשטעלט, איז גע־
ווען: צי קאָן פּאַריז מיט וועלכען עס איז אויסזיכט אויף ערפאָלג
אויסהאַלטען די בעלאַגערונג פון דער פּרייסישער אַרמיי? איך
האָב גלייך געענטפערט, אַז ניט. אייניגע קאָלעגען מיינע, וואָס
זיינען דאָ אָנוועזענד, וועלען בעשטעטיגען, אַז מיינע ווערטער זיי־
נען ריכטיג, און אַז איך בין אויף מיין מיינונג בעשטאַנען. איך
האָב זיי געזאָגט מיט דיזעלבע ווערטער, אַז לויט דער לאַגע און
די אומשטאַנדען איז די פּראָבע אויסצוהאַלטען די בעלאַגערונג
פון די פּרייסען פּשוט אַ נאַרישקייט. אָהן צווייפעל, האָב איך צוגע־
נעבען, אַ העלדישע נאַרישקייט, אָבער דאָס גאָר. די געשעהענישען
(וועלכע ער האָט אַליין אָנגעפיהרט) האָבען מיינע פאָרויסזעהונגען

ניט אָבגעלייקענט". די דאָזיגע שענע קליינע רעדע טראשיו'ס איז נאָכדעם פאַרעפענטליכט געוואָרען פון איינעם פון די מעיאָרס, וועלכע זיינען דערביי געויען אנוועזענד, פון הערר קאָרבאָן.

אלזאָ, דעם זעלבען אָוועגד, ווען די רעפובליק איז פראָקלאַמירט געוואָרען, האָבען טראשיו'ס קאָלעגען שוין געוואוסט, אַז טראשיו'ס „פלאַן" איז בעשטאַנען אין אונטערגעבען פאַריז. ווען די נאַציאָנאַלע פערטיידיגונג וואָלט געווען מעהר, איידער אַ פּשוט'ער אויסרייד פאַר דער פערזענליכער הערשאַפט פון טיער, פאַוור און קאָ., וואָלטען די הערען, וואָס זיינען ארויסגעשוואומען דעם 4טען סעפּטעמבער, דעם 5טען סעפּטעמבער רעזיגנירט; זיי וואָלטען בעקאַנט געמאַכט די פאַריזער איינוואוינער מיט טראשיו'ס „פלאַן" און גואָלטען זיי אויפגעפאָדערט אָדער גלייך אונטערצוגעבען זיך אָדער איבערנעהמען אין זייערע אייגענע הענט זייער אייגענעם מזל. אנשטאָט דעם אָבער האָבען אָט די שענדליכע שווינדלער בעשלאָסען אויסצוהיילען די „העלדישע נאַרישקייט" פון פאַריז דורך הונגער און צובלוטיגטע קעפּ און אין דערזעלבער צייט מאַכען פאַריז צום נאַר דורך הויכקלינגענדיגע מאַניפעסטען, ווי צ. ב.: „טראָשיו, דער גובערנאַטאָר פון פאַריז, וועט זיך קיינמאָל ניט אונטערגעבען!" און זשול פאַוור, דער מיניסטער פון אויסערן, „וועט ניט אָפּטרעטען קיין איין שפּאַן באָדען פון אונזער לאַנד און קיין איין שטיין פון אונזערע פעסטונגען". אין אַ בריף צו גאַמבעטאַ'ן איז דערזעלבער זשול פאַוור זיך מודה, אַז זיי פערטיידיגען זיך דאָס ניט געגען די פּרייסישע סאָלדאַטען, נאָר געגען די פ אַ ר י ז ע ר אַ ר ב י י ט ע ר. די גאַנצע צייט פון דער בעלאַגערונג האָבען די באָנאַפּאַרטיסטישע גאָרגעל־שניידער, וועמען טראַשיו האָט פאָרזיכטיג פערטרויט די קאָמאַנדע איבער דער פאַריזער ארמיי, זיך כסדר געוויצעלט אין זייער אינטימער קאָרעספּאָנדענץ איבער דער אָפענער לעכערליכקייט פון דער כלומר'שטדיגער פערטיידיגונג. מען קאָן דאָס ארויסזעהן צ. ב. פון דער קאָרעספּאָנדענץ פון אלפאָנס סימאָן גיויאָ, דעם אויבער־קאָמענדאַנט פון דער ארטילעריע פון דער פאַריזער ארמיי און דעם דעקאָרירטען מיטגליעד פון עהרען־לעגיאָן, מיט סוזאַן, דעם דיוויזיאָנס־גענעראַל פון ארטילעריע, דער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס די קאָ־

מונע האָט פערעפענטליכט. און ענדליך האָבען זיי דעם 28טען יאנואר אראָפּגענומען פון זיך די מאַסקע. מיט אמת'ן העלדענ־מוט פון אויסערגעוועהנליכער זעלבסטדערנידערונג איז די רעגירונג פון דער נאַציאָנאַלער פערטיידיגונג ארויסגעטראָטען ביים אונטער־געבען פאַריז אלס די פראַנצויזישע רעגירונג פון ביסמארק'ס גנאַד אין אזאַ נידערטרעכטיגער ראָלע, אז אפילו לואי באָנאַפּארט אין סעדאַן וואָלט זיך אָפּגעטרייסעלט פון איהר. נאָך דעם 18טען מערץ האָבען די „קאַפּיטולירטע", אנטלויפענדיג אין אָרדנונג אין ווערסאַל, איבערגעלאָזען אין פאַריז דאָקומענטאַלע בעווייזען פון זייער פערראַט. כדי די בעווייזען צו פערניכטען, זאָגט די קאָמונע אין איינעם פון איהרע מאַניפעסטען צו די פּראָווינצען, „וואָלטען די דאָזיגע לייט זיך ניט אָפּגעשראָקען צו פערוואנדלען פאַריז אין א חורבה, וואָס באָדט זיך אין א בלוטיגען ים".

איינינע פון די הויפּט מיטגליעדער פון דער פערטיידיגונגס־רעגירונג האָבען נאָך דערצו געהאַט זייערע פּריוואַטע סיבות צו וועלען בריינגען פאַריז צו אזאַ צושטאַנד.

באַלד נאָכ'ן שליסען דעם וואַפענשטילשטאַנד האָט מיליער, דער דעפּוטאַט פון פאַריז צו דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג, וועל־מען מען האָט איצט דערשאָסען אויפ'ן עקסטרא בעפעהל פון זשול פאַוור, פערעפענטליכט א גאַנצע רייהע פון גלויבענסווערטע געריכט־ליכע דאָקומענטען, כדי צו בעווייזען, אז זשול פאַוור האָט געלעבט אונגעזעצליך מיט דער פרוי פון איינעם א שיכור, וואָס וואוינט אין אלזשיר; אז איהם האָט זיך דורך פרעכע פעלשונגען, וואָס ציי־הען זיך אין משך פון יאָהרען, איינגעגעבען אין נאָמען פון די קינ־דער פון יענעם, וועמעס עהרע ער האָט צובראָכען, צו בעקומען א גרויסע ירושה און איז דורכדעם געוואָרען א רייכער מאַן; און אז ביי א פּראָצעס, וואָס איז פערפיהרט געוואָרען נעגען איהם פון איינעם פון די געזעצליכע יורשים, האָט זיך איהם איינגעגעבען צו אויסמיידען די ענטדעקונג פון זיין פערברעכען בלויז דורך אונ־טערקויפען דעם באָנאַפּארטיסטישען געריכט. אזוי ווי פון אזוינע טרוקענע געריכטליכע דאָקומענטען איז ניט מעגליך געווען צו בע־פרייען זיך אפילו דורך שעהנרעדעריי, האָט זשול וואַפר צום ערשטען מאָל אין לעבען פערמאַכט דעם מויל, ערוואַרטענדיג

אין דער שטיל דעם בירגער קריג, כדי דאמאָלסט מיט כעס צו ערקלערען דאָס פאריזער פאָלק אלס א באַנדע אנטלאָפענע אָסט־ראָזשניקעס, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען געגען פאַמיליע, רעליגיע, אָרדנונג און אייגענטום. און דער דאָזיגער פעלשער, קוים האָט ער נאָר בעקומען די מאכט, האָט ער גלייך דעם 4טען סעפּטעמבער מיט מיטגעפיהל בעפרייט פּיק'ען און טאַיעפער'ן, די ביידע חברה־לייט וואָס זיינען אפילו אין דער צייט פון דער אימפּעריע פער־אורטיילט געוואָרען פאר פעלשונג אין דער סקאַנדאַל־געשיכטע מיט דער צייטונג „ל'עטאַנדאַר". איינער פון די דאָזיגע נאָבעלע לייט, טאַיעפער, האָט געהאט די העזה אריינצוקומען אין פאריז אין דער צייט פון דער קאָמונע, וואו מען האָט איהם גלייך ווידער אריינגעזעצט. און אויף דעם האָט דאָס זשול פאוור אויסגעשריען פון דער טריבונע אין דער נאַציאָנאַלער פערזאמלונג צו דער וועלט ארויס, אז די פאריזער האָבען בעפרייט אלע קרימינעלע פערברעכער.

ערנעסט פּיקאר, דער הויף־נאר פון דער רעגירונג פון נאַציאָנאַלער פערטיידיגונג, וועלכער האָט זיך אליין בעשטימט אלס מי־ניסטער פון אינערן פון דער רעפּובליק, נאָכדעם ווי ער האָט אומ־זיסט געשטרעבט צו ווערען מיניסטער פון אינערן פון דער אימ־פּעריע — איז דער ברודער פון א געוויסען ארטור פּיקאר, וועלכער איז אלס שווינדלער ארויסגעשליידערט געוואָרען פון דער פּאריזער בערזע (זעה בעריכט פון דעם פּאריזער פּאָליציי־פּרעפעקט פאר'ן 13טען יולי 1867) און איז פעראורטיילט געוואָרען, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אליין מודה געוועזן, פאר גנב'ענען 300,000 פראנק, ווען ער איז געוועזן דירעקטאָר פון אן אָפּטיילונג פון דער „סאָסיעטע־זשענעראל", אויף ריו פּאַלעסטראָ, נומ. 5 (זעה בעריכט פון דעם פּאָליציי פּרעפעקט פאר 11טען דעצעמבער 1868). דעם דאָזיגען ארטור פּיקאר האָט ערנסט פּיקאר בעשטימט פאר רעדאקטאָר פון זיין צייטונג „ל'עלעקטעיר ליבר". בשעת די געוועהנליכע בערזענ־לייט זיינען פערפיהרט געוואָרען דורך די אָפיציעלע ליגענס פון דער מיניסטעריעלער צייטונג, איז ארטור פּיקאר אומגעלאָפען פון מי־ניסטעריום אויף דער בערזע און צוריק האָט אויסגעשפּעקולירט די נידערלאַגע פון די פראַנצויזישע ארמעען אויף מזומנע געלט.

די גאַנצע געשעפטליכע קאָרעספאָנדענץ פון די ביידע בכבוד'יגע ברידער איז אריינגעפאַלען אין די הענד פון דער קאָמונע.

זשול פעררי, וואָס איז פאַר דעם 4טען סעפּטעמבער געוועזען א הונגעריגער אדוואָקאַט, האָט בעוויזען אלס מעיאָר פון פּאַריז, בשעת דער בעלאַגערונג, צו מאַכען זיך דורך שווינדעל א פערמעגען אין דער צייט פון אלגעמיינעם הונגער־נויט. דער טאָג, ווען ער וואָלט געדאַרפט אָפּגעבען דין וחשבון פאַר זיין פערברעכערישער פערוואַלטונג, וואָלט אויך געווען דער טאָג פון זיין פעראורטיילונג.

די דאָזיגע לייט האָבען געקאָנט בעקומען זייערע „טיקעטס־אָוו ליעוו*) נאָר אויף די חורבות פון פּאַריז; דאָס זיינען גראָד געווען אזוינע לייט, וועלכע ביסמארק האָט נויטיג געדאַרפט. א ביסעל איבערגעמישט די קאָרטען — און טיער, וואָס איז ביז דאַ־מאָלסט געווען בלויז דער געהיימער סופליאָר פון דער רעגירונג, איז איצט געוואָרען איהר הויפּט מיט די טיקעט־אָוו־ליעוו מענער אלס מיניסטאָרען.

טיער, די דאָזיגע מיאוסע בריאה, האָט אין משך פון מעהר ווי א האלב יאָהרהונדערט בעצויבערט די פראַנצויזישע בורזשואזיע, ווייל ער איז געווען דער פערענדיגטער גייסטיגער אויסדרוק פון איהר קלאַסענפערדאָרבענהייט. איידער ער איז געוואָרען א שטאַאַטס־מאַן, האָט ער שוין בעוויזען זיין קראַפט אין ליגען־זאָגען אלס גע־שיכטע־שרייבער. די כראָניקע פון זיין עפענטליכען לעבען איז די געשיכטע פון פראַנקרייכ'ס אומגליק. זייענדיג פערבונדען ביז 1830 מיט די רעפּובליקאַנער, האָט ער פאַר לואי פיליפּ'ן זיך ארויפגעכאַפּט אויף א מיניסטער־שטעלע, פערראַטענדיג דערביי זיין בעשיצער לאַפיט. צום קעניג האָט ער זיך צוגע'חנפ'עט, אָנ־רייצענדיג דעם המון צו פּאָגראָמען אויף די גלחים, פּאָגראָמען, אין דער צייט פון וועלכע מען האָט צוראָבירט די קירכע סען־זשערמען־ל'אָקזערוא און דעם פּאַלאַץ פונ'ם ערץ־בישאָף, און אויך דורך זיין

---

*) אין ענגלאַנד גיט מען אָפּט אַרויס שווערע פערברעכער, נאָכדעם ווי זיי זיינען אָפּגעקומען א טייל צייט פון זייער שטראָף, ספּעציעלע אָפּלאָז־צעטלעך, מיט וועלכע זיי ווערען אַרויסגעלאָזט אונטער דער אויפ־זיכט פון פּאָליציי. די דאָזיגע צעטלעך הייסען „טיקעטס־אָוו־ליעוו" און זייערע אייגענטימער — „טיקעט־אָוו־ליעוו־מען".

בעציהונג צו דער הערצאָגין פאָן־בעררי, ביי וועלכער ער האָט אין איין און דערזעלבער צייט געשפּיעלט די ראָל פון א מיניסטער־שפּיאָן און א טורמע־אקושאָר. דאָס איז געווען זיין שטיקעל אר־בייט, די שחיטה אויף די רעפּובליקאַנער אויף ריו טראַנסנאָנען; זיין ארבייט זיינען אויך געווען די שענדליכע סעפּטעמבער־געזעצען געגען דער פּרעסע און געגען דאָס רעכט פון פעראייניגונג. אין 1840, ווען ער איז ווידער ארויפגעשוואומען אלס פּרעמיער־מיניס־טער האָט ער ארויסגערופען די פערוואונדערונג פון גאַנץ פראַנק־רייך מיט זיין פּלאַן צו בעפעסטיגען פּאַריז. די רעפּובליקאַנער, וועלכע האָבען ערקלערט דעם פּלאַן אלס געהיימע פערברעכערישע פערשווערונג געגען דער פרייהייט פון פּאַריז, האָט ער אַזוי גע־ענטפערט אין דעם דעפּוטאַטען־הויז:

„ווי? זיי רעדען זיך איין אַז בעפעסטיגונגען קאָנען ווען עס איז ווערען שעדליך פאַר דער פרייהייט? אויב אַזוי, בעליידיגען זיי פריהער פאַר אַלץ יעדע מעגליכע רעגירונג, אויב זיי רעכענען, אַז זי קאָן פּרוּאווען האַלטען זיך דורך דער באָמבאַרדירונג פון פּאַ־ריז... אַזאַ רעגירונג וואָלט נאָך איהר זיג געווען הונדערט מאָל אוממעגליכער איידער פריהער". און אין דער אמת'ן קיין רעגירונג וואָלט ניט געוואַגט צו באָמבאַרדירען פּאַריז פון איהרע פאָרטען, אויסער דער רעגירונג, וואָס האָט פריהער דיזעלבע פאָרטען איבער־געגעבען צו די פּרייסען.

ווען קעניג באָמבע האָט אין 1848 אויסגעפּרובירט זיין מאַכט אויף פּאַלערמאָ, האָט טיער, דאַמאָלסט שוין ניט קיין מיניסטער, ווידער געהאַלטען א רעדע אין דעפּוטאַטען־הויז: „איהר ווייסט, מיינע העררען, וואָס עס קומט פאָר אין פּאַלערמאָ. יעדען פון אייך נעהמט אָן א שוידער (אין פּאַרלאַמענטאַרישען זין פון וואָרט), ווען איהר הערט, אַז מען האָט באָמבאַרדירט א גרויסע שטאָדט אין משך פון 48 שעה. און ווער? א פּרעמדער פיינד, וואָס האָט זיך בענוצט מיט מלחמה־רעכט? ניין, מיינע הערען! איהר אייגענע רעגירונג. און פאַרוואָס? ווייל די אומגליקליכע שטאָדט האָט געפאָדערט איהרע רעכט, און פאַר פאָדערען איהרע רעכט האָט זי בעקומען אַן אכט־און־פערציג שטונדיגע באָמבאַר־דירונג. ערלויבט מיר צו אפּעלירען צו דער געזעלשאַפטליכער מיי־

נונג פון אייראָפּע. עס איז אַ פערדיענסט פאַר דער מענשהייט, ארויסצוטרעטען אויף פיליכט דער גרעסטער טריבונע פון אייראָפּע און אַרויסצוזאָגען עטליכע ווערטער (יאָ, ווירקליך ווערטער) פון צאָרן נעגען אַזעלכע מעשים. ווען דער רענענט עספּאַרטעראָ, וואָס האָט געהאַט אַזוי פיעל פערדיענסטען פאַר זיין לאַנד (פיעל מעהר, איידער טיער האָט ווען עס איז געהאַט), האָט געוואָלט באָמבאַרדירען באַרסעלאָנאַ, כדי אונטערצודריקען אַ דאָרטינען אויפשטאַנד, האָט זיך פון אַלע עקען פון דער וועלט אויפגעהויבען אַן אַלגעמיינער צאָרן־נעשריי".

מיט אכצעהן מאָנאַט שפּעטער טרעפען מיר שוין טיער'ן צווי־שען די עקסטרעמע אָנהענגער פון באָמבאַרדירען רוים דורך אַ פראַנצויזישער ארמיי. דער פעהלער פון קעניג באמבע איז, אַלזאָ, בעשטאַנען אין דעם, ווייזט אויס, וואָס ער האָט זיין באָמבאַרדירונג בעגרעניצט נאָר מיט 48 שטונדען.

מיט עטליכע טעג פאַר דער פעברואַר־רעוואָלוציע, בייז פאַר זיין לאַנגען גלות, אויף וועלכען גיזאָ האָט איהם פאַראורטיילט, אָהן אַן אמט און אָהן אַ הכנסה, און שפּירענדיג אין דער לופטען, אז עס קומט אָן אַ פאָלקס־אויפשטאַנד, האָט טיער אין זיין פאַלשען העלדען־סטיל, וואָס האָט איהם פערשאַפט דאָס צונעמעניש מיראַבאָ־מוש (מיראַבאָ־פליג) דערקלערט אין דע־פּוטאַטען־קאַמער:

„איך געהער צו דער פּאַרטיי פון דער רעוואָלוציע ניט נאָר אין פראַנקרייך, נאָר אין גאַנץ אייראָפּע. איך וואָלט געוואָלט, אַז די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג זאָל פערבלייבען אין די הענט פון מעסי־גע לייט... אָבער ווען די רעגירונג וועט אַריינפאַלען אין די הענט פון הייסע מענשען, אפילו פון ראַדיקאַלען, וועל איך זיך צוליעב דעם פון מיין זאַך ניט אָפּזאָגען. איך וועל אַלעמאָל געהערען צו דער פּאַרטיי פון דער רעוואָלוציע".

עס איז געקומען די פעברואַר־רעוואָלוציע. אנשטאַט צו פערבייטען דאָס מיניסטעריום פון גיזאָ אויף אַ מיניסטעריום פון טיער, וועגען וואָס אָט דער קליין מענשעלע האָט געטרוימט, האָט זי נאָר פערביטען לואי פיליפּ'ן אויף אַ רעפּובליק. אינ'ם ערשטען טאָג פונ'ם זיג האָט זיך טיער פאָרזיכטיג אויסבעהאַלטען, פערגע־

סענדיג אז די פערצכטונג צו איהם מצד די אַרבייטער וואָלט איהם פערטיידינגט פון זייער האס. דאָך האָט ער זיך מיט זיין לאַנג בע־וואוסטען מוט געהאַלטען פון ווייטען פון דער עפענטליכקייט, ביז די יוני־שלאַכטעריען האָבען ווידער אָפּגערייניגט א פּלאַץ פאַר אַן אַרבייט, וואָס פּאַסט פאַר איהם. דאמאָלסט איז ער געוואָרען דער פיהרענדער גייסט פון דער פּאַרטיי פון „אָרדנונג“ מיט איהר פּאַרלאַמענטארישער רעפּובליק, אָט דער צווישען־צייט אָהן א נאָמען און אָהן א רעגירונג, ווען די פערשיעדענע פראַקציעס פון דעם הערשענדען קלאַס האָבען צוזאַמען געמאַכט קאָנספּיראַציעס צו אונטערדריקען דאָס פּאָלק און האָבען אינטריגירט איינע געגען דער אַנדערער, כדי צוריקצושטעלען די מאָנארכיע, יעדע לויט איהר גוסט. דאמאָלסט, אזוי ווי איצט, האָט זיך טיער געקלאָגט אויף די רעפּובליקאנער, אז זיי זיינען די איינציגע שטערונג צו בעפעסטיגען די רעפּובליק; דאמאָלסט, אזוי ווי איצט, האָט ער גערעדט צו דער רעפּובליק, ווי דער הענקער צו דאָן־קאַרלאָס: „איך וועל דיך טויטען, אָבער צוליעב דיין אייגענער טובה ווענען“. און איצט וועט ער אויך, ווי דאמאָלסט, דאַרפען אויסרופען אין דעם טאָג פון זיין זיג: „ל'אנפּיר־ע־פּע!“ — די אימפּעריע איז פאַרטיג! ניט קוקענדיג אויף זיינע חניפה'דיגע דרשות וועגען „נויטיגע פרייהיי־טען“ און אויף זיין פּערזענליכען כעס אויף לואי נאַפּאָלעאָן, וואָס האָט פון איהם חוזק געמאַכט און אַרויסגעוואָרפען דעם פּאַרלאַמענ־טאריזם (און אויסער דער קינסטליכער אַטמאָספער פון פּאַרלאַמענ־טאריזם ווערט דאָס קליין מענשעלע, ווי בעוואוסט, איינגעשרומפּען ביז א גאָרנישט), — נישט קוקענדיג אויף דעם אַלעם האָט טיער גענומען אַן אַנטייל אין אַלע שענדליכע מעשים פון דער צווייטער אימפּעריע, אָנהויבענדיג מיט פערנעהמען רוים דורך פראַנצויזישען מיליטער און ענדיגענדיג מיט דער מלחמה געגען פּרייסען, צו וועל־כער ער האָט געהעצט דורך זיינע ברענענדיגע פּאַמפּלעטען געגען דער פעראייניגונג פון דייטשלאַנד. אין דער דאָזיגער פעראייני־גונג האָט ער איינגעזעהן ניט א מאַסקע פאַר'ן פּרייסישען דעס־פּאָטיזם, נאָר א פערשווערונג געגען דעם אייביגען רעכט פון פראַנק־רייך אויף דער אונאיינינגקייט פון דייטשלאַנד. האַלטענדיג אין איין אומפּאָכען פאַר די אויגען פון גאַנץ אייראָפּע מיט דעם שווערד

פון נאפאָלעאָן דעם 1טען, וועמעס היסטאָרישער שטיוועל־פוצער
ער איז אַלעמאָל געווען, האָט דאָס דאָזיגע פערזעהעניש אין זיין
אויסערליכער פּאָליטיק שטענדיג געפיהרט צו דער גרעסטער דער־
נידערונג פון פראַנקרייך, אָנהויבענדיג מיט דער לאָנדאָנער קאָנ־
ווענציע אין 1841, ביז דער פּאריזער קאפּיטולאַציע אין
1871 און ענדליך מיט'ן איצטיגען בירגער־קריג, אין וועל־
כען ער האָט מיט דער אַלערהעכסטער ערלויבעניש פון ביסמארקען
אויפגעהעצט די געפאַנגענע פון סעדאַן און מעץ געגען פּאריז.
ניט קוקענדיג אויף דער בויגעוודיגקייט פון זיין טאַלאַנט און דער
פערענדערליכקייט פון זיינע ציעלען, איז דער דאָזיגער מאַן זיין
גאַנץ לעבען געבליבען דער פער'עקשנ'טסטער רוטינער. עס איז
קלאָר, אז די אַלע טיעפערע שטרעמונגען פון דער היינטיגער גע־
זעלשאַפט האָבען געמוזט בלייבען פאַר איהם אויף אייביג פערבאָר־
גען. אָבער אפילו אזעלכע ענדערונגען אויף דער געזעלשאַפטליכער
ביהנע, וועלכע מען קאָן מיט די הענט אָנטאַפּען, איז געווען שווער
צו בענעהמען פאַר א מוח, וועמעס גאַנצע לעבענס־קראַפט איז אריין
אין זיין צונג. אזוי, צ. ב., איז ער קיינמאָל ניט מיד געוואָרען צו
ערקלערען יעדע אפּנייגונג פון דער פערעלטערטער פראַנצויזישער
שוצטאריף־סיסטעם אַלס אַ חילול־הקודש. זיינענדיג מיניסטער פון
לואי פיליפּ, האָט ער זיך אויסגעלאַכט פון די אייזענבאַהנען און
זיי געוואָלט פערשרייען ווי אַ פערבלענדעניש פון אַ היצקאָפּ;
זיינענדיג אין דער אָפּאָזיציע פאַר לואי באָנאַפּארט, איז ער ארויס־
געטראָטען געגען יעדען פערזוך צו רעפאָרמירען די פערפוילטע
אָרדנונג פון דער פראַנצויזישער ארמיי, ערקלערענדיג עס אַלס חילול
הקודש. קיין איין מאָל אין משך פון זיין לאַנגער פּאָליטישער
קאריערע האָט ער זיך ניט בעריהמט געמאכט אפילו מיט קיין איינ־
ציגען פראַקטיש־נוצליכען אויפטו. טיער איז געווען אויסגעהאַל־
טען נאָר אין זיין זשעדנעקייט צו רייכקייט און אין זיין שנאה צו
די מענשען וואָס שאַפען זי. ער איז אריינגעטראָטען צום ערשטען
מאָל אין מיניסטעריום פאַר לואי פיליפּ אָרים ווי איוב אין דער
צייט פון זיינע צרות, און פערלאָזען האָט ער דאָס מיניסטעריום
אַ מיליאָנער. ווען ער איז, זיינענדיג צום לעצטען מאָל מיניסטער
פאַר לואי פיליפּ (פון 1טען מערץ 1840), אָנגעקלאָגט געוואָרען פאַר

פערשוועגדען מלוכה־געלדער, האָט ער זיך אלס ענטפּער בעגנוגענט בלויז מיט וויינען, א מיטעל מיט וועלכען ער האָט זיך בענוצט פונקט אזוי פריי, ווי זשול פאַוור און יעדער אנדער קראָקאָדיל. אין באָרדאָ אין 1871 איז זיין ערשטער שריט צו ראַטעווען פראַנק־רייך פון א פינאַנציעלען באַנקראָט, וואָס האָט זיך אויף איהר אָנ־געדרוקט, בעשטאַנען אין פערזאָרגען זיך אליין מיט דריי מיליאָן א יאָהר געהאַלט; דאָס איז געווען דאָס ערשטע און לעצטע וואָרט פון דער „עקאָנאָמיזירענדער רעפּובליק", וועגען וועלכער ער האָט געדעדט אין דעם אויפרוף צו זיינע פּאַריזער וועהלער. איינער פון טיער׳ס פריהערדיגע קאָלעגען פון דער דעפּוטאַטען־קאַמער פון 1830, אליין א קאַפּיטאַליסט — וואָס עס האָט איהם אָבער ניט גע־שטערט צו זיין אַן איבערגעבענסטער מיטגליעד פון דער פּאַריזער קאָמונע — איינער הערר בעעלי, האָט ניט לאַנג אין זיינער א פּראָקלאַמאַציע אזוי געווענדט זיך צו טיער׳ן: „די פערשקלאַפונג פון דער ארבייט צו קאַפּיטאַל איז אלעמאָל געווען דער ווינקעל־שטיין פון אייער פּאָליטיק; און זינט עס האָט זיך אין פּאַריזער ראַטהויז בעזעצט די רעפּובליק פון די ארבייטער, הערט איהר ניט אויף צו שרייען איבער גאַנץ פראַנקרייך: אָט זיינען זיי די פער־ברעכער!" — א מייסטער אין קליינליכע מלוכה־פּאָלישקייטען, א קינסטלער אין פאַלש שווערען און פערראַט, א מלומד אין אלע נידעריגע רמאות, אָפּגאַרערישע פּלענער און געמיינע שווינדלערייען פון פּאַרלאַמענטאַרישען פּאַרטיי קאַמף; אלע מאָל גרייט אויפצו־הויבען א רעוואָלוציע, ווען ער איז אַראָפּגעזעצט פון אַמט, און דער־שטיקען זי אין בלוט ווי נאָר ער האָט ווידער בעקומען דעם מלוכה־רודער; מיט קלאַסען־פּאָראורטיילען אנשטאָט אידעען; מיט גאוה׳־דיגער בעריהמערייי אויפ׳ן ארט פון האַרץ; אין זיין פּריוואַטען לעבען פּונקט אזוי שעדליך, ווי אין געזעלשאַפטליכען לעבען נידער־טרעכטיג, — קאָן ער נאָך אפילו איצט, שפּילענדיג די ראָלע פון א פראַנצויזישען סולא, ניט אָפּהאַלטען זיך פון בעפּוצען די מיאוס׳קייט פון זיינע מעשים מיט דער לעכערליכקייט פון זיינע בעריהמערייען.

די קאַפּיטולאַציע פון פּאַריז, וואָס האָט איבערגעגעבען צו די פּרייסען אין די הענט ניט נאָר פּאַריז, נאָר גאַנץ פראַנקרייך, האָט

פערענדיגט די לאנגע שורה פון פערר‌עטערישע אינטריגעס מיט׳ן פיינד, וואס די אוזורפאטארען פון 4טען סעפטעמבער האבען אנ־געפאנגען, לויט ווי טראשיו אליין האט געזאגט, נאך דעמזעלבען טאג. פון דער אנדער זייט האט די קאפיטולאציע אנגעהויבען דעם בירגער־קריג, וואס די אוזורפאטארס האבען איצט געדארפט פיה־רען געגען דער רעפובליק און געגען פאריז מיט דער הילף פון די פרייסען. א נעץ איז געווען פערוואָרפען שוין אין די בעדינגונגען פון דער קאפיטולאציע. איין דריטעל פונ׳ם לאנד איז געווען אין דער האנט פונ׳ם שונא; די הויפט־שטאדט איז געווען אפגעשני־טען פון די פראווינצען; אלע פערקעהרסמיטלען זיינען געווען אין אונארדנונג. אונטער אזעלכע אומשטענדען איז אוממעגליך געווען צו ערוועהלען א ווירקליכע פערטרעטערשאפט פון פראנקרייך, סיי־דען מען זאל איהר האבען געגעבען גענוג צייט אויף פארבערייטונ־גען. און גראדע דערפאר איז אין די קאפיטולאציאנס־בעדינגונגען איינגעשטעלט געווארען א פונקט, אז מען דארף אויסוועהלען א נאציאנאלע פערזאמלונג אין משך פון אכט טעג, אזוי אז אין א סך טיילען פון פראנקרייך איז די ידיעה וועגען די פארשטעהענדע וואה־לען ערהאלטען געווארען ערשט ערב די וואהלען. ווידער האט די נאציאנאלע פערזאמלונג, לויט א בפירוש׳ען פונקט פון דער קאפיטו־לאציע, געזאלט געוועהלט ווערען בלויז צוליעב איין צוועק — צו בעשליסען וועגען דער פראגע פון מלחמה אדער שלום און אין לעצ־טען פאל — אויסארבייטען דעם שלום־אפמאך. דאס פאלק האט געמוזט פיהלען, אז די בעדינגונגען פונ׳ם וואפענשטילשטאנד האבען געמאכט אוממעגליך ווייטער צו פיהרען די מלחמה, און אז אויף צו בעשטעטיגען דעם פרידען, וואס איז ארויפגעצוואונגען געווארען פון ביסמארק׳ען, זיינען די ערגסטע מענשען פון פראנק־רייך גראדע די פאסיגסטע. אבער נאך ניט צופרידען מיט אט די אלע פארזיכט־מיטלען, האט טיער — ערב אויסזאגען די פאריזער דעם סוד וועגען דעם וואפענשטילשטאנד — זיך אוועקגעלאזען אי־בער די פראווינצען אויף א וואהל־רייזע, כדי דארטען ווידער ברייג־גען צום לעבען די לעגיטימיסטישע פארטיי, וואס האט איצט גע־דארפט, אין רייה מיט די ארלעאניסטען, פארנעמען דעם ארט פון די באנאפארטיסטען, וועלכע זיינען געווארען אונמעגליך. ער האט

פאַר דער באָנאַפּאַרטיסטישער פּאַרטיי איצט קיין מורא ניט געהאַט. זי איז געווען אוממעגליך אַלס רעגירונגס פּאַרטיי אין דער מאָדערנער פראַנקרייך און דערפאַר נישטווערטיג אַלס קאָנקורענט; אָבער טאַ־קע דעריבער איז די דאָזיגע פּאַרטיי, וועמעס ארבייט האָט, לויט טיער'ס אייגענעם אויסדרוק (אין דעפּוטאַטען־קאַמער, 5טען יאַ־נואַר 1833) זיך שטענדיג אויסגעדריקט בלויז אין „פּיינדליכען אי־בערפאַל, בירגער־קריג און אַנאַרכיע", — דעריבער איז די דאָזי־גע פּאַרטיי געווען דער בעסטער שטיצפּונקט פון דער רעאַקציע. די לעגיטימיסטען אָבער האָבען מיט אַן אמת געגלויבט, אַז עס קומט אָן זייער משיח־צייט, אַז עס קומט צוריק די פערגאַנגענהייט. פראַנקרייך האָט זיך געפונען אונטער'ן קנאַפּעל פון אַ פּיינד; די אימפּעריע איז געפאַלען, און באָנאַפּאַרט איז געווען אין געפאַנגענ־שאַפט; און זיי אַליין זיינען צוריק לעבעדיג געוואָרען. די ראָד פון דער געשיכטע האָט זיך בעשיינפּערליך אַ דרעה געטאָן צוריק צום „שאַנבר אינטרואוואַבל (פּאַלאַטע פון יונקערס) פון 1816. אין די פּאַרלאַמענטען פון דער רעפּובליק פון 1848 ביז 1851 זיינען זיי געווען פערטראָטען דורך זייערע געבילדעטע און ערפאַהרענע פיה־רער. איצט אָבער האָט זיך אַרויסגערוקט דער געמיינסטער און נידעריגסטער טייל פון זייער פּאַרטיי, די אַלע אויסוואורפען פון פראַנקרייך.

באַלד ווי די דאָזיגע פערזאַמלונג פון „דאָרף־דעפּוטאַטען", די פערטרעטער פון אַגראַריער און זייערע יונגען, האָט זיך גע־עפענט אין באָרדאָ, האָט זיי טיער ערקלערט, אַז זיי מוזען גלייך, אפילו אָהן יעדע פאָרמעלע פּאַרלאַמענטאַרי־שע דעבאַטען, אָנהויבען די פריעדענס־פערהאַנדלונגען, ווייל דאָס איז די איינציגע בעדינגונג, אויף וועלכער די פּרייסען וועלען זיי ערלויבען אָנהויבען מלחמה געגען דער רעפּובליק און געגען איהר פעסטונג פּאַריז. די קאָנטער־רעוואָלוציע האָט ווירקליך ניט געקאָנט אומזיסט פערלירען קיין צייט. די צווייטע אימפּעריע האָט פער־דאָפּעלט די מלוכה־חובות, און די גרויסע שטעדט זיינען געווען פערזונקען אין אָרטיגע חובות. דער קריג האָט שרעקליך אויפ־געהויבען די חובות פונ'ם פאָלק און האָט אָהן רחמנות אויסגעשעפּט זיינע מיטלען. און ווי צו מאַכען דעם אומגליק פאַר פול, איז דער

פּרייסישער שיילאָק געשטאַנען מיט זיין שטר־חוב, פאָדערענדיג מיטלען אויף אויסצוהאַלטען אַ האַלבען מיליאָן סאָלדאַטען אויף דער פראַנצויזישער טעריטאָריע, פינף מיליאַרד קאָנטריבוציע און פינף פּראָצענט ביז די קאָנטריבוציע וועט איינגעצאָהלט ווערען. ווער האָט געזאָלט צאָהלען אָט דאָס אַלץ? נאָר אומוואַרפענדיג מיט גוואַלד די רעפּובליק, האָבען די אייגענטימער פון רייכטום געקאָנט האָפען אַרויפצואוואַרפען די קאָסטען פון דער מלחמה, וואָס זיי אַליין האָבען פערקאָכט, אויף די פּלייצעס פון די, וואָס פּראָדוצי־רען דאָס רייכטום. און אויף אַזאַ אופן האָט דער שרעקליכסטער חורבן פון פראַנקרייך אונטערגעגעבען חשק די פּאַטריאָטישע פער־טרעטער פון קאַפּיטאַל און די פּריצים צו פערענדיגען — אונטער דעם אויפזיכט און דעם אַלערהעכסטען שוץ פונ׳ם פרעמדען שונא — די אויסערליכע מלחמה מיט אַ בירגער־קריג, מיט אַן אויפשטאַנד פון שקלאַפען־טרייבער.

איין גרויסע שטערונג איז געלעגען אויפ׳ן וועג פון זייער פער־שווערונג — דאָס איז געווען פּאַריז. אַפּנעהמען די געוועהר ביי פּאַריז איז געווען די ערשטע בעדינגונג פאַר אַן ערפאָלג. טיער האָט דעריבער אויפגעפאָדערט פּאַריז אוועקצולעגען זיינע געוועהר. און פּאַריז איז שוין דאַמאַלס געווען אין גענוגענדער מאָס פערצווייי־פעלט. די אָפענע אַנטי־רעפּובליקאַנישע אַרויסטרעטונגען פונ׳ם פּריצישען פּאַרלאַמענט; די צוויי־דייטיגע אויסטייטשונגען פון טיער׳ן אַליין וועגען די רעכט פון דער רעפּובליק; די דראָהונג צו־צו־נעהמען ביי פּאַריז איהר קרוין און מאַכען זי פאַר אויס הויפּט־שטאָדט; די בעשטימונג פון אָרלעאַניסטישע אַמבאַסאַדאָרס; דיור־פאָר׳ס געזעץ וועגען ניט איינגעצאָהלטע וועקסלען און דירה־געלד, וואָס האָבען געפיהרט צום אונטערגאַנג פון פּאַריזער האַנדעל און אינדוסטריע; פּויע־קערטיע׳ס שטייער פון 2 סאַנטים אויף יעדען עקזעמפּלאַר פון דרוק־אויסגאַבען; די טויט־אורטיילען אויף בלאַנקי און פלוראַן; דאָס אונטערדריקען די רעפּובליקאַנישע צייטונגען; דאָס איבערטראָגען פון דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג אין ווער־סאַל; די נייע ערקלערונג פון בעלאַגערונגס־צושטאַנד אין פּאַריז, וואָס איז פריהער ערקלערט געוואָרען פון פּאַליקאָאָ און איז דער־נאָך דעם 4טען סעפּטעמבער צוריקגעצויגען געוואָרען; די בעשטי־

מונג פון דעם דעצעמבער־העלד ווינוא פאַר גובערנאַטאָר, פונ׳ם זשאַנדאַרם וואַלאַנטען פאַר פּאָליציימייסטער און פונ׳ם יעזואיט־גענעראַל אָרעל דע־פּאַלאַדען פאַר אויבער קאָמאַנדיר פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע אין פּאַריז, — דאָס אַלץ האָט נאָכאַנאַנד אויפגערייצט פּאַריז.

און איצט האָבען מיר אַ פראַגע צו שטעלען טיער׳ן און די הערען פון דער רעגירונג פון דער נאַציאָנאַלער פערטיידיגונג. עס איז בעוואוסט, אַז טיער האָט דורך זיין פינאַנס מיניסטער ה׳ פּויע־קערטיע געמאַכט אַ הלואה פון צוויי מיליאַרד, וואָס מען האָט גלייך געדאַרפט אויסצאָהלען. פרעגען מיר, צי איז עס ריכטיג, צי ניט, —

1) אַז אָט דער געשעפטעל איז אָפּגעמאַכט געוואָרען אויף אַזא אופן, אַז עטליכע הונדערט מיליאָן „קאָמיסיע" האָבען זיך אריינ־געגליטשט צו טיער, זשול פּאַוור, ערנעסט פּיקאַר, פּויע־קערטיע און זשול־סימאָן אין זייערע אייגענע קעשענעס? און

2) אַז קיין אויסצאָהלונג האָט ניט געדאַרפט געמאַכט ווע־רען, ביז נ אָ כ ׳ן איינשטעלען „פרידען" אין פּאַריז?

אַלענפאַלס האָט די הלואה געמוזט זיין זעהר דרינגליך נויטיג, ווייל טיער און זשול־פּאַוור האָבען אָהן יעדער בושה געבעטען, אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג אין באָרדאָ, די פּרייסען זאָלען פערנעהמען פּאַריז מיט זייערע סאָלדאַטען. אָבער אַזא זאַך איז גאָר ניט אריינגעגאַנגען אין ביסמאַרק׳ס חשבונות, ווי ער האָט, צוריקקעהרענדיג זיך אין דייטשלאַנד, אַליין גאַנץ אָפען מיט שפּאָט דערצעהלט פאַר די פערוואונדערטע פראַנקפורטער פּיליסטערס.

---

## II

פּאַריז איז געווען די איינציגע ערנסטע שטערונג אויפ׳ן וועג פון דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער פערשווערונג. מען האָט אַלזאָ געמוזט אָבנעהמען די געוועהר ביי פּאַריז. אין דער הינזיכט איז די באָרדאָ׳ער פערזאַמלונג געווען זעהר אָפענהערציג, די אָפענהער־ציגקייט אַליין. וואָלטען די מישוגע׳נע גוואַלדען פון די פּריצים ניט געווען אַזוי הויך, וואָלט שוין די איבערענטפערונג פון פּאַריז אין

די הענט פון די דריי העלדען — דעם דעצעמבער־מערדער ווינוא, דעם באָנאַפּאַרטיסטישען זשאַנדאַרם וואַלאַנטען און דעם גענעראַל־יעזואיט אָרעל־דע־פּאַלאַדען — געמוזט פערטרייבען יעדען ספק. אָבער שרייענדיג אָפען און פרעך וועגען דעם צוועק פון דער ענט־וואַפנונג, האָבען די פערשווערער געפאָדערט פון פּאַריז ארויסצוגע־בען די געוועהר, אָנגעבענדיג אַן אויסרייד, וואָס איז געווען אַ פרעכ־כער און עקעלהאַפטער שקר. טיער האָט דערקלערט, אַז די ארטי־לעריע פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע געהערט דער מלוכה און דאַרף צוריק אָפּגעגעבען ווערען דער מלוכה. דער אמת אָבער איז גע־ווען פאָלגענדער: פון דעם טאָג אָן, ווען פּאַריז האָט זיך אונטער־געגעבען, ווען ביסמאַרקס געפאַנגענע האָבען איהם איבערגעגעבען פראַנקרייך און דערביי אויסגעדונגען פאַר זיך אַ גאַנץ גרויסע מי־ליטערישע וואַך אויסדריקליך צוליעב האַלטען אין צוים פּאַריז, — פון דעם טאָג אָן איז פּאַריז געווען אויף דער וואַך. די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע האָט זיך רעאָרגאַניזירט און האָט איבערגעגעבען איהר אָנפיהרונג צו אַ צענטראַל־קאָמיטעט, וועלכען עס האָט ערוועהלט די גאַנצע מאַסע פון דער גוואַרדיע, אויסער איינינגע אַלטע באָנאַ־פּאַרטיסטישע אָפּטיילונגען. דעם אָוונד, איידער די פּרייסען זיינען אריין אין פּאַריז, האָט דער צענטראַל קאָמיטעט בעזאָרגט, אַז די קאַנאָנען און מיטראַליעזען, וואָס די קאַפּיטוליאַרען (די אונ־טערגעבער) האָבען פעררעטעריש איבערגעלאָזען אין די שטאָדט־טיילען, וואָס די פּרייסען האָבען געזאָלט פערנעהמען, זאָלען אי־בערגעפיהרט ווערען אין מאָנמארטר, לאַ־ווילעט און בעלוויל. די דאָזיגע ארטילעריע איז בעשאַפען געוואָרען אויף די מיטלען, וואָס די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע האָט אַליין בייגעטראָגען. אין דעם קאַפּיטולאַציאָנס־אָפּמאַך פון 28טען יאַנואַר איז זי, די ארטילעריע, אָפיציעל אָנערקענט געוואָרען אַלס דאָס אייגענטום פון דער נאַ־ציאָנאַלער גוואַרדיע און אַלס אַזעלכע איז זי ארויסגענומען גע־וואָרען פונ׳ם כלל געוועהר, וואָס די מלוכה האָט געדאַרפט ארויס־געבען דעם זיגער. טיער האָט אָבער ניט געהאַט אפילו דעם קלענסטען אויסרעד צו אָנהויבען אַ מלחמה מיט פּאַריז, און ער האָט געמוזט זיך בענוצען מיט׳ן אָפענעם ליגען, אַז די ארטילע־ריע פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע געהערט צו דער מלוכה!

דאָס אַרויסקריגען די אַרטילעריע האָט בלויז געזאָלט זיין אַן אַנ־
הויב פון אַן אַלגעמיינער ענטוואָפנונג פון פּאַריז און דערמיט אויך
פון דער גאַנצער רעוואָלוציע פון 4טען סעפּטעמבער. אָבער אָט די
רעוואָלוציע איז געוואָרען דער געזעצליכער צושטאַנד פון פראַנק־
רייך. די רעפּובליק, וואָס זי האָט געשאַפען, איז אַנערקענט גע־
וואָרען פונ׳ם זיגער אין דעם קאַפּיטולאַציאָנס־אָפּמאַך. און נאָך
דער קאַפּיטולאַציע איז זי אַנערקענט געוואָרען פון אַלע פרעמדע
מלוכות. אין איהר נאָמען איז צונויפגערופען געוואָרען די נאַ־
ציאָנאַלע פערזאַמלונג. די רעוואָלוציע פון די ארבייטער אין פּאַריז,
דעם 4טען סעפּטעמבער, איז געוועזן דער איינציגער געזעצליכער
גרונד פאַר דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג אין באָרדאָ און פאַר איהר
אויספיהרענדער מאַכט. אָהן דעם 4טען סעפּטעמבער וואָלט די
נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג געמוזט אָפּטרעטען איהר פּלאַץ פאַר דער
געזעצגעבערישער קערפּערשאַפט, וואָס איז ערוועהלט געוואָרען אין
1869 — אונטער דער פראַנצויזישער און ניט אונטער דער פּריי־
סישער הערשאַפט — אויפ׳ן גרונד פון אַלגעמיינעם שטימרעכט,
דער קערפּערשאַפט, וואָס די רעוואָלוציע האָט צוטריבען. טיער און
זיינע טיקעט־אָוו־ליעוו־לייט (זיינע פערברעכערישע חברים) וואָל־
טען געמוזט זיך אונטערגעבען, כדי צו בעקומען אָפּלאָז־צעטלעך,
אונטערגעשריבען פון לואי באָנאַפּארט, וועלכע זאָלען פאַר זיי
מאַכען מעגליך אויסצומיידען אַ רייזע אין קאַיענע (אויף קאַטאָר־
גע). די נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג מיט איהר פולמאַכט צו שליסען
שלום מיט פּרייסען, איז געוועזן נאָר איין עפּיזאָד פון דער רעוואָ־
לוציע, אָבער איהר ריכטיגער אויסדרוק איז געוועזן דער בעוואָפענ־
טער פּאַריז, דערזעלביגער פּאַריז, וואָס האָט געמאַכט די רעוואָ־
לוציע, האָט צוליעב איהר אויסגעהאַלטען אַ פינף־מאָנאַטליכע בע־
לאַגערונג מיט אַלע שרעקען פון הונגער־נויט און האָט, ניט קוקענ־
דיג אויף טראָשיו׳ס פּלאַן, מיט זיין אייגענעם לאַנגען ווידערשטאַנד
געגעבען אַ מעגליכקייט די פראַנצויזען צו פיהרען אַן עקשנות׳דיגען
פערטיידיגונגס־קריג. און פּאַריז האָט איצט געדאַרפט אָדער אוועק־
לעגען זיינע געוועהר אויפ׳ן בעליידיגענדען בעפעהל פון די צובונ־
טעוועטע שקלאַפען־טרייבער פון באָרדאָ און אַנערקענען, אַז זיין
רעוואָלוציע פון 4טען סעפּטעמבער האָט געמיינט ניט מעהר ווי

איבערגעבען די מלוכה־מאכט פון לואי באנאפארט צו זיינע ראיא־
ליסטישע געגנער, אדער — ער האט געמוזט ארויסטרעטען
אלס דער אפפער־גרייטער קעמפער פאר פראנקרייך, וועלכע עס
איז אוממעגליך געווען צו ראטעווען און ווידער אויפלעבען, ניט
אומווארפענדיג דורך א רעוואלוציע די פאליטישע און געזעלשאפט־
ליכע ארדנונג, וואס האט ארויסגעבראכט די צווייטע אימפעריע
און האט אונטער דעם שוץ פון דער לעצטער דערגרייכט ביז דעם
העכסטען גראד פון צופוילטקייט. פאריז, וועלכער איז נאך געווען
אויסגעמאטערט פון דער פינפ־מאנאטליכער אויסהונגערונג, האט
קיין מינוט ניט געצווייפעלט. ער האט בעשלאסען מוטיג אויסצו־
האלטען די גאנצע געפאהר פון ווידערשטאנד געגען די פראנצוי־
זישע קאנטר־רעוואלוציאנערען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס פון
זיינע אייגענע פארטען האבען נאך געקוקט אויף איהם די פרייסישע
קאנאנען. אבער פיהלענדיג א האס צום בירגער־קריג, אין וועלכען
פאריז האט געמוזט אריינגעטריבען ווערען, האט דער צענטראל
קאמיטעט אין דערזעלבער צייט אנגענומען א שטעלונג פון פער־
טיידיגונג, ניט קוקענדיג אויף די פראוואקאטארישע העצעס פון
דער פערזאמלונג, אויף דאס אונגעבעטענע אריינמישען זיך פון
דער אויספיהרענדער מאכט און אויף דער קאנצענטראציע פון מי־
ליטער אין און ארום פאריז.

און אט האט טיער אליין אנגעהויבען דעם בירגערקריג. ער
האט געשיקט ווינוא מיט אן אפטיילונג פאליציי און עטליכע רעגי־
מענטען פון דער רעגולערער ארמיי אויף א רויבערישען נאכט־אנפאל
אויף מאנמארטר, האפענדיג דורכ'ן אונגעריכטען אנפאל אוועק־
צונעהמען די ארטילעריע פון דער נאציאנאלער גווארדיע. עס איז
בעוואוסט, ווי דער דאזיגער אנפאל איז צובראכען געווארען דורך
דעם ווידערשטאנד פון דער נאציאנאלער גווארדיע און דער פער־
ברידערונג פון די סאלדאטען מיט'ן פאלק. ארעל־דע־פאלאדען האט
שוין פארויס אפגעדרוקט זיין בעריכט וועגען דעם זיג, און טיער
האט שוין געהאט גרייט א פראקלאמאציע, וואס האט געזאלט לא־
זען וויסען וועגען זיינע מיטלען פאר א מלוכה־איבערקעהרעניש.
סיי דעם בעריכט, סיי די פראקלאמאציע האט מען איצט געדארפט
פערבייטען מיט טיער'ס אויפרוף, אין וועלכען ער האט מודיע גע־

ווען זיין גרויסמוטיגען בעשלוס איבערצולאָזען דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע איהר געוועהר; ער צווייפעלט ניט, האָט ער געזאָגט, אַז זי וועט דאָס געוועהר בענוצען, כדי אָנצושליסען זיך אָן דער רעגירונג געגען די בונטאָוושטשיקעס. פון אַלע 300,000 מיט־גליעדער פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע האָבען אָבער בלויז 300 געענטפערט אויף דעם אויפרוף פונ׳ם קליינעם טיער אָנצושליסען זיך אָן איהם, געגען זיי אַליין. די ערליכע אַרבייטער־רעוואָלוציע פונ׳ם 18טען מערץ האָט איינע און אַליין געהערשט איבער פּאַריז. דער צענטראַל־קאָמיטעט איז געוואָרען איהר צייטווייליגע רעגירונג. אייראָפּע, האָט זיך געדוכט, האָט אויף אַ ווײַלע אָנגע־הויבען צו צווייפלען, צי אַלע איהרע וואונדערבאַרע מלוכה און מלחמה־איבערקעהרענישען קומען פאַר אויפ׳ן וואר, אָדער זיי זיינען ניט מעהר, ווי חלומות פון דער לאַנג פערשוואונדענער פערגאַנ־גענהייט.

פון דעם 18טען מערץ ביז וואַנען די מיליטער פון ווערסאַל זיינען אריינגעטראָטען אין פּאַריז, איז די פּראָלעטאַרישע רעוואָ־לוציע געבליבען אַזוי ריין פון די אַלע גוואַלדטאַטען, מיט וועלכע די רעוואָלוציעס און נאָך מעהר די קאָנטר־רעוואָלוציעס פון די „העכערע קלאַסען“ זיינען אַזוי רייך, אַז די געגנער האָבען ניט גע־קאָנט געפינען געגען איהר קיינע אַנדערע עברות, ווי נאָר דאָס היגריכטען פון די גענעראַלען לעקאָנט און קלעמאַן טאָמא אין דעם צוזאַמענשטויס אויף דעם וואַנדאָם־פּלאַץ.

איינער פון די באָנאַפּאַרטיסטישע אָפיצערען, וואָס האָט גע־שפּיעלט אַ ראָליע אינ׳ם נאַכט־אָנפאַל אויף מאָנמאַרטר, גענעראַל לעקאָנט, האָט פיער מאָל בעפוילען דעם 81טען רעגימענט צו שי־סען אויף אַן אונבעוואַפענטען עולם אויפ׳ן פּיגאַל־פּלאַץ. ווען די סאָלדאַטען האָבען זיך אָפּגעזאָגט צו פאָלגען, האָט ער זיי מיאוס און גראָב אויסגעזידעלט. אַנשטאַט צו שיסען פרויען און קינדער האָבען זיינע אייגענע סאָלדאַטען איהם אַליין דערשאָסען. די גע־וועהנהייטען, וואָס האָבען זיך איינגעוואָרצעלט אין די סאָלדאַטען דורך דער ערציהונג, וואָס זיי האָבען בעקומען פון די אַרבייטער־פיינד, האָבען, פערשטעהט זיך, ניט געקאָנט פערשווינדען ביי זיי גלייך, ווי זיי זיינען איבערגעגאַנגען אויף דער זייט פון די אַרביי־

טער. דיזעלבע סאָלדאטען האָבען אויך דער'הרג'עט קלעמאַן טאָמא.
„גענעראַל" קלעמאַן טאָמא, אַן אונצופריעדענער געוועזענער וואכמיסטער, האָט אין די לעצטע יאָהרען פון לואי פיליפ'ס הער־שאַפט זיך אַנגעשלאָסען אַן דער רעדאקציע פון דער רעפובליקאַני־שער צייטונג „לע נאַסיאָנאַל", וואו ער האָט אין דערזעלבער צייט פערנומען דעם פּלאַץ פון אַ פעראַנטוואָרטליכען אפזיץ־רעדאקטאָר (וואָס האָט געדאַרפט אָפזיצען, ווען מען פלעגט צו־משפט'ען די צייטונג צו טורמע) און פון אַ דועל־קעמפער ביי דער דאָזיגער קאַמף־לוסטיגער צייטונג. ווען די הערען פון דעם „לע נאַסיאָנאַל" האָבען נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע בעקומען די מאַכט, האָבען זיי אָט דעם אַלטען וואכמיסטער איבערגעניצעוועט אין אַ גענעראַל. דאָס איז געווען ערב די יולי־שלאַכטרייען, וועלכע ער, צוזאַמען מיט זשול פּאַוור, האָבען צונעגרייט און אין וועלכע ער האָט גע־שפּיעלט די ראָליע פון דעם נידערטרעכטיגסטען הענקער. נאָכדעם איז ער אויף אַ לאַנגע צייט פערשוואונדען געוואָרען צוזאַמען מיט זיין גענעראַלשאַפט. אַרויסגעשוואומען ווידער איז ער דעם 1טען נאָוועמבער 1870. מיט אַ טאָג פריהער האָט די „פערטיידיגונגס־רעגירונג" געגעבען אין ראַט פון פּאַריז איהר עהרען־וואָרט צו בלאַנקי, פלוראַן און די אַנדערע פערטרעטער פון די אַרבייטער, אַז זי וועט איבערגעבען די מאַכט, וואָס זי האָט פערכאַפּט, אין די הענט פון אַ פריי אויסגעוועהלטער פּאַריזער קאָמונע (שטאָדט־פערוואַלטונג). אַנשטאַט צו האַלטען וואָרט האָט זי אָנגעשיקט אויף דער שטאָדט טראָשיו'ס ברעטאָנצעס, וועלכע האָבען פער־נומען דעם פּלאַץ פון באָנאַפּאַרט'ס קאָרסיקאַנער. בלויז גע־נעראַל טאַמיזיע האָט זיך אָפּגעזאָגט צו בעפלעקען זיין נאָמען דורך ברעכען וואָרט און האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אַמט אַלס אויבער־קאָמאַנדיר פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע. און אויף זיין פּלאַץ איז דאָס בעשטימט געוואָרען קלעמאַן טאָמא, ווידער גענעראַל. די גאַנצע צייט פון זיין אויבערקאָמאַנדע האָט ער געפיהרט קריג ניט געגען די פּרייסען, נאָר געגען דער פּאַריזער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע. ער האָט ניט דערלאָזט, זי זאָל זיך איינגאַנצען בעוואַפענען, האָט געהעצט די באַטאַליאָנען פון דער בורזשואַזיע געגען די אַרבייטער־באַטאַליאָנען, האָט אָפּגעזאָגט די אָפיצערען, וואָס זיינען געוועזען

פיינדליך צו טראַשיו'ס „פּלאַן“, און האָט אויך פונאַנדערגעלאָזען אונטער דעם אויסרעד, אַז זיי זיינען פּהדנים, די זעלבע פּראָלעטאַרישע באַטאַליאָנען, וואָס האָבען איצט מיט זייער העלדישקייט ארויסגערופען די בעוואונדערונג פון זייערע ביטערסטע פיינד. קלעמאַן טאָמאַ איז געווען זעהר שטאָלץ וואָס איהם האָט זיך איינגעגעבען צוריק צו געווינען זיין אַלטען נאָמען אַלס פערזענליכער פיינד פון דעם פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט, וועלכען ער האָט זיך ערווארבען אין די יוני־טעג. נאָך מיט עטליכע טעג פאַר דעם 18טען מערץ האָט ער פאָרגעלעגט דעם קריגס־מיניסטער לעפלאָ זיינעם אַן אייגענעם פּלאַן, ווי „אויסצוראָטען די קרוין פון דעם פּאַריזער שמוציגען המון“. נאָך ווינוא'ס דורכפאַל האָט ער זיך ניט געקאָנט אָפּזאָגען פון דעם פערגעניגען ארויסצוטרעטען אויף דער סצענע אַלס פרייוויליגער שפּיאָן. דער צענטראַל קאָמיטעט און די פּאַריזער ארבייטער זיינען פּונקט אַזוי ווענינ געווען פעראַנטווארטליך פאַר שיסען קלעמאַן טאָמאַ און לעקאָנט, ווי די פּרינצעסין פון וועילס פאַר דעם אומגליק פון די פּערזאָנען, וואָס זיינען צוקוועטשט געוואָרען אויף טויט אין געדרענגעניש, ווען זי איז ארייננעפאָהרען אין לאָנדאָן.

די כלומרש'טע אויסשלאַכטונג פון אומבעוואפענטע בירגער אויף דעם וואַנדאָם־פּלאַץ, איז אַ באָבע־מעשה, וועגען וועלכער טיער מיט זיינע „דאָרף־דעפּוטאַטען“ האָבען אין דער פערזאַמלונג עקשנותדיג געשוויגען און האָבען איבערגעלאָזען איהר פערשפּרייטונג אויסשליסליך צו די לאַקייען פון דער אייראָפּעאישער טעגליכער פּרעסע.

די „מענער פון אָרדנונג“, די פּאַריזער רעאַקציאָנערען, האָבען אויפגעציטערט נאָכ'ן זיג פון'ם 18טען מערץ. פאַר זיי איז דאָס געווען דער ריכטיגער סימן, אַז עס קומט ענדליך אָן די שעה פון פאָלקס־נקמה. די גייסטער פון די קרבנות, וועלכע זיי האָבען אומגעבראַכט, אָנהויבענדיג פון די יוני־טעג פון 1848 און ביז דעם 22טען יאַנואַר 1871, זיינען ארויפגעשוואָמען פאַר זייערע אויגען, אָבער זייער שרעק איז געווען זייער איינציגע שטראָף. אפילו פאַר די פּאָליציי־לייט האָט מען אנשטאַט אָפּצונעהמען ביי זיי די געוועהר און ארייננזעצען אין טורמע, ברייט געעפענט די טויערן פון פּאַריז און געלאָזען זיי אין פולער זיכערקייט אנטלויפען קיין

ווערסאל. און די „מענער פון אָרדנונג“ האָט מען ניט בלויז קיין
שלעכטס ניט געטאָן, מען האָט זיי אפילו ערלויבט צו פארזאמלען
זיך און צו פערנעהמען אייניגע שטארקע פּאָזיציעס אין מיטען פון
פּאריז. די דאָזיגע מילדקייט פונ׳ם צענטראל־קאָמיטעט און די
גרויסמוטיגקייט פון די בעוואפענטע ארבייטער זיינען אויף אזוי
פיעל געווען להיפוך צו די געוועהנהייטען פון די „מענער פון אָרד־
נונג“, אז די לעצטע האָבען עס אויסגעטייטשט אלס צייכען פון
שוואכקייט. דערפון נעהמט זיך זייער נארישער פּלאן נאָכאמאָל,
אונטער דעם מאנטעל פון א פרידליכער דעמאָנסטראציע, פּרואווען
דורכפיהרען דאָס, וואָס עס האָט זיך ניט איינגעגעבען ווינוא מיט
זיינע קאנאָנען און מיטראליעזען. דעם 22טען מערץ האָט זיך
פון די גביר׳ישע קווארטאלען א לאָז געטאָן אן עולם „שענע לייט“,
צוזאמען מיט אלע זייערע „פּני“ און מיט די גוט בעקאנטע משפחות
פון דער אימפּעריע, ווי העקערען, סעטלאָגאָן, אנרי־דע־פּען א. ד. ג.
אין דער שפּיצע. אונטער דעם פּחדנ׳ישען אויסרעד פון א פריד־
ליכער דעמאָנסטראציע און אין דערזעלבער צייט אין געהיים בע־
וואפנט, ווי מערדער, האָט זיך די דאָזיגע באנדע אויסגעשטעלט
און א לאָז געטאָן פאָרויס, אָפּנעהמענדיג די געוועהר און בע־
ליידיגענדיג די פּאָסטען און פּאטרולען פון דער נאציאָנאלער גוואר־
דיע, וואָס זיי האָבען בעגעגענט אויף זייער וועג. און ווען זיי
זיינען ארויסגעגאנגען פון דער ריו־דע־פּע (גאַס פון פרידען) אויף
דעם וואנדאָם־פּלאץ, האָבען זיי מיט די אויסגעשרייען: „נידער
מיט דעם צענטראל קאָמיטעט! נידער מיט די מערדער! זאָל לע־
בען די נאציאָנאלע פערזאמלונג!“ געוואָלט דורכרייסען זיך דורך
דער וואך, וואָס איז דאָרטען געשטאנען, מאכען אן איבערפאל און
פערכאפּען די הויפּט־קווארטיר פון דער נאציאָנאלער גווארדיע,
וואָס האָט זיך געפונען דערביי. אלס ענטפער אויף זייערע רע־
וואָלווער־שאָסען, האָט מען זיי געהייסען זיך פונאנדערגעהן; אָבער
ווען די פעראָרדנונג האָט אויף זיי ניט געווירקט, האָט דער גענעראל
פון דער נאציאָנאלער גווארדיע געהייסען שיסען. א י י ן זאלפּ
האָט ארויסגערופען א ווילדע לויפעניש פון די דאָזיגע טפשים, וועל־
כע האָבען גערעכענט, אז בלויז דאָס בעווייזען זיך פון דער „אנ־
שטענדיגער געזעלשאפט“ וועט מאכען אויף דער פּאריזער רעוואָ־

לוציע די זעלבע ווירקונג, וואָס דער קול פון די שופרות אויף יריחו'ס מויערן. זיי האָבען איבערגעלאָזען אויפ'ן פּלאַץ צוויי געטויטעטע און ניין שווער פערוואונדעטע פון דער נאַציאָנאַלער גווארדיע (צוויי־שען זיי איין מיטגליעד פונ'ם צענטראַל־קאָמיטעט) און בעדעקט דעם פּלאַץ מיט רעוואָלווערען, מעסער און שווערדען בעהאַלטענע אין שטעקענס אַלס עדות פון דער „אומבעוואפענקייט" און „פרידליכקייט" פון זייער דעמאָנסטראַציע. ווען די פּאַריזער נאַציאָנאַלע גוואַרדיע האָט דעם 13טען יוני 1849 געמאַכט ווירקליך אַ פרידליכע דעמאָנסטראַציע, כדי צו פּראָטעסטירען געגען דעם רויבערישען אָנפאַל פון דעם פראַנצויזישען מיליטער אויף רוים, — האָט די נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג און בעזונדערס טיער ערקלערט דעם גענעראַל פון דער פּאַרטיי פון אָרדנונג שאַנגאַרניע אַלס רעטער פון דער געזעלשאַפט דערפאַר, וואָס ער האָט מיט זיין מיליטער ארומגערינגעלט פון אַלע זייטען די אומבעוואפענטע מענשען און זיי צושאָסען, צוהאַקט מיט די שווערדען און צוטראָטען אונטער די קלויען פון די פערד. דאַמאָלסט האָט מען אין פּאַריז ערקלערט בעלאַגערונגס־צושטאַנד; דיופאָר האָט דורכגעשטופּט דורך דער פערזאַמלונג נייע אונטערדריקונגס־געזעצען; עס זיינען געמאַכט געוואָרען מאַסען אַרעסטען; פיעלע האָט מען פערשיקט. עס איז אנגעשטאַנען אַ נייע הערשאַפט פון טעראָר. אָבער די „נידעריגערע קלאַסען" האָבען איצט אַנדערש געהאַנדעלט. דער צענטראַלער קאָמיטעט האָט פּשוט איגנאָרירט די העלדען פון דער „פרידליכער" דעמאָנסטראַציע און זיי געלאָזען אַנטלויפען, אַזוי אַז זיי האָבען אין צוויי טעג אַרום ווידער געקאָנט אַרויסטרעטען מיט אַ ב ע־װ א פ ע נ ט ע ר דעמאָנסטראַציע, אונטער דער פיהרונג פון אַדמיראַל סעסע, אַ דעמאָנסטראַציע, וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט זייער בעוואוסטען אַנטלויפען אין ווערסאַל. זייענדיג געגען דער פאָרטזעצונג פונ'ם בירגער־קריג, וואָס טיער האָט אָנגעהויבען מיט זיין רויבערישען אָנפאַל אויף מאָנמאַרטר, האָט דער צענטראַל קאָמיטעט בעגאַנגען אַן ענטשיידענעם פעהלער דערמיט, וואָס ער איז דאַמאָלסט גלייך ניט געגאַנגען אויף ווערסאַל, וואָס איז נאָך געווען איננאַנצען הילפלאָז און ניט צוגעגרייט, און ניט געמאַכט קיין סוף צו דער פערשווערונג פון טיער און זיינע דאָרפס־יונגען. אנשטאַט

דעם האָט מען נאָך ערלויבט דער פּארטיי פון אָרדנונג אויספּרובי־
רען איהר מאכט ביי די וואהל־קעסטלעך, ווען מען האָט דעם 26טען
מערץ געוועהלט די קאָמונע (די שטאָדט־פערוואלטונג). אין אָט
דעם טאָג זיינען די מענער פון אָרדנונג ארויסגעטראָטען אין די
פערוואלטונגען פון די שטאָדט־טיילען מיט רעדעס וועגען שלום
מיט זייערע גרויסמוטיגע זיגער, דערביי אָבער האָבען זיי זיך געוויס
טיעף אין הארצען א נדר געגעבען, ווען די צייט וועט קומען, צו
נעהמען בלוטיגע נקמה.

און איצט לאָמיר א קוק טאָן אויף דער צווייטער זייט פון
דער מעדאל. טיער האָט זיין צווייטען צוג נעגען פּאריז אָנגעפאנ־
גען אין אָנהויב אפּריל. די ערשטע פּארטיע פון די פּאריזער גע־
פאנגענע, וועלכע מען האָט נעבראכט אין ווערסאל, האָט מען
אכזריות'דיג נעפּייניגט, און ערנעסט פּיקאר איז בשעת מעשה
אומגעגאנגען מיט די הענט אין די קעשענעס און האָט פון זיי חוזק
געמאכט, און טיער'ס פרוי און די פרוי פון זשול פאוור האָבען אראָפּ־
געקוקט, ארומגערינגעלט מיט זייערע „עהרען"־דאמען, פון זייערע
באלקאָנען און האָבען אפּלאָדירט די שענדליכע טאטען פון דעם
ווערסאלער המון. די געפאנגענע סאָלדאטען האָט מען פּשוט דער־
שאָסען; אונזער בראווער פריינד, גענעראל דוּאוואל, דער אייזענ־
גיסער, איז געטויט געוואָרען אָהן יעדען משפּט. גאליפע, דער
„אלפאָנס" פון זיין פרוי, וועלכע איז אזוי בעריהמט געוואָרען מיט
ארויסשטעלען אָהן א ברעקעל בושה איהר לייב אויף די שיכור'ע
אָרגיעס פון דער צווייטער אימפּעריע, האָט זיך בעריהמט אין זיי־
נער א פּראָקלאמאציע, אז ער האָט געהייסען טויטען די עטליכע
מיטגליעדער פון דער נאציאָנאלער גווארדיע צוזאמען מיט זייער
קאפּיטאַן און לייטענאנט, וועלכע זיינען פּלוצלונג ארומגערינגעלט
און ענטוואפענט געוואָרען דורך זיינע קאוואלעריסטען. ווינוא,
וועלכער האָט געמאכט פּלטה פון פּאריז, האָט בעקומען פון טיער'ן
דעם קרייץ פון עהרען־לעגיאָן פאר זיין בעפעהל צו דערשיסען יעדען
פון די געפאנגענע סאָלדאטען, וואָס זיינען אמאָל אריבער אויף דער
זייט פון דער נאציאָנאלער גווארדיע. דעמארע, דער זשאנדארם
האָט בעקומען אַן אָרדען דערפאר, וואָס ער האָט ווי א קצב אויף
שטיקער צוהאקט דעם איידעלען און ריטערליכען פלוראן, דעם

פלוראַן, וואָס האָט דעם 31טען אָקטאָבער געראַטעוועט די קעפּ פון דער „רעגירונג פון פערטיידיגונג". ווענגען די „דערפרעהענדע איינ־צעלהייטען" פון דעם דאָזיגען מאָרד האָט טיער מיט נצחון דער־צעהלט אין דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג. מיט דער אויפגעבלאָזענער גאוה פון אַ פּאַרלאַמענטאַרישען „קליין־העשעלע", וועמען מען ערלויבט צו שפּיעלען די ראָליע פון אַ טאַמערלאַן, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו אַנערקענען פאַר די, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען געגען זיין ווינציגקייט, יעדעס רעכט פון ציוויליזירטער מלחמה־פיהרונג, אַפילו דאָס רעכט פון נייטראַליטעט פאַר זייערע אַמבולאַ־טאָריעס און שפּיטאָלען. עס איז זיך שווער פאָרצושטעלען עטוואָס עקעלהאַפטערעס פון דער דאָזיגער מאַלפּע, וועמען מען האָט אויף אַ צייט ערלויבט פריי אַרויסצואווייזען איהרע טיגער־אינסטינקטען, — אַ טיגער־מאַלפּע, וועמעס בילד וואָלטער האָט אַמאָל טרעפענד פאָראויסגעזעהען און אָפּגעמאָלט.

ווען די קאָמונע האָט (אין איהר דעקרעט פון 7טען אַפּריל) אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל ווענגען אָנווענדען געגענגוואַלט און האָט ערקלערט אַלס איהר פליכט „צו בעשיצען פּאַריז געווען די מענשענ־פרעסערישע מעשים פון די ווערסאַלער באַנדיטען און צו פאָדערן אַן אויג פאַר אַן אויג און אַ צאָהן פאַר אַ צאָהן", — האָט טיער דאָך ניט אָפּגעשטעלט די אכזריות'דיגע בעהאַנדלונג פון די גע־פאַנגענע; ער האָט זיי ווי פריהער בעליידיגט אין זיינע בעריכטען, ערקלערענדיג, אַז „קיינמאָל האָט דער טרויעריגער בליק פון עהר־ליכע לייט נאָך ניט בעגעגענט אַזוינע אומווירדיגע פּנים'ער פון אַן אומווירדיגער דעמאָקראַטיע", — פון עהרליכע לייט ווי טיער אַליין און זיינע טיקעט־אָוו־ליעוו־לייט. נאָר דאָך האָט ער אויף אַ צייט אויפגעהערט צו דערשיסען די געפאַנגענע. אָבער ווי נאָר טיער און זיינע גענעראַלען — די העלדען פון דער דעצעמבער איבער־קעהרעניש — האָבען זיך דערוואוסט, אַז דער נקמה־בעפעהל פון דער קאָמונע איז געווען בלויז אַן אָנשרעק־מיטעל, אַז אַפילו די זשאַנדאַרמען־שפּיאָנען, וואָס מען האָט געכאַפּט אין פּאַריז איבער־געטאָן אין די קליידער פון גוואַרדיע־מיטגליעדער און אַפילו די פּאָליציי־לייט, וועלכע מען האָט געכאַפּט מיט עקספּלאָדירענדע האַנד־גראַנאַטען, אַז אַפילו זיי האָט די קאָמונע לעבען געלאָזט, —

האָבען זיי ווידער אָנגעהויבען מאַסענווייז צו דערשיסען די געפאַנגענע, און אַזוי האָט עס זיך שוין געצויגען ביז'ן סוף. הייזער אין וועלכע מיטגליעדער פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע האָבען זיך בעהאַלטען, פלעגען די זשאַנדאַרמען אַרומרינגלען, בע־גיסען מיט קעראָסין (וועלכער איז דאַמאָלסט צום ערשטען מאָל בע־נוצט געוואָרען) און אונטערצינדען. די האַלב־פערברענטע קער־פערס האָט שפּעטער אַרויסגענומען פון דאָרטען די אַמבולאַטאָריע פון פרעס־אוף־לע־טערן. פיער מיטגליעדער פון דער נאַציאָנאַ־לער גוואַרדיע, וועלכע האָבען זיך דעם 25טען אַפּריל ביי בעל־עפּין איבערגעגעבען אין די הענט פון קאַוואַלעריסטען־שיסער, זיינען דערנאָך איינער נאָך דעם אַנדערען דערשאָסען געוואָרען פונ'ם קאַפּיטאַן, אַ ווירדיגען קנעכט פון גאַליפע. איינער פון די פיער, מיט'ן נאָמען שעפער, ווען די קאַוואַלעריסטען האָבען איבערגעלאָזען, מיינענדיג אַז ער איז שוין טויט, איז צונעקראָכען צו די פאָדערשטע פאָסטען פון פאַריז און האָט וועגען דעם דער־צעהלט איינער פון די קאָמיסיעס פון דער קאָמונע. ווען טאָלען האָט וועגען דעם פאַל אינטערפּעלירט דעם קריגס־מיניסטער, האָט דער געשריי פון די דאָרפּסיונגען פּערטויבט זיין שטימע; זיי האָ־בען פערבאָטען לעפלאָ (דעם מיניסטער) צו ענטפערען. עס וואָלט געווען אַ בעליידיגונג פאַר זייער „בעריהמטער“ ארמיי צו רעדען וועגען איהרע מעשים. דער לייכטער טאָן, מיט וועלכען טיער האָט אין זיינע בעריכטען איבערגעגעבען וועגען דער ערמאָרדונג פון די מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, וואָס מען האָט פער־כאַפּט שלאָפענדיגערהייט ביי מולען־סאַקע, און וועגען די מאַסען־דערשיסונגען אין קלאַמאַן, האָט געווירקט אפילו אויף די נערוועו פון דער פאַר קיין פאַל ניט צו שטאַרק עמפּפינדליכער לאָנדאָנער „טיימס“. עס וואָלט אָבער געווען לעכערליך צו וועלען איבער־צעהלען די פאַלען פון אכזריות, וואָס עס האָבען בעגאַנגען די לייט, וועלכע האָבען באָמבאַרדירט פּאַריז און אויפגעהעצט אַ שקלאַפען־האַלטער־אויפשטאַנד אונטער דעם שוץ פונ'ם שונא, דעם זיגער. און אין מיטען פון די אַלע מורא'דיגע שרעקען פערגעסט טיער זיינע פּאַרלאַמענטאַרישע פּלאַפּלערייען וועגען דער שרעקליכער מאַכטלאָזיגקייט, וואָס ליעגט אויף זיין רוקען פון אַ צווערג,

און ער בעריהמט זיך, אַז די פערזאַמלונג האַלט אָפּ איהרע זיצונגען אין פרידען און בעווייזט דורך די אָפּטע מאָהלצייטען, וואָס ער מאַכט אַמאָל מיט די דעצעמבער־העלדען, אַמאָל מיט די דייטשע פרינצען, אַז אויף דער פערדייאונגס־קראַפט פון זיין מאָגען האָבען אויף אַ האָר ניט געווירקט אפילו די גייסטער פון לעקאָנט און קלע־מאַן טאָמאַ.

III

דעם 18טען מערץ 1871 אין דער פריה האָט זיך פּאַריז אויפ־נעכאַפּט פון דעם דונערשטאַרקען אויסגעשריי: „זאָל לעבען די קאָמונע!“ וואָס איז דאָס אַזוינס די קאָמונע, אָט דער ספינקס, וואָס איז אַזוי שווער צו פונאַנדערבייסען פּאַר דעם מוח פון דער בורזשואַזיע?

„די פּראָלעטאַריער פון פּאַריז, — האָט דער צענטראַל קאָמי־טעט דערקלערט אין זיין מאַניפעסט פון׳ם 18טען מערץ, — צו־זעהענדיג די מפּלות און דעם פעררּאַט פון די הערשענדע קלאַסען, האָבען פערשטאַנען, אַז עס איז געקומען די צייט, זיי זאָלען ראַ־טעווען די לאַגע דערמיט, וואָס זיי וועלען איבערנעהמען אין זייע־רע הענט די אָנפיהרונג מיט די געזעלשאַפטליכע אנגעלעגענהיי־טען... זיי האָבען פערשטאַנען, אַז עס איז זייער העכסטע פליכט און זייער אבסאָלוטע רעכט צו ווערען די בעלי־בתים פון זייער אייגענעם מזל און צו פערנעהמען די רעגירונגס־מאַכט“. אָבער דער ארבייטער־קלאַס האָט ניט געקאָנט פּשוט איבערנעהמען די מלוכה־מאַשין, ווי ער האָט זי געפונען גרייט, און אָנווענדען זי צוליעב זיינע ציעלען.

די צענטראַליזירטע מלוכה־מאַכט מיט איהרע אָרגאַנען, וואָס זיינען אומעטום פול — מיט דער שטענדיגער ארמיי, פּאָליציי, ביוראָקראַטיע, גלחים, ריכטער, די אָרגאַנען, וואָס זיינען געשאַ־פען געוואָרען לויט דעם פּלאַן פון א סיסטעמאַטישער און היעראַר־כישער*) צוטיילונג פון דער ארבייט, — די דאָזיגע פאָרם פון

*) היעראַרכיש — שטופענווייז, באזירט אויף דער אונטערוואַרפונג פון נידריגערע בעאַמטע צו העכערע, פון די צו נאָך העכערע א. אַז. וו.

מלוכה־מאַכט שטאַמט פון די צייטען פון דער אבסאָלוטער מאָנאַר־
כיע און די בורזשואזע געזעלשאַפט האָט ביי איהר ענטשטעהן זיך
מיט איהר בענוצט ווי מיט אַ מעכטיגען געוועהר געגען דעם פעאָ־
דאַליזם. אָבער דער ענטוויקלונג פון דער צענטראַליזירטער מלוכה־
מאַכט האָט געשטערט דער מיטעלאַרטערליכער אָפּפאַל פון פער־
שיעדענעם אַרט, די פריצישע בעזונדערע רעכט, די אָרטיגע פּרי־
ווילעגיעס, די שטאָדטישע און צעכען־מאָנאָפּאָליעס און די בעזונ־
דערע רעכט פון די פּראָווינצען. דער ריזיגער בעזים פון דער פראַנ־
צויזישער רעוואָלוציע פון 18טען יאָהרהונדערט האָט אויסגעקעהרט
די אַלע חורבות פון די פערגאַנגענע צייטען און האָט אָפּגעריינינגט
דעם באָדען פון די אַלע שטערונגען וואָס זיינען געשטאַנען אין וועג
דער איבערבויאונג פון דעם מאָדערנעם מלוכה־בנין. אָט דער מאָ־
דערנער מלוכה־בנין איז אויסגעוואַקסען אין דער צייט פון דער
ערשטער אימפּעריע, וועלכע איז אַליין אַרויסגערופען געוואָרען צום
לעבען דורך די קאָאַליציאָנס־מלחמות פון דער אַלטער האַלב־פעאָ־
דאַלער אייראָפּע געגען דער מאָדערנער פראַנקרייך. ביי דער וויי־
טערדיגער ענטוויקלונג פון די מלוכה־פאָרמען איז די רעגירונג
אוועקגעשטעלט געוואָרען אונטער דעם קאָנטראָל פון פּאַרלאַמענט,
ד. ה. אונטער דעם דירעקטען קאָנטראָל פון די פערמעגליכע קלאַ־
סען. דערמיט איז זי פון איין זייט פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ
מאַשין צו פּראָדוצירען קאָלאָסאַלע מלוכה־חובות און שווערע שטייע־
רען און איז אַ דאַנק דער צוציהונגס־קראַפט פון דער מאַכט און
פון די גרויסע געהאַלטען און הכנסות, וואָס מען האָט אַרום איהם
געקאָנט מאַכען, געוואָרען דער צאַנק־עפּעל צווישען די קאָנקורי־
רענדע פּראַקציעס און אוואַנטיוריסטען פון די הערשענדע קלאַסען;
און פון דער אַנדער זייט האָט זיך איהר פּאָליטישער כאַראַקטער
געענדערט צוגלייך מיט די עקאָנאָמישע ענדערונגען אין דער גע־
זעלשאַפט. אויף וויפיעל די ענטוויקלונג פון דער מאָדערנער אינ־
דוסטריע האָט ענטוויקעלט, פערברייטערט און פערטיעפט די קלאַ־
סען־היפּוכים צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט, אויף אַזוי פיעל האָט
די מלוכה־מאַכט אַלץ מעהר בעקומען דעם כאַראַקטער פון אַן עפענט־
ליכער גוואַלד־מאַכט צו אונטערדריקען דעם אַרבייטער־קלאַס, פון
אַ מאַשין פון קלאַסען־הערשאַפט. נאָך יעדער רעוואָלוציע, וועל־

כע האָט בעצייכענט די ענטוויקלונג פונ'ם קלאַסענקאַמף, איז אַלץ בולט'ער און קלערער ארויסגעטראָטען דער אונטערדריקונגס־כאַ־ראַקטער פון דער מלוכה־מאכט. די רעוואָלוציע פון 1830 האָט איבערגעגעבען די רעגירונג פון די הענט פון די פּריצים אין די הענט פון די קאַפּיטאַליסטען, און דערמיט פון די ווייטערע און אונדירעקטע צו די נאָהענטערע און דירעקטע געגנער פון די אר־בייטער. די בורזשוא, די רעפּובליקאַנער, וועלכע האָבען אינ'ם נאָ־מען פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע פערכאַפּט דעם מלוכה־רו־דער, האָבען איהם בענוצט אויף דורכצופיהרען די יוני־הריגות, כדי צו בעווייזען דעם ארבייטער־קלאַס, אז די „סאָציאַלע" רעפּובליק בעדייט ניט מעהר, ווי זייער סאָציאַלע אונטערדריקונג דורך דער רעפּובליק, און כדי צו בעווייזען דער בורזשואזיע און די פּריצים, וואָס זיינען גענויגט פאר א קעניג, אז זיי קאָנען רוהיג איבערלאָזען פאר די בורזשואזע רעפּובליקאַנער די דאגות און די געווינסען פון דער רעגירונג. אָבער נאָך דער דאָזיגער איינציגער יוני־העלדענטאַט זייערער האָבען די בורזשואזע רעפּובליקאַנער געמוזט פון די פאָ־דערשטע רייהען אריבערגעהן אין די הינטערשטע רייהען פון דער „אָרדנונגפּארטיי", אין דער קאָאַליציע וואָס האָט זיך אויסגע־בילדעט פון אַלע קאָנקורירענדע פראַקציעס פון די פערמעגליכע קלאַסען מיט'ן אָפענעם צוועק פון געגנערשאַפט צו די פּראָדוצירענ־דע קלאַסען. די פּאַסיגסטע פאָרם פאר זייער געמיינשאַפטליכער רעגירונג איז געוועזען די פּארלאַמענטארישע רעפּובליק מיט לואי באָ־נאַפּארט אלס פּרעזידענט; א רעגירונג פון אומפערדעקטען קלאַסען־טעראָר און אבזיכטליכער בעליידיגונג פונ'ם „געמיינעם המון". אויב די פּארלאַמענטארישע רעפּובליק איז, ווי טיער האָט געזאָגט, גע־וועזען די מלוכה־פאָרם, וועלכע האָט וועניגער ווי אַלץ צוריסען די פערשיעדענע פראַקציעס פון דעם הערשענדען קלאַס, האָט זי דער־פאר געשאַפען אן אָפּגרונד צווישען אָט דעם קלאַס און דעם גאנ־צען געזעלשאַפטליכען קערפּער, וואָס לעבט אויסער זייערע שיטערע רייהען. די בעגרענצונגען פון דער מלוכה־מאכט, וואָס זיינען אויף די פריהערדיגע רעגירונגען ארויפגעלעגט געוואָרען א דאנק די שפּאַלטונגען אין דעם הערשענדען קלאַס גופא, זיינען איצטער אָפּ־געפאַלען. זעהענדיג, ווי דער פּראָלעטאריאַט גרייט זיך אויפצו־

הויבען זיך, האָט דער פעראייניגטער פערמעגליכער קלאַס איצט פרעך און געמיין אויסגענוצט די מלוכה־מאכט אלס נאציאָנאַלע מלחמה־געצייג פונ׳ם קאפּיטאַל געגען דער ארבייט. אָבער זייער שטענדיגע מלחמה געגען די פּראָדוצירענדע מאַסען האָט זיי ניט נאָר געצוואונגען צו געבען דער רעגירונג אַלץ מעהר און מעהר מאכט צו אונטערדריקען, זי האָט זיי אויך געצוואונגען אַלץ מעהר אונ־טערצוגעבען דער אויספיהרענדער מאכט זייער אייגענע פּאַרלאַמענ־טאַרישע פעסטונג — די נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג. די אויספיה־רענדע מאכט, אין דער פערזאָן פון לואי באָנאַפּארט, האָט זיי גע־וויזען די טיר. און די צווייטע אימפּעריע איז ענטשטאַנען אלס לייבליכער יורש פון דער רעפּובליק פון דער אָרדנונג־פּאַרטיי.

די אימפּעריע — מיט איהר מלוכה־איבערקעהרעניש אלס געבורט־צעטעל, מיט דעם אַלגעמיינעם וואהל־רעכט אלס סאַנקציע און מיט דעם שווערד אלס צעפּטער, האָט אָנגעגעבען, אַז זי שטיצט זיך אויף די פּויערים, אויף יענער גרויסער מאסע פּראָדוצירער, וועל־כע זיינען ניט געווען דירעקט פערמישט אינ׳ם קאַמף צווישען קאַ־פּיטאַל און ארבייט. זי האָט זיך ארויסגעשטעלט אלס רעטערין פונ׳ם ארבייטער־קלאַס דערמיט, וואָס זי האָט צובראָכען דעם פּאַר־לאַמענטאַריזם און מיט איהם די אָפענע אונטערוואָרפענקייט פון דער רעגירונג אונטער די פערמעגליכע קלאַסען. אין דערזעלבער צייט האָט זי זיך ארויסגעגעבען אלס די רעטערין פון די פערמעג־ליכע קלאַסען דערמיט, וואָס זי האָט געלאָזט פערבלייבען זייער עקאָ־נאָמישע הערשאַפט איבער דעם ארבייטער־קלאַס, און ענדליך האָט זי זיך ארויסגעגעבען אלס פעראייניגערין פון אַלע קלאַסען דורך אויפלעבען פון דאָס נייע די אַלע פאַנטאַזיעס וועגען נאַציאָנאַלען רוהם. אין דער אמת׳ן איז דאָס געווען די איינציגע מעגליכע רע־גירונגס־פאָרם פאַר יענער צייט, ווען די בורזשואַזיע האָט שוין פער־לאָרען די פעהיגקייט צו בעהערשען די נאַציאָן און דער ארבייטער־קלאַס האָט זיך נאָך די דאָזיגע פעהיגקייט ניט ערוואָרבען. די גאַנ־צע וועלט האָט מיט שמחה בעגריסט די בורזשואַזע אימפּעריע אלס די רעטערין פון דער געזעלשאַפט. אונטער איהר הערשאַפט האָט די בורזשואַזע געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך בעפרייט פון פּאָליטישע זאָרגען, דערגרייכט צו אַזאַ ענטוויקלונג, וועגען וועלכער זי אַליין

האָט קיינמאָל ניט נע'חלומ'ט. איהר אינדוסטריע און האַנדעל זיי־
נען אויסגעוואַקסען צו אַן אונגעהויערען מאַסשטאַב; דער בערזענ־
שווינדעל האָט געפּייערט זיין קאָסמאָפּאָליטישען שיכור־טאַנץ; די
אָרימקייט פון די מאַסען איז מורא'דיג בולט אַרויסגעטראָטען און
געשטעלט זיך אַנטקעגען דעם שענדליכען גלאַנץ פון דעם אויסגע־
לאַסענעם, איבערזאַטען און פערברעכערישען לוקסוס. די מלוכה־
מאַכט, וועלכע איז אויפ'ן ערשטען בליק געשטאַנען איבער דער
גאַנצער געזעלשאַפט, איז אין דער אמת'ן אַליין געווען דער שענד־
ליכסטער סקאַנדאַל פון דער געזעלשאַפט און אין דערזעלבער צייט
דער קוואַל פון אַלע איהרע אומווירדיגקייטען. די פּרייסישע באַיאָ־
נעטען האָבען אויפגעדעקט איהר אייגענע צופּוילטקייט און די צו־
פּוילטקייט פון דער געזעלשאַפט, וועלכע זי האָט „געראַטעוועט".
און פּרייסען אַליין האָט געדורשט איבערצוטראָגען דעם שווער־
פּונקט פון דעם דאָזיגען גאַנצען רעזשים פון פּאַריז קיין בערלין.
דער אימפּעריאַליזם איז די סאַמע פּראָסטיטואירטע און אין דער־
זעלבער צייט אויך די לעצטע פאָרם פון דער מלוכה־מאַכט, וועלכע
די בורזשואַזע געזעלשאַפט האָט ביי איהר ענטשטעהן אַרויסגערופען
צום לעבען אַלס איהר געצייג צו בעפרייען זיך פון דעם פעאָדאַליזם
און וועלכע די פולשטענדיג ענטוויקעלטע בורזשואַזע געזעלשאַפט
האָט פערוואַנדעלט אין אַ געצייג צו פערשקלאַפען דעם אַרבייטער
צום קאַפּיטאַל.

די קאָמונע איז געווען גראַדע דער היפּוך פון דער אימפּעריע.
דער לאָזונג פון דער „סאָציאַלער רעפּובליק", אונטער וועלכען די
פּאַריזער פּראָלעטאַריער האָבען אָנגעפיהרט די פעברואַר־רעוואָ־
לוציע, האָט בלויז אויסגעדריקט דעם אומבעשטימטען פערלאַנג צו
האָבען אַ רעפּובליק, וואָס זאָל ניט נאָר זיין פריי פון דער מאָנאַר־
כיסטישער פאָרם פון דער קלאַסענהערשאַפט, נאָר אויך פון דער
קלאַסענהערשאַפט גופא. די קאָמונע איז געווען די בעשטימטע
פאָרם פון דער דאָזיגער רעפּובליק.

פּאַריז, דער מיטעלפּונקט און די רעזידענץ פון דער אַלטער
רעגירונגס־מאַכט און אין דערזעלבער צייט די געזעלשאַפטליכע פעס־
טונג פון'ם פראַנצויזישען אַרבייטער־קלאַס, האָט זיך איצט אויפ־
געהויבען מיט געוועהר אין די הענט געגען דעם פערזוך פון טיער'ן

און זיינע „דעפּוטאַטען־פּראַפּס“ ווידער ארויסצורייסען ביי זיי, ביי די פּראָלעטאריער, די מאכט וואָס איז צו זיי איבערגעגאַנגען פון דער אַלטער אימפּעריע־רעגירונג, און זי צוריקשטעלען און פעראייביגען. פּאַריז האָט געקאָנט ארויסווייזען א ווידערשטאַנד נאָר א דאַנק דעם, וואָס ער האָט איבער דער בעלאַגערונג זיך בעפרייט פון דער ארמיי און ער האָט אויף איהר פּלאַץ אוועקגעשטעלט די נאַציאָ־נאַלע גווארדיע, וואָס איז הויפּטזעכליך בעשטאַנען פון ארבייטער. דעם דאָזיגען פאַקט האָט מען איצט נעדארפט ערקלערען פאר א שטענדיגע אינסטיטוציע. די קאָמונע האָט דעריבער מיט איהר ערשטען דעקרעט אָפּגעשאַפט די שטענדיגע ארמיי און פערביטען זי מיט'ן בעוואָפּענטען פאָלק.

די קאָמונע האָט זיך אויסגעבילדעט פון די שטאָדט־ראַטען, וואָס זיינען ערוועהלט געוואָרען אין די פערשיעדענע טיילען פון פּאַריז דורך אַלגעמיינעם שטימרעכט. די ראַטען זיינען געווען פער־אנטוואָרטליך פאַר די וועהלער און מען האָט זיי צו יעדער צייט געקאָנט אראָפּזעצען. די מעהרהייט פון דער קאָמונע איז, פער־שטעהט זיך, בעשטאַנען פון ארבייטער אָדער אנערקענטע פער־טרעטער פונ'ם ארבייטער־קלאַס. די קאָמונע האָט געזאָלט זיין ניט קיין פּאַרלאַמענטאַרישע, נאָר אַן ארבייטענדע קערפּערשאַפט, מיט געזעצגעבערישער און אויספיהרענדער מאכט אין דער זעלבער צייט. ביי דער פּאָליציי, וועלכע איז ביז יעצט געווען א געצייג אין די הענט פון דער מלוכה־מאכט, האָט מען גלייך אָפּגענומען אַלע איהרע פּאָליטישע פונקציעס און מען האָט זי פערוואַנדעלט אין א דירעקט־טע געצייג פון דער קאָמונע, וואָס איז צו איהר פעראַנטוואָרטליך און וועלכע מען קאָן צו יעדער צייט אראָפּזעצען. דאָס זעלבע אויך מיט די בעאַמטע פון אַלע אנדערע פערוואַלטונגס־צווייגען. אָנהויּ־בענדיג מיט די מיטגליעדער פון דער קאָמונע האָבען אַלע בעאַמטע געדארפט ערפילען זייערע פליכטען אויף זייערע עפענטליכע שטעל־לעס פאַר א געוועהנליכען ארבייטער־לוין. די בעזונדערע רעכט און די הויכע געהאַלטען פון די הויכע מאגנאַטען פון שטאַאט זיינען פערשוואונדען צוזאַמען מיט די דאָזיגע מאגנאַטען. די מלוכה־שטעלעס האָבען אויפגעהערט צו זיין דאָס פּריוואַט אייגענטום פון די געצייג פון דער צענטראַלער רעגירונג. ניט בלויז די שטאָדטישע

פערוואַלטונג, נאָר אויך די גאַנצע איניציאַטיוו, וואָס האָט ביז איצט געהערט דער מלוכה, איז איבערגעגאַנגען אין די הענט פון דער קאָמונע.

באַלד ווי די קאָמונע האָט אָפּגעשאַפט די רעגולערע אַרמיי און די פּאָליציי, די מאַטעריעלע מאַכט פון דער אַלטער רעגירונג, איז זי צוגעטראָטען צו דער אָפּשאַפונג אויך פון דער גייסטיגער אונטערדריקונגס־מאַכט, פון דער מאַכט פון די גלחים. זי האָט אַרויסגעגעבען אַ דעקרעט, אין וועלכען זי האָט בעפוילען אויפצו־לעזען אַלע קירכען און אָפּנעהמען ביי זיי זייער פערמעגען, אויף וויפיעל זיי זיינען געווען קערפּערשאַפטען, וואָס האָבען געהאַט אַ פערמעגען. די גלחים האָבען זיך געדאַרפט אומקעהרען צוריק צום רוהיגען און שטילען פּריוואַט־לעבען און דאָרטען זיך ערנעהרען, ווי זייערע פאָרגעננגער, די אַפּאָסטאָלען, מיט די נדבות פון זייערע גלויבינע נאָכפאָלגער. עס זיינען נעעפענט געוואָרען שולען פאַר דאָס פאָלק, פאַר אַלעמען אומזיסט און אין דערזעלבער צייט פריי פון יעדער אריינמישונג פון דער מלוכה אָדער פון דער קירכע. דערמיט האָט מען ניט בלויז די שולבילדונג געמאַכט צוגענגליך פאַר יעדען איינעם, נאָר די וויסענשאַפט גופא איז בעפרייט געוואָ־רען פון די קייטען, וואָס די קלאַסען־פאַראורטיילען און די רעגי־רונגס־מאַכט האָבען אויף איהר אַרויפגעלעגט.

די ריכטער האָבען פערלאָרען יענע לפנים'דיגע אונאַבהענגיג־קייט, וואָס איז בלויז געווען אַ מיטעל צו פערדעקען זייער אונטער־וואָרפענקייט צו די אַלע רעגירונגען, וואָס זיינען אַרויפגעטראָטען איינע נאָך דער אַנדערער, און צו וועלכע זיי האָבען איינע נאָך דער אַנדערער אָפּגעגעבען און דערנאָך געבראָכען זייער שבועה פון טרייהייט. ווי אַלע איבעריגע דיענער פון דער געזעלשאַפט האָ־בען אויך די ריכטער איצט געדאַרפט ערוועהלט ווערען און זיין פעראַנטוואָרטליך. און מען האָט זיי אויך צו יעדער צייט געקאָנט אַראָפּזעצען.

די פּאַריזער קאָמונע האָט, פערשטעהט זיך, געזאָלט דיענען אַלס מוסטער פאַר אַלע גרויסע אינדוסטריעלע צענטרען פון פראַנק־רייך. און ווען די קאָמונאַלע אָרדנונג וואָלט איינמאָל געווען איינ־געפיהרט אין פּאַריז און אין די צענטרען פון צווייטען ראַנג, וואָלט

די אַלטע צענטראַליזירטע רעגירונג געמוזט אויך אין די פּראָווינצען אָפּטרעטען איהר מאַכט פאַר דער זעלבסטפערוואַלטונג פון די פּראָ־דוצירער. אין אַ קורצען פּלאַן פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, וועלכען די קאָמונע האָט ניט געהאַט קיין צייט ברייטער צו בע־אַרבייטען, ווערט אויסדריקליך געזאָגט, אַז די קאָמונע דאַרף זיין די פּאָליטישע פאָרם אפילו פון יעדען קליינעם דאָרף, און אַז די רעגולערע אַרמיי אין לאַנד דאַרף פערביטען ווערען אויף אַ פאָלקס־מיליציע מיט זעהר אַ קורצער צייט פון דיענסט. די דאָרפישע קהילות פון איין בעצירק האָבען געדאַרפט פערוואַלטען מיט די אַלע געמיינשאַפטליכע אנגעלעגענהייטען דורך זייערע אויסגעוועהלטע פאָרשטעהער, פערזאַמעלט אין דער הויפּטשטאָדט פון דעם בע־צירק, און די פערזאַמלונגען פון די בעצירקען האָבען געדאַרפט אויסוועהלען זייערע פאָרשטעהער צו דער נאַציאָנאַלער דעלעגאַציע אין פּאַריז. די פאָרשטעהער האָבען נעדאַרפט זיין געבונדען מיט די אינסטרוקציעס פון זייערע וועהלער און מען האָט זיי צו יעדער צייט געקאָנט אָפּרופען. די איניגע אָבער זעהר וויכטיגע פונקציעס (אַרבייטען), וואָס וואָלטען דאַמאָלסט נאָך פערבליבען פאַר דער צענטראַלער רעגירונג, האָט מען ניט געזאָלט אָפּשאַפען (ווי מען האָט וועגען דעם אבזיכטליך פערשפּרייט פאַלשע ידיעות), נאָר אי־בערגעבען זיי אין די הענט פון קאָמונאַלע, ד. ה. שטרענג פעראַנט־וואָרטליכע בעאַמטע. די איינינגקייט פון דער נאַציאָן האָט געדאַרפט ניט צוברעכען ווערען, נאָר פערקעהרט בעסער אָרגאַניזירט ווערען דורך דער קאָמונאַלער קאָנסטיטוציע; זי האָט געזאָלט פערוואַנ־דעלט ווערען אין אַ ווירקליכקייט דורך דער פערניכטונג פון דער מלוכה־מאַכט, וואָס פלעגט זיך אַרויסגעבען אַלס די פערקערפּערונג פון דער איינינגקייט און האָט אין דער אמת'ן געוואָלט זיין אונ־אָפּהענגיג פון דער נאַציאָן און שטעהן איבער איהר, אויף וועמעס קערפּער זי איז בלויז געווען אַ שטיק ווילדפלייש. די בלויז אונ־טערדריקענדע אָרגאַנען פון דער אַלטער רעגירונגס־מאַכט האָבען איצט געדאַרפט אינגאַנצען אָפּגעשניטען ווערען, אָבער די בערעכ־טיגטע פונקציעס איהרע האָט מען נאָר געדאַרפט אַרויסרייסען פון די הענט פון דער מאַכט, וואָס האָט זיך איינגעשמועסט, אַז זי שטעהט איבער דער געזעלשאַפט, און איבערגעבען זיי אין די הענט

פון פעראַנטוואָרטליכע דיענער פון דער געזעלשאַפט. אנשטאַט
איין מאָל אין דריי אָדער אין זעקס יאָהר צו בעשטימען, וועלכער
מיטגליעד פון דעם הערשענדען קלאַס זאָל פערטרעטען און צו־
טרעטען דאָס פאָלק אין פּאַרלאַמענט, האָט דאָס אלגעמיינע שטימ־
רעכט געדאַרפט דיענען דעם פאָלק, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט
אין קאָמונעס, אַזוי ווי דאָס אינדיווידועלע שטימרעכט דיענט יע־
דען ארבייטסגעבער צו אויסזוכען ארבייטער, אויפפּאַסער און בוכ־
האַלטערס פאַר זיין געשעפט. און עס איז גוט בעוואוסט, אַז גאַנ־
צע געזעלשאַפטען קאָנען פּונקט אַזוי גוט ווי איינצעלנע געשעפטס־
לייט אין ווירקליכע געשעפטסזאַכען אויסקלייבען געוועהנליך די
פּאַסיגסטע מענשען; און האָבען זיי אמאָל א טעות געהאַט, קאָנען
זיי באַלד דעם טעות פעררעכטען. פון דער אַנדער זייט אָבער האָט
קיין זאַך ניט געקאָנט זיין מעהר להיפוך צום גייסט פון דער קאָ־
מונע, ווי פערבייטען דאָס אלגעמיינע שטימרעכט אויף א היעראַר־
כישען לייטער פון חזקה־שטעלעס.

עס איז שוין אַזוי דער מזל פון יעדער נייער שאַפונג פון דער
געשיכטע, אַז מען פעררעכענט זי פאַר א ברעקעל פון די אַלטע
שוין אָפּגעלעבטע פאָרמען פון געזעלשאַפט, צו וועלכע זי האָט נאָר
א האָר אן עהנליכקייט. אַזוי האָט מען אויך די קאָמונע, וועלכע האָט
צובראָכען די מאָדערנע מלוכה־מאַכט, פעררעכענט פאַר א ווידער־
אויפגעלעבטע פאָרם פון דער מיטעלאַלטערליכער קאָמונע, וואָס
האָט עקזיסטירט פאַר דער מאָדערנער מלוכה־מאַכט און האָט פאַר
איהר צוגעגרייט דעם באָדען. די קאָמונעלע אָרדנונג האָט מען פער־
רעכענט אלס פּראָבע צו שאַפען א בונד פון קליינע מלוכות, — א
זאַך, וועגען וועלכער מאָנטעסקיע און די זשיראָנדיסטען
האָבען געטרוימט, — א בונד וואָס זאָל פערבייטען די איי־
ניגקייט פון די גרויסע פעלקער, וועלכע זיינען אפילו אויפגעבויט
געוואָרען דורך גוואַלד, אָבער זיינען איצט געוואָרען א מעכטיגער
פאַקטאָר פון דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציאָן. די געגנערשאַפט
פון דער קאָמונע צו דער מלוכה־מאַכט האָט מען אָנגענומען פאַר
אן איבערטריבענער פאָרם פון דעם אַלטען קאַמף געגען צו גרויסער
צענטראַליזאַציע. געוויסע געשיכטליכע אומשטאַנדען האָבען אין
איינינע לענדער געקאָנט שטערען דער ענטוויקלונג פון דער בור־

זשוואזער רעגירונג אין דער קלאסישער פארם, ווי זי האט זיך איינ־
געשטעלט אין פראנקרייך; די דאזיגע אומשטאנדען האבען גע־
קאנט ערלויבען, ווי צ. ב. אין ענגלאנד, אז די גרויסע צענטראלע
מלוכה־ארגאנען זאלען ווערען דערגענצט דורך קארופטע קהילה־
פערזאמלונגען, שאכער־מאכערישע שטאדט־ראטען און אכזריות־
דיגע משגיחים איבער די ארימע־לייט אין די שטעדט און
דורך פריעדענס־ריכטער, צו וועלכע זייער אמט געהט פאקטיש
איבער בירושה פון דור צו דור, אין די דערפער. די קאמונאלע
ארדנונג וואלט אין נעגענטייל אומגעקעהרט דער געזעלשאפט די
אלע קרעפטען, וואס די פאראזיטישע מלוכה, וועלכע לעבט אויפ׳ן
חשבון פון דער געזעלשאפט און שטערט אין דער זעלבער צייט
איהר ענטוויקלונג, האט ביז איצט אויפגעפרעסען. און שוין דער־
מיט אליין וואלט זי געהאלפען דער ווידערגעבורט פון פראנקרייך.

דער מיטעלקלאס פון די פראווינציעלע שטעדט האט אין דער
קאמונע געזעהן א פראבע צוריקצושטעלען זייער מאכט איבער דעם
דארף, די מאכט וואס זיי האבען געהאט פאר לואי פיליפ׳ן און וואס
איז ביי זיי צוגענומען געווארען אונטער לואי באנאפארט׳ן דורך
דער כלומר׳שטדיגער הערשאפט פון דעם דארף איבער דער שטאדט.
אין דער אמת׳ן אבער האט די קאמונאלע ארדנונג געשטעלט די
דארפישע פראדוצירער אונטער דער גייסטיגער פיהרערשאפט פון
די הויפטשטעדט פון די בעצירקען און האט דארטען פערזיכערט
פאר זיי — און די שטאדטישע ארבייטער — נאטירליכע פערטרע־
טער פון זייערע אינטערעסען. שוין די עקזיסטענץ גופא פון דער
קאמונע, האט נאטירליכערווייזע בעדייט די איינפיהרונג פון דער
ארטיגער זעלבסטפערוואלטונג, אבער ניט אלס געגענגעוויכט צו דער
מלוכה־מאכט, וואס איז איצט געווארען איבעריג. נאר א ביסמארק־
ען, וועלכער נעהמט זיך גערן, ווען ניט פערנומען מיט זיינע בלוט־
און־אייזען־אינטריגעס, פאר זיין אלטער ארבייט, וואס איז אזוי צו־
געפאסט צו זיין גייסטיגען מהות — פאר דער מיטארבייטערשאפט
אין א וויץ־בלאט — נאר אזא קאפ ווי ביסמארק׳ס האט
עס געקאנט איינפאלען, צוצושרייבען דער פאריזער קאמונע די
שטרעבונג נאכצומאכען דער קאריקאטור פון דער אלטער פראנצוי־
זישער שטאדטישער ארדנונג פון 1791, — ד. ה. דער פרייסישער

שטאַדטישער אָרדנונג, וועלכע דערנידעריגט די שטאַדטישע פער־
וואלטונגען ביז צו פשוט׳ע שרייפלעך אין דער פריסישער מלוכה־
מאשין. די קאָמונע האָט פערוואנדעלט אין א ווירקליכקייט דעם
לאָזונג פון יעדער בורזשואזער רעוואָלוציע — „א ביליגע רעגירונג“,
אָפּשאַפּענדיג ביידע גרעסטע קוועלען פון הוצאה — די שטענדיגע
ארמיי און די ביוראָקראטיע. שוין איהר עקזיסטענץ אליין האָט
בעדייט די אָפּשאַפונג פון דער מאָנארכיע, וועלכע איז, ווענינגסטענס
אין אייראָפּע, א שווערע משא פאר דאָס פאָלק און א געוועהנליכע
מאסקע פון קלאסענהערשאפט. זי האָט געשאַפען פאר דער רע־
פובליק א פונדאמענט פון אמת־דעמאָקראטישע אינסטיטוציעס.
אָבער ניט „די ביליגע רעגירונג“ און ניט די „עכטע רעפובליק“ זיי־
נען געווען איהר ענדציעל; ביידע זיינען זיי געקומען צוזאַמען
מיט איהר און ממילא.

די פערשיעדענהייט פון די אויסטייטשונגען, וואָס די קאָמונע
האָט בעקומען, און די פערשיעדענהייט פון די אינטערעסען, וואָס
זי האָט אויסגעדריקט, בעווייזען, אז זי איז געווען זעהר אַן עלאַס־
טישע און ברייטע פּאָליטישע פאָרם, בשעת אלע פריהערדיגע רעגי־
רונגען זיינען הויפּטזעכליך געווען אונטערדריקענדע. דער סוד
דערפון איז — זי איז לויט איהר עצם געווען די רעגירונג פונ׳ם
ארבייטער קלאַס, דער רעזולטאט פונ׳ם קאמף פון דעם קלאַס פּראָ־
דוצירער געגען דעם קלאַס פון אייגענטימער, די לאַנג געזוכטע און
ערשט איצט געפונענע פּאָליטישע פאָרם, אונטער וועלכער עס האָט
נעקאָנט פאָרקומען די עקאָנאָמישע בעפרייאונג פון דער ארבייט.

אָהן דער לעצטער בעדינגונג וואָלט די קאָמונאַלע אָרדנונג
געווען אַן אוממעגליכקייט, אַן אילוזיע. די פּאָליטישע הערשאפט
פון די פּראָדוצירער קאָן ניט עקזיסטירען צוזאַמען מיט דער פער־
אייביגונג פון זייער געזעלשאַפטליכער קנעכטשאַפט. די קאָמונע
האָט דעריבער געמוזט דיענען אלס אינסטרומענט צו אומוואַרפען
די יסודות, אויף וועלכע עס האָט זיך געשטיצט די עקזיסטענץ פון
די קלאַסען און די קלאַסענהערשאפט. קוים ווערט די ארבייט בע־
פרייט, ווערט יעדער מענש אַן ארבייטער און פּראָדוקטיווע ארבייט
הערט אויף צו זיין אַן אייגענשאַפט נאָר פון איין קלאַס.

עס איז א וואונדערבאַרע זאַך: ניט קוקענדיג אויף דער גאַנ־

צער גערעדעריי און אויף דער גאנצער ליטעראטור פון די לעצטע
זעכציג יאָהר וועגען דער בעפרייאונג פון די ארבייטער, איז ווי
נאָר די ארבייטער נעהמען וואו עס איז איבער די זאך אין זייערע
אייגענע הענט, דערהערען זיך גלייך לויבגעזאנגען פון די פערטיי־
דיגער פון דער איצטיגער געזעלשאפט מיט איהרע צוויי עקסטרעמע
אייגענשאפטען: דעם קאפיטאל און דער לוינשקלאפעריי (דער
לאנד בעזיצער, דער פריץ, איז איצט בלויז א שטילער שותף פונ'ם
קאפיטאל), אזוי ווי די קאפיטאליסטישע געזעלשאפט וואָלט נאָך
געווען אינ'ם צושטאנד פון ריינער, יונגפרוייליכער אונשולדיגקייט;
אזוי ווי אַלע איהרע יסודות וואָלטען נאָך געווען אונענטוויקעלט,
אַלע איהרע שווינדלען נאָך ניט ענטדעקט און איהר גאנצע אויס־
געלאַסענע ווירקליכקייט ניט אויפגעדעקט! די קאָמונע, זאָגען זיי,
וויל פערניכטען דאָס אייגענטום, דעם יסוד פון יעדער ציוויליזאציע.
גאנץ ריכטיג, ווירדיגע הערען, די קאָמונע האָט געוואָלט אָפּשאפען
יענעם מין קלאסען אייגענטום, וואָס האָט די ארבייט פון א סך
פערוואנדעלט אין דאָס רייכטום פון וועניגע. זי האָט געוואָלט
עקספּראָפּריאירען די עקספּראָפּריאטאָרס. זי האָט געוואָלט דאָס
אינדיווידועלע אייגענטום פערוואנדלען אין א ווירקליכקייט, פער־
וואנדלענדיג די פּראָדוקציאָנסמיטלען, דעם באָדען און דעם קאפּי־
טאל, וואָס זיינען איצט א מיטעל פון פערשקלאפונג און עקספּלוא־
טאציע, אין מיטלען פון פרייער און קאָאָפּעראטיווער ארבייט.

אָבער דאָס איז דאך קאָמוניזם, דער „אוממעגליכער" קאָמו־
ניזם! יאָ, אָבער האָבען זיך דאך צווישען דעם הערשענדען קלאס
געפונען מענשען — און גאָר א היבש ביסעל — וועלכע האָבען
פערשטאנען די אוממעגליכקייט פון דער ווייטערדיגער עקזיסטענץ
פון דער איצטיגער געזעלשאפטליכער סיסטעם און זיי זיינען גע־
וואָרען היציגע און ענערגישע פערטיידיגער פון קאָאָפּעראטיווען
פּראָדוקציאָנס־אופן. און ווען די קאָאָפּעראטיווע פּראָדוקציאָן
בלייבט ניט בלויז א פוסטער קלאנג און א שווינדעל; ווען זי
שטויסט ארויס די קאפיטאליסטישע סיסטעם; ווען אלע קאָאָפּע־
ראציעס צוזאמען שטעלען אוועק די פאָלקס־פּראָדוקציאָן לויט איין
געמיינשאפטליכען פּלאן, נעהמען זי אונטער זייער פיהרערשאפט
און מאַכען דערמיט א סוף צו דער שטענדיגער אנארכיע און צו די

פּעריאָדישע קריזיסען, וועלכע זיינען ענג צוזאַמענגעבונדען מיט דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן — וואָס איז דאָס דאַן, ווירדי־גע הערדען, אויב ניט קאָמוניזם, דאָס מאָל דער „מעגליכער" קאָמו־ניזם?

דער אַרבייטער קלאַס האָט ניט געפאָדערט פון דער קאָמונע און ניט ערוואַרט פון איהר קיין ניסים. ער האָט ניט געוואָלט איינ־פיהרען דורך אַ באַלקסבעשלוס קיינע גרייטע פערענדיגטע אוטאָ־פּיעס. דער אַרבייטערקלאַס ווייס, אַז כדי דורכצופיהרען זיין איי־גענע בעפרייאונג און צוזאַמען דערמיט בריינגען אויף יענע הע־כערע פאָרם פון לעבען, צו וועלכער די איצטיגע געזעלשאַפט שטרעבט אונאויפהערליך דורך איהר עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, דאַרף ער, דער אַרבייטער־קלאַס, אויסהאַלטען אַ לאַנגען קאַמף, דורכמאַכען אַ סך געשיכטליכע פּראָצעסען, וואָס וועלען איינגאַנצען אומבייטען סיי די מענשען, סיי די אומשטאַנדען. ער דאַרף ניט פערווירקליכען קיין נייע אידעאַלען; ער דאַרף נאָר בעפרייען די עלעמענטען פון דער נייער געזעלשאַפט, וועלכע האָבען זיך שוין ענטוויקעלט אינוועניג אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, וואָס האַלט ביים פונאַנדערפאַלען. און אין פולען בעוואוסטזיין פון זיין געשיכטליכער שליחות (מיסיע) און מיט דעם העלדישען בעשלוס דורכצופיהרען די שליחות מיט ווירדע, קאָן דער אַרבייטערקלאַס זיך בעגנוגענען מיט אַ שמייכעל אַלס ענטפער אויף די גראָבע זיד־לערייען פון די לאַקייען פון דער פּרעסע און אויף דעם מוסר־זאָגען פון די גוטמיינענדע בורזשואַזע דאָקטרינערען, וואָס טראָגען אונטער זייערע אומוויסענדע אויבערפלעכליכקייטען און זייערע סעקטאַנטי־שע דריידלעך אין דעם נביא'שען טאָן פון וויסענשאַפטליכע הכל־יודעים.

ווען די פּאַריזער קאָמונע האָט איבערגענומען די פיהרונג פון דער רעוואָלוציע אין איהרע אייגענע הענט; ווען פּשוט'ע אַרביי־טער האָבען צום ערשטען מאָל געוואַגט אָנצוריהרען די ממשלה־פּריווילעגיע פון זייערע „נאַטירליכע בעלי־בתים", די פּערמעגליכע קלאַסען, אונטער שרעקליך שווערע בעדינגונגען און האָבען די אַר־בייט דורכגעפיהרט שטיל, עהרליך און בשלמות פּאַר אַ געהאַלט, וואָס מאַכט אויס, לויט דעם בעוואוסטען וויסענשאַפטליכען אויטאָ־

ריטעט (פּראָפעסאָר העקסלי) הלואי איין פּינפּטעל פון דעם קלענס־
טען געהאַלט, וואָס עס בעקומט אַ סעקרעטער אין אַ לאַנדאָנער שול־
ראַט; ווען די רויטע פאָהן, דער סימבאָל פון דער ארבייט־רעפּובליק,
האָט אויפגעפּיאַקערט איבער דעם ראַטהויז פון דער שטאָדט,—איז
די אַלטע וועלט פערטרייסעלט געוואָרען פאַר כעס און גרימצאָרן.

און דאָך איז דאָס געווען די ערשטע רעוואָלוציע, ביי וועלכער
דער ארבייטערקלאַס איז אַנערקענט געוואָרען אַלס דער איינציגער
קלאַס, וואָס האָט נאָך געזעלשאַפטליכע איניציאַטיוו, אַנערקענט
געוואָרען אפילו פון דער גרויסער מאַסע פון דער מיטעלער בורזשואַ־
זיע — פון די קליינהענדלער, בעלי־מלאכות און סוחרים — מיט
דער אויסנאַהם בלויז פון די רייכע קאַפּיטאַליסטען. די קאָמונע
האָט זיי געראַטעוועט דערמיט, וואָס זי האָט אויף אַ קלוגען אופן
גע׳לעזט די פראַגע, וועלכע איז אַלעמאָל געווען די אורזאַך פון קאַמף
אין דעם מיטעלקלאַס גופא. די פראַגע וועגען די בעלי חובות און
די קרעדיטאָרען. דערזעלביגער טייל פון דעם מיטעל־קלאַס האָט
זיך אין 1848 בעטייליגט אין דער אונטערדריקונג פון דעם ארביי־
טער־אויפשטאַנד אין מאָנאַט יוני, און גלייך נאָכדעם האָט די גרינ־
דונגס־פערזאַמלונג איהם געבראַכט פאַר אַ קרבן צו זיינע קרעדי־
טאָרס. אָבער דאָס איז געווען ניט די איינציגע סבה, פאַר וואָס
ער איז איצט צוגעשטאַנען צו די ארבייטער. ער האָט געפיהלט,
אַז עס איז פאַרהאַן נאָר איין ברירה — די קאָמונע אָדער די אימ־
פּעריע, אַלץ איינס אונטער וועלכען נאָמען די לעצטע זאָל ניט זיין.
די אימפּעריע האָט דעם מיטעלקלאַס עקאָנאָמיש רואינירט דער־
מיט, וואָס זי האָט ענטוויקעלט אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב דעם
בערזען־שווינדעל, וואָס זי האָט קינסטליך געהאָלפען דער פערשנע־
לערונג פון דער קאָנצענטראַציע פון׳ם קאַפּיטאַל און דערמיט אויך
דער עקספּראָפּריאירונג פון אַ גרויסען טייל פון דעם מיטעלקלאַס.
די אימפּעריע האָט איהם אונטערגעדריקט פּאָליטיש; האָט איהם
אויפגערייצט מאָראַליש מיט זיינע שיכור׳ע אָרגיעס; האָט בע־
ליידיגט זיין וואָלטעריאַניזם (פריי־דענקעריי), איבערגעבענדיג די
ערציהונג פון זיינע קינדער אין די הענט פון די „אונוויסענדע מאָ־
נאַכען“; זי האָט אויפגערעגט זיין נאַציאָנאַל געפיהל אַלס פראַנ־
צויזען, אריינציהענדיג איהם אומגעלומפּערט אין אַ מלחמה, וועל־

כע האָט פאר די אַלע חורבנות, וואָס זי האָט אָנגעמאַכט, געבראַכט
נאָר איין בעלוינונג — די אָפּשאַפונג פון דער אימפעריע. און
ווירקליך, נאָכדעם ווי די גאַנצע ציגיינער באַנדע פון די באָנאַפּאַר־
טיסטען און קאַפּיטאַליסטען האָט זיך ארויסגעקליבען פון פאריז,
האָט די אמת'ע אָרדנונג־פּארטיי פון דעם מיטעלקלאַס, וואָס איז
אַרויסגעטראָטען אונטער דעם נאָמען „רעפּובליקאַנישע פעראייני־
גונג", זיך געשטעלט אונטער דער פאָהן פון דער קאָמונע און פער־
טיידיגט זי געגען טיער'ס רכילות. צי וועט די דאַנקבארקייט פון
דער גרויסער מאַסע פון'ם מיטעלקלאַס ביישטעהן די איצטיגע
שווערע נסיונות, וועט בעווייזען די צוקונפט.

די קאָמונע איז געווען פולשטענדיג גערעכט, ווען זי האָט
דערקלערט די פויערים: „אונזער זיג איז אייער האָפנונג!" פון
אַלע געמיינע ליגענס, וואָס זיינען ארויסגעבראַכט געוואָרען דורך
די בראַווע באַשיבוזוקען פון דער איראָפּעאישער פרעסע, איז
דער גרעסטער און נידערטרעכטיגסטער ליגען, אַז די דאָרפס־יונגען,
די פּריצים פון דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג זיינען די פערטרע־
טער פון די פראַנצויזישע פויערים. מען קאָן זיך פאָרשטעלען די
ליעבע פון די פראַנצויזישע פויערים צו די דאָזיגע לייט, ווען
זיי האָבען געמוזט נאָך 1815 אויסצאָהלען אַ מיליארד קאָנטרי־
בוציע! דער פראַנצויזישער פויער קוקט שוין אויף דער עקזיס־
טענץ גופא פון די גרויסע פריצים אַלס אויף אַ בערויבונג פון זיינע
נצחונות פון 1789. דער בורזשואַ האָט אין 1848 ארויפגעלעגט
אויף דעם פויערשען באָדען אַ שטייער פון 45 סאַנטים אויף יעדען
פראַנק, אָבער ער האָט דאָס געטון אינ'ם נאָמען פון דער רעוואָלו־
ציע; איצט האָט ער אָנגעצונדען אַ בירגער־קריג געגען דער רע־
וואָלוציע, כדי ארויפצואווארפען די הויפּט משא פון דער פינף־
מיליארדיגער קריג־קאָנטריבוציע, וואָס ער האָט צוגעשטימט צו
געבען די פרייסען, אויף די פּלייצעס פון'ם פויער. די קאָמונע האָט
פערקעהרט גלייך דערקלערט אין איינער פון איהרע ערשטע פּראָ־
קלאַמאַציעס, אַז צאָהלען די קאָסטען פון דער מלחמה װעלען מוזען
די, וואָס האָבען זי פאַקטיש ארויסגערופען. די קאָמונע וואָלט
אָראָפּגענומען פון'ם פויער זיינע בלוטיגע שטייערן, וואָלט איהם
געגעבען אַ ביליגע רעגירונג און וואָלט פערוואַנדעלט אַלע זיינע

בלוט־זויגער — דעם נאָטאַריאוס, די אַדוואָקאַטען און די אַלע גע־
ריכט־וואַמפּירען — אין בעצאָהלטע קאָמונע־בעאַמטע, געוועהלט
פון איהם אַליין און פאַר איהם פעראַנטוואָרטליך. זי וואָלט איהם
בעפרייט פון דעם ווילקיר פון די פעלדהיטער, זשאַנדאַרמען און
פּאָליציי פּרעפעקט; זי וואָלט פערביטען זיין פערפינסטערונג דורך
די גלחים אויף זיין אויפקלערונג און בילדונג דורך דעם שול־לעהרער.
און דער פראַנצויזישער פויער איז פריהער פאַר אַלץ אַ בעל־חשבון.
ער וואָלט זיכער געפונען פאַר קליגער צו צאָהלען די
גלחים ניט פון די סומען, וואָס ווערען איינגעקליבען דורך די
שטייערן־זאַמלער, נאָר דורך פרייוויליגע נדבות, וואָס וועלען זיין
אָפּהענגיג פון דער פרומקייט פון די דאַוונער. דאָס זיינען די אומ־
מיטעלבאַרע גרויסע טובות, וואָס די הערשאַפט פון דער קאָמונע —
און נאָר פון דער קאָמונע — האָט פערשפּראָכען די פראַנצויזישע
פויערים. עס איז דאָ דעריבער איבעריג אַריינצוגעהן טיעפער אין
דעם אַנאַליז פון יענע קאָמפּליצירטע און ווירקליכע לעבענס־פּראָ־
גען, וואָס נאָר די קאָמונע אַליין איז געווען אימשטאַנד און איז
אין דערזעלבער צייט אויך געווען געצוואונגען צו לעזען אזוי,
ווי עס איז בעסער פאַר די פויערים: דאָס זיינען די פראַגען וועגען
די לאַנג־טערמיניגע חובות, וואָס זיינען געלעגען ווי אַ שווערע לאַסט
אויף דעם באָדען פון די פויערים, וועגען דעם דאָרפישען פּראָלע־
טאַריאַט, וואָס איז גרעסער געוואָרען פון טאָג צו טאָג, און וועגען
דער עקספּראָפּריאירונג פון די פויערים גופא פון זייער באָדען, וואָס
איז פאָרגעקומען מיט אַלץ אַ גרעסערער שנעלקייט אַ דאַנק דער
ענטוויקלונג פון דער מאָדערנער פאָרם פון ערד־אַרבייט און דער
קאָנקורענץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער לאַנדווירטשאַפט.

דער פראַנצויזישער פויער האָט אויסגעוועהלט לואי באָנאַ־
פּאַרט׳ן פאַר דעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, אָבער די צווייטע
אימפּעריע איז בעשאַפען געוואָרען פון דער אָרדנונגפּאַרטיי. אין
וואָס דער פראַנצויזישער פויער האָט זיך ווירקליך גענויטיגט, האָט
ער בעוויזען אין 1849 און 1850, ווען ער האָט אומעטום אַרויס־
געשטעלט זיינע מעיאָרס געגען די פּרעפּעקטען פון דער רעגירונג;
זיינע שול־לעהרער געגען די גלחים און אפילו געגען די זשאַנדאַרמען
פון דער רעגירונג. אַלע געזעצען, וואָס די אָרדנונגפּאַרטיי האָט

ארויסגעגעבען אין יאנואר און פעברואַר 1850 זיינען געווען, לויט איהר אייגענער אַנערקענונג, צוואַנג־געזעצען געגען די פויערים. דער פויער איז געווען אַ באָנאַפּאַרטיסט, ווייל די גרויסע רעוואָלו־ציע מיט אַלע איהרע טובות, וואָס זי האָט איהם געבראַכט, איז אין זיינע אויגען געווען פערקערפערט אין נאַפּאָלעאָנען. די דאָזיגע פערבלענדעניש, וואָס איז שנעל פערשוואונדען אין דער צייט פון דער צווייטער אימפעריע (און וואָס איז לויט איהר גאַנצען מהות געווען פיינדליך צו די פריצים — דאָרפסיונגען), דער דאָזיגער פּאָראורטייל פון דער פערגאַנגענהייט — ווי האָבען זיי געקאָנט ביישטעהן געגען דעם רוף פון דער קאָמונע צו די לעבעדיגע אינ־טערעסען און די נייטיגסטע בעדערפענישען פון די פויערים?

די פריצים־דאָרפסיונגען האָבען געוואוסט (און דערפאַר האָ־בען זיי מעהר ווי אַלץ מורא געהאַט), אַז דריי מאָנאַטען פרייע אונטערהאַנדלונגען און פערקעהר צווישען דעם קאָמונעלען פּאַריז און די פּראָווינצען וועלען אַרויסרופען אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד פון די פויערים. דעריבער האָבען זיי אַזוי פּחדני׳ש געאיילט אַרומ־צורינגלען פּאַריז מיט אַ פּאָליציי־בלאָקאַדע, כדי צו שטערען דער פערברייטונג פון דער פרייהייטס־מגפה.

אויב די קאָמונע איז אויף אַזאַ אופן געווען די אמת׳ע פער־טרעטערין פון אַלע געזונטע עלעמענטען פון דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט און דעריבער די אמת נאַציאָנאַלע רעגירונג, איז זי אין דערזעלבער צייט אַלס אַרבייטער־רעגירונג, אַלס בראַווע פאָר־קעמפּפערין פאַר דער בעפרייאונג פון דער אַרבייט געווען אין פולען זין פון וואָרט אינטערנאַציאָנאַל. פאַר די אויגען פון דער פּריי־סישער אַרמיי, וואָס האָט אַנעקסירט צוויי פּראָווינצען פון פראַנק־רייך צו דייטשלאַנד, האָט די קאָמונע אַנעקסירט די אַרבייטער פון דער גאַנצער וועלט צו פראַנקרייך.

די צווייטע אימפּעריע איז געווען דער יום־טוב פון דעם קאָס־מאָפּאָליטישען שאַנטאַזש און שווינדלעריי; די שווינדלער און רויבער פון אַלע לענדער זיינען אויף איהר רוף געקומען צופליהען צו נעהמען אַן אַנטייל אין איהרע שיכור׳ע אָרגיעס און אין דער בע־רויבונג פון׳ם פראַנצויזישען פאָלק. נאָך היינט צו טאָג איז טיער׳ס רעכטע האַנט, איינער גאַנעסקאָ, אַ וואַלאַכישער גראָביאַן, און זיין

לינקע האנט איינער מארקאָווסקי, א רוסישער שפּיאָן. די קאָמונע האָט אַלע פרעמדע ערלויבט דעם כבוד צו פאַלען פאַר אַן אונשטערב־ליכע זאַך.

אין דעם צווישען־משך פון דער צייט ווען די בורזשואזיע האָט אַ דאַנק איהר פעררעאט פערשפּיעלט דעם אויסערליכען קריג און דער צייט ווען זי האָט דורך איהר פעררעטערישער פערשוועררונג מיט דעם עראָבערער דעם שונא אויפגעהויבען דעם בירגער־קריג, האָט זי, די בורזשואזיע, געפונען צייט צו אַרויסווייזען איהר פּאַט־ריאָטיזם, אָרגאַניזירענדיג פּאָליציייאישע אָבלאַוועס אויף די דייי־טשען, וואָס וואוינען אין פראַנקרייך. און די קאָמונע האָט בע־שטימט א דייטש פאַר איהר ארבייטער מיניסטער.

טיער, די בורזשואזיע און די צווייטע אימפּעריע האָבען שטענ־דיג פערבלענדט די אויגען פון די פּוילען מיט זייער הויכען אויס־דרוק פון מיטגעפיהל צו זיי. אין דער אמת'ן אָבער האָבען זיי פער־ראַטען די פּוילען צו רוסלאַנד און געהאָלפען רוסלאַנד אין איהר שמוציגער ארבייט. די קאָמונע האָט אָפּגעגעבען דעם גרעסטען כבוד צו די העלדישע זיהן פון פּוילען, מאַכענדיג זיי פאַר די אָנפיהרער פון דער פערטיידיגונג פון פּאַריז. און כדי בולט'ער און קלערער צו בעצייכענען די נייע געשיכטליכע צייט, וועלכע זי האָט בע־וואוסטזיניג מיט זיך געעפענט, האָט די קאָמונע פאַר די פּרייסישע זיגער און פאַר דער ארמיי פון די באָנאַפּאַרטיסטישע גענעראַלען אין די אויגען אַרונטערגעוואָרפען דעם קאָלאָסאַלען סימבאָל פון מלחמה־גלאַנץ — דעם וואַנדאָם־זייל.

דער גרעסטער סאָציאַלער אויפטו פון דער קאָמונע איז געווען איהר אייגענע עקזיסטענץ, איהר ארבייט. איהרע איינצעלנע מיט־לען, וואָס זי האָט דורכגעפיהרט, האָבען נאָר געקאָנט אָנווייזען די ריכטונג אין וועלכער עס איז געגאַנגען די רעגירונג פונ'ם פאָלק דורכ'ן פאָלק. צו דעם געהערען: די אָפּשאַפונג פון נאַכטארבייט פון די בעקער; דער פערבאָט אַראָפּצודריקען דעם לוין פון די ארבייטער דורך שטראָפּירען זיי אונטער פערשיעדענע אויסרעדען — א געוועהנליכער מיטעל, וואָס די ארבייט־געבער האָבען זעהר אָפט פּראַקטיצירט און זיינען דערביי אַליין געווען אין דערזעלבער צייט אי די געזעצגעבער, אי די ריכטער, אי די אויספיהרער פונ'ם פּסק־

דין און האָבען די שטראָף־געלדער דערוויילל אראָפּגעלאָזט צו זיך
אין די קעשענעס. נאָך אַ מיטעל פונ'ם זעלבען מין איז געווען דאָס,
וואָס די קאָמונע האָט איבערגעגעבען צו קאָאָפּעראַטיווען אַלע
געשלאָסענע ווארשטאַטען און פאַבריקען, וועמעס בעלי־בתים זיי־
נען אנטלאָפען פון פּאַריז אָדער האָבען געפונען פאַר נויטיג אָפּ־
צושטעלען די אַרבייט; זי האָט אָבער דערביי געלאָזען פאַר די
בעלי־בתים דאָס רעכט אויף בעלוינונג פאַר זייער אייגענטום.

די פינאַנציעלע מיטלען פון דער קאָמונע האָבען זיך אויסגע־
צייכענט מיט זייער אויסנערעכענטקייט און מעסיגקייט; זי האָט
זיך געמוזט בעגרעניצען בלויז מיט אַזוינע מיטלען וואָס מען קאָן
אָנווענדען אין אַ בעלאַגערטער שטאָדט. נעהמענדיג אין אכט די
גרויסע גנבות, וואָס די גרויסע פינאַנציעלע קאָמפּאַניעס און די
בוי־אונטערנעהמער זיינען בעגאַנגען ביי דער שטאָדט פּאַריז אונ־
טער דער הערשאַפט פון אָסמאַן, האָט די קאָמונע געהאַט פיעל
מעהר רעכט צו קאָנפיסקירען זייער אייגענטום, ווי לואי באָנאַפּאַרט
דאָס אייגענטום פון דער אָרלעאַנישער פאַמיליע. די האָהענצאָ־
לערנס און די ענגלישע אָליגאַרכען, וועלכע האָבען ביידע אַ
גאַנץ היבשען טייל פון זייער פערמעגען בעקומען פון אָנגערויבטע
קירכענאייגענטום, זיינען נאַטירליך געווען שטאַרק אויפגעבראַכט
אויף דער קאָמונע, וועמען די קאָנפיסקירטע קירכען־גיטער האָבען
איינגעבראַכט בלויז 8,000 פראַנק.

אין דער צייט וואָס די ווערסאַלער רעגירונג האָט באַלד, ווי
זי האָט נאָר בעקומען אַ ביסעל מוט און קראַפט, אָנגעווענדעט געגען
דער קאָמונע די שרעקליכסטע גוואַלד־מיטלען; אין דער צייט וואָס
זי האָט אין גאַנץ פראַנקרייך אונטערדריקט דעם אויסדרוק פון
פרייער מיינונג און אפילו פערבאָטען די דעלעגאַטען פון די גרוי־
סע שטעדט צו פערזאַמלען זיך; אין דער צייט ווען זי האָט אין
ווערסאַל און אין גאַנץ פראַנקרייך איינגעשטעלט אַ סיסטעם פון
שפּיאָנאַזש, וואָס איז געווען נאָך ערגער איידער דער שפּיאָנאַזש
פון דער צווייטער אימפּעריע; אין דער צייט ווען זי האָט דורך
איהרע זשאַנדאַרמען־אינקוויזיטאָרען פערברענט אַלע צייטונגען,
וואָס זיינען געדרוקט געווען אין פּאַריז און געעפענט אַלע בריף,
וואָס זיינען געגאַנגען פון און אין פּאַריז; אין דער צייט וואָס יע־

דער שטילסטער פערזוך אפילו צו זאָגען א וואָרט פאר פאריז פלעגט
אין דער נאציאָנאלער פערזאמלונג פערטומעלט ווערען אויף אזא
אופן, וואָס איז אפילו אין דער יונקער־פּאלאטע פון 1816 געווען
אונערהערט ; אין דער צייט וואָס די ווערסאלער רעגירונג האָט
געפיהרט א בלוטדורשטיגען קריג געגען פאריז פון אויסען און דער־
צו געפלייסט זיך אריינצודרינגען אינוועניג דורך שוחד און פער־
שווערונגען, — אין אזא צייט וואָלט די קאָמונע דען ניט מיאוס פער־
ראטען איהרע אויפגאבען, ווען זי וואָלט ווי אין די רוהיגע צייטען
פון פרידען אָפּגעהיט אלע פוסטע פאָרמען פון ליבעראליזם ? ווען
די רעגירונג פון דער קאָמונע וואָלט געווען עהנליך צו דער רעגירונג
פונ׳ם הערר טיער, וואָלט, פערשטעהט זיך, ניט געווען נויטיג צו
פערמאכען די צייטונגען פון דער אָרדנונגפּארטיי אין פאריז און
אויך ניט די צייטונגען פון דער קאָמונע אין ווערסאל.

עס האָט נאטירליך געמוזט ארויסרופען דעם צאָרן פון די
דאָרפּסיונגען, ווען גראד אין דער צייט וואָס זיי האָבען דערקלערט,
אז דאָס איינציגע מיטעל צו ראטעווען פראנקרייך בעשטעהט אין
איהר אומקעהרען זיך צוריק צו דער קירכע, אז גראדע אין דער
צייט האָט די אונגלויביגע קאָמונע אויפגעדעקט די אמת׳ע סודות
פון דעם פּיקפּוסער פרויען־מאָנאסטיר און פונ׳ם קלויסטער פונ׳ם
הייליגען לאָורענט. עס איז געווען א ביטערע סאטירע אויף
טיער׳ן, אז אין דער צייט וואָס ער האָט געשאָטען מיט מעדאלען
פונ׳ם עהרען־לעגיאָן אויף די באָנאפּארטיסטישע גענעראלען פאר
זייער מייסטערהאפטער קענטשאפט צו פערלירען שלאכטען, צו
אונטערשרייבען קאפּיטולאציעס און צו מאכען סיגארען אין וויל־
העלמסהעהע, האָט די קאָמונע אראָפּגעזעצט און אין טורמע
אריינגעזעצט איהרע גענעראלען, ווען עס איז נאָר געווען א חשד,
אז זיי פערנאכלעסיגען זייערע פליכטען. און דאָס, וואָס די קאָמונע
האָט אויסגעשלאָסען פון איהרע רייהען און ארעסטירט איהרען א
מיטגליעד, וואָס האָט זיך אריינגע׳גנב׳עט אין איהר אונטער א פאל־
שען נאָמען און איז פריהער שוין געווען 6 טעג ארעסטירט אין
ליאָן פאר אן איינפאכען באנקראָט — איז דאָס ניט אן אָפענער
פּאטש אין פנים דעם דאָקומענטען־פעלשער זשול פאוור, וועלכער
איז דאמאָלסט נאָך אלץ געווען דער אויסערן־מיניסטער פון פראנק־

רייך, האָט נאָך אַלץ געהאַלטען אין איין פּערקויפען פראַנקרייך צו ביסמארק'ען און האָט נאָך אַלץ דיקטירט זיינע בעפעהלען צו דער אויסגעצייכענטער בעלגישער רעגירונג? אָבער די קאָמונע האָט דאָך ניט פּרעטענדירט אויף אומפּעהלבאַרקייט, ווי עס האָבען אויף דעם פּרעטענדירט אַלע פריהערדיגע רעגירונגען, אָהן אויסנאהם. זי האָט פּערעפענטליכט אַלע איהרע רעדעס און האַנדלונגען און גע־לאָזט דעם עולם וויסען וועגען אַלע איהרע פעהלערן.

אין יעדער רעוואָלוציע רוקען זיך אַרויס צוזאַמען מיט איהרע אמת'ע פּערטרעטער אויך אַנדערע לייט. אַ טייל פון די דאָזיגע לייט זיינען די, וואָס האָבען איבערגעלעבט די פריהערדיגע רעוואָ־לוציעס, מיט וועלכע זיי זיינען געווען צונויפגעוואַקסען; זיי האָ־בען ניט קיין חוש, קיין פערשטאַנד פאַר דער בעוועגונג, וואָס קומט פאַר פאַר זיי, אָבער זיי האָבען נאָך אַ גרויסען איינפלוס אויף דאָס פאָלק מיט זייער בעוואוסטען מוט און כאַראַקטער, אָדער פּשוט דורך טראַדיציע. אַנדערע זיינען פּשוט'ע שרייער, וועלכע האָבען בעקומען זייער רעפּוטאַציע אַלס עכטע רעוואָלוציאָנערען פאַר זייע־רע שטענדיגע, אין משך פון יאָהרען, אַלע מאָל איינע און דיזעלבע אַנפאַלען אויף דער עקזיסטירענדער רעגירונג. אויך נאָך דעם 18טען מערץ האָבען זיך אַרויסגערוקט אַזעלכע לייט און האָבען אין איני־גע פאַלען אפילו געשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָליע. אויף וויפיעל זייער מאַכט האָט געגרייכט, האָבען זיי געשטערט דער אמת'ער ווירקונג פון'ם אַרבייטער קלאַס, ווי זיי האָבען געשטערט דער פולער ענטוויקלונג פון יעדער פריהערדיגער רעוואָלוציע. זיי זיינען אַן אומפערמיידליכע פּלאָג; מיט דער צייט בעפריים מען זיך פון זיי, אָבער די דאָזיגע צייט האָט נאָך די קאָמונע ניט געהאַט.

ווירקליך וואונדערבאַר איז געווען די אומענדערונג פון פּאַריז, וואָס די קאָמונע האָט דורכגעפיהרט. עס איז ניט געבליבען קיין שפּור פון דעם אויסגעלאַסענעם פּאַריז פון דער צווייטער אימפּעריע. פּאַריז האָט אויפגעהערט צו זיין דער זאַמעלפּונקט פאַר די ענגלישע ערדבעזיצער, אירלענדישע אַבסענטעאיסטען, אַמעריקאַנישע געוועזענע שקלאַפען־האַלטער און אויפגעקומענע גבירים, פאַר די רוסי־שע געוועזענע לייב־אייגענטימער און פאַר די וואַלאַכישע באָיאַרען. קיין איין טויטער קער־פּער אין די מאָרגען, קיין איין נאַכטרויבערײ,

כמעט קיינע גנבות. זינט די פעברואר טעג פון 1848 זיינען די פּאַ־
ריזער גאַסען ווידער ערשט איצט געוואָרען זיכער, הגם עס איז אויף
זיי ניט געווען קיין שום פּאָליציי. „מיר הערען איצט ניט מעהר
פון מאָרד, פון רויב, פון פערברעכען געגען אַנדערע פּערזאָנען, —
האָט געזאָגט אַ מיטגליעד פון דער קאָמונע; עס זעהט אויס, אז די
פּאָליציי האָט אַלע איהרע קאָנסערוואַטיווע פריינד מיטגעשלעפּט
מיט זיך קיין ווערסאַל. די קאָקאָטקעס זיינען נאָכגעפאָהרען זייע־
רע בעשיצער — די אַנטלאָפענע פערטיידיגער פון פאַמיליע, פון
גלויבען און פריהער פאַר אַלץ פון אייגענטום. אויף זייער אָרט
זיינען ווידער אַרויסגעטראָטען אויף דער סצענע די אמת'ע פּאַריזער
פרויען — אַזוי העלדיש, אַרבייטזאַם און אָפּפער־פעהיג ווי די
פרויען פון אַלטערטום. פּאַריז האָט געאַרבייט, געדענקט, געקעמפט,
איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט. און, שאַפענדיג אַ נייע געזעלשאַפט, האָט
ער כמעט ווי פערגעסען וועגען די מענשענפרעסער הינטער זיינע
טויערן און האָט געלויכטען מיט בעגייסטערונג פון זיין היסטאָ־
רישער אונטערנעהמונג!

און פּנים אל פּנים מיט אָט דער נייער וועלט אין פּאַריז,
איז געשטאַנען די אַלטע וועלט אין ווערסאַל — אַ פערזאַמלונג פון
אויסוואורפען פון אַלע אָפּגעשטאָרבענע אָרדנונגען, לעגיטימיסטען
און אָרלעאַניסטען מיט זייער דורשט צו געניסען פונ'ם טויטען
קערפּער פונ'ם פאָלק, — מיט אַ לאַנגער נאָכשלעפּעניש פון רע־
פּובליקאַנער פון פאַר'ן דור המבול, וועלכע האָבען מיט זייער אָנ־
וועזען זיין אין דער פערזאַמלונג געגעבען זייער צושטימונג צום
אויפשטאַנד פון די שקלאַפען־האַלטער, וועלכע האָבען געהאָפט אויפ־
צוהאַלטען זייער פּאַרלאַמענטאַרישע רעפּובליק דערמיט וואָס אין
דער שפּיצע פון דער רעגירונג איז געשטאַנען דער אַלטער בעל־
גאוה'דיגער פּוסטער נאַר און דערמיט וואָס זיי האָבען נאָכגעמאַכט
דאָס יאָהר 1789 מיט זייערע געהיימע פערזאַמלונגען אין „זשעו־דע־
פּאָם" (אַ הויז צום שפּיעלען באַל, וואו די נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג
פון 1789 האָט אָנגענומען איהרע בעריהמטע בעשלוסען). די דאָ־
זיגע פערזאַמלונג, די פערטרעטערין פון אַלץ, וואָס איז געווען אָפּ־
געשטאָרבענס אין פראַנקרייך, האָט נאָך אַרויסגעוויזען כלומר'שט־
דיגע סמנים פון לעבען און געהאַלטען זיך בלויז אַ דאַנק די שווער־

דען פון די באַנאַפּאַרטיסטישע גענעראַלען. פּאַריז — דער אמת
אליין, ווערסאַל, — דער שקר אליין; און דער אויסדריקער פון דעם
דאָזיגען שקר איז געווען טיער.

טיער האָט געזאָגט צו אַ דעפּוטאַציע פון מעיאָרס פון די דע־
פּאַרטאַמענטען סען און אואז: „איהר קאָנט זיך פערלאָזען אויף
מיין וואָרט, וואָס איך האָב ק ײ נ מ אָ ל ניט געבראָכען!“ דער
פערזאַמלונג אליין האָט ער געזאָגט, אַז זי איז „די ליבעראַלסטע
און אויפ׳ן פרייעסטען אופן געוועהלטע פערזאַמלונג, וואָס פראַנק־
רייך האָט אַמאָל געהאַט“; זיין פערשידענפאַרביגער מיליטערי־
שער חבריא האָט ער געזאָגט, אַז זי איז „די בעוואונדערונג פון
דער וועלט און די שענסטע ארמיי, וואָס פראַנקרייך האָט אַמאָל
פערמאָגט“; די פּראָווינצען האָט מען וועגען דער באָמבאַרדירונג
פון פּאַריז דערצעהלט אַזאַ באָבע מעשה: „אויב עטליכע באָמ־
בעס זיינען געפאַלען אין פּאַריז, האָט זיי אַריינגעשאָסען ניט די
ווערסאַלער ארמיי, נאָר עטליכע אינסורגענטען, וואָס האָבען גע־
וואָלט בעווייזען אַז זיי שלאָגען זיך, נאָר זיי האָבען אין דער אמת׳ן
מורא געהאַט צו ווייזען אפילו זייער נאָז“; און נאָך האָט ער שפּע־
טער געזאָגט צו די פּראָווינצען: „די ווערסאַלער ארטילעריע באָמ־
באַרדירט ניט פּאַריז, זי שיסט נאָר אויף איהם“. דעם ערצבישאָף
פון פּאַריז האָט ער געזאָגט, אַז די אַלע מעשות וועגען דעם, אַז דאָס
ווערסאַלער מיליטער צושיסט און צוואַרגט די געפאַנגענע, זיינען
לויטער ליגען. ער האָט געלאָזט וויסען פּאַריז, אַז ער האָט אין
זינען בלויז צו „בעפרייען איהם פון די מיאוס׳ע טיראַנען, וועלכע
דריקען איהם“, און אַז דער קאָמונעלער פּאַריז איז „בלויז אַ הויפען
פערברעכער“.

טיער׳ס פּאַריז איז געווען ניט דער אמת׳ער פּאַריז פון דעם
„נידעריגען המון“, נאָר אַ פאַנטאַסטישער פּאַריז, דער פּאַריז פון
גנבים און שווינדלער, דער פּאַריז פון די שטענדיגע בולוואַר־לייט
מענער און פרויען, דער רייכער, קאַפּיטאַליסטישער, בעגאָלדעטער
און לעדיגגעהענדער פּאַריז, וואָס האָט זיך איצט אַרומגעדרעהט
איבער ווערסאַל, סען־דעני, ריועל און סען־זשערמען מיט אַלע
זיינע לאַקייען, זשוליקעס, ליטעראַרישער ציגיינער־באַנדע און קאָ־
קאָטקעס. פאַר אָט דעם פּאַריז איז דער בירגער־קריג געווען בלויז

אן אנגענעהמער צייט־פערטרייב; אַט דער פּאריז האָט געקוקט אויפ'ן קאַמף דורך אַ בינאָקל, געצעהלט די שאָסען פון די קאַנאָנען און געשוואָרען אויף זיין וואָרט און אויפ'ן וואָרט פון זיינע קאָקאָט־קעס, אז די פאָרשטעלונג איז ניט אין אַן ערך שענער איינגעאָרדענט איידער אין דעם לוסטיגען טעאַטער פון „פּאָרט סען מארטען"; די געפאַלענע זיינען דאָ געווען אויף אַן אמת טויט; אויף אַן אמת, ניט פון פּאָליטישע וואוילטאָג; אז די פערוואונדעטע האָבען דאָ געשריען, האָט זיך דאָס ניט בלויז געדוכט; און די דראמא, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיעלט פאר זיי, איז געווען אַ וועלט־היסטאָרישע דראמא.

אַט דאָס איז געווען דער פּאריז פון דעם הערר טיער, ווי די אמאָליגע עמיגראציע פון קאָבלענץ איז געווען בלויז די פראנקרייך פון דעם העררן דע־קאָלאָן.

---

IV

דער ערשטער פּרואוו פון די שקלאָפּענהאַלטערישע פערשווע־רער צו בעזיגען פּאריז, פערנעהמענדיג איהם מיט פּרייסישען מי־ליטער, האָט זיך ניט איינגעגעבען, ווייל ביסמארק האָט זיך ענט־זאָגט עס צו טאָן. דער צווייטער פּרואוו, דעם 18טען מערץ, האָט זיך געענדיגט מיט דער מפּלה פון דער ארמיי און מיט'ן אנטלויפען פון דער רעגירונג קיין ווערסאַל, וואוהין עס האָט זיך געמוזט אָרי־בערפּעקלען צוזאמען מיט איהר די גאַנצע פערוואַלטונגס־מאַשין. דורך זיין שפּיעל אין פרידענס־אונטערהאנדלונגען מיט פּאריז האָט טיער דערווייל געוואונען צייט אויף צוצוגרייטען זיך צו מלחמה מיט פּאריז. אָבער וואו נעהמט מען אַן ארמיי? דאָס ביסעל, וואָס איז איבערגעבליבען פון די פריהערדיגע רעגימענטען, איז געווען קליין אין צאָהל און ניט זיכער אין זיין שטימונג. זיינע אויפ־רופען צו די פּראָווינצען, זיי זאָלען קומען צו הילף ווערסאַל מיט זייערע נאציאָנאלע גוואַרדיעס און מיט פריייוויליגע, זיינען שארף צוריקגעוויזען געוואָרען. נאָר די פּראָווינץ ברעטאַן האָט געשיקט אַ הייפעל שואנעס, וועלכע האָבען זיך געשלאָגען אונטער אַ ווייסער פאָהן און געטראָגען יעזוס'עס הארץ אין אַ קמיעה יעדער אויף זיין

הארצען. און זייער מלחמה־שלאגוואָרט איז געווען: „וויוו לע רואַ!" (זאָל לעבען דער קעניג!). טיער האָט דעריבער געמוזט צוזאמענ־שטעלען אין איילעניש א פערשיעדענפארביגע באנדע פון מאטראָ־סען, פלאָט־זעלנער, פאפיסמישע זואווען, וואלענטענ'ס זשאנ־דארמען, פיעטרי'ס פאָליציילייט און שפיאָנען. אָבער די דאָ־זיגע ארמיי וואָלט געווען לעכערליך קליין און ניט גענוג, ווען עס וואָלטען זיך ניט ביסלעכווייז צוריקגעקעהרט די געפאנגענע פראנ־צויזישע אימפעריע־סאָלדאטען, וואָס ביסמארק האָט אָפּגעלאָזען אלס אויסטויש פאר די פרייגעלאָזענע פרייסישע געפאנגענע סאָל־דאטען, און צוריקגעקעהרט זיך אין א גענוגענדער צאָהל צו פיהרען דעם בירגערקריג און צו האלטען ווערסאל אין שקלאפישער אָפּהענ־גיגקייט פון פרייסען. אין דער צייט פון דעם בירגער־קריג גופא האָט די ווערסאלער פאָליציי געדארפט נאָכשפּירען די ארמיי, און די זשאנדארמען האָבען געדאַרפט צוגעבען איהר מוט און נאָכ־שלעפען זי נאָך זיך, שטעלענדיג זיך אויף די געפעהרליכסטע פונק־טען. די פאַרטען, וואָס זיינען געפאלען, זיינען ניט גענומען, נאָר געקויפט געוואָרען. די העלדישקייט פון די קאָמונארען האָט אי־בערצייגט טיער'ן, אז ער קאָן ניט צוברעכען פאריז דורך זיין אייגע־נעם סטראטעגישען זשעני אָדער דורך דער צאָהל באיאָנעטען, וואָס ער האָט פערמאָגט.

אין דערזעלבער צייט זיינען די בעציהונגען זיינע מיט די פראנצויזען געוואָרען אלץ ערגער. עס האָט זיך ניט בעקומען קיין איין אדרעס פון צושטימונג און גוטהייסונג, וואָס זאָל קאָנען אויפ־מונטערן טיער'ן און זיינע דאָרפיונגען. פערקעהרט אָבער, עס זיינען געקומען אין די מאסען דעפּוטאציעס און אדרעסען פון אלע זייטען פון לאנד און זיי האָבען געפאָדערט אין גאָר ניט קיין אב־טונגספולען טאָן צו שליסען פרידען מיט פאריז, אויף די פאָלגענדע בעדינגונגען: מען זאָל קלאָר און ניט צווייטייטיג אנערקענען די רעפּובליק; בעשטעטיגען די געמיינדע־פרייהייטען און פונאנדער־לאָזען די נאציאָנאלע פערזאמלונג, וועמעס מאנדאט איז אויסגע־גאנגען. די דאָזיגע דעפּוטאציעס און אדרעסען זיינען אָנגעקומען אין אזא גרויסער צאָהל, אז דיופאָר, טיער'ס יוסטיץ־מיניסטער, האָט בעפוילען אין זיינעם א צירקולאר פון 23טען אפּריל צו די

פּראָקוראָרען, זיי זאָלען „די פרידענס־אויפרופען" בעהאנדלען ווי א פערברעכען. זעהענדיג די האָפנונגסלאָזיגקייט פון זיין קאמף געגען פּאריז, האָט טיער בעשלאָסען צו ענדערען זיין טאַקטיקע און האָט בעפוילען דורכצופיהרען איבער'ן גאנצען לאנד וואהלען צו די געמיינדע־ראַטען, דעם 30טען אפּריל, אויפ'ן יסוד פון א נייעם געמיינדע־געזעץ, וואָס ער האָט אַרויסגעצוואונגען אויף דער נאַציאָנאַלער פערזאמלונג. זיך שטיצענדיג אויף די אינטריגעס פון זיינע פּרעפעקטען, און אויף דירעקטע אָנשרעקונגען פון דער פּאָליציי, האָט ער געהאָפט, אז די וואהלען פון די פּראָווינצען וועלען געבען דער נאַציאָנאַלער פערזאמלונג אזא גרויסע מאָראַלישע מאכט, ווי זי האָט קיינמאָל ביז איצט ניט געהאַט, און די מאַטע־ריעלע מיטלען, וועלכע זיינען איהם נויטיג געווען, כדי צו בעזיגען און איינגעמען פּאריז.

זיין רויבער־קריג געגען פּאריז, וואָס ער האָט געלויבט אין הימעל אריין אין זיינע פּראָקלאַמאַציעס, און די פּראָבעס פון זיינע מי־ניסטאָרען איינצופיהרען איבער גאנץ פראנקרייך א הערשאַפט פון שרעק, האָט טיער געפונען פאר נויטיג שוין גלייך פון אָנהויב צו דערגענצען מיט א קליינער פרידענס־קאָמעדיע, וועלכע איז איהם נויטיג געווען צוליב פערשיעדענע צוועקען. די דאָזיגע פרידענס־קאָמעדיע האָט געדאַרפט פערבלענדען די אויגען די פּראָווינצען, צוציהען דעם מיטעלקלאַס פון פּאריז און פריהער פאר אלץ — גע־בען די כלומר'שטיגע רעפּובליקאַנער פון דער נאַציאָנאַלער פערזאמ־לונג די געלעגענהייט צו פערדעקען זייער פערראַט געגען פּאריז מיט זייער צוטרויען צו טיער'ן. דעם 21טען מערץ, ווען טיער האָט נאָך קיין ארמיי ניט געהאַט, האָט ער דערקלערט דער פערזאמלונג: „עס מעג זיין וואָס ס'זאָל ניט זיין — איך וועל קיין ארמיי געגען פּאריז ניט שיקען. דעם 27טען מערץ האָט ער ווידער דערקלערט: „איך האָב געטראָפען די רעפּובליק אלס א געשעהענעם און פער־ענדיגטען פאַקט און איך בין פעסט בעשלאָסען צו אָפּהיטען זי". אין דער אמת'ן אָבער האָט ער אונטערדריקט די רעוואָלוציע אין ליאָן און מאַרסעל אינ'ם נאָמען פון דער רעפּובליק אין דערזעלבער צייט, וואָס די דאָרפסיוננגען פלעגען מיט זייערע קולות פערטויבען דאָס וואָרט „רעפּובליק", ווען מען פלעגט עס נאָר דערמאָנען אַז

ווערסאַל. נאָך דער דאָזיגער גרויסער המצאה האָט ער אָנ־
געהויבן דעם „געשעהענעם פאַקט" צו רעכענען נאָר פאַר אַ „מעג־
ליכען פאַקט". די אָרלעאַנישע פּרינצען, וואָס ער האָט פאַרזיכטיג
אַרויסגעפּטר'ט פון באָרדאָ, האָבען איצט פריי אינטריגירט אין
דרעו, ניט רעכענענדיג זיך מיט'ן געזעץ. אַלע רעד וועגען די
בעדינגונגען, אויף וועלכע טיער האָט אין זיינע אונענדליכע בעגע־
גענישען מיט די דעלעגאַטען פון פאַריז און פון די פּראָווינצען
שטענדיג געגעבען אָנצוהערענישען — און ווי פיעל די דאָזיגע אָנ־
צוהערענישען האָבען זיך נים געהאַט געביטען אין זייער טאָן און
שאַטירונג — האָבען זיך שטענדיג געענדיגט דערמיט, אַז ער וועט
זיך נאָר נוקם זיין אָן „דעם הייפעל פערברעכער, וואָס האָבען זיך
בעטייליגט אין הרג'ענען קלעמאַן טאָמאַ און לעקאָנט", נאַטירליך
מיט דער בעדינגונג, אַז פאַריז און פראַנקרייך זאָלען אָפען אַנער־
קענען טיער'ן אַלס די בעסטע רעפּובליק, אַזוי ווי ער, טיער, האָט
אין יאָהר 1830 אָנערקענט לואי פיליפּ'ן פאַר דער בעסטער רע־
פּובליק. און אפילו די דאָזיגע בעדינגונגען זיינע האָט ער ניט בלויז
געפּלייסט זיך צו מאַכען צווייפעלהאַפט דורך די אָפיציעלע אויס־
טייטשונגען פון זיינע מיניסטאָרען אין דער נאַציאָנאַלער פערזאַמ־
לונג; ער האָט אויך געהאַט זיין דיופאָר'ן, וואָס האָט געדאַרפט מיט
זיינע האַנדלונגען אָפּלייקענען טיער'ן. דיופאָר, דער אַלטער אָרלע־
אַניסטישער אַדוואָקאַט, איז שטענדיג געווען דער אויבער ריכטער
ביי בעלאַגערונגס־צושטאַנד; אַזוי איצט, אין 1870 פאַר טיער'ן,
אַזוי אויך אין 1830 פאַר לואי פיליפּ און אין 1849, ווען לואי באָ־
נאַפּאַרט איז געווען פּרעזידענט. די צייט ווען ער פלעגט ניט זיין
מיניסטער, פלעגט ער זיך אָנלעבען, פערטיידיגענדיג די פּאַריזער
קאַפּיטאַליסטען, און פלעגט שלאָגען פּאָליטישען קאַפּיטאַל, אַרויס־
טרעטענדיג געגען די געזעצען, וואָס ער אַליין האָט אַרויסגעגעבען.
ניט בעגניגענענדיג זיך איצט מיט דער גאַנצער רייה אונטערדריי־
קונגס־געזעצען, וואָס ער האָט דורכגעפיהרט דורך דער נאַציאָנאַלער
פערזאַמלונג, און וועלכע האָבען געדאַרפט, אין פאַל פּאַריז וועט
פאַלען, אויסראָטען דאָרטען די לעצטע רעשטען פון רעפּובליקאַני־
שער פרייהייט, האָט ער נאָך אַזוי ווי אָנגעמערקט אין פאָראויס
דעם גורל פון פּאַריז דערמיט, וואָס ער האָט פערקירצט די געריכטס־

פראַצעדור פון די קריגס־געריכטען און אַרויסגעגעבען א נייגעבאַ־
קענעם דראַקאָנישען פערשיקונגס־געזעץ. די רעוואָלוציע פון 1848
האָט אָפּגעשאַפט דעם טויט־אורטייל פאַר פּאָליטישע פערברעכענס
און פערביטען איהם מיט פערשיקונג. לואי נאַפּאָלעאָן האָט ניט
געוואגט ווידער, ווענינגסטענס אָפען, איינצופיהרען די הערשאַפט
פון דער גיליאָטינע. די פערזאמלונג פון די פּריצים, וואָס איז נאָך
געווען ניט געגוג דרייסט צו אָנדרייטען אפילו, אַז די פּאַריזער זייַ־
נען ניט קיין רעוואָלוציאָנערען נאָר מערדער, האָבען דעריבער גע־
מוזט בעגרעניצען זייער קינפטיגע ראַכע איבער פאַריז מיט דיור־
פאַר'ס נייעם פערשיקונגס־געזעץ. אונטער אזוינע אומשטענדען
וואָלט טיער'ן אַליין אוממעגליך געווען צו פערציהען אזוי לאַנג
זיין פרידענס־קאָמעדיע, ווען זי וואָלט אפילו ניט אַרויסגערופען
(וואָס ער אַליין האָט געוואָלט) דעם כעס פון די דאָרפסיונגען, וועל־
כע האָבען א דאַנק זייער קליינקעפּעלדיגקייט ניט געקאָנט פער־
שטעהן ניט זיין גאַנצע שפּיעל, ניט די נויטיגקייט פון זיין צביעות,
פּאַלשקייט און איינגעהאַלטענהייט. אזוי ווי דעם 30טען אפּריל
האָבען בעדאַרפט פאָרקומען די וואַהלען צו די געמיינדע־פערוואַל־
טונגען, האָט טיער דעם 29טען אָנגעהויבען די קאָמעדיע פון פריע־
דענס־פערהאַנדלונגען. צווישען א גאַנצען מבול פון סענטימענ־
טאַלע פראַזען האָט ער אויסגערופען פון דער טריבונע פון דער נאַ־
ציאָנאַלער פערזאמלונג: „די פּאַריזער פערשווערונג איז די איינ־
ציגע פערשווערונג געגען דער רעפּובליק, וואָס צווינגט אונז צו
פערגיסען פראַנצויזיש בלוט. איך חזר דאָס איבער נאָכאמאָל און
נאָכאמאָל: זאָלען די, וואָס פיהרען די פערשווערונג אַרויסלאָזען
פון זייערע הענט די פערברעכערישע געוועהר און א פריעדענס־אַקט
וועט באַלד אָבשטעלען די שטראָף פון אַלעמען, אויסער א הייפעל
פערברעכער". אויף די אויסרופען פון די דאָרפסיונגען האָט ער
געענטפערט: „זאָגט מיר, איך בעט אייך, מיינע הערען, בין איך
ניט גערעכט? פערדריסט דאָס אייך טאַקע, וואָס איך קאָן זאָגען
דעם אמת, אַז די פערברעכער זיינען נאָר א קליין הייפעל?
איז דאָס דען ניט א גליק, אין דער צייט פון אונזער גרויסען אומגליק,
אַז די לייט, וואָס זיינען געווען פעהיג אויף פערגיסען דאָס בלוט

פון קלעמאַן טאַמא און גענעראַל לעקאָנט, זיינען בלויז אַ זעלטענע אויסנאַהם?"

אָבער פראַנקרייך האָט זיך ניט צוגעהערט צו טיער'ס רעד, וועל־כע ער אליין האָט געהאַלטען פאַר אַ פּאַרלאַמענטאַרישען סירענע־געזאַנג, מיט וועלכען מען קאָן אַלעמען בעצויבערן. פון אַלע 700,000 געמיינדע ראַטמענער, וואָס מען האָט ערוועהלט אין די 35,000 געמיינדעס, וועלכע זיינען נאָך איבערגעבליבען אין פראַנק־רייך, האָבען די פעראייניגטע לעגיטימיסטען, אָרלעאַניסטען און באָנאַפּאַרטיסטען צוזאַמען דורכגעפיהרט ווייניגער ווי 8,000. די נאָכוואַהלען אין שטיכוואַהלען, וואָס זיינען פאָרגעקומען שפּעטער, האָבען ארויסגעוויזען נאָך פיינדליכערע רעזולטאַטען. אנשטאַט צו בעקומען פון די פראַנצויזען די מאַטעריעלע מאַכט, אין וועלכער זי האָט זיך אַזוי גענויטיגט, האָט די נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג פער־לאָרען אויך יעדע מאָראַלישע מאַכט, יעדעס רעכט צו דיענען אַלס אויסדרוק פון דעם אַלגעמיינעם שטימרעכט פון פראַנקרייך. און, ווי צו מאַכען די מפּלה פון דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג פאַר פול, האָבען די ניי ערוועהלטע ראַטמענער פון אַלע פראַנצויזישע שטעדט געדראָהט דער אוזורפּאַטאָרישער פערזאַמלונג פון ווערסאַל מיט אַ קאָנטר־פערזאַמלונג אין באָרדאָ.

און איצט איז געקומען דער מאָמענט, אויף וועלכען ביסמאַרק האָט לאַנג געוואַרט, דער מאָמענט, ווען ער זאָל זיך קאָנען אַריינ־מישען ענטשידענערהייט. ער האָט מיט אַ טאָן פון אַ הערשער בעפוילען טיער'ן גלייך צו שיקען בעפאָלמעכטיגטע קיין פראַנקפורט, כדי צו שליסען אַן ענטגילטיגען פרידען. פאָלגענדיג הכנעה'דיג דעם בעפעהל פון זיין האר און בעל־הבית, האָט טיער גלייך אָפּגעשיקט אַהין זיין טרייען זשול־פאַוור און פּויע־קערטיע. פּויע־קערטיע איז אַ „בעריהמטער" באַוועל־פאַבריקאַנט פון רואַן, אַ ברענענדיגער און אפילו קנעכטישער אָנהענגער פון דער צווייטער אימפּעריע, אין וועלכער ער האָט קיין שום פעהלער ניט בעמערקט, אויסער איהר האַנדעלס־אָפּמאַך מיט ענגלאַנד, וואָס האָט געשאַדט זיינע אייגענע פאַבריקאַנטישע אינטערעסען. ווי נאָר טיער האָט איהם אין באָרדאָ בעשטימט אַלס פינאַנץ־מיניסטער, האָט ער אָנגעהויבען אָנצופאַלען אויף דעם דאָזיגען „אומווירדיגען" אָפּמאַך, אָנדייטען, אַז מען דאַרף

איהם באלד אפּשאַפען און איז אפילו געווען אזוי אומפערשעמט, אז ער האָט געפּרואווט (הגם אָהן ערפאָלג, ווייל ער האָט ניט גע־בעטען פריהער אויף דעם קיין ערלויבעניש פון ביסמארקען) ווידער גלייך איינפיהרען דעם אלטען שוץ־טאריף געגען עלזאס, וואו עס האָבען דאמאָלס, לויט זיינע רעד, דערצו נאָך ניט געשטערט קיינע אינטערנאציאָנאַלע אָפּמאכען. דער דאָזיגער מאַן, וועלכער האָט אויף דער קאָנטר־רעוואָלוציע געקוקט ווי אויף א מיטעל אראָפּצו־דריקען דעם ארבייטער־לוין אין רואן, און אויף דאָס פערלירען פון די פראנצויזישע פּראָווינצען, ווי אויף א מיטעל צו העכערען די פרייזען אויף זיינע סחורות אין פראנקרייך, — איז ער, דער דאָזי־גער מאַן דען ניט געווען דער פּאַסיגסטער חבר פאַר זשול פּאַוור אין יענעמס לעצטען פערראַט, וואָס האָט געקרוינט זיין גאַנצע ארבייט?

ווען די דאָזיגע ליעבע פּאָר בעפּאָלמעכטיגטע איז אָנגעקומען קיין פראנקפורט, האָט ביסמארק זיי באלד בעגעגענט מיט זיין קאָ־מאנדע: אָדער ווידער אויפשטעלען די אימפעריע, אָדער איהר דארפט אָננעהמען אַלע מיינע פרידענסבעדינגונגען! די דאָזיגע בעדינגונגען האָבען ענטהאַלטען אין זיך פאָלגענדע פּונקטען: אויס־צאָהלען אין א קירצערער צייט די קאָנטריבוציע; די פרייסישע סאָלדאטען זאָלען ווייטער פערבלייבען אין די פּאריזער פאָרטען, ביז ביסמארק וועט ניט צופריעדען בלייבען מיט דעם אינערליכען צושטאנד אין פראנקרייך, — אזוי איז פרייסען אנערקענט געוואָ־רען אַלס דער העכסטער שופט אין די אינערליכע אנגעלעגענהייטען פון פראנקרייך! פון דער אנדער זייט האָט ביסמארק מסכים גע־ווען אָפּצולאָזען די געפאנגענע באָנאפּארטיסטישע סאָלדאטען און געבען זיי די דירעקטע שטיצע פון קייזער ווילהעלמס סאָלדאטען, כדי זיי זאָלען קאָנען אויסראָטען פאריז. און אַלס פערזיכערונג, אז ער וועט האַלטען וואָרט, האָט ער די ערשטע צאָהלונג פון דער קאָנטריבוציע געמאכט אָפּהענגיג פון דער „בערוהיגונג" פון פאריז. טיער און זיינע בעפּאָלמעכטיגטע האָבען נאטירליך זיך גלייך אָנ־געכאפּט אָן דעם „גינסטיגען" פּאָרשלאָג. זיי האָבען אונטערגעשרי־בען דעם אָפּמאך דעם 10טען יוני, און דעם 21טען איז ער שוין בע־שטעטיגט געוואָרען פון דער נאציאָנאַלער פערזאמלונג.

אין דער צווישען צייט, זינט מען האָט געשלאָסען דעם פריי־

דענס־אָפּמאַך ביז עס זיינען אָנגעקומען די באָנאַפּאַרטיסטישע סאָל־
דאַטען, האָט טיער מעהר ווי אַלע מאָל געפּיהלט פאַר נויטיג ווידער
אָנצוהויבען זיין שלום־קאָמעדיע, ווייל זיינע רעפּובליקאַנישע נאָכ־
שלעפּער האָבען זיך שטאַרק גענויטיגט אין אַן אויסרעד, כדי זיי
זאָלען קאָנען זיך מאַכען ניט זעהענדיג ביי דער בלוט באָד, וואָס
מען האָט צוגעגרייט פאַר פּאַריז. דעם 8טען מאַי נאָך האָט טיער
געזאָגט צו אַ דעפּוטאַציע פון דער מיטעל־בורזשואַזיע, וואָס איז גע־
קומען צו רעדען מיט איהם וועגען שלום: „ווען די אינסורגענטען
וועלען זיך נאָר אונטערגעבען, וועלען די טויערן פון פּאַריז אַ גאַנצע
וואָך זיין אָפען פאַר אַלעמען, אויסער די מערדער פון גענעראַל
קלעמאַן טאָמאַ און לעקאָנט".

אין עטליכע טעג אַרום, ווען די „דאָרף־דעפּוטאַטען" האָבען
איהם גענומען אויפ'ן פערהער פאַר דער דאָזיגער רעדע זיינער, האָט
ער זיך אָפּגעזאָגט צו ענטפערען. אָבער ער האָט דערביי פיעל בעדייי־
טענד אַ וואונק געגעבען: „איך זאָג אייך, אַז צווישען אייך זיינען
פאַרהאַן אונגעדולדיגע, וואָס איילען צו פיעל. זיי מוזען וואַרטען
נאָך אכט טאָג צייט; נאָך די אכט טאָג וועט שוין מעהר ניט זיין
קיין געפאַהר, און די אויפגאַבע וועט דאַמאָלסט זיין אָנגעמאָסטען
צו אייער מוט און אייערע פעהיגקייטען". באַלד ווי מאַק־
מאַהאָן איז נאָר געווען אימשטאַנד צו זאָגען, אַז ער וועט באַלד
קאָנען אַריינטרעטען אין פּאַריז, האָט טיער ערקלערט פאַר דער
נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג, אַז ער וועט אַריינטרעטען אין פּאַריז
מיט'ן ג ע ז ע ץ אין דער האַנט און וועט פאָדערן פולע תשובה
און חרטה ביי די אונגליקליכע, וואָס האָבען געאָפּפערט מיט'ן לעבען
פון סאָלדאַטען און צושטערט עפענטליכע דענקמאָלען. ווען עס איז
אָנגעקומען דער ענטשיידענער מאָמענט, האָט ער געזאָגט צו דער
נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג: „איך וועל ניט וויסען פון קיין רחמנות".
צו פּאַריז האָט ער געזאָגט, אַז זיין גזר־דין איז שוין אונטערגעשריי־
בען; און צו זיינע באָנאַפּאַרטיסטישע באַנדיטען האָט ער געזאָגט,
אַז די רעגירונג גיט זיי די ערלויבניש צו נקמה נעהמען פון פּאַריז
וויפיעל זייער האַרץ געלוסט. און ענדליך, ווען פעררראַט האָט פאַר
גענעראַל דועי דעם 21טען מאַי געעפענט די טויערן פון פּאַריז,
האָט טיער דעם 22טען ענטדעקט פאַר די דאָרפסיוננגען דאָס ציעל

פון זיין פריעדענס־קאָמעדיע, וואָס זיי האָבען די גאַנצע צייט שלעכט פערשטאַנען. „איך האָב אייך — האָט ער געזאָגט — מיט עטלי־כע טעג צוריק געזאָגט, אז מיר קומען אלץ נעהנטער צום ציעל; היינט בין איך איך געקומען זאָגען, אז דאָס ציעל איז דערגרייכט. אָרדנונג, גערעכטיגקייט און ציוויליזאַציע האָבען ענדליך געזיגט!“

און דאָס איז טאַקע געווען זייערער אַ זיג. די ציוויליזאַציע און די גערעכטיגקייט פון דער בורזשואַזער אָרדנונג טרעטען ארויס אַלעמאָל אין זייער אמת׳ן שוידערליכען שיין, ווען די שקלאַפען פון דער אָרדנונג הויבען זיך אויף געגען זייערע הארען. דאמאלסט ווייזט זיך ארויס, אַז די ציוויליזאַציע און די גערעכ־טיגקייט זיינען בלויז הוילע ווילדקייט און געזעצליכע נקמה. יעדער נייער קריזיס אינ׳ם קלאַסענקאַמף צווישען דעם, וואָס שאַפט דאָס רייכטום, און דעם, וואָס נעהמט עס זיך צו, בריינגט ארויס דעם דאָזיגען פאקט אלץ קלאָרער און קלאָרער. אפילו די אכזריות׳־דיגע מעשים פון דער בורזשואַזיע פון יוני 1848 זיינען אַ נישטיגע קליינינגקייט אין פערגלייך מיט דער נידערטרעכטיגקייט אין 1871, פאַר וועלכע עס איז קיין פערגלייך ניטאָ. די זעלבסטאויפאָפפערונג, העלדישקייט און דער הערָאאיזם, מיט וועלכע דאָס פאַריזער פאָלק — מענער, פרויען און קינדער — האָט אין משך פון אכט טעג געקעמפט נאָכדעם, ווי די ווערסאַלער האָבען זיך אריינגעריסען אין שטאָדט, שפּיגעלט פונקט אַזוי אָפּ די גרויסקייט פון זייער זאַך, ווי די טײַלישע מעשים פון די „העלדישע“ סאָלדאַטען שפּיגלען אָפּ דעם גייסט פון דער ציוויליזאַציע, וועמעס געדונגענע פערטיידיגער און ראכע־נעהמער זיי זיינען. ווירקליך אַ גרויסאַרטיגע ציוויליזא־ציע, אויב איהר לעבענס־פראַגע בעשטעהט אין דעם, ווי פּטור צו ווערען פון די קופּעס טויטע קערפּער, וואָס זי האָט אויסגעמאָרדעט נאָכדעם, ווי דער קאַמף איז שוין געווען פאַראיבער!

ווען מיר ווילען געפינען עפּעס עהנליכעס צו די מעשים פון טיער און זיינע בלוטדורשטיגע הינט, מוזען מיר צוריקגעהן צו די צייטען פון סולאַ און די ביידע רוימישע טריאומוויראַטען. די־זעלביגע קאַלטבלוטיגע מאַסען־הריגות; די זעלביגע אויסשלאַכטונג פון מענער, פרויען און קינדער; דיזעלביגע סיסטעם פון פּייניגען די געפאַנגענע; דיזעלביגע רדיפות, נאָר דאָס מאָל געגען אַ גאַנצען

קלאַס; דאַסזעלביגע ווילדע אויסשפּירען פון די בעהאַלטענע פּיהרער עס זאָל פון זיי קיין איינער ניט פערבלייבען; די זעלביגע מסירות אויף פּאָליטישע און פּערזענליכע פיינד; די זעלביגע גלייכגילטיג־קייט ביים ערמאָרדען מענשען, וואָס האָבען קיין שיכות ניט געהאַט צום קאַמף. נאָר איין אונטערשיער איז פאַרהאַן צווישען יענער און דער צייט: וואָס די רוימער האָבען נאָך ניט געהאַט קיין מיטראַ־ליעזען, כדי צו אָפּפּאַרטיגען די גע'רודפ'טע גאַנצע מאַסענווייז מיט אַמאָל, און וואָס זיי האָבען דאַמאָלסט ניט געטראָגען „דאָס געזעץ אין די הענט" און אויף די ליפּען דאָס וואָרט „ציוויליזאַציע".

און נאָך די דאָזיגע שענדליכסטע מעשים קוקט זיך איצט צו צו דער נאָך מעהר עקעלהאַפטער זייט פון דער דאָזיגער בורזשואַזער ציוויליזאַציע, ווי זי איז בעשריבען אין איהר אייגענער פּרעסע!

אָט וואָס עס שרייבט דער פּאַריזער קאָרעספּאָנדענט פון א לאָנ־דאָנער קאָנסערוואַטיווער צייטונג: „בשעת פון ווייטען הערען זיך נאָך איינצעלנע שאָסען און די פערוואונדעטע, וואָס מען האָט געלאָ־זען אָהן יעדער הילף און השגחה, געהען אויס צווישען די מצבות פון דעם פּער־לאַ־שעז בית־עלמין; בשעת 6000 אינסורגענטען בלאָנד־זשען אַרום אין פערצווייפעלטער שרעק פאַר דעם נאָהענטען טויט צווישען די פּערדרעהטע קאָרידאָרען פון די אונטערערדישע קברים, און מען זעהט נאָך אויף די גאַסען, ווי מען טרייבט די אומגליקליכע, כדי גאַנצע קופּעסווייז צו דערשיסען זיי פון מיטראַליעזען, — אין אַזאַ צייט איז אונמעגליך צוצוזעהן אָהן אויפרעגונג, ווי די קאַפע'ס זיינען פול מיט מענשען, וואָס קוויקען זיך מיט וויין און שפּיעלען ביליאַרד אָדער דאָמינאָ, און אויסגעלאַסענע פרויען שפּאַצירען חוצפה'דיג אַרום די בולוואַרען; צו הערען, ווי די הויכע קולות פון די שיכור'ע אָרגיעס אין די פּריוואַטע צימערען פון די רייכע רעסטאָ־ראַנען שטערען די טויט־שטילקייט פון דער נאַכט". עדואַרד הערווע שרייבט אין'ם „זשורנאַל דע פּאַריז", א ווערסאַליסטישען זשורנאַל, וואָס די קאָמונע האָט צוגעמאַכט: „דער אופן, אויף וועלכען די פּאַ־ריזער בעפעלקערונג (!) האָט נעכטען אַרויסגעוויזען איהר צופרידענ־הייט, איז ווירקליך געוועזען מעהר ווי לייכטזיניג, און מיר האָבען מורא, אז ווייטער וועט זיין נאָך ערגער. פּאַריז האָט איצט א יום־טוב'דיגען אויסזעהן, וואָס איז באמת ניט אָם־פּלאַץ, און אויב מיר

ווילען ניט בעקומען דעם נאָמען „פּאַריזער פון דער אונטערגאַנג־
צייט“, מוז נעהמען אַ סוף דערצו. און ער ציטירט דערביי פאָלגענדע
שורות פון טאַציט: „און דאָך, אויף מאָרגען נאָך יענעם שרעקליכען
קאַמף און אפילו איידער נאָך דער קאַמף איז געווען פערענדיגט,
האָט זיך דער דערנידעריגטער און פערדאָרבענער רוים ווידער אַראָפּ־
געלאָזט אין זומפּ פון זנות, וואָס האָט צושטערט זיין גוף און בע־
שמוצט זיין נשמה; פון איין זייט שלאַכטען און וואונדען, פון דער
אַנדערער — בעדער אין רעסטאָראַנען“. העררר הערווע פערגעסט נאָר,
אַז די „פּאַריזער בעפעלקערונג“, וועגען וועלכער ער רעדט, איז בלויז
די בעפעלקערונג פון טיער'ס פּאַריז, פונ'ם פּאַריז פון די שולערס,
וואָס זייענען מאַסענוויז געקומען צולויפען פון ווערסאַל, סען־דעני,
ריועל און סען־זשערמען; דאָס איז ווירקליך „פּאַריז פון דער אונ־
טערגאַנג־צייט“.

די דאָזיגע שענדליכע ציוויליזאַציע, וועמעס יסוד עס איז די פער־
שקלאַפונג פון דער ארבייט, פערטויבט ביי יעדען בלוטיגען נצחון
איהרען די קולות פון איהרע קרבנות, די העלדישע קעמפּער פאַר אַ
בעסערער געזעלשאַפט, דורך איהרע העצעס און רכילות, וועמעס ווי־
דערקלאַנג עס ווערט געהערט אין אַלע עקען וועלט. דער פרעהליכער
ארבייטער־פּאַריז פון דער צייט פון דער קאָמונע ווערט פּלוצלונג פער־
וואַנדעלט אונטער די הענט פון די בלוט דורשטיגע הינט פון
„אָרדנונג“ אין אַ גיהנום. וואָס טראָגט אַרויס דער מח פון דער בור־
זשואַזיע אין אַלע לענדער פון דער דאָזיגער גוואַלדיגער אומענדע־
רונג? בלויז דאָס — אַז די קאָמונע האָט געמאַכט אַ פערשווערונג
נעגען דער ציוויליזאַציע! דאָס פאָלק פון פּאַריז אָפּפערט מיט זיך
מיט בעגייסטערונג פאַר דער קאָמונע; אין קיינער פון די שלאַכ־
טען, וואָס זיינען וועגן פאָרגעקומען ביז איצט, איז ניט געווען אַזוי
פיעל גע'הרג'עטע. וואָס בעווייזט דאָס? נישט מעהר ווי דאָס,
אַז די קאָמונע איז געווען ניט קיין פאָלקס־רעגירונג, נאָר אַז אַ הייפעל
פערברעכער האָבען מיט גוואַלד פערכאַפּט די מאַכט! די פּאַריזער
פרויען שטאַרבען מיט פרייד אויף די באַריקאַדען און אויפ'ן עשאַ־
פאָט. וואָס בעווייזט דאָס? נישט מעהר ווי דאָס, אַז דער בייזער
גייסט פון דער קאָמונע האָט זיי פערוואַנדעלט אין מעגערען און
העקאַטעס. די מעסינקייט פון דער קאָמונע אין משך פון די

צוויי חדשים פון איהר הערשאפט קאָן זיך פערגלייכען בלויז מיט דער מוטיגקייט און העלדישקייט פון איהר פערטיידיגונג! וואָס בע־ווייזט דאָס? נישט מעהר ווי דאָס, אז די קאָמונע האָט אין משך פון די צוויי חדשים בעהאַלטען אונטער דער מאסקע פון מעסיגקייט און הומאַניטעט איהר טייוועלשע בלוטדורשטיגקייט, כדי צו לאָזען זי פריי אין דער לעצטער שעה פון איהר קאמף אויף לעבען און טויט!

דער ארבייטער־פאריז האָט אין מאָמענט פון זיין זעלבסט־אויפאָפּפערונג פערברענט געביידעס און מאָנומענטען. ווען די בע־הערשער פונ׳ם פראָלעטאריאט רייסען אויף שטיקער זיין לעבעדיגען קערפּער, זאָלען זיי מעהר קיין האָפענונג ניט האָבען צו אומקעהרען זיך צוריק מיט נצחון אין זייערע ניט בעריהרטע געביידעס און פאַ־לאַצען! די ווערסאַלער רעגירונג שרייט: „אונטערצינדער!" און רוימט איין אויפ׳ן אויער פון אלע איהרע אגענטען ביז אין די ווייט־סטע דערפער, אז זיי דארפען אומעטום פערפאָלגען און אויסראָטען זייערע געגנער, ווי פערדעכטיגע אונטערצינדער. זי, די בורזשואַ־זיע פון דער גאנצער וועלט, קוקט צו מיט פערגעניגען די מאַסען־הריגות פון מענשען שוין נאָך דער שלאַכט, און זי איז אויפגע־בראַכט, ווען מען פערצעהרט ציגעל און ברעטער!

ווען די רעגירונגען גיבען זייערע פלאַטען די אָפיציעלע ערלויב־ניש „צו טויטען, צו צינדען און צו שטעכען" — איז דאָס דען אַן ערלויבניש צו אונטערצינדען? ווען דער ענגלישער חיל האָט מיט אַ ביון פערברענט די קאָנגרעס־געביידע אין וואַשינגטאָן און דעם זומער־פּאַלאַץ פונ׳ם כינעזישען אימפּעראַטאָר — איז דאָס דען געוועזען אונ־טערגעצונדען? ווען טיער, מיט דער הילף פון די פּרייסען, האָט אין משך פון זעקס וואָכען באָמבארדירט פּאַריז, ניט אויס מיליטערי־שע מאָטיוון נאָר אויס נקמה, איז דאָס ניט געווען אונטערגעצונדען? אין מלחמה איז פייער אזא געזעצליכער מיטעל, ווי אַנדערע; אַ גאַנץ נעוועהנליך געוועהר. די געביידעס, וואָס דער שונא פערנעמט, באָמבאַרדירט מען, כדי זיי צו פערברענגען. ווען די פערטיידיגער מוזען די געביידעס פערלאָזען, צינדען זיי אַליין זיי אונטער, כדי דער פיינד זאָל זיך ניט קאָנען בעפעסטיגען אין זיי. עס איז שוין געווען דער אונפערמיידליכער גורל פון די געביידעס, וואָס האָבען געשטערט אַלע רעגולערע אַרמייען אין דער וועלט, זיי זאָ־

לען ווערען פערבענרט. אָבער אין דער מלחמה פון די פערשקלאָפּ־
טע געגען זייערע אונטערדריקער, אין דער דאָזיגער איינציג גערעכ־
טער און געזעצליכער מלחמה, וואָס די געשיכטע וויים, איז פייער א
פערבאָטענער מיטעל, מען בעטראַכט עס פאַר א פערברעכען! די קאָ־
מונע האָט זיך בענוצט מיט פייער, ווי מיט א פערטיידיגונגס־מיטעל
אין שטרענגסטען זין פון וואָרט. זי האָט זיך מיט איהם בענוצט, כדי
ניט צו דערלאָזען די ווערסאַלער סאָלדאַטען אריינצוטרעטען אין די
לאַנגע גלייכע גאַסען, וועלכע אַסמאַן האָט פאַראויס אָנגעמערקט פאַר
דעם ארטילעריע־פייער. זי האָט זיך בענוצט מיט'ן פייער, כדי צו
פערדעקען איהר צוריקטריט פונקט אזוי, ווי די ווערסאַלער האָבען
ביי זייער אָנפאַלען געשיקט פאַראויס גראַנאַטען, וועלכע האָבען צו־
שטערט ניט ווייניגער הייזער, ווי דער פייער פון דער קאָמונע. נאָך
ביז איצט איז נים פעסטגעשטעלט, וועלכע געביידעס עס האָבען
אונטערגעצונדען די אָנפאַלער און וועלכע די פערטיידיגער. און די
פערטיידיגער האָבען ערשט דאַמאָלסט אָנגעפאַנגען צו בענוצען זיך
מיט פייער, ווען דער חיל פון די ווערסאַלער האָט אָנגעהויבען מאַסענ־
וויוז אויסצו'הרג'ענען די געפאַנגענע. און אויסער דעם: די קאָ־
מונע האָט שוין פריהער געהאַט אָפען דערקלערט, אז אויב מען וועט
זי ברייננגען צו פערצווייפלונג, וועט זי איהר קבר געפינען אונטער
די חורבות פון פאַריז און וועט מאַכען פון פאַריז א צווייטע מאָס־
קווע; דאָס זעלבע האָט פערשפּראָכען אויך די רעגירונג פון דער
נאַציאָנאַלער פערטיידיגונג, נאָר, ס'פערשטעהט זיך, אלס מאַסקע
פון איהר פערראַט. גראַדע צוליעב דעם צוועק האָט טראָשיו געהאַט
נעבראַכט דעם נויטיגען קעראָסין. די קאָמונע האָט גוט געוואוסט,
אז איהרע שונאים געהט זעהר ווייניג אָן דאָס לעבען פונ'ם פאַריזער
פּאָלק, אָבער זיי אַרט גרייליך פיעל דער שיקזאַל פון זייערע אייגענע
הייזער אין פאַריז. און טיער האָט פון זיין זייט דערקלערט, אז ער
וועט נעהמען נקמה אָהן רחמנות. ווען זיין ארמיי איז פון איין זייט
געווען גרייט צום אָנפאַל און פון דער אַנדער זייט האָבען די פּרוי־
סישע סאָלדאַטען פערצאַמט אַלע ארויסגאַנגען, האָט ער אויסגערו־
פען: „איך וועל זיין אומ'ברחמנות'דיג! די שטראָף וועט זיין א
פולע, דער משפּט א שטרענגער!" אויב די פאַריזער ארבייטער האָ־
בען געהאַנדעלט ווי וואַנדאַלען, איז דאָס געווען דער וואַנדאַליזם

פון פערצווייפעלטער פערטיידיגונג און ניט דער וואַנדאַליזם פון טריאומפירענדע זיגער; דאָס איז דער וואַנדאַליזם, אין וועלכען עס זיינען שולדיג די קריסטען, וואָס האָבען פערניכט די אמת'ע קונסטווערק פון דעם געצענדינערישען אַלטערטום, די קונסטווערק, וועמעס ווערט עס איז ניט אָפּצושאַצען. און אפילו אָט דעם וואַנ־דאַליזם האָט די געשיכטע בערעכטיגט, ווייל ער איז געווען אומפער־מיידליך און האָט פערנומען אַ פערהעלטניסמעסיג אונבעדייטענדיין פּלאַץ אין'ם ריזיגען קאַמף צווישען דער נייער אָנקומענדיגער געזעל־שאַפט און דער אַלטער געזעלשאַפט, וואָס איז געווען צופוילט. גאָר וועניג אָבער איז דער וואַנדאַליזם פון דער קאָמונע געווען ענליך צום וואַנדאַליזם פון אָסמאַנ'ען, וועלכער האָט אויסגעראָט און פער־ניכט דעם היסטאָרישען פּאַריז, כדי צו מאַכען אַ פּלאַץ פאַר דעם פּאַריז פון די אויסוואורפען.

אָבער, זאָגט מען, די פיער און זעבציג משכן־מענער, און צווי־שען זיי דער בישאָף פון פּאַריז, וואָס די קאָמונע האָט געטויט! — אין יוני 1848 האָט די בורזשואַזיע און איהר ארמיי איינגעפיהרט צוריק דעם לאַנג פערשוואונדענעם מלחמה־מנהג צו דערשיסען די געפאַנגענע, וואָס קאָנען זיך ניט ווערהען. דעם דאָזיגען אכזריות'־דיגען מנהג האָט מען זינט דאַמאָלסט פּראַקטיצירט מעהר אָדער ווע־ניגער ביי דער אונטערדריקונג פון יעדען פאָלקס־אויפשטאַנד אין אייראָפּע און אינדיען און דערמיט האָט מען בעשיינפּערליך בעווי־זען, אז ער איז ווירקליך אַ שריט אויפ'ן וועג פון דעם „פּראָגרעס פון דער ציוויליזאַציע!“ פון דער אַנדער זייט האָבען די פּרייסען ווידער ארויסגערופען צום לעבען אין פראַנקרייך דעם מנהג צו נעהמען ערבות־מענער, אונשולדיגע מענשען, וואָס האָבען מיט זייער לעבען געדאַרפט ערב זיין פאַר די האַנדלונגען פון אַנדערע. ווען טיער האָט, ווי מיר האָבען געזעהן, שוין אין אָנהויב פונ'ם קאַמף איינגעפיהרט דעם הומאַנישען מנהג צו דערשיסען די קאָמונאַליסטישע געפאַנגענע, האָט די קאָמונע ניט געהאַט קיין אַנדער מיטעל צו בעשיצען די גע־פאַנגענע, ווי אויסנוצען דעם פּרייסישען מנהג פון נעהמען ערבות־מענער. פּאָרטזעצענדיג צו דערשיסען די געפאַנגענע האָבען די ווערסאַלער אליין איבערגעגעבען צום טויט זייערע ערבות־מענער. און ווי האָט מען זיי נאָך לענגער געקאָנט שאָנעוען נאָכדעם, ווי

מאק־מאהאנס סאָלדאטען האָבען אָפּגעפּייערט זייער יום־טוב ביים
ארייננמארשירען אין פּאריז? האָט דען דער לעצטער פּערטיידיגונגס־
מיטעל געגען דער אונ׳ברחמנות׳דיגער ווילדקייט פון דער בורזשוא־
זער רעגירונג — דאָס בענוצען זיך מיט ערבות־מענער — אויך
נעדארפט פערבלייבען בלויז א וויץ? דער ווירקליכער מערדער
פון׳ם בישאָפּ דארבוא איז טיער. די קאָמונע האָט פיעל מאָל
פאָרגעלעגט אויסצובייטען דעם ערצבישאָפּ און א גאנצע באנדע
מיט גלחים אויף דעם איינציגען בלאנקי, ווען טיער האָט פעסט
געהאלטען. טיער אָבער האָט זיך עקשנות׳דיג אָפּגעזאָגט דערפון.
ער האָט געוואוסט, אז ארויסגעבענדיג דער קאָמונע בלאנקי׳ן, וועט
ער איהר דערמיט געבען א קאָפּ, אין דער צייט וואָס דער בישאָפּ
האָט אם בעסטען געקאָנט דיענען זיין ציעל אלס — בר־מנן; טיער
האָט אין דער הינזיכט נאָכגעטון קאַוועניאַק׳ען. ווי אויפגע־
בראכט זיינען אין 1848 געווען קאַוועניאַק און זיינע „אָרדנונגס־
לייט“, ווען זיי האָבען בעשולדיגט די אינסורגענטען אינ׳ם מאָרד
פון׳ם בישאָפּ אפר. אין דער אמת׳ן אָבער האָבען זיי אויסגע־
צייכענט געוואוסט, אז דעם בישאָפּ האָבען דערשאָסען די סאָל־
דאטען פון דער אָרדנונגס־פּארטיי. זשאקמע, דער גענעראל־וויקאר
פון׳ם ערצבישאָפּ, האָט וועגען דעם עדות געזאָגט באלד נאָך דעם,
ווי די זאך איז געשעהן.

דאָס, וואָס די „אָרדנונגס־פּארטיי“ האָט קיינמאָל נאָך איהרע
בלוטיגע אָרגיעס ניט פערפעהלט צו פערשפּרייטען רכילות געגען
איהרע בלוטיגע קרבנות, בעווייזט נאָר, אז דער היינטיגער בורזשוא
האלט זיך פאר א געזעצליכען יורש פון דעם אמאָליגען פריץ. דער
לעצטער האָט זיך געהאלטען פאר בערעכטיגט צו בענוצען יעדען מין
געוועהר געגען דעם פּלעביי*); ער האָט אָבער פאַראויס פערדע־
כענט פאר א פערברעכען פאר דעם פּלעביי צו בענוצען זיך מיט
וועלכען עס איז געוועהר.

די פערשווערונג פון דעם הערשענדען קלאַס צו אומוואַרפען
די רעוואָלוציע מיט דער הילף פון א בירגער־קריג אונטער דעם שוץ

*) פּלעביי — מענש פון דער מאַסע, פון המון.

פון אַ פיינדליכען עראָבערער — די פערשווערונג, וואָס מיר האָ־
בען נאָכגעפאָלגט פון סעפטעמבער אָן ביז דער צייט, ווען מאַק־
מאַהאָנס סאָלדאַטען האָבען אריינגעמאַרשירט אין פאַריז דורך דעם
סען־קלו טויער — האָט זיך פערענדיגט מיט דער פאַריזער בלוט־
באָד. ביסמאַרק קוקט מיט פערגעניגען אויף די חורבות פון פאַריז,
און זעהט אין זיי פילייכט דעם „ערשטען טייל“ פון דער צושטערונג
פון אַלע גרויסע שטעדט, וועגען וואָס ער האָט שוין גע'חלומ'ט
זיינענדיג בלויז אַן איינפאַכער גוטבעזיצער אין דעם פרייסישען
„שאַמבר אינטרואַוואַבל“ פון 1849. ער קוקט מיט פערגעניגען
אויף די טויטע קערפערס פון דעם פאַריזער פראָלעטאַריאַט. פאַר
איהם איז דאָס ניט בלויז די פערטיליגונג פון דער רעוואָלוציע,
נאָר אין דערזעלבער צייט אויך די פערטיליגונג פון פראַנקרייך,
ביי וועלכער מען האָט אראָפּגענומען דעם קאָפּ, און אראָפּגענומען
מיט די הענט פון דער פראַנצויזישער רעגירונג אַליין. מיט דעם
אויבערפלעכליכען בליק פון אַלע מלוכה־לייט זעהט ער נאָר דעם
אויבענאויף פון דער דאָזיגער אונגעהייער וויכטיגער געשיכטליכער
געשעהעניש. וואו האָט די געשיכטע אמאָל אויפגעפיהרט אַזאַ
דראַמע, אין וועלכער דער זיגער זאָל ווערען ניט נאָר דער זשאַנ־
דאַרם, נאָר אויך דער געדונגענער מערדער פון דער בעזיגטער רע־
גירונג? צווישען פרייסען און דער פאַריזער קאָמונע איז קיין מלחמה
ניט געוועזן. פערקעהרט, די קאָמונע האָט אָנגענומען די ערשטע
פונקטען פון די פרידענס־בעדינגונגען, און פרייסען האָט ערקלערט
איהר נייטראַליטעט. פרייסען איז אַלזאָ ניט געוועזן קיין צד אין
דער מלחמה. זי האָט געהאַנדעלט בלויז אַלס מערדער, אַלס פייג־
האַפטער מערדער, ווייל זי האָט אויף זיך קיין שום ריזיקע ניט גע־
נומען; אַלס געדונגענער מערדער, ווייל זי האָט לכתחילה די ערש־
טע צאָהלונג פון 500 מיליאָן קאָנטריבוציע אָפּהענגיג געמאַכט פון
דעם פאַל פון פאַריז. און דאָ האָט זיך ענדליך ארויסגעוויזען דער
אמת'ער כאַראַקטער פון דער מלחמה, וואָס די השגחה העליונה,
גאָט אַליין האָט אָנגעשיקט אויף דער גאָטלאָזיגער און צולאָזענער
פראַנקרייך דורך דער פרומער און מאָראַליש זיטליכער דייטשלאַנד.
און מען האָט אויף אַן אונערהערטען אופן געטראָטען מיט די פיס
אויף דאָס פעלקער־רעכט, אפילו נאָר ווי די יוריסטען פון דער אַל־

טער וועלט האָבען דאָס פערשטאַנען. אנשטאט דעם, וואָס אזא זאַך וואָלט געדאַרפט צווינגען די „ציוויליזירטע“ רעגירונגען פון אייראָפּע צו אריינלעגען אין חרם די פערברעכערישע פּרייסען, וועלכע זיינען געווען א פּשוט׳ער אינסטרומענט אין די הענט פון פּעטער־בורג, האָט דאָס זיי נאָך געגעבען די געלעגענהייט צו בעטראַכטען, צו דאַרפען זיי ניט ארויסגעבען צו די ווערסאַלער הענקער די ווע־ניגע מלחמה־קרבנות, ווערען עס האָט זיך איינגעגעבען דורכצו־רייסען זיך דורך דער דאָפּעלטער קייט פון מיליטערישע פּאָסטען, וואָס האָבען אַרומגערינגעלט פּאַריז!

נאָך דער שרעקליכסטער מלחמה פון דער נייער צייט האָבען זיך פעראייניגט די זיגערשע ארמיי און די בעזיגטע, כדי צוזאַמען אויסצושלאַכטען דעם פּראָלעטאַריאַט. די דאָזיגע אונערהערטע גע־שעהעניש בעווייזט ניט, ווי ביסמארק מיינט, אז עס איז ענטגילטיג אונטערדריקט געוואָרען די נייע געזעלשאַפט, וואָס ענטוויקעלט זיך ביסלעכווייז און מאַכט זיך א וועג אין דער אַלטער. זי בעווייזט נאָר, אז די אַלטע בורזשואזע געזעלשאַפט איז צופוילט דורך און דורך. די העכסטע העלדישקייט אויף וועלכער די אַלטע וועלט איז נאָך פעהיג געווען, איז געווען א פאָלקס־מלחמה, און די לעצ־טע ווייזט זיך איצטער אויף ארוים אַלס הוילער שווינדעל פון דער רעגירונג, וואָס האָט ניט געהאַט קיין אנדער צוועק, ווי אָפּצושטו־פּען דעם קלאַסענקאַמף; און אָט דער גאַנצער שווינדעל פּער־שווינדט צו אַלדי רוחות, ווי נאָר דער קלאַסענקאַמף פלאַקערט זיך פונאנדער אין א בירגער קריג. די קלאַסענהערשאַפט קאָן זיך שוין מעהר ניט בעהאַלטען אונטער א נאַציאָנאַלען מונדיר; די נאַציאָ־נאַלע רעגירונגען זיינען אייניג און איינס געגען דעם פּראָלעטאַ־ריאַט!

נאָך דעם 28טען מאי פון 1871 קאָן מעהר ניט זיין קיין שלום און קיין וואַפענשטילשטאַנד צווישען די פראַנצויזישע ארבייטער און די, וואָס פערכאַפּען די פּראָדוקטען פון זייער ארבייט. די איי־זערנע האַנט פון מיליטערישער מאַכט קאָן אויף א צייט אונטער־דריקען די ביידע קלאַסען, אָבער דער קאַמף צווישען זיי מוז זיך אַלץ שטאַרקער און ברייטער פונאנדערפלאַקערען, און עס קאָן קיין ספק ניט זיין, ווער עס וועט זיין דער ענדליכער זיגער — די אונ־

געהייער גרויסע ארבייטער מעהרהייט אָדער די קליינע צאָהל פון
די, וואָס פערכאַפּען זיך די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען. און די
פראַנצויזישע ארבייטער בילדען נאָר דעם אוואַנגאַרד פון דעם גאַנ־
צען מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט.

אין דערזעלבער צייט וואָס די אייראָפּעאישע רעגירונגען בע־
ווייזען דורך דער אונטערדריקונג פון פּאַריז, אַז די קלאַססענהער־
שאַפט טראָגט אַן אינטערנאַציאָנאַלען כאַראַקטער, פערשרייען זיי
אַלס הויפּט קוואַל פון אַלע צרות די אינטערנאַציאָנאַלע ארבייטער
אַסאָציאַציע, — אָט די אינטערנאַציאָנאַלע קעגען־אָרגאַניזאַציע
פון ארבייט, אַנטקעגען דער אַלוועלטליכער פערשווערונג פון׳ם קאַ־
פּיטאַל. טיער האָט זי ערקלערט אַלס דעם דעספּאָט פון די אַר־
בייטער, וואָס גיט זיך אַרויס אַלס זייער בעפרייער. פּיקאַר האָט
בעפוילען איבערצורייסען אַלע פערבינדונגען פון די פראַנצויזישע
מיטגליעדער פון אינטערנאַציאָנאַל מיט די אויסלענדישע מיטגליע־
דער זיינע. גראַף זשאָבער, דער זקן, וואָס איז שוין געוואָרען
עהנליך צו א מומיע, און וואָס איז געווען טיער׳ס א מיטארבייטער
און מיטשולדיגער פון יאָהר 1835, האָט דערקלערט, אַז די הויפּט־
אויפגאַבע פון אַלע רעגירונגען איז — אויסצוראָטען דעם אינטער־
נאַציאָנאַל. די דאָרפּסיונגען פון דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג
גוואַלדעווען אויף איהם און די גאַנצע אייראָפּעאישע פּרעסע העלפט
איהר. א בכבוד׳יגער פראַנצויזישער שרייבער, וואָס האָט קיין
שיכות מיט אונזער אַסאָציאַציע, דריקט זיך אויס אַזוי: „די מיט־
גליעדער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע
און אויך דער גרעסטער טייל פון די מיטגליעדער פון דער קאָמונע
זיינען די טעטיגסטע, ווייטזיכטיגסטע און ענערגישסטע קעפּ פון
דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער אַסאָציאַציע. דאָס זיינען
מענשען דורכאויס עהרליכע, אויפריכטיגע, קלוגע, אָפּפערוויליגע,
ריינע און פאַנאַטישע אינ׳ם גוטען זין פון וואָרט". דער פּאָלי־
צייאיש געפּאַרבטער שכל פון דער בורזשואַזיע שטעלט זיך נאַטיר־
ליך פאָר די אינטערנאַציאָנאַלע ארבייטער־אַסאָציאַציע ווי א גע־
וויסע געהיימע פערשווערונג, וואָס איהר צענטראַלע פערוואַלטונג
בעפעהלט פון צייט צו צייט צו מאַכען אַן אויפשטאַנד אין פער־
שידענע לענדער. אונזער אַסאָציאַציע איז אָבער אין דער אמת׳ן

נאָך דער אינטערנאַציאָנאַלער פערבאַנד, וואָס פעראייניגט די ענט־
וויקעלטסטע אַרבייטער פון די פערשיעדענע לענדער פון דער ציוויי־
ליזירטער וועלט. וואו, אין וועלכער פאָרם און אונטער וועלכע
בעדינגונגען דער קלאַסענקאַמף זאָל זיך ניט אַרויסווייזען, שטעהען,
נאַטירליך, די מיטגלידער פון אונזער געזעלשאַפט דאָרטען אַלע מאָל
אין די פאָדערשטע רייהען. דער באָדען אויף וועלכער אונזער אַסאָ־
ציאַציע איז אַרויסגעוואַקסען, איז די היינטיגע געזעלשאַפט אליין.
מען קאָן זי ניט פערניכטען דורך בלוטפערגיסונג. כדי זי צו פער־
ניכטען, האָבען די רעגירונגען צוערשט געדאַרפט פערניכטען די
צוואַנג־הערשאַפט פונ'ם קאַפּיטאַל איבער דער אַרבייט, — ד. ה.
פערניכטען די בעדינגונג פון זייער אייגענער פאַראַזיטישער עקזיס־
טענץ.

דער אַרבייטער־פּאַריז מיט זיין קאָמונע וועט אייביג געפייערט
ווערען ווי אַ גרויסע בשורה פון אַ נייער געזעלשאַפט. זיינע
קדושים זיינען איינגעקריצט אינ'ם האַרצען פונ'ם אַרבייטער קלאַס.
זיינע הענקער האָט די געשיכטע שוין איצט צוגעשלאָגען צום שאַנד־
קלאָץ, און אַלע תפילות פון זייערע גלחים זיינען אָהנמעכטיג זיי
פון דעם שאַנד־קלאָץ צו בעפרייען.

[ווייטער קומען די אונטערשריפטען פון די מיטגלידער פון
דעם „גענעראַל־ראַט“ פון דעם אינטערנאַציאָנאַל און פון די קאָרעס־
פּאָנדענץ־סעקרעטערע פאַר אַלע אָנגעשלאָסענע לענדער. ק אַ ר ל
מ אַ ר ק ס שרייבט אונטער, אַלס קאָרעספּאָנדענץ־סעקרעטער
פאַר דייטשלאַנד און האָלאַנד. — ר ע ד.]

## ערקלערונג פון היסטאָרישע נעמען און טערמינען.

אויסטערליץ — אַ שטעדטעל אין מאָראַוויען, עסטרייך, וואו נאַפּאָלעאָן דער 1טער האָט צושלאָגען די פאַראייניגטע אַרמעען פון די רוסען און עסטרייכער (2טען דעצעמבער 1805).

אכצעהנטער בריומער — דער טאָג אין דער געשיכטע פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, נאָך דעם רעוואָלוציאָנערען קאַלענ־דאַר (נאָכ׳ן אַלטען — 8 נאָוועמבער 1799), ווען נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט האָט געמאַכט דעם שטאַאַטס־שטרייך, וואָס האָט געבראַכט צו דער ווידער־איינפיהרונג פון דער מאָנאַרכיסטישער אָרדנונג.

„אַלטער רעזשים״ — מיינט בכלל יעדע אַלטע אָרדנונג. דער אויסדרוק ווערט אָבער זעהר אָפט געברויכט צו באַצייכענען די אָדרנונג, וואָס האָט עקזיסטירט אין פראַנקרייך פאַר דער גרויסער רעוואָלוציע.

אָרלעאַנס — דער נאָמען פון אַ אינגערן צווייג פון דער בורבאָן־פאַמיליע, וואָס האָט געקעניגט איבער פראַנקרייך. אַלס אָ ר ל ע אַ נ י ס־ט ע ן פלעגען באַצייכענט ווערען די אָנהייגגער פון די מיטגלידער פון דער אָרלעאַניסטישער משפחה. איין מיטגליד פון דיזער משפחה איז גע־ווען קעניג פון פאַרנקרייך, אונטער דעם נאָמען לואי פיליפּ, פון 1830 ביז 1848, ווען די פעברואַר־רעוואָלוציע פון 1848 האָט פאַריאָגט דעם קעניג און אָפּגעשאַפט דאָס קעניגטום.

בורבאָן — דער פאַמיליע־נאָמען פון דער קעניגליכער דינאַסטיע, וואָס האָט באַזעצט דעם טראָן פון פראַנקרייך זינט דעם 16טען יאהר־הונדערט. לואי דער 16טער, דער לעצטער קעניג פון דער פאַמיליע בור־באָן ביז דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, איז הינגעריכטעט גע־וואָרען פון דער רעגירונג פון דער רעוואָלוציע. זיינע צוויי ברידער האָבען שפּעטער, בעת דער ווידער־אויפשטעלונג פון דער מאָנאַרכיע אין פראַנקרייך (רעסטאַוראַציע) געקעניגט: איינער אונטער דעם נאָמען לואי דער 18טער, דער צווייטער — שאַרל דער 10טער. אין די שפּעטערדיגע פאַרזוכען פון די מאָנאַרכיסטען צוריק איינצופיהרען דאָס קעניגטום אין פראַנקרייך זיינען באַצייכענט געוואָרען אַלס „בורבאָניסטען״ די יעניגע, וואָס האָבען געמאָנט דעם טראָן פאַר דעם לעצטען מיטגליד פון דער בורבאָן משפחה, דעם גראַף שאַמבאָר.

לואי בלאַן — פּאָליטיקער און שרייבער איבער עקאָנאָמישע און סאָציאָ־לאָגישע געגענשטאַנדען פון מיטען 19טען יאָהרהונדערט. געווען איינער פון די צוויי פאָרשטעהער פון די אַרבייטער אין דער צייטווייליגער רעגירונג פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע (1848).

בלאַנקי (לואי אָגוסט) — געבאָרען 1805, געשטאָרבען 1881. באַריהמ־טער רעוואָלוציאָנער און קאָמוניסט. געווען פאַר'משפּט אומ־צעהליגע מאָל צו לאַנגע טערמינען טורמע, אויסווייזונג און איינמאָל צו טויט־שטראָף. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דעם צענטראַלען קאָמיטעט פון דער קאָמונע (מחמת ער איז געווען געפאַנגען פון דער בורזשואַזיע און געהאַלטען אַלס משכון גענען די געפאַנגענע פון דער קאָמונע, האָט ער זיך פאַקטיש קיינמאָל אין דער קאָמונע־רעגירונג ניט באַטייליגט).

גאַמבעטאַ (לעאָן) — פראַנצויזישער שטאַאַטסמאַן און שריפטשטעלער. האָט באַקעמפט די אימפּעריע פון נאַפּאָלעאָן דעם 3טען און שפּע־טער — באַקעמפט די קאָמונע (1871). ער איז געווען אַ מעסיגער רע־פּובליקאַנער.

גיזאָ (פראַנסואַ פּיער) — היסטאָריקער, רעדנער, שטאַאַטסמאַן. געווען הויפּט פון דער רעגירונג אונטער דעם קעניג לואי פּיליפּ. גע־פאַלען צוזאַמען מיט דער קעניגליכער מאַכט אין 1848. זיינע שפּעטער־דיגע יאָהרען האָט ער געווידמעט צו היסטאָרישע און בכלל ליטעראַרישע אַרבייטען.

דאַנטאָן — פיהרער פון די עקסטרעמיסטען אין דער גרויסער פראַנצוי־זישער רעוואָלוציע; דער „אַדוואָקאַט פון די מאַסען“.

וואַנדעע — אַ פּראָווינץ אין פראַנקרייך, וואו ס'האָט געפונען איהר אָנ־שפּאַרונגס־פּונקט די קאָנטער־רעוואָלוציע. מיט'ן וואָרט „וואַנדעע“ ווערט באַצייכענט אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג.

וויענער קאָנגרעס — קאָנגרעס פון די אייראָפּעאישע גרויסע מלוכות (אין 1815), וואָס האָט איינגעשטעלט די גרעניצען פון די מלוכות און זייערע פּאָליטיש־דיפּלאָמאַטישע באַציהונגען.

זשיראָנדיסטען — אַ פּאָליטישע גרופּע אין דער געזעצגעבענדער פאַר־זאַמלונג און נאַציאָנאַלער קאָנווענציאָן אין די ערשטע יאָהרען פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. די זשיראָנדיסטען זיינען געווען אַ מין פּאָליטישער מיטען־וועג צווישען רעפּובליקאַנער און מאָ־נאַרכיסטען. זיי האָבען געוואָלט אָפּשאַפען די מאָנאַרכיע, אָבער האָבען מורא געהאַט פאַר דער הערשאַפט פון פאָלק. זיי האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט אַן אָפּאָרטוניסטישער, ניט אויסגעהאַלטענער טאַקטיק.

טיער (לואי אַדאָלף) — פראַנצויזישער שטאַאַטסמאַן און היסטאָריקער.

האָט אַ סך מאָל פאַרנומען הויכע פּלעצער אין דער פראַנצויזישער רעגירונג. געווען פרעמיער פון דער רעגירונג, וואָס האָט אין 1870 און 1871 דערשטיקט די קאָמונע.

טריאומווירואַט (רוימישער) — אַן אָפּמאַך, וואָס אַנטאָניוס, אין אַלטען רוים, האָט געמאַכט מיט נאָך צוויי פּאָליטיקער און מיליטערישע פיהרער צו פאַרכאַפּען די מאַכט איבער דער רעפּובליק.

יאַקאָבינער — באַריהמטער פּאָליטישער קלוב פון רעוואָלוציאָנערען אין דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אין דעם לויף פון דער רעוואָלוציע ענטוויקעלט אין אַ נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע, וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע, אָפּצוהיטען די געווינסען פון דער רעוואָלוציע און זיי אויסשפּרייטען. דער „קלוב" איז געווען ניט גרויס אין צאָהל, אָבער שטרענג אָרגאַניזירט און דיסציפּלינירט און האָט אויס-געאיבט אַן אונגעהויערע ווירקונג אויף דער פּאָליטישער ענטוויקלונג פון זיין צייט.

יולי-רעוואָלוציע — דער אויפשטאַנד אין יולי 1830 האָט זיך אויסגעלאָ-זען דערמיט, וואָס די בורבאָנישע קעניגליכע דינאַסטיע האָט אָפּגעטראָטען דעם פּלאַץ פאַר דעם אָרלעאַניסטישען צווייג פון די בורבאָנס. ביי דער מאַכט האָט זיך געשטעלט די פינאַנץ-בורזשואַזיע.

יוני-טעג אָדער יוני-אויפשטאַנד — דער אויפשטאַנד פון די פּאַריזער אַרבייטער אין יוני 1848 געגען דער צייטווייליגער רעגירונג פון דער רעפּובליק, וואָס האָט דורכאויס איגנאָרירט די אַרבייטער-פאָדע-רונגען און צונישט געמאַכט די „סאָציאַלע רעפּובליק", וואָס די אַרביי-טער האָבען געהאַט פּראָקלאַמירט אין פעברואַר 1848, בעת'ן אומשטירצען די קעניגליכע מאַכט.

לואי פיליפּ — פראַנצויזישער קעניג פון אָרלעאַניסטישען צווייג פון דער בורבאָן דינאַסטיע. האָט פאַרנומען דעם טראָן פון 1830, נאָך דער יולי-מאָנאַרכיע ביז דער פעברואַר-רעוואָלוציע אין 1848.

לוטער (מאַרטין) — דער גרינדער פון דער פּראָטעסטאַנטישער באַוועגונג אין דער קאַטוילישער קירכע.

לעגיטימיסטען — פּאַרטיי אין פראַנקרייך, וואָס האָט געהאַלטען אַז די קעניגליכע מאַכט געהערט צו דירעקטע יורשים פון דעם קעניג לואי דעם 14טען.

מאָנטאַניאַרען — עקסטרעם-ראַדיקאַלע פּאָליטישע פּאַרטיי אין דער גרוי-סער פראַנצויזישער רעוואָלוציע (1795—1793). זייער נאָמען נעמט זיך פון וואָרט „מאָנטאַן" — באַרג, ווייל זיי זיינען געזעסען אויף די העכסטע פּלעצער, אויפ'ן באַרג, אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג.

דעם נאָמען „מאָנטאַניאַרען" האָט אויך געטראָגען די אָפּאָזיציאָנס־פּאַרטיי אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג פון 1849—1851. צו די מאָנטאַניאַ־רען האָבן געהערט: מאַראַט, ראָבעספּיער, דאַנטאָן.

מאַראַט (זשאַן פּאָל) — עקסטרעמער ראַדיקאַל אין דער גרויסער פראַנ־צויזישער רעוואָלוציע, ווירקליכער פאַרטרעטער פון די פּראָלע־טאַרישע אינטערעסן אין דער רעוואָלוציע. באַדייטענדע געלעהטער און שריפטשטעלער.

קאַמיל דע מולען — דער באַריהמטער רעדנער פון 12טען יולי 1789, רעוואָלוציאָנער, שריפטשטעלער, איין צייט מיט די „יאַקאָבי־נער", שפּעטער געגען זיי.

מיראַבאָ (גראַף אָנאָרע גאַבריעל) — באַריהמטער פיהרער אין די ערשטע צוויי יאָהר פון דער גרויסער רעוואָלוציע אין פראַנקרייך. מערק־ווירדיגער רעדנער און שריפטשטעלער. געווען אַ מעסיגער רעוואָלוציאָ־נער, אָנהייגער פון ענגלישען קאָנסטיטוציאָנעלען סיסטעם.

סעדאַן — פראַנצויזישע פעסטונג, וואו דאָס פּרייסישע מיליטער האָט צוקלאַפּט די פראַנצויזישע אַרמעע (1טען סעפּטעמבער 1870). די מפּלה ביי סעדאַן האָט געפיהרט צום פאַל פון נאַפּאָלען דעם 3טען.

פעברואַר־רעוואָלוציע — די רעוואָלוציע פון 24טען פעברואַר 1848, ווען די בורזשואַזיע מיט דער הילף פון די אַרבייטער האָט אָפּ־געשאַפט די קעניגליכע מאַכט, און פּראָקלאַמירט די „צווייטע" רעפּובליק אין פראַנקרייך (די „ערשטע" אין 1791).

פראָנדע — דאָס וואָרט באַצייכענט אַ בירגער־קריעג, וואָס איז פאָרגעקו־מען אין פראַנקרייך אין מיטען 17טען יאהרהונדערט, ווערט געברויכט צו כאַראַקטעריזירען נוצלאָזען און מאַכטלאָזען פראַקציאָנעלען קאַמף, אָפּאָזיציע אין ווערטער, אָפּאָזיציע צוליב אָפּאָזיציע.

קאַווניאַק (לואי יוזשען) — פראַנצויזישער גענעראַל, דעפּוטאַט און איין צייט קריגס־מיניסטער. האָט געהאָלפען דער בורזשואַזיע אין דערשטיקען דעם יוני־אויפשטאַנד פון 1848 און דערטרינקען אין בלוט די אַרבייטער־רעוואָלוציאָנערען.

קראָמוועל — גרויסער ענגלישער שטאַטסמאַן און פיהרער פון דער באַ־וועגונג געגען דער קעניגליכער מאַכט אין 17טען יאהרהונדערט.

ראָבעספּיער — רעדנער און פיהרער פון דער עקסטרעמער פּאַרטיי פון דער גרויסער רעוואָלוציע.

ראָיאַליסטען — מאָנאַרכיסטען, אָנהייגער פון אַ קעניגליכער רעגירונגס־פאָרמע, פון וואָרט „רוא", „רואיאַל", — קעניג, קעניגליך.

